יעקב מילך

# אויטאָביאָגראַפישע סקיצן



איקוף

פאַרלאַג

ניו-יאָרק

## אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

יעקב מילך געהערט צום פּיאָנערן־דור פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג און פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע אין אַמעריקע. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1891 און איז גיך געוואָרן איינער פון די באַדייטנדיקע וואָרטזאָגער אין דער יידישער אַרבעטער־פּרעסע.

שוין אין זיינע ערשטע ביַיטראָגן אין דער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער־צייטונג" ווייזט אַרויס יעקב מילך זיין אַנדערשקייט פון די איבעריקע פּיאָנערן. ער איבערזעצט פון העברעאיש בילדער פונעם יידישן לעבן, אַנשטאָט איבערצוזעצן, לויט דעם דעמאָלטדיקן מנהג, דערציילונגען פון דער ניט־יידישער סביבה. ער לאַכט אויס די אַנאַר־כיסטן, אַנשטאָט צו פּאַרטייאידיקן קעגן זיי דעם מאַרקסיזם. ער שרייבט זיינע פעליאָטענען אונטערן נאָמען: „ווערטער פון אַ פּראָסטאַק", אַנשטאָט אָנצורופן זיך „נביא", „פילאָסאָף", אָדער כאָטש „מגיד", ווי די מאָדע איז דעמאָלט געווען. זיינע „פּראָסטע ווערטער", גע־ווענדט צו די פּשוטע יידישע מאַסן, זיינען געשריבן אין אַ לייכטער פליסיקער שפּראַך און זיינען אָנגעזאַפּט מיט סאָציאַליסטישן פּאַטאָס.

בכלל איז אָבער יעקב מילך דעמאָלט אַן ענערגישער סאָציאַליס־טישער טוער, אַן „אַקטיוויסט". ער איז אַ מיטגליד פון דער באַרימ־טער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער־צייטונג פּובלישינג אַסאָסיאיישאָן", וואָס האָט אַרויסגעגעבן די וועכנטלעכע „אַרבעטער־צייטונג", די מאָנאַטלעכע „צוקונפט" און דעם טעגלעכן „אָבענד־בלאַט". די דאָזיקע פאַרלאַג־אַסאָסיאַציע איז באַשטאַנען פון איבערגעגעבענע סאָציאַליסטישע אַרבעטער. זיי זיינען געווען די הויפּט־שטיצע פון דעניעל דעליאָנס רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אינעם יידישן אָפּטייל פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי („סל"פּ — סאָשעליסט לעיבאָר־פּאַרטי"). זיי האָבן אים אויך געהאָלפן אַריינברענגען דעם סאָציאַליסטישן גייסט אין די יידישע טרעיד־יוניאָנס.

אַלס שניצער אין אַ מעבל־פֿאַבריק האָט יעקב מילך געקראָגן הויכע שכירות פֿאַר יענער צייט. ווען ס׳ברעכט אויס דער באַוואוס־טער עקאָנאָמישער קריזיס פֿון זומער 1893, ווערט יעקב מילך אויפֿגע־פֿאָדערט צו פֿאַרלאָזן זיין שניצער־פֿאַך און ווערן סעקרעטאַר פֿון די „פֿאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפֿטן", וועלכע איז געווען אין געפֿאַר אונטערצוגיין. די „געווערקשאַפֿטן" איז דעמאָלט — קריזיס־צייט — ניט געווען אין דער לאַגע צו באַצאָלן אַפֿילו די קליינע שכירות, וואָס זי האָט געוויינלעך געדאַרפֿט צאָלן איר סעקרעטאַר.

יעקב מילך פֿאָלגט דאָך דעם רוף פֿון זיינע סאָציאַליסטישע חברים. ער זאָגט זיך אָפּ פֿון זיין גוטער שטעלע אין דער מעבל־פֿאַבריק און ווערט סעקרעטאַר פֿון די „פֿאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפֿטן". ער אָרגאַניזירט די הילף־אַרבעט פֿאַר די אַרבעטסלאָזע און פֿירט אויך דורך אַ ריי אַנדערע נויטיקע טעטיקייטן פֿאַר יענער שווערער צייט. (דער פֿון אים אָרגאַניזירטער רעליף האָט טעגלעך געשפּייזט אַ טויזנט מענטשן, און אַחוץ דעם אויך אַריינגעשיקט עסנוואַרג צו אַ פּאָר הונדערט פֿאַמיליעס, וואָס האָבן זיך געשעמט צו קומען בעטן הילף).

אין מערץ 1895 האָט יעקב מילך חתונה געהאַט. ווען דאָס פּאָר־פֿאָלק נעמט טראַכטן פֿון חיונה, גיט אַריין יעקב מילך „אין נדן", אַז ער קען „מאַכן אַ לעבן" פֿון זיין שרייבן. זיין פֿרוי אָבער האָט צו אים אַזוי גערעדט:

— זאָך דיין פּרנסה אַנדערשוואו, וועסטו דעמאָלט זיין פֿריי צו שרייבן, ווען דו וועסט האָבן וואָס צו זאָגן. איך וועל גיין מיט דיר, וואו דו וועסט גיין. איך וועל טאָן מיין חלק אַרבעט . . .

אויף דעם דאָזיקן „אָפּמאַך", דערציילט יעקב מילך, איז ער איינ־געגאַנגען מיט פֿאַרגעניגן. זיי האָבן ביידע שווער געאַרבעט און צייטנווייז געליטן נויט. אַלעמאָל, אָבער, אויך אין די ערגסטע צייטן, האָט יעקב מילך זיך געהאַלטן ביים „אָפּמאַך" מיט זיין פֿרוי, ניט צו מאַכן פֿון זיין שרייבן קיין פּרנסה. מיט דער צייט געלינגט זיי צו ווערן שותפֿים אין אַ „קענדי"־פֿאַבריק, וואָס זיכערט זיי „פּרנסה בכבוד", ווי יעקב מילך דריקט זיך אויס.

יעקב מילך ווערט אַ וואוילהאַבנדיקער פֿאַבריקאַנט פֿון זיסקייטן.

ער קען אָבער ניט פאַרגעסן זיין ביטערקייט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. ער בלייבט אַ סאָציאַליסט ניט בלויז אין טעאָריע, ווי אַ סך אַלטע גענאָסן באַהויפּטן עס וועגן זיך, כאָטש זייערע מעשים דריקן אויס דעם היפּוך דערפון. יעקב מילך בלייבט אויך אַ סאָציאַליסט אין דער פּראַקטיק. ניט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון זיינע שותפים אין פאַבריק, העלפט ער אויפקלערן זיינע און זייערע אַרבעטער איבער דער וויכטיקייט צו געהערן צו אַ טרעיד־יוניאָן און צו קעמפן פאַר בעסערע לעבנס־באַדינגונגען. ער איז די אַלע יאָרן פון זיין „פּרנסה בכבוד״ דער זעלביקער מיליטאַנטער סאָציאַליסט, פריידענקער און אינטערנאַציאָנאַליסט, ווי ער איז עס געווען אַלס שניצער־אַרבעטער אינעם אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן.

כאָטש יעקב מילך האָט ניט געלעבט פון שרייבן, נאָר, פאַרקערט, נאָך מיטגעהאָלפן אַנדערע שרייבער אַרויסצוגעבן ביכער און זאַמלביכער, האָט ער דאָך פיל געשריבן אין דער אַרבעטער־פּרעסע און אין פאַרשיידענע פּראָגרעסיווע אויסגאַבעס. ער האָט אויך אַ געוויסע צייט רעדאַקטירט די סאָציאַליסטישע זשורנאַלן „צוקונפט״ און „ניי־וועלט״, אַ פערטל־יאָר־שריפט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אויף זיין אייגענעם חשבון. אַ טייל פון זיינע ליטעראַרישע, סאָציאַל־פּאָליטישע און געשיכטלעכע אַרבעטן האָט ער אויך אַרויסגעגעבן אין בוך־פאָרם אונטערן נאָמען „יידישע פּראָבלעמען״, אין דריי בענד. אין בוך־פאָרם האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט זיין איבערזעצונג פון „פּלאַטאָנס דיאַלאָגן״, זיינע זכרונות וועגן דער אַנטשטייאונג פונעם „פאָרווערטס״ און אַ מאַרקסיסטישע אָפּהאַנדלונג וועגן בירא־בידזשאַן.

יעקב מילך האָט כסדר געהאַלטן אין שטודירן און שרייבן. באַזונדערס זינט דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט אים „באַפרייט״ פון זיין „פּרנסה בכבוד״ . . . ער האָט אין די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן אָנגעשריבן אַ ריי היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישע פאָרשונגען אין דער יידישער געשיכטע. ער האָט אויך רעווידירט יהואָשס תנ״ך־איבערזעצונג, געפונען פעלערן און אָנגעהויבן זיי קאָרעגירן. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך אַזוי פונאַנדערגעוואָקסן, אַז ס׳האָט געקראָגן דעם אויסזען פון אַ נייער תנ״ך־איבערזעצונג . . .

אַ קנאַי פאַרן אמת, איז יעקב מילך געווען תמיד גרייט אָנצו־הויבן נייע אַרבעטן, אויב אים האָט זיך געדוכט, אַז מ׳האָט אויף דעם אָדער יענעם געביט געזינדיקט קעגן אמת. דאָס האָט ניט געדאַרפט זיין דווקא אויף די געביטן פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן, פילאָסאָפיע, אָדער געשיכטע. ס׳האָט אויך געמעגט זיין אויף דעם געביט פון דער שיינער ליטעראַטור. למשל, ער האָט אויף דער עלטער אַמאָל צו־פעליק דערזען אין אַ צייטונג יהודה הלוים באַרימט ליד „ציון הלא תשאלי לשלום אסריך״, איבערזעצט פון י. י. שוואַרץ — דער באַדייטנ־דיקער יידישער דיכטער, וואָס האָט זיך באַזונדער ספּעציאַליזירט אויף איבערזעצונגען פון העברעאיש אין יידיש. יעקב מילך באַמערקט אינעם איבערזעצטן ליד אַזוינע שטעלן, וואָס זיינען ניט גאָר פּינקט־לעך איבערגעגעבן. באַרואיקט ער זיך ניט ביז וואַנען ער שרייבט אויף זיין אייגענע איבערזעצונג, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר גע־טרייער צום העברעאישן אָריגינאַל פון יהודה הלוים באַרימט ציון־ליד.



ווי דער שטייגער איז פון אַ פּיאָנערישן שרייבער, האָט יעקב מילך זיך ניט קאָנצענטרירט אויף איין געביט. אחוץ אָפּהאַנדלונגען איבער מאַרקסיזם, נאַציאָנאַליזם, ציוניזם, רעליגיע, קולטור־פּראָבלע־מען, אימיגראַציע־פּראָבלעמען אאַז״וו, האָט יעקב מילך אויך פיל געשריבן איבער פילאָסאָפיע, געשיכטע און ליטעראַטור.

נאָך אין די ניינציקער יאָרן טרעט ער אַרויס שאַרף קעגן דעם פּעאיקן אָבער איינזייטיקן, דאָגמאַטישן סאָציאַליסט בודיאַנאָוו, וועל־כער האָט פאַראורטיילט מאָרים ראָזענפעלדס פּאָעזיע צוליב זיינע נאַציאָנאַלע לידער. יעקב מילך האָט דעמאָלט אָנגעוויזן, אַז מאָרים ראָזענפעלד איז ניט קיין נאַציאָנאַלער, און אפילו ניט קיין „רוסיש־יידישער פֿאָלקס־פּאָעט״, נאָר אַ „קלאַסן־פּאָעט״ און „אַרבעטער־פּאָעט״, וואָס אין אים שפּיגלט זיך אָפּ דורך אַ יידישן שפּיגל, אין אַ יידישער פאַרבונג, די ליידן, דער קאַמף, דאָס שטרעבן און די האָפע־נונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אַ צען יאָר שפּעטער, אינעם ערשטן

צענדליק פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, שרייבט יעקב מילך אַ גרעסערע אַרבעט איבער י. ל. פּרצן, וועלכן ער שטעלט העכער פאַר מענדעלען און שלום-עליכמען. ער שרייבט אויך וועגן אַ ריי אַנדערע יידישע שרייבער און איבער דער היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישער ליטעראַטור-קריטיק בכלל.

ווי שוין דערמאַנט, איז יעקב מילך אויך געווען טעטיק אַלס איבערזעצער. אויך אין דעם פּרט האָט ער זיך ניט באַשרענקט אויף איין געביט. ער האָט איבערזעצט אַ דערציילונג פון פּרץ סמאָלענסקין („קבורת-חמור"), אַ דראַמע פון גערהארד הויפּטמאַן („די וועבער") און די פריער דערמאָנטע דיאַלאָגן פון פּלאַטאָן (איבער סאָקראַטס לעבן און טויט און איבער סאָקראַטס אידעען פון אומשטערבלעכקייט).



יעקב מילך איז געבאָרן געוואָרן אין דער וואַרשעווער יידישער אָרעמשאַפט דעם דריטן טאָג חנוכה (5טן דעצעמבער) 1866. זיינע פרומע עלטערן האָבן אים געגעבן לערנען אין חדר, וואו ער קריגט גאָר יונג אַ נאָמען פאַר אַן עילוי. ער ווייזט אויך פרי אַרויס די אייגנ-שאַפט צו גיין זיין אייגענעם וועג. אינעם עלטער פון עלף יאָר פאַר-לאָזט יעקב מילך די מתנגדישע שול פון זיין טאַטן און ווערט אַ וואָרקער חסיד. ער באַנוגנט זיך ניט מער מיט גמרא און פּוסקים, נאָר לערנט אויך קבלה און חסידות.

דער פריצייטיקער טויט פון זיין טאַטן צווינגט יעקב מילכס מאַמען, דער אָרעמער אלמנה מיט פיל יתומים, צו לאָזן איר געראָ-טענעם יינגל זיך לערנען אַ מלאכה. יעקב מילך ווערט אַ לערן-יינגל ביי אַ פרומען שניצער, וואו ער האָט די געלעגנהייט אין זיין פרייער צייט זיך אָפּצוגעבן אויך מיט לומדות און חסידות.

אינעם עלטער פון פופצן יאָר באַקאַנט זיך יעקב מילך מיט אַ געוויסן שמואל גרויקאָף, דעמאָלט אַ פאָנענטרעגער פון דער השכלה צווישן יונגע פרומע לערנער אין וואַרשע. דאָס לומדיש-חסידיש לערן-יינגל ווערט דאַן אַ משכיל און הויבט אָן לייענען וועלטלעכע

ליטעראַטור אין העברעאיש (אַ מעשה־ביכל אין יידיש האָט ער שוין אויך פריער געלייענט). מיט דער הילף פון סטודענטישע קולטור־טרעגער, און אינעם משך פון זיין דינסט אין דער רוסישער אַרמיי ווערט יעקב מילך אויך באַקאַנט מיט דער רוסישער שפּראַך און לי־טעראַטור.

מיט אַט דעם באַגאַזש קומט אָן יעקב מילך אין אַמעריקע אין 1891. אַ דאַנק דעם, וואָס ער קלייבט זיך אַריין צו זיין עלטערן פריינט פון וואַרשע, בנימין פייגענבוים, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַ באַדייטנדיקער סאָציאַליסטישער שרייבער און רעדנער, ווערט יעקב מילך באַלד באַקאַנט מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

זיינע אַנדערע וואַרשעווער חברים, וועלכע זיינען אין אַמעריקע געוואָרן טרעיד־יוניאָניסטן און סאָציאַליסטן, פירן אַריין יעקב מילכן אין דער שניצער־יוניאָן און אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. פייגענבוים דערמוטיקט אים אויך אָנצוהויבן שרייבן אין דער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער־צייטונג".

זיין ערשטער אַרטיקל דערשיינט דאָרט אין אָקטאָבער 1891 אונטערן נאָמען: „דער סאָציאַליזם אין רוסיש פּוילן". יעקב מילך גייט גיך איבער צו אַ איצטיקער טעמע: דעם קאַמף פון די אַמערי־קאַנער סאָציאַליסטן קעגן די אַנאַרכיסטן. אים שטעלט אָבער ניט צופרידן דער אַמעריקאַנער מעטאָד פון זיך זידלען, באַנוצט ער זיך ליבער מיט דער משכילישער פאָרם פון סאַטירע, וואָס מאַכט דעמאָלט אַ שטאַרקן רושם. אַ סך אויפזען מאַכט יעקב מילכס פריער דער־מאָנטע איבערזעצונג פון פּרץ סמאָלענסקינס „קבורת־חמור" („באַ־גראָבן הינטערן פּאַרקאַן"), זיינע „ווערטער פון אַ פּראָסטאַק", דורכ־געדרונגען מיטן פּאַטאָס פון אַ יוגנטלעכן באַגייסטערטן סאָציאַליסט.

אַ קרעפּטיקער גייסט אין אַ קרעפטיקן קערפּער, דערצו אַ טיכ־טיקער באַלמעלאָכע און גוטער פאַרדינער, פריי און אומאָפּהענגיק, שטייגט מילך כסדר אין דער אָנפירונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער ווערט אַריינגענומען פאַר אַ מיטגליד אין דער „אַרבע־טער־צייטונג פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן", וועלכע ווילט אים אויס

אין איר „פאַרוואַלטונג־ראַט". די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (סל"פּ) ווײַלט אים אין דעם קאָמיטעט פון פינף אַרויסצוגעבן דעם חודש־זשורנאַל „צוקונפט". ער העלפט מיט אויסאַרבעטן דאָס פּראָגראַם פון אָט דעם ערשטן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליסטישן יידישן זשורנאַל אין אַמעריקע, אײַנלאַדן מיטאַרבעטער און זיי געבן טעמעס פאַר אַרטיקלען. גלייכצייטיק גיט ער זיך אויך פיל אָפּ מיט מינדלעכער טעטיקייט, אַלס סאָציאַליסטישער רעדנער, אויפקלערער און קולטור־טרעגער.

ווי שוין פריער דערמאָנט, ווערט ניט יעקב מילך אוים סאָציאַליסט, ווען ער פאַרלאָזט דעם שאַפּ, ווערט אַ געשעפטסמאַן און, אַ היפּשע צאָל יאָרן, אויך אַ פאַבריקאַנט. ער דאַרף דעריבער כלל ניט ווערן קיין „בעל־תשובה", ווען „דאָס רעדל דרייט זיך איבער" און ער ווערט אוים פאַבריקאַנט. ער געווינט בלויז מער צייט זיך צו פאַרנעמען מיט זיינע מאַרקסיסטישע שטודיעס, יידישער קולטור־אַרבעט און ליטעראַרישן שאַפן.

יעקב מילך האָט זיך אויך פיל אָפּגעגעבן מיט פּראַקטישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין דער יוגנט — אין דער פאַרוואַלטונג פון „אַרבעטער־צייטונג" און „אָבענד־בלאַט", אין די „פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן" און אין רעליף־טעטיקייטן. שפּעטער אין לערער־סעמינאַר, אַמאָפּטייל ייוואָ, פאַרשיידענע פאַרלאַג־געזעלשאַפטן (אַחוץ זיינע ברייטהאַרציקע אונטערשטיצונגען צו די פאַרלאַג־אונטערנעמונגען פון אַ גאַנצער ריי היינט באַרימטע אַמעריקאַנער יידישע שריפטשטעלער). צולעצט, אויף דער עלטער — אינעם איקאָר, איקוף (וועמענס קאַסירער ער איז געווען), „מאָרגן־פרייהייט" אַסאָסיאיישאָן. אין די הויכע זיבעציקער יאָרן האָט ער זיך באַטייליקט אין די זיצונגען פון פּרעזידיום „איקוף", רעדאַקציע־קאָלעגיע פונעם איקוף־זשורנאַל „יידישע קולטור", געהאַלטן לעקציעס פאַר איקאָר־אָרגאַניזאַציעס, איקוף־קלובן, צווייגן פון יידישן פּראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן, אינעם יידישן לערן־אינסטיטוט (געוועזענער יידישער אַרבעטער־אוניווערסיטעט), אאַז"וו.

ווי אַן עכטער תּלמיד־חכם איז יעקב מילך, וואָס מער ער האָט זיך געעלטערט אַלץ מער געוואָרן מיושבדיקער, באַאַבאַכטנדיקער און פאַרשטענדיקער.

אין אָט דעם גייסטיקן צושטאַנד האָט יעקב מילך אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אין דער „מאָרגן־פרייהייט" זיינע „אויטאָביאָגראַפישע סקיצן". זיינע זכרונות פון זיין קינדהייט און יוגנט אין דער אַלטער היים, אין פוילן און רוסלאַנד, צייכענען זיך אויס מיט זייער טרייקייט צום אמת און מיט דעם פיינעם הומאָר, מיט וועלכן זיי זיינען גע־שילדערט.

זיינע אַמעריקאַנער זכרונות האָבן אַלע אייגנשאַפטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס איז אָנגענעם צו לייענען: ערשטנס, ווייל געשריבן פון אַ מענטשן, אין וועמעס לעבנס־געשיכטע מ'איז פאַר־אינטערעסירט. צווייטנס, ס'ווערן דאָרט דערציילט וויכטיקע גע־שעענישן. דריטנס, ס'איז גוט געשריבן.

ניט אומזיסט האָבן פּראָגרעסיווע יידישע לייענער אַרויסגעוויזן אַ סך אינטערעס אין יעקב מילכס זכרונות. צו אַלעם ערשטן טאַקע צוליב אים אַליין, אַ פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין די ניינציקער יאָרן. דאַן, ווייל ער שילדערט דאָרט מענטשן און געשעענישן פון דעם לעבן פון די אַרבעטנדיקע יידישע מאַסן אין אַמעריקע און דער אַנטוויקלונג פון זייער אייגנטימלעכער יידישער קולטור. צולעצט, ווייל ער דריקט זיך אויס קלאָר און גענוי. ער האָט זיך אויך ניט פאַרלאָזן נאָר אויף זיין שטאַרקן זכרון אַליין. ער האָט אויך אונטערגעזוכט דאָקומענטן, צייטונגען און זשורנאַלן, ביכער און בראָשורן, און איז געווען פּאַרזיכטיק מיט זיינע ציטאַטן און באַ־הויפּטונגען. עמעץ קאָן דיסקוטירן קעגן יעקב מילכס מיינונגען, קיינער קאָן אָבער ניט אָפּלייקענען די פאַקטן, וואָס יעקב מילך דער־ציילט אין זיינע זכרונות.

פון באַזונדער ווערט זיינען די כאַראַקטעריזירונגען, וואָס יעקב מילך גיט אין זיינע זכרונות פון די בויער און שאַפער פון דער אַמע־ריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. יעקב מילך שילדערט אויך

ברייט די בויער פון דער יידישער קולטור און די שאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

מיט באַזונדער צערטלעכקייט מאָלט ער אָפּ דאָס בילד פון זיין געליבטע מיידל פרומע, וועלכע ווערט זיין לעבנס-באַגלייטערן, זיין פרוי פעני מילך. מיר זעען פון זיינע זכרונות, אַז פרוי מילך איז געווען די גייסטיקע דינאַמאָ, וואָס האָט באַוועגט אַלע זיינע טעטיקייטן אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט. זי איז אויך געווען די הויפּט-קראַפט, וואָס האָט רעגולירט זיין לעבן אויף דער עלטער און אים פאַרשאַפט די מעגלעכקייט צו שרייבן זיינע זכרונות.

יעקב מילך דריקט זיך אויס, אין זיינע זכרונות, אַז ער איז געווען דער ערשטער באַלמעלאָכע צווישן די משכילים אין וואַרשע און צווישן די רוסיש-יידישע אינטעליגענטן אין אַמעריקע. ער איז אָבער גיך געוואָרן איינער פון די באַדייטנדיקסטע סאָציאַליסטישע אינטע-ליגענטן צווישן די יידן אין אַמעריקע. ניט אומזיסט האָט ער זיך גע-רעכנט פאַר איינעם פון די פּאָר מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג. ער איז געווען אַ „בקי" און אַ „חריף" — אַ סך אָנגעלייענט און געקענט אַנאַליזירן אידעען און ווערק גרינטלעך און שאַרף. ער האָט געשריבן וויכטיקע אַרבעטן איבער פּלאַטאָן, רב סעדיה גאון, דעם רמב"ם, שפּינאָזע, מאַרקס, פּרץ, שלום עליכם, ווינטשעווסקי, מאָרים ראָזענפעלד, ד"ר זשיטלאָווסקי, אַש, באָראָכאָוו און אַ ריי אַנדערע יידישע און אַלגעמיין מענטשלעכע דענקער און קינסטלער פון אַלע צייטן.

ניט געקוקט אויף זיין שווערער קראַנקייט דעם לעצטן יאָר פון זיין לעבן, איז יעקב מילך געבליבן גייסטיק יונג און שעפעריש ביז צו זיין לעצטן אָטעם-צוג (שבת, דעם 18טן אויגוסט — ט' אלול — 1945).

ק ל מ ן מ ר מ ר.

ניו-יאָרק, 8טן מאַי, 1946.

# ווען מען נעמט שרייבן וועגן זיך אַליין

1.

עס איז שוין עטלעכע יאָר, ווי מען דרינגט מיך פון פאַרשיידענע זייטן צו שרייבן מיין אויטאָביאָגראַפיע. מיט פינף־זעקס יאָר צוריק *) האָט דער ליידער צו־פרי פאַרשטאָרבענער יהואש מיט מיר געהאַט אַ לאַנגע טענה וועגן דעם, און ער איז ווייט ניט דער איינציקער. די אַלע, וואָס ריידן מיט מיר וועגן דעם, האַלטן, אַז מיין אויטאָביאָגראַפיע וועט האָבן אַ קולטור־ווערט.

ביז איצט האָב איך זיך ניט געקאָנט באַשליסן דאָס צו טאָן, מחמת כמה טעמים.

ערשטנס, איז מיין לעבן געווען אַ שטיל לעבן, מיט ווייניק דראַמאַ־טישעס און גאָרניט סענסאַציאָנעלעס. דאָס דראַמאַטישע אין מיין לעבן איז געווען פון אַ פּריוואַטן כאַראַקטער, וואָס האָט ניט קיין אַלגעמיינעם ווערט.

צווייטנס, האָב איך זיך אַלעמאָל געשראָקן פאַר דעם געדאַנק צו קוקן קאַריק. לעבן איז שטרעבן; שטרעבן איז אַ באַוועגונג פאָראויס, ניט אויף צוריק. די מינוט, ווען אַ מענטש הייבט אָן צו קוקן צוריק, האָב איך אַלעמאָל געהאַלטן, די מינוט שטאַרבט אָפּ זיין טעטיקייט. „דאָס דערמאָנט מיך אָן אַ אַ מעשה", איז די ערגסטע פאָרמע פון ליטעראַטור. שרייבן אָן אויטאָביאָגראַפיע איז זייער אָפט ניט מער ווי „דאָס דערמאָנט מיך אָן אַ מעשה"־ליטעראַטור.

איך בין אויך שטאַרק מסופק, צי וועלכער עס איז מענטש קאָןווירקלעך ריכטיק געדענקען און ריכטיק באַשרייבן די פּאַסירונגען מיט אים און אַרום אים; ספּעציעל אַרום אים, וואָס דאָס דאַרף דאָך זיין די הויפּט־זאַך אין אַזאַ אַרבעט, אויב זי זאָל האָבן וואָסער־עס־איז ווערט. דער טאָג, ווען איך בין געבאָרן געוואָרן, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געשוואָרן

---

*) דאָס איז געווען געשריבן אין דעם יאָר 1927.

אייביקע ליבע, און וויפל מאָל איך האָב זיך נאָך דעם ווידער פאַרליבט, זיינען דאָך סוף כּל סוף זאַכן, וואָס האָבן קיין שום באַטייט פאַר קיינעם ניט און וואָס זיינען פון קיין שום נוצן ניט.

דער הויפּט־אינטערעס אין אַן אויטאָביאָגראַפיע קען דאָך נאָר זיין אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס לעבן פון דעם יחיד שפּיגלט אָפּ זיין עפּאָכע, ווי אַזוי דער יחיד האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אין דער עפּאָכע און ווי אַזוי ער איז אַרויסגעוואַקסן פון איר און איז געוואָרן דאָס, וואָס ער איז געוואָרן. אָבער גראָד דאָס איז דאָס שווערסטע צו באַשרייבן. געוויינלעך איז אַן אויטאָביאָגראַפיע ניט מער ווי אַ היינטיקע אָפּשאַצונג פון פאַסירונגען, וואָס זיינען שוין לאַנג פאַרביי. די האַנדלונגען, וואָס האָבן פאַסירט אין אַ צייט, ווען זייערע קאָנסעקווענצן זיינען געווען אַ באַהאַלטענער סוד, זייער צו־זאַמענהאַנג אומבאַקאַנט און דער אויסגאַנג צווייפלהאַפט, ווערן באַשריבן אין אַ צייט, ווען אַלץ איז קלאָר, דער צוזאַמענהאַנג באַוואוסט און דער סוף באַקאַנט. אויף דעם בעסטן אופן איז דאָס אַ פּסק־דין פון דעם רייפן פאַרשטאַנד איבער מעשים, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן דורך אימפּולס, ליידנשאַפט און אומדערפאַרונג פון אַ יונגן בחור. דאָס דאָזיקע אויסטייטשן איז אַלעמאָל סוביעקטיוו. דעם 60־יעריקער מענטש אורטיילט אפילו וועגן זיינע אייגענע האַנדלונגען אַנדערש, ווי ווען ער איז געווען 20 אָדער 30 אָדער 40 יאָר אַלט. ער אורטיילט אַנדערש נאָך די געשעענישן, איידער בעת די געשעענישן אָדער גאָר איידער זיי זיינען געשען. אַחוץ דעם האָבן מענטשן ליב זיך אַליין צו באַשיינען. דעם גאַנצן אמת דערציילט קיינער קיינמאָל ניט. דאָס גאַנצע דענקען וועגן זיך אַליין איז אין אמתן ניט מער ווי דאָס זוכן אַ תּירוץ פאַר די אייגענע האַנדלונגען. האַנדלען האַנדלען מיר געוויינלעך לויט אונדזערע אינטערעסן, אימפּולסן אָדער ליידנשאַפטן. ערשט נאָך דעם ווי די טאַטן זיינען באַגאַנגען געוואָרן, נאָך דעם ווי מיר האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן געטאָן, געברויכן מיר אונדזער פאַרשטאַנד צו דער־קלערן, מייסטנס צו פאַרטיידיקן, די דאָזיקע מעשים.

אַן אויטאָביאָגראַפיע איז דערפאַר אין אַ סך פאַלן ניט מער ווי אַ לויב־געזאַנג פאַר זיך אַליין. איך ווייס נאָר פון איינעם, זשאַן זשאַק רוסאָ, וואָס האָט געטאָן אַנדערש. ער האָט זיך אַליין אַרויסגעשטעלט אין אַ שלעכטן ליכט. ער האָט געטראַכט דער וועלט מיט דער פראַגע : אָט אַזוי בין איך ; ווער וועט וואַגן צו באַהויפּטן, אַז ער איז בעסער ? אָבער איך בין חושד, אַז דאָס אַליין איז געווען אַ מין גדלות, ווי איינער זאָגט : איך בין בעסער שוין מיט דעם, וואָס איך וואַג צו זאָגן, וואָס קיין אַנדערער פאַר מיר האָט ניט געוואַגט, און קיינער נאָך מיר וועט ניט וואַגן. עס זיינען

דאָ גבירים, וואָס אין שול שטעלן זיי זיך ביי דער טיר, אָנשטאָט ביי דער מזרח־וואַנט — אויס גדלות.

נאָך מער פון זיך אַליין, האַלט עס יעדער פאַר אַ חוב צו באַשיינען און פאַרגעטערן זיין מאַמען. ער מיינט, אַז דאָס איז נאָר זיין מאַמע, וואָס איז געווען אַזוי גוט, אַזוי צאַרט, אַזוי ליבנסווירדיק, אַזוי סענטימענטאַל און אָפּפערוויליק, און ער פאַרגעסט בעת מעשה, אַז דאָס איז דער לעבנס־נערוו פון יעדער מאַמען.

צו דעם טאַטן איז מען געוויינלעך ניט אַזוי פרייגיביק, אָבער צוליב דעם אייגענעם כבוד און צוליב דעם כבוד פון די אייגענע קינדער מוז מען אויך דעם טאַטן באַשיינען און אידעאַליזירן.

דער סוף איז: אַן אויטאָביאָגראַפיע איז געוויינלעך אַ בילד פון גאַלע העלע קאָלירן, אָן שום שאָטן, ווי מיין פריינד יוסף עראָן האָט אַמאָל ריכטיק באַמערקט. וואָרעם ווער קאָן מאָלן זיין אייגענעם שאָטן? עס קומט דערפאַר אָפט אַרויס אַ ווערק פון דער פאַנטאַזיע, אָן דער פאַנטאַזיע פון אַ נאָוועליסט — אַן איבערגעלייגטער אורטייל פון אַן עלטערן און געזעצטן מענטשן וועגן זאַכן, פּאַסירונגען און מעשים, וואָס האָבן געטראָפן מיט אַן אומדערפאַרענעם בחור אין דער פאַרגאַנגענהייט, מיט אַ שטאַרקן חשק צו באַשיינען די מעשים פון יענעם בחור פון אַמאָל מיט דעם שכל פון דעם זקן פון איצט.

צו שרייבן אַ בעלעטריסטיש ווערק, אַ נאָוועלע, מיט זיך אַליין אַלס הויפּט־העלד, איז אומפּראַקטיש. דער קינסטלער קאָן דאָס טאָן בעסער, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער קאָן זיך אויסקלייבן זיין העלד, וואָס ער קאָן באַשאַפן סיטואַציעס, און געבן זיין פאַנטאַזיע אַ פולשטענדיק פרייען לויף, וואָס ער קאָן זיך דערלויבן מער פרייהייטן מיט זיין העלד, איידער מיט זיך.

אין מיין פאַל איז צו די אַלע איבערלייגונגען צוגעקומען נאָך אַן אורזאַך, אַ ריין־פּערזענלעכע אורזאַך, וואָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון דעם שריט צו שרייבן מיין אויטאָביאָגראַפיע. און דאָס איז דער פאַקט, וואָס איך בין אַ שעמעוודיקער.

דאָס איז ניט קיין שפּאָס.

צוליב מיין געוואוינהייט אַלעמאָל צו ריידן גלייך צום פּונקט, אָן שום פּאָליטיק; ניט צו זיין קיין חונף, אָדער אַ נושא־פּנים; ניט צו זאָגן קיין ליגן און ניט צו זיין קיין פּחדן, מאַך איך פּונקט דעם פאַרקערטן איינדרוק. דער אמת אָבער איז, אַז איך בין אַלעמאָל אַ שעמעוודיקער, ניט אין דעם זין, ווי מען פאַרשטייט געוויינלעך דאָס וואָרט, נאָר אין דער זין פון האָבן בושה פאַר זיך אַליין.

דאָס דאָזיקע געפיל פון בושה האָט מיך אָפט אָפּגעהאַלטן ניט נאָר פון שלעכטע מעשים, נאָר אויך פון גוטע. די „אימתא דצבורא" בין איך קיינמאָל ניט בייגעקומען. איך בין דערפאַר קיינמאָל ניט געוואָרן קיין עפנטלעכער רעדנער, הגם מיר האָט ניט געפעלט אַביסל טאַלאַנט אין דער ריכטונג. אין אַ געוויסער זין איז דאָס ניט דער „צבור", וואָס האָט מיך געשראָקן. עס איז גיכער געווען עפּעס אַ יחיד; אַ יחיד, וואָס איך אַליין האָב באַשאַפן אין מיין אייגענער פאַנטאַזיע; אַ יחיד, וואָס ווייס בעסער פון מיר. אָט דער יחיד האָט מיך אַלעמאָל געשראָקן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב באַדאַרפט אַרויסקומען עפנטלעך אין ריידן, ווי אין שרייבן, האָט דער אומבאַקאַנטער יחיד מיר זיך גלייך געשטעלט פאַר די אויגן, מיט זיין סאַרקאַסטישן שמייכל און מיט זיין קוק פול מיט ביטול האָט ער מיך צוריקגעהאַלטן פון טאָן, וואָס איך האָב געוואָלט — פון שלעכטע ווי פון גוטע זאַכן. ווען איך בין נאָך דעם אַלעם, בלי ספק, באַגאַנגען אַ סך נאַרישקייטן, איז דאָס נאָר צוליב דעם, ווייל טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך קאָן זיך אויסבאַהאַלטן פון דעם אומבאַקאַנטן יחיד.

דאָס זיינען אין אַלגעמיין די אורזאַכן, וואָס האָבן מיך ביז איצט צוריקגעהאַלטן פון שרייבן מיינע זכרונות.

ווען איך האָב איצט געענדערט מיין מיינונג און נעם זיך דאָך צום שרייבן מיין אויטאָביאָגראַפיע, איז דאָס, ערשטנס, צוליב דעם, וואָס דער דרוק ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און, צווייטנס, צוליב דעם, וואָס טיילמאָל שיינט מיר, אפשר נאָר איך זיך, אַז איך האָב געפונען דעם מיטלפונקט צו די אַלע איינווענדונגען. נאָך אַלעם באַשטייט דאָך די גאַנצע שיינע ליטעראַטור און באַשרייבונגען פון דעם מענטשנס אינטימען און אינערלעכן לעבן און איבערלעבונגען ווי דאָס ווערט מאָדעלירט און מאָדיפיצירט דורך דער אויסערלעכער אומגעבונג. ווי קלוג און ווי „פּסיכאָלאָגיש" דער מחבר פון אַ נאָוועלע אָדער אַ ראָמאַן זאָל ניט זיין, ווייס ער פונדעסטוועגן אַ סך ווייניקער פון דעם אינערלעכן לעבן פון זיין העלד איידער דער העלד אַליין. אַ סך ווענדט זיך דערפאַר אָן די פעאיקייטן פון דעם שרייבער אַרויסצוהייבן יענע מאָמענטן פון זיין לעבן, וואָס זיינען מער כאַראַקטעריסטיש און וואָס האָבן אָן אַלגעמיינעם ווערט. פון דער גרעסטער וויכטיקייט איז די פעאיקייט צו רעפּראָדוצירן דאָס דאָזיקע לעבן אַזוי, אַז עס זאָל זיך ווידער באַוועגן אויף דעם פּאַפּיר, ווי עס האָט זיך באַוואויגן אין דערווירקלעכקייט.

וועט דאָס מיר געלינגען? איך ווייס ניט. דער לעצטער אורטייל ליגט ניט אין מיינע הענט.

# די „פּליאַנסקע" גאַס

איך בין געבאָרן געוואָרן אין וואַרשע, סוף נאָוועמבער, אָדער אָנהייב דעצעמבער פון דעם יאָר 1866. לויט ווי מיין מאַמע האָט מיר געזאָגט, איז דאָס געווען דעם צווייטן טאָג חנוכה תרפ"ו. לויט ווי איך האָב אַמאָל אויסגערעכנט, האָט דאָס געמוזט זיין אַרום דעם 20טן נאָוועמבער, האָב איך די דאַטע אָנגענומען פאַר מיין געבורטסטאָג. יאָרן שפּעטער איז מיר אַרייַנגעפאַלן אַן אַלטער לוח אין דער האַנט, איז ביי מיר אויסגעקומען דער 3טער דעצעמבער אַלס מיין געבורטסטאָג, אָבער איך האָב מער ניט געוואָלט בייטן, איז געבליבן דער 20טער נאָוועמבער — וואָס איז די נפקא־מינה ?

איך בין געבאָרן געוואָרן אַ „זיבעטל", דאָס הייסט, פאַר מיר זיינען געווען זעקס קינדער, פיר לעבעדיקע און צוויי וואָס זיינען אַוועק אויף דעם עולם־האמת איידער איך בין אָנגעקומען. מיין עלטסטער ברודער, וואָס האָט געלעבט בעת מיין געבורט, איז געווען מיט 16 יאָר עלטער פון מיר.

אַז אַ „זיבעטל" קען ניט לעבן, ספּעציעל ביי אָרעמע עלטערן, האָב איך אויסגעפונען מער ווי איין מאָל. אויף דעם בעסטן אופן, איז דאָס אַ שווער לעבן.

מיין פאַמיליע־נאָמען פון דער היים איז געווען זויערמילך. פון וואַנען עס האָט זיך גענומען אַזאַ משונהדיקער נאָמען, ווייס איך ניט. מיין פאָטער האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז זיין משפּחה זיינען פון דורות געווען פּאַכטערס און האָבן געהאַנדלט מיט אַלערליי מילכיקע זאַכן, פון דעם איז געקומען דער נאָמען.

ווי עס זאָל ניט זיין, דער נאָמען האָט מיר פאַרשאַפט פיל עגמת־נפש, חרפּה און חוזק אָן אַ שיעור די ערשטע יאָרן פון מיין לעבן. ספּעציעל איז דאָס געשען, ווען איך בין אַלט געוואָרן זיבעצן־אַכצן יאָר און האָב אָנגעהויבן צו קומען צווישן מענטשן און באַקאַנט צו ווערן מיט מיידלעך. געוויינלעך איז דאָס צוגעגאַנגען אַזוי : מיינער אַ פריינד שטעלט מיך פאָר צו אַ פרייליין : „האָב די ערע פאָרצושטעלן פאַן זויערמילך". דער געוויינלעכער ענטפער איז געווען : „זויערמילך ? גייט שוין, גייט ! איר מאַכט אַ שפּאַס, אַזאַ נאָמען קען ניט זיין". האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון איבערצייגן, אַז דאָס

איז אַ ריכטיקער נאָמען, און אַז איך בין דאָס פּאַן זויערמילך אַליין, און ווען דאָס פרייליין האָט זיך ענדלעך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון מיין נאָמען, האָט זי אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער, און איך בין געשטאַנען רויט ווי אַ בוראַק, און פון מיין האַרץ האָט געטריפט בלוט. ווען איך וואָלט געווען אַ האַרבאַטער, אָדער אָן אַ נאָז, וואָלט איך ניט געווען געליטן אַזוי פיל מאָראַלישע שמערצן, וויפל דער נאָמען זויערמילך האָט מיר פאַרשאַפט. העלפן האָב איך אָבער ניט געקענט. אין רוסלאַנד איז ניט געווען קיין געזעצלעכע מעגלעכקייט צו ענדערן אַ נאָמען, האָב איך אַרומגעטראָגן דעם „הויקער" ביז איך בין געקומען קיין אַמעריקע. דעם ערשטן טאָג וואָס איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָב איך געענדערט מיין נאָמען אויף מילך. דער נאָמען מילך איז אויך ניט אַזאַ אײ־אײ, אָבער אינגאַנצן אָוועקוואַרפן מיין נאָמען האָב איך ניט געוואָלט. איך האָב אַלעמאָל געהאַסט זיך אָפּצורייסן פון דעם שורש. האָב איך אָוועקגעוואָרפן דעם אדיעקטיוו „זויער" און געהאַלטן דעם שורש „מילך".

איך האָב אָפּט געטראַכט, אַז אַ מענטש איז מחויב צו פאַרזאָרגן זיינע קינדער ניט נאָר מיט בילדונג און אַ מעגלעכקייט צו לעבן בכבוד ; ניט בלויז מיט אַ בכבודיקן נאָמען, נאָר אויך מיט אַ שיין קלינגענדיקן נאָמען. די אַנטיסעמיטן אין די אַלטע ציטן, וואָס האָבן באַשטימט די יידישע פאַמי־ליע־נעמען, האָבן דאָס אַפּנים גוט פאַרשטאַנען און האָבן דערפאַר באַהאַנגען אַ סך יידן מיט לעכערלעכע פאַמיליע־נעמען.

די יידן, פון דער צווייטער זייט, האָבן דערפאַר אַלעמאָל, וואו זיי האָבן נאָר געהאַט די מעגלעכקייט, געביטן די נעמען לויט דער אומגעבונג, און מיט רעכט. וואָס פאַר אַ הייליקייט שטעקט אין אַ נאָמען ? אַ נאָמען דינט געוויסע צוועקן אין לעבן, אָבער קיינער פון די דאָזיקע צוועקן קען ניט זיין דער, וואָס זאָל פאַרשאַפן דעם טרעגער פון נאָמען חרפּה און בושה, און אים מאַכן אַלס ציל־ברעט פאַר חוזק און וויצן.

איך ווייס פון דעם מאמר, אָדער עס איז אַ מדרש, אַז איינע פון די פיר זאַכן, וואָס צוליב זיי זיינען די יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים, איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן ניט געענדערט זייערע נעמען. אָבער איך דערלויב זיך צו צווייפלען אין דעם. דאָס איז געזאָגט געוואָרן גיכער אָפּצו־שטעלן אַן אויסגעשפּראָכענע טענדענץ ביי יידן צו ענדערן די נעמען. שוין דער ערשטער יידישער אימיגראַנט אין מצרים האָט געענדערט זיין נאָמען פון יוסף אויף צפנת פענח. דניאל, חנניה, מישאל ועזריה האָבן געענדערט זייערע נעמען אין בבל אויף בלשצר, שדרך, מישך און עבר נגו, און אַזוי גייט עס כסדר. וויפל פון די ביבלישע אָדער תלמודישע נעמען זיינען פאַרבליבן

ביי אונדז ? ווער רופט זיך היינט קין, הבל, כלב, שם, יפת, אָדער אביי, רבא, פפא, טרפון, אבטליון אאַז״וו ? ניין, יידן האָבן אַלעמאָל געביטן זייערע נעמען, לויט די לענדער, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. באַטירלעך, ווען מען טוט דאָס, דאַרף מען פון זיך אַליין קיין חוזק ניט מאַכן. מען דאַרף זיך ניט רופן שמריהו וואַשינגטאָן, יצחק ניוטאָן, אברהם לינקאָלן, טשאַרלס ביסמאַרק, קאַרל מאַרקס־גאָלדשטיין, אָדער ענלעכע נעמען. אָבער דאָס איז שוין אַן ענין פון גוטן געשמאַק, און גוטער געשמאַק, ליידער, איז ביי אונדז אַן אָפּוועזנדיקע קוואַליטעט.

די גאַס, וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט בעת מיין געבורט, האָט געהייסן די איפּלאַנדסקע־גאַס. יידן האָבן זי גערופן „פּליאַנסקע״־גאַס.

די דאָזיקע גאַס האָט דורכגעשניטן די פּאָקאָרנע־גאַס ביז צו דער קלאָ־פּאָטסקע, דאָרט וואו דאָס אַלטע הקדש איז געשטאַנען. דער פראָנט פון דעם הקדש איז געווען אויף פּאָקאָרנע־גאַס, און איינע פון די לאַנגע זייטן פון דעם הקדש איז געווען אויף איפּלאַנדסקע. פון דער זייט איז געווען דער אַריינגאַנג צום „קהל־שטיבל״. אַזוי האָט מען גערופן דעם צימער, וואו מען האָט אויסגעלייגט די טויטע, איידער מען האָט זיי געפירט צו קבורה.

די גאַס איז אינגאַנצן געווען באַוואוינט פון אָרעמע יידן, מערסטנס אָרנטלעכע מענשן, צווישן זיי אויך שיינע אָנגעזעענע באַלעבאַטים. צו דער זעלבער צייט זיינען דאָרט געווען עטלעכע אומאָנשטענדיקע הייזער פון דעם נידעריקסטן סאָרט, וואו דער „פּאַטראָנאַזש״ איז געקומען פון די סאָלדאַטן אַרום דעם ציטאַדעל.

דאָס איז איינס פון די יידישע אומגליקן. צוליב דער אַלגעמיינער יידישער אָרעמקייט, קומט זיי אַלעמאָל אויס צו וואוינען אין שכנות מיט די נידעריקסטע און שמוציקסטע ברואים. הויפּטזעכלעך איז דאָס אַזוי אין די גרויסע שטעט. מיר האָבן דאָס געהאַט מיט אַ צייט צוריק אויך אין ניו־יאָרק, דער „רעד־לייט״־דיסטריקט (אַזוי גערופן צוליב די רויטע לעמפּלעך, וואָס די פּריילעכע הייזלעך האָבן אַרויסגעשטעלט פאַר אַ שילד) האָט זיך געפונען אין עלען־סטריט און די אַרומיקע גאַסן, וואָס זיינען געדיכט באַזעצט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג.

גראָד אויף דער איפּלאַנסקער גאַס זיינען די „הייזער״ געוואָרן באַטריבן פון ניט־יידן, און די „איינוואוינער״ זיינען געווען מיאוסע שיקסעס, הגם דער אייגנטימער פון דעם הויז איז געווען אַ ייד. מען האָט אים גערופן שלום דער באַניעט (באַנדיט).

די מאַמע פלעגט מיר זאָגן, אַז מען טאָר ניט קוקן אין דער זייט פון די פּאַסקודסטווע שיקסעס, און וואָס זאָל איך זאָגן ? איך האָב גראָד געקוקט

אין יענער זייט. און ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך ניט איין מאָל געפאַסט אַ תענית פאַר דעם „חטא״. איך האָב מורא, אַז דאָס פאַסטן איז געווען אַ גרעסערער חטא ווי דאָס קוקן. דאָס פאַסטן שפּעטער איז געווען אַ באַוואוסט־ווערן פון אַ חטא, וואָס האָט לחלוטין ניט עקזיסטירט, בעת איך האָב געקוקט.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר זיבן אָדער אַכט, האָט מען דעם גאַנצן געגנט איינגעעלייגט. דאָס איז געווען די געגנט פון ציטאַדעל. אַחוץ דעם האָט מען דאָרט גענומען בויען דעם צוגאַנג צו דער נאַדוויסליאַנסקע־באַן.

פון דעם גאַנצן געגנט האָט מען נאָר איבערגעלאָזט דעם הקדש. דער הקדש איז דאָרט געבליבן פאַר לאַנגע יאָרן.

אין דער זעלביקער צייט, ווען מען האָט איינגעלייגט די הייזער אַרום פאָקאָרנע־גאַס, האָט זיך אָנגעהויבן בויען אַ נייער יידישער געגנט פון דער אַנדערער זייט וואַיענע־פּלאַץ, פון דער דזשיקע־גאַס אַרויף ביז צו די אָקאָפּעס. די סטאַווקע, די ניסקע, די נייע קאַרמעליצקע, די אַסטראָווסקע, די גענשע, ביז צו דעם בית־עולם צו. די אַלע גאַסן זיינען אויפגעוואַקסן ווי איבער נאַכט. און דער גאַנצער עולם פון פּאָקאָרנער געגנט האָט זיך אַריבערגעצויגן אין דעם נייעם ישוב.

און דאָס „ערב־רב״ איז מיטגעגאַנגען. עס זיינען מער ניט געווען קיין מיאוסע הייזער אין יענע גאַסן, אָבער די יידישע „וואוילע יונגען״, די „קאַלעיקעס״ (גענגסטער), די גנבים, די פּאַסער און פּאַסערקעס, האָבן על־פּי־רוב געפונען זייער מקום־מנוחה אין יענער געגנט. דאָס גליק איז געווען, וואָס זיי האָבן זיך אַלעמאָל אַריינגעצויגן אין איין געסעלע — די אַסטראָוור־סקע־גאַס, וואָס איז דעמאָלט געווען אַזוי בלאָטיק, ווי דאָס רוב באַוואוינער. סימעלע די פּאַסערקע איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געוואוינט אויף דער וואָלינסקע־גאַס, ווייל זי איז געווען די „אַריסטאָקראַטקע״ און איר האָט ניט געפּאַסט צו וואוינען מיט די פּראָסטע גנבים. איך דערמאָן דאָ דעם נאָמען סימעלע די פּאַסערקע צוליב איר טרויעריקער באַרימטקייט. סימעלע די פּאַסערקע איז געווען אַן אלמנה מיט עטלעכע טעכטער. די מאַמע און די טעכטער זיינען געווען באַרימט ניט נאָר פאַר זייערע גנבות, נאָר אויך פאַר זייער שיינקייט. אַז זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אין גאַס, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס גייט אַ גרעפין מיט אירע טעכטער. זייער שיינקייט און זייער אויסשטאַטונג האָט זיי געגעבן די פּראָטעקציע אין די הויכע פענצטער. פאַר זיי האָט בוכשטעבלעך ניט עקזיסטירט קיין געזעץ. ווען מיט יאָרן שפּעטער איז אויפגעוואַקסן דער „באַרימטער״ יחזקאל שפּיגעלגלאַס, דער יונגערמאַן וואָס איז אַוועק פון בית־המדרש, פון חסידיש־גביריש עלטערן,

פון זיין יונגער ווייב, וואָס איז געווען אַ גבירישע טאָכטער פון אַ חסידישער משפּחה, און איז געוואָרן דער „רבי" פון אַלע גנבים, וואוילע יונגען, באַנדיטן און „קאָלעיקעס", האָט ער געמאַכט זיין היים ביי סימעלע דער פּאַסערקע און אירע שיינע טעכטער.

מיר האָבן זיך איבערגעצויגן אויף דער ניסקע־גאַס, אַרויפצו־צו פון דער נייער קאַרמעליצקע.

די גרעסטע דאגה, וואָס מיין טאַטע האָט דעמאָלט געהאַט, אַחוץ פּרנסה און רבי־געלט, איז געווען דאָס איבערציען זיך. אַ גאַנץ יאָר לאַנג האָט מען גערעדט פון דעם, און אפשר נאָך לענגער. פון דעם טאָג, וואָס די פּאָליציי האָט מודיע געווען, אַז מען וועט אַרונטעררייסן די הייזער, ביז דעם טאָג פון דעם ווירקלעכן אַרויסציען (און מיר זיינען געזעסן אין דער דירה ביז מען האָט גענומען אַרונטעררייסן דעם דאַך) האָט מען געהאַלטן אין איין ריידן פון דעם ציען זיך. מיט צען־פופצן יאָר שפּעטער איז דאָס פאָרן קיין אַמעריקע געווען אַ סך לייכטער איידער מיין טאַטנס אַריבערקלייבן זיך פון דער „פליאַנסקער" גאַס אויף דער ניסקע.

די הויפּט־שווועריקייט איז געלעגן אין די בעטן. אַרום צוואַנציק יאָר לאַנג, פון דער חתונה אָן, האָבן מיינע עלטערן געוואוינט אין דעם זעלביקן לאַנגן, שמאָלן צימער מיט איין פענצטער פון איין זייט און אַן אַלטמאָדישן קוימען פון דער צווייטער זייט. אין דעם דאָזיקן צימער זיינען געבאָרן געוואָרן אַלע קינדער, אַ חוץ דעם יינגסטן. דאָ זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען די זעלביקע צוויי בעטן, די זעלביקע שאַנק, דער זעלביקער טיש, עטלעכע שטולן, אַ לאַנגע באַנק און אַ קליין ספרים־שענקל — אַלץ זאַכן וואָס זיינען געקויפט געוואָרן מיט דעם „דרשה־געשאַנק". יעדעס יאָר פאַר פּסח, ווען מען האָט אויסגעראָמט פון אונטער די בעטן, האָט מען זיי אונטערגע־שפּאָרט מיט כלערליי מכשירים. אַצינד אָבער, צוליב דער „גזירה" פון אַרויסציען זיך, האָט מען זיי געדאַרפט אינגאַנצן צענעמען, און דער טאַטע איז געווען שטאַרק מסופק, צי מען וועט די בעטן ווידען קאָנען צוזאַמענשטעלן. אַ בעט, האָט ער געזאָגט, ווי לאַנג עס שטייט, שטייט עס. רירט מען דאָס אָבער פון אָרט, צעפאַלט עס ווי פּראָכנע. און זיין „פילאָזאָפיע" וועגן דער נאַטור פון אַ בעט, ווען מען רירט דאָס פון אָרט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק. די בעטן זיינען אויף אַן אמת צעפאַלן, ווען מען האָט גענומען אָפּערשלעפּן די אַלטע פּאָדפּאָרקעס, חפצים און שמאַטעס, וואָס האָבן זיי אונטערגעהאַלטן.

ווי עס איז דעם טאַטן דעמאָלט געווען אויפן האַרצן, קען איך זיך נאָך איצט משער זיין. פאַר אונדז קינדער איז דאָס געווען אַ גרויסער יום־

טוב, ווען מיר האָבן גענומען אַרוממאַרשירן אויף דעם הויף מיט שטיקער פון די בעטן, און די שמאַטעס, וואָס האָבן נאָכגעהאָנגען, ווי מיט פענער. דאָס איז געווען דער גרויסער פאַרגעניגן, וואָס איך האָב געהאַט פון דעם איבער־ציען זיך. מיין שמחה איז מיר אָבער באַלד פאַרשטערט געוואָרן, ווען די מאַמע האָט מיך באַהאָנגען מיט אַ דרייפוס און עטלעכע טעפלעך, וואָס זי האָט פאַרגעסן אַרויפצולייגן אויף דעם וואָגן, און האָט מיך געהייסן דאָס אַריבערשלעפן אין דער נייער דירה. דער וואָיענע פלאַץ האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעזען גרעסער ווי גאַנץ וואַרשע.

# מיין שפּיל און שפּילצייג

דאָס שפּילן, דער וויכטיקסטער עסק פון די קינדער־יאָרן, האָב איך אינגאַנצן פאַרשפּילט.

אין מיינע צייטן, ספּעציעל אין מיין סביבה, האָט מען פון שפּילן ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסן. אפילו צו וועלן שפּילן איז שוין באַטראַכט געוואָרן פאַר אַן אויסגעלאַסנקייט.

וואָס עפּעס שפּילן? לאָבוסעס שפּילן. אַן אָרנטלעך קינד גייט אין חדר, פּאָלגט טאַטע־מאַמע, האָט דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן, ענטפערט ניט, ווען מען פרעגט אים ניט, קוקט אַריין אין אַ ספר אין דער פרייער צייט, אָבער שפּילן? לאָבוסעס שפּילן.

און ווען איך וואָלט שוין געוואָלט שפּילן, וואו שפּילט מען? מיט וואָס? מיט וועמען? קיין גאָרטן, קיין פּאַרק, קיין שפּיל־פּלאַץ איז אין אונדזער געגנט ניט געווען. דער זאַקסישער גאָרטן איז ווייט, דאָרט לאָזט מען אַריין נאָר „דייטשן", דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס טראָגן לאַנגע הויזן און קורצע רעק, און איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן פּונקט פאַרקערט: קורצע הויזן, אָדער די הייזקעס אין די כאַליעוועס און אַ לאַנגע קאַפּאָטע. אחוץ דעם איז דער זאַקסישער גאָרטן אַ שפּאַציר־גאָרטן, ניט קיין שפּיל־פּלאַץ.

אין דעם פּרט זיינען מיינע שוועסטער געווען גליקלעכער. זיי האָבן אין זאַקסישן גאָרטן געקענט אַריינקומען. מען האָט נאָר פאַרבאָטן די לאַנגע קאַפּאָטע, אָבער ניט די לאַנגע ספּאָדניצע.

אַפילו קראַשינסקיס גאָרטן, וואָס האָט אַן אַריינגאַנג אויף די נאַלעווקעס, איז געווען אַזוי ווייט פון אונדז, אַז אַ לאַנגע צייט איז דאָס פאַר מיר געווען נאָר אַ נאָמען. געווען איז נאָר דער „וואָיענע פּלאַץ", וואו מען פלעגט מושטירן די סאָלדאַטן, אָבער וואָסער אָרנטלעך ייִנגל, וואָס קען גוט לערנען, וועט גיין אויף דעם „וואָיענע פּלאַץ"?

אַחוץ דעם איז טאַקע ניט געווען קיין צייט פאַר שפּילן. צו פיר אָדער פינף יאָר האָב איך אָנגעהויבן גיין אין חדר, און דער חדר האָט פאַרנומען דעם גאַנצן טאָג, אויסער איין מאָל אין חודש, ראש־חודש, ווען מ'איז ניט געגאַנגען „צוריק". צו אַכט יאָר האָב איך שוין געלערנט גמרא; צו עלף יאָר האָב איך שוין געלערנט אין בית־המדרש „פאַר זיך", מיט אַ בחור; און איידער איך בין אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, איז ביי מיר דער טאַטע

געשטאָרבן, און מיין גאַנצע לערן־קאַריערע איז מיט געוואָלט אָפּגעהאַקט געוואָרן. איך בין געגאַנגען אויף דער לער צו אַ שניצער. האָב איך, קען מען זאָגן, פון קיין שפּיל ניט געוואוסט, און אַוודאי ניט פון שפּילצייג. איך האָב גאָרניט געוואוסט צי ס'איז געווען אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, יעדנפאַלס ניט אויף דער „פליאַנסקע״־גאַס, און ניט אויף דער ניסקע־גאַס, אַחוץ אפשר אַ פּילקע, וואָס איך האָב קיינמאָל אין דער האַנט ניט גענומען. נאָר לאָבוסעס, וואָס האָבן ניט קיין מורא פאַר גאָט און קיין בושה פאַר לייט, שפּילן אין „פּאַליאַנט״ („פּאַליאַנט״ פלעגט מען רופן דאָס שפּילן אין באָל), האָט מיין טאַטע מיר געזאָגט.

איין מאָל נאָר, חול המועד פסח, געדענק איך, ווען איך בין נאָך געווען יונג, האָט דער טאַטע גענומען די גאַנצע משפחה אויף דעם יאַזדאָווסקי־פּלאַץ צום „דראַנג״, אָבער איך האָב דאָרט גאָר קיין נחת ניט געהאַט.

דער „דראַנג״ איז געווען אַ פרילינג־„קאַרנאוואַל״, וואָס איז דורכגע־פירט געוואָרן איין מאָל אין יאָר, דעם ערשטן טאָג פון קריסטלעכן פּסח. אויף דעם יאַזדאָווסקי־פּלאַץ פלעגט מען אויפשטעלן אַ הויכן דראַנג, מיט אַ קיילעכדיק דעכל ביים סאַמע שפּיץ. אין דעם דעכל איז געווען אויסגעשניטן אַ קיילעכדיק לאָך, וואָס דורך אים האָט אַ מענטש געקענט דורכקריכן. אויבן אויף דעם דעכל איז געלעגן אַ נייער אָנצוג און עטלעכע רובל געלט. דער דראַנג איז געווען אָנגעשמירט מיט זייף. דער וועט־ספּאָרט איז באַשטאַנען אין אַרויפכאַפּן זיך אויפן דעכל מיט די הוילע הענט. עס זיינען אַלעמאָל געווען בעלנים. ווער עס האָט דערגרייכט דעם שפּיץ, האָט געוואונען דאָס געלט, די זאַכן און די אַפּלאָדיסמענטן פון דעם עולם. דער יאַזדאָווסקי־פּלאַץ איז געווען ווייט פונעם יידישן געגנט. אויף דעם גאַנצן פּלאַץ אַרום זיינען געווען אויסגעשטעלט ביידלעך מיט עסנוואַרג, פרוכטן, געטראַנקען, קאַרו־סעלעס און שפּילצייג, ווי למשל, אין קוני־אײַלאַנד. מוזיקאַנטן האָבן גע־שפּילט און קונצנמאַכער האָבן געמאַכט פאַרשיידענע קונצן. איך געדענק די גאַנצע זאַך ווי אין אַ חלום. מער ווי איין מאָל בין איך דאָרט ניט געווען. יינגלעך מיט לאַנגע קאַפּאָטעס זיינען דאָרט ניט געווען קיין געוואונטשענע געסט. דעמאָלט האָב איך אויך געכאַפּט דעם ערשטן שטורך פון אַ „שייגעצל״. דעמאָלט איז אויך געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס די מאַמע האָט מיר געקויפט אַ רויטן באַלאָן אויף אַ פאָדעם. ווי גליקלעך איך בין דאָס געווען מיט דעם באַלאָן. אָבער מיין שמחה האָט ניט לאַנג געדויערט. פון דעם שטורך, וואָס איך האָב געקראָגן, איז מיר דער באַלאָן אַרויסגע־פלויגן פון דער האַנט, און איז אַוועק, גאָט ווייס וואוהין. ווי מען וואָלט מיר אַ שטיק האַרץ אַרויסגעריסן! די גאַנצע וועלט איז מיר געווען אונטערגע־

גאַנגען, און איך האָב זיך צעוויינט. די מאַמע האָט מיך גענומען קושן און טרייסטן, אָבער קיין אַנדער באַלאָן איז ניט געווען ווער עס זאָל קויפן. דער באַלאָן האָט געקאָסט פינף קאָפּיקעס, און אונדזער נסיעה צום „דראָנג" האָט שוין אַזוי אויך געקאָסט אַ שלל מיט געלט, אפשר צוויי רובל.

אינגאַנצן אָן שפּיל בין איך פונדעסטוועגן ניט אָפּגעקומען. ווען איך בין נאָך געווען גאַנץ יונג, פלעג איך שפּילן אין טאַטע־מאַמע מיט עטלעכע מיידלעך פון אונדזער הויף. מיין „טאַטישקייט" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך פלעג מיך איינהילן אין דער מאַמעס פאַטשיילע, ווי אין אַ טלית, און האָב נאָכגעמאַכט ווי דער טאַטע דאַוונט. נאָך דעם „דאַוונען" האָב איך זיך געוואַשן די הענט און געזאָגט: נו, נו, סכין, סכין, מלח, מלח (אַ מעסער, אַ מעסער, זאַלץ, זאַלץ).

דאָס איז געווען ווינטערצייט אין שטוב. אום זומער פלעג איך שפּילן אין זעלנער. אויף דער „פּליאַנסקע"־גאַס האָט געוואוינט אַ ייִנגל מיט דעם נאָמען גאָדל. דער גאָדל איז געווען אַ יונג אַ ברען. קליין געוויקסיק, גאָרניט קיין שיינער, אָבער אַ מזיק. ער האָט געקענט פייפן, זינגען, שפּילן אויף אַ פייקל, טאַנצן און נאָכמאַכן אַלערליי קולות. ער האָט געבולן ווי אַ הונט, געמיאַקעט ווי אַ קאַץ, געהירזשעט ווי אַ פערד, געקוואָקעט ווי אַ הון, געקרייט ווי אַ האָן, געקוויטשעט ווי אַ חזיר, און נאָך אַזעלכע שטיקלעך. ער האָט געקענט אויסשניצן ביקסלעך און שווערדלעך, און לויפן האָט ער געקענט געשווינטער פון אַלע. צו דעם אַלעמען איז ער געווען אַן אמתע פּערזענלעכקייט. אַלע האָבן אים געפאָלגט. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר אַז גאָדל האָט געהייסן, האָט מען געטאָן ווי ער האָט געהייסן. האָט גאָדל אָרגאַניזירט די אַרמיי און איז געווען דער אָפיציר.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ משכיל און בין געווען באַקאַנט אין וואַרשע מיט דעם נאָמען „יענקל דער מגיד", האָב איך זיך ווידער באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן גאָדל. ער איז געוואָרן אַ שמוקלער, האָט זיך געדרייט אַרום די נאַר וואָס אויפגעקומענע יידישע אַקטיאָרן, ווי די טאַנצמאַנס, האָט פאַרפאַסט לידער און האָט זיי געזונגען מיט זיינע אייגענע ניגונים. פון אים איז גאָרניט געוואָרן. איך בין איבערצייגט, אַז גאָדל וואָלט געוואָרן אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט, ווען ער וואָלט געהאַט אַן אַנדער דערציאונג. זיין פאָטער איז געווען אַ שאַרפער חסיד, וואָס זיין חסידות איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס יעדן טאָג פלעגט ער אויסגעפינען ביי אַן אַנדער חסיד עפּעס אַ יאָרצייט- אָדער אַן אַנדער „יומא דפגרא" און ער פלעגט אַהיים קומען טויט־שיכור. אויף פּרנסה פאַר ווייב און קינדער האָט ער קיינמאָל ניט געזאָרגט. „אַ חסיד דאַרף דינען

גאָט מיט שמחה", פלעגט ער זאָגן, „און אָן אַביסל בראָנפן קען ניט זיין קיין שמחה". האָט ער געדינט גאָט מיט שמחה. און די איינציקע אויסצייכענונג פון זיין זון גאָדל איז געווען די, וואָס ער איז געווען אַן „אָפיציר" אין דער „אַרמיי", וואו איך האָב געשפילט אין זעלנער.

ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר, האָב איך געשמט אַלס אַן עילוי. (וואָסער יידיש קינד איז דאָס ניט אַמאָל געווען אַן עילוי?). אויף מיין אייגענעם באַשלוס, האָב איך דעמאָלט אַוועקגעוואָרפן דעם טאַטנס מתנגדישע שול און בין געוואָרן אַ וואַרקער חסיד. האָט דאָך פאַר מיר אַוודאי ניט געפּאַסט צו שפּילן מיט די לאָבוסעס, האָב איך געהאַט נאָר איין מין שפּיל. מען האָט דאָס גערופן: שפּילן אין בערג. די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם (עס האָבן געקענט שפּילן וויפל יינגלעך עס האָבן געוואָלט) איינער איז על פּי גורל געמאַכט געוואָרן פאַר דעם „באַרג". נאָך דעם האָט דער „באַרג" זיך גענומען יאָגן נאָך די איבעריקע, און וועמען ער האָט געכאַפּט אָדער נאָר אָנגעטאַפּט, איז יענער געוואָרן אַ „באַרג". איך האָב דעמאָלט געהאַט דריי חברים: שמשון, פּייוול דעם שוסטערס זון, וואָס איז צוזאַמען מיט מיר געוואָרן אַ חסיד, מרדכי נח גאָלדשטערן, וואָס זיין טאַטע איז געווען אַ ביאַלער חסיד און יואל, שלמה דעם קוילן־הענדלערס זון. דער קוילן־הענדלער איז געווען אַ וואַרקער חסיד און מיט אים זיינען מיר געגאַנגען אין שטיבל אַריין דאַווענען.

די ערשטע יאָרן פון מיין לעבן, האָב איך אַזוי אַרום פאַרבראַכט אין פולשטענדיקער אָרעמקייט, אין טאַטאַלער אומוויסנקייט, אָן שפּילצייג, אָן אַ שפּילפּלאַץ, כמעט אָן שפּיל; אָן שיינקייט, ווייט פון דער נאַטור, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין דער מיט פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע, אָן אַ שפּראַך, אָן קינדערשע מעשיות, אָן פאַנטאַזיעס — אַחוץ די פאַנטאַזיע פון שדים, גיהנום און גן־עדן, וואָס מען האָט זיך געגוג אָנגעהערט.

און די גיהנום־פאַנטאַזיע האָט געהאַט אַ מוראדיקע ווירקונג, וואָס האָט פאַרטריבן דאָס לעצטע ביסל קינדישע פרייד, וואָס האָט זיך נאָך ווי עס איז פאַרוואַלגערט אין מיין נשמה, ווי אויף להכעיס דער אָרעמקייט און אוממענטשלעכער אומגעבונג. איך געדענק ווי היינט, אַז איך האָב עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד זייער הייס און מיט שטאַרקער איבערגעבנקייט געבעטן גאָט כמעט אַלע טאָג, איך זאָל שטאַרבן איידער איך ווער בר־מצווה, כדי צו קומען אויף יענער וועלט ריין פון זינד, איידער איך הייב אָן טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיינע אייגענע חטאים.

און „חטאים" האָב איך געהאַט מער ווי האָר אויפן קאָפּ, ווי מיר וועלן ווייטער זען.

# איך הייב אָן אונטערזאָגן

פון דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז איצט, איז לייכט איינצוזען, אַז איך בין ניט געבאָרן געוואָרן מיט קיין זילבערנעם לעפל אין מויל, ווי דער אַמעריקאַנער דריקט זיך אויס.

פונקט פאַרקערט.

עס איז געווען דער דלות אין זיין גאַנצער פּראַכט, וואָס האָט מיר געגעבן דעם ערשטן שלום־עליכם, ווען איך בין אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון לעבן. אָבער דער דלות, שלעכט ווי ער איז, איז ניט געווען די ערגסטע באַקאַנטשאַפט, וואָס איך האָב געהאַט צו מאַכן.

ערגער פון דעם דלות איז געווען זיין צווייטע העלפט — די אומוויסנ־קייט, וואָס האָט געהערשט אין מיין גאַנצער סביבה.

די אומוויסנקייט — זי איז ערגער פון דעם דלות. אָרעמקייט קען מען אַמאָל גובר זיין מיט פאַראַכטונג. עס זיינען פאַראַן שטאַרקע נאַטורן, וואָס האָבן דעם כוח דערצו, הגם איך בין ניט איינער פון זיי. ניט אַזוי די אומוויסנקייט. זי קען מען אַזוי לייכט ניט גובר זיין. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איר עקזיסטענץ איז ניט באַוואוסט. די, וואָס געניסן פון דער אומ־וויסנקייט, קענען זי גאָרניט. זיי זוכן אפילו ניט פּטור צו ווערן פון איר. ווער עס וויל באַזייטיקן די אומוויסנקייט, דער מוז זי פריער אַליין אַנטדעקן. און אַנטדעקט מען זי, איז דאָס לעבן אויף אייביק פאַרביטערט.

עס איז שווער זיך צו באַפרייען פון דער אומוויסנקייט. מיין פאָטער איז געווען אַ פרומער ייד און אַן ערלעכער מענטש. ווייטער פון אַ פּרשה חומש און אַ קאַפּיטל תהילים איז עס ניט געגאַנגען. דערצו איז ער כסדר געווען פאַריאָגט און פאַרטאָן מיט דאגות פּרנסה.

אָבער איך רעד דאָ ניט פון דער אינדיווידועלער אומוויסנקייט. מיין לאַגע אין דעם פּרט וואָלט ניט געווען אַ האָר אַנדערש, אפילו ווען מיין פאָטער וואָלט געווען אַ גרויסער למדן.

איך רעד דאָ פון דער אַלגעמיינער אומוויסנקייט, וואָס האָט געהערשט צווישן די יידן אין וואַרשע, און אומעטום, אין מיין צייט, און וואָס איז געווען נאָך גרעסער גראַד צווישן די למדנים.

זינט עס איז אויפגעקומען די נאַציאָנאַליסטיש־„פּאַשיסטישע" באַוועגונג ביי אונדז, האָבן אַלע אַמאָליקע קלויזניקעס, באַהעלפּערס און בטלנים מכל המינים פאַרריסן דעם קאָפּ צוליב דאָס ביסל גמרא, וואָס זיי האָבן אַמאָל געלערנט אין דער ישיבה. דער אמת איז, אַז די גרויסע אומוויסנקייט איז אַלעמאָל געווען צו געפינען צווישן די תלמודיש־געלערנטע. עס איז געווען די השכלה, וואָס מען רופט היינט „ראַדיקאַלעכץ", וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל ליכט אין דער פינצטערניש פון דער ישיבה.

נאָר לאָמיר ניט כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ.

די סאַמע ערשטע טאַט אין מיין לעבן, וואָס איך געדענק, איז געווען אונטערזאָגן, דאָס אַרויסהעלפן מיינע דרדקי־חברים אין חדר, און דער ערשטער שכר איז געווען — שמיץ.

מיין דרדקי־רבי האָט מיך קיינמאָל ניט געשמיסן פאַר קיין זאַך אויסער פאַר דעם אונטערזאָגן. דער רבי איז געווען מיין פעטער, דעם טאַטנס אַ ברודער. דאָס איז אפשר געווען די אורזאַך, וואָס האָט מיר איינגעשפּאָרט אַ ביסל שמיץ. אָבער דעם חטא פון אונטערזאָגן, האָט ער מיר ניט געקענט מוחל זיין. עס זיינען די דאָזיקע שמיץ און נאָך עטוואָס, וואָס האָבן איבערגעלאָזט דעם ענין אַזוי לעבעדיק אין מיין זכרון. געהאָלפן האָט דאָס אָבער ווייניק. עפּעס ווי אַ קליפּה האָט געשטעקט אין מיר. איך האָב געמוזט אונטערזאָגן. צו דער „קליפּה" איז באַלד צוגעקומען אַן אַנדער קליפּה, אַן אמתע קליפּה.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס גאַנץ אומשולדיק, אינסטינקטיוו. די חברים האָבן ניט געוואוסט און איך האָב יאָ געוואוסט, וואָס איז דאָ צו באַהאַלטן? האָב איך אונטערגעזאָגט. איך האָב בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס דער רבי האָט מיך געשמיסן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס אונטערזאָגן איז געוואָרן אַ קוואַל פון אַן אַנדער הכנסה, אויסער שמיץ.

מיינע חברים האָבן באַלד דערשמעקט מיין „לומדות", דעם נוצן וואָס זיי קענען דערפון ציען, און די „פעקלעך", וואָס זיי קענען זיך איינשפּאָרן. אַזוי שנעל ווי זיי האָבן דאָס אויסגעפונען, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ שפע פון צוקערקעס, באַרן, עפּל, אַ חלק פון די מיטיקן, און אפילו גראָשנס. איך פלעג האָבן אַזוי פיל פון די זאַכן, אַז איך האָב „פאַרלאָרן" דעם אַפּעטיט צום עסן. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ שיין פעקל צרות, גאַנץ אומגעריכטערהייט, און האָט פאַר אַ לאַנגער צייט געמאַכט אַ סוף צו מיינע גוטע געשעפטן.

די מעשה איז געווען אַזוי: די מאַמע האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק

זאָרגן, וואָס איך האָב עפּעס פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט צום עסן. זי האָט זיך שטאַרק געישובט, צי זי זאָל ניט אַריבערגיין מיט מיר צו שעיה־איטשע דעם פעלדשער. זי וואָלט דאָס אַוודאי געטאָן, אָבער דער פּרייז איז געווען צו הויך. שעיה־איטשע איז געווען אַ באַרימטער פעלדשער. איידער ער איז געוואָרן אַ פעלדשער, האָט ער געאַרבעט אפשר 20 יאָר אין דעם הקדש אַלס וועכטער. קען מען דאָך שוין פאַרשטיין, אַז ער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין דער חכמת הרפואה און פאַר ווייניקער ווי אַ גילדן האָט מען צו אים ניט געקענט אָנקומען. אַז מען האָט אים גערופן אַהיים, האָט געקאָסט אַ פערציקער. איז דאָס גיין צום פעלדשער געווען אַ שווערע זאַך. דערפאַר האָט די מאַמע גענומען זוכן אייגענע תחבולות און האָט באַנוצט היימישע רפואות. דהיינו, זי האָט מיר געהייסן אַרויסשטעקן די צונג, האָט מיר געלאָזט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע ביי אַ שכנה, וואָס האָט געשמט פאַר די זאַכן. זי האָט מיר אָפּגעלעקט די שלייפן מיט דער צונג, און האָט יעדעס מאָל אויסגעשפּיגן. און זי האָט מיר געגעבן האָפענונג, אַז אויב די אַלע רפואות וועלן ניט העלפן, וועט זי מיר איינגעבן ריצן־אויל. אַ דאַנק־גאָט — צו דעם ריצן־אויל איז ניט געקומען, אָבער עס איז שיר ניט געקומען צו עטוואָס אַנדערש, וואָס איז כמעט אַזוי שלעכט ווי ריצן־אויל, אויב ניט נאָך ערגער.

ווי די מאַמע האָט זיך אַזוי געפּאָרעט אַרום מיר, האָט זי דערטאַפּט אַן עפּל, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון דעם קעשענקעלע אין מיינע „גאַנצע" הויזקעס. „פון וואַנען האָסטו דעם עפּל?" — האָט זי אַ פרעג געטאָן. איך האָב זיך דערשראָקן, עפּעס ווי מען וואָלט מיך געכאַפּט ביי אַ גנבה, בין איך געוואָרן רויט און בלאַס און האָב געשוויגן. איז די מאַמע אַוודאי געקומען אויף דעם געדאַנק, אַז איך האָב דעם עפּל מן הסתם געגנבעט, אפשר נאָך ערגער, אַז איך האָב געלאַכנט דאָס געלט צו קויפן דעם עפּל. האָט זי מיך גענומען בעטן, איך זאָל דערציילן דעם אמת. איך האָב געשוויגן. האָט זי גענומען זיך באַקלאָגן אויף איר ביטער מזל, וואָס אַזאַ פיין קינד, וואָס קען אַזוי וואויל לערנען, גייט אַרויס לתרבות רעה. איך האָב געשוויגן. האָט זי געסטראַשעט מיט דעם טאַטן. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. איך בין געשטאַנען מיט איין פינגער אין מויל און האָב געשוויגן. ווען דער טאַטע איז אַהיים געקומען, האָט ער מיך באַלד גענומען אויף אַ „דאָפּראָס". איך האָב געשוויגן, ביז דער טאַטע האָט אַראָפּגענומען דעם פּאַסעק. דערזען דעם פּאַסעק, האָב איך מיך צעוויינט, בין צוגעלאָפן צו דער מאַמען און האָב זיך מודה געווען, אַז דאָס האָט מיר אַ יינגל געגעבן פאַר אונטערזאָגן. אויף דער מאַמעס פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל,

און דער טאַטע איז געוואָרן אַ ביסל ווייכער. ער האָט זיך צוריק ארומגעזומען מיט דעם פּאַסעק און האָט שטרענג געזאָגט: אַזוי טוט אַ יינגל? אָפּנאַרן דעם רבין! דאָס איז דאָך ערגער ווי זאָגן ליגן. איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל דאָס מער ניט טאָן.

מיט דעם האָט זיך אָבער די זאַך ניט געענדיקט. די מאַמע האָט ניט געקענט רוען, איז זי געגאַנגען אין חדר און האָט געמאַכט אַ חקירה ודרישה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געזאָגט דעם אמת. מען האָט מיך מער ניט באַשטראָפט. אָבער מיין „שפע" האָט פאַר אַ לאַנגער צייט אויפגעהערט. דער רבי האָט מיך געהיט ווי אַ גנב. און די יינגלעך האָבן אויפגעהערט געבן. און דאָס איז געווען מיין גרעסטע צרה. אין דער צייט פון מיין גרויסער „שפע", ווען איך בין יעדן טאָג געוואָרן אָנגעשטאָפּט מיט אַלדאָס גוטס, האָב איך זיך צוגעוואוינט צו די גוטע זאַכן און האָב געקראָגן, ווי די מאַמע פלעגט זאָגן, אַ געשמדטן האַלדז. איך האָב געגאַרט נאָך די צוקערקעס, די עפּל און די אַנדערע גוטע זאַכן. פאַר אַ שפּאָר שטיקל צייט זיינען זיי ניט געקומען. האָב איך געזוכט אין אַלע ווינקעלעך פון הויז, טאָמער וועל איך געפינען אַ פּאָר גראָשן. אָבער גיי געפין, אַז קיינער האָט ניט פאַרלאָרן...

אַ שטיקל הילף האָט מיר גאָט צוגעשיקט און דאָס האָט געהאָלפן. מיין שפע האָט זיך ווידער אָנגעהויבן.

# מיין ברודער ווערט אַ זעלנער

דאָס מיליטער־דינסט אין רוסלאַנד צו יענער צייט איז געווען די שרעק פון יעדער יידישער מאַמען און פון יעדן יידישן בחור. די יידן האָבן אָנגעווענדט אַלע מיטלען זיך אַרויסצודרייען פון מיליטער־דינסט. די יונגעלייט האָבן זיך געמאַכט פאַר אייביקע קאַליקעס, מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און מען איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, אַבי ניט צו גיין דינען.

די רעגירונג פון איר זייט האָט אָנגענומען שטרענגע מיטלען קעגן דעם. מען האָט פאַרשיקט אין תפיסה, מען האָט ארויפגעלייגט שווערע געלט־שטראָפן אויף די עלטערן פון די אַנטלאָפענע יונגעלייט, מען האָט באַשטראָפט גאַנצע יידישע קהילות אפילו. עס האָט ניט געהאָלפן. וואו אַ ייד האָט נ..ר געקענט, האָט ער געזוכט זיך אַרויסצודרייען פון מיליטער־דינסט.

די אַנטיסעמיטן האָבן דעם צושטאַנד אויסגענוצט אַלס אַ באַשולדיקונג קעגן דעם גאַנצן יידישן פאָלק. „די יידן זיינען ניט געטריי זייער פאָטערלאַנד", — האָט מען געטענהט, — „די יידן זיינען פחדנים, זיי ווילן נאָר נעמען פון די רעכט פון דעם לאַנד, אָבער זיי ווילן ניט דערפילן זייערע פליכטן צו דעם לאַנד" אאַז"וו.

די אַלטע טענות.

עס איז איבעריק פאַר מיר זיך צו פאַרנעמען אויף דעם אָרט מיט דער דאָזיקער פראַגע.

יעדער ייד ווייסט, אַז דאָס איז אין אַלע צייטן געווען אַ שקר־בלבול אויף דעם יידישן פאָלק, ניט ווייניקער ווי עס איז געווען דער עלילת־דם. די יידן האָבן אַלע מאָל געדינט זייער לאַנד בעסער ווי דאָס לאַנד האָט זיי געדינט; די יידן זיינען אין אַלע צייטן געווען געטרייע בירגער פון דעם לאַנד, וואָס איז צו זיי אַלע מאָל געווען אומגעטריי. אפילו אין די מער ליבעראַלע לענדער, און אפילו נאָך דעם, ווי עס זיינען שוין געווען אָנגענומען כלומרשט ליבעראַלע געזעצן בנוגע יידן — אפילו דעמאָלט זיינען די יידן געווען דער שעיר־לעזאזל ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט. אין רוסלאַנד פון דעם צאַר זיינען קיין ליבעראַלע געזעצן אפילו ניט אָנגענומען געוואָרן. די יידן זיינען פונדעסטוועגן געבליבן געטרייע דינער פון זייער שטיף־פאָטערלאַנד. פאַרן מיליטער־דינסט האָט מען זיך אָבער שטאַרק געשראָקן, און עס איז ניט קיין וואונדער.

די צייטן, ווען מען פלעגט כאַפּן יידישע קינדער צווישן אַכט און צוועלף יאָר און זיי איבערגעבן צו שמד און צו מיליטער־דינסט אויף גאַנצע 25 יאָר, איז נאָך געלעגן אין זכרון פון יעדן יידן. כמעט אויף יעדער גאַס האָט מען געקענט טרעפן געוועזענע קאַנטאָניסטן, ווי מען האָט זיי גערופן, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די אוממענטשלעכסטע יסורים און די אומבאַשרייבלעכע פּייניקונגען, וואָס די צאַרטע, יונגע קינדער האָבן געהאַט אויסצושטיין און האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן דעם שמד. אָבער וויפל זיינען געווען אַזעלכע. דאָס רוב קינדער איז אונטערגעגאַנגען, אָדער פון יסורים, אָדער פון שמד. און די, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די מאַרטירערייַ און זיינען אין 25 יאָר אַרום אַהיימגעקומען אַלס יידן — וואָסערע צעקאַליעטעשטע נשמות זיינען דאָס געווען! וואָסערע מאָדנע באַגריפן פון רעליגיע זיי האָבן געהאַט! און וואָסער יידיש זיי האָבן גערעדט! עס וואָלט באמת געווען בעסער פאַר זיי און פאַר אונדז, ווען זיי וואָלטן זיך אויסגעמישט מיט דער מאַסע רוסישע מוזשיקעס פון יענער צייט.

ביי אונדז אויף דער גאַס פלעגט אַרומגיין אַזאַ געוועזענער קאַנטאָניסט; מיט אַ רויטער נאָז, פאַרלאָפענע און האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן, מיט אַן אַרומגעצופּטער באָרד, מיט אויסגעגאָלטע ווינקלען אויף דעם איינגעפאַלענעם פּנים צווישן די באַקנבערד און די וואָנצעס, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן און האָט זיך גענערט פון טרעגערייַ.

מען פלעגט דערציילן, ווי דער קאַנטאָניסט האָט זיך באַרימט, אַז ער איז שבת געווען אין אַ באַגאַמאַלניע, ווייל ביי אים איז געווען פאַניכידע נאָך זיין טאַטן, האָט מען אים מכבד געווען מיט דער פּיאַטער עליה. אויף דער פראַגע: וואָס איז אַ „באַגאַמאַלניע" און אַ „פאַניכידע", האָט דער קאַנטאָניסט דערקלערט: אַ באַגאַמאַלניע איז אַ זשידאָווסקע סינאַגאָגע, ווי להבדיל אויף סלוזשבע אַ צערקאָוו. אַ פאַניכידע — ווען מען גייט זיך „מאַליען" פאַר די טויטע „דושי". איך ווייס ניט, צי די מעשה איז אמת. זי איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אַהיימגעקומענעם קאַנטאָניסט.

אונטער דער הערשאַפט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דער צאַר־באַפרייער, באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון די לייב־אייגענע, אין דעם יאָר 1861, איז דער גורל פון די יידן געוואָרן אַ ביסל פאַרלייכטערט. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פון קליינעם באַטייט און פון קורצן דויער.

איצט איז די כאַפּערייַ שוין געווען אין גאַנצן אָפּגעשאַפט. אָבער די צייט פון מיליטער־דינסט איז נאָך אַלץ געווען 15 יאָר, און די שרעק פון דער דינסט גופא, ספּעציעל פאַר יידן, זיינען גאָר ניט געווען פאַרלייכטערט,

שוין ניט צו ריידן פון דעם טריפה־עסן און די אַנדערע פאַרשוועכונגען פון דער רעליגיע, צו וועלכע די יידישע סאָלדאַטן זיינען געווען אונטערוואָרפן.

וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן, וואָס די מיליטער־דינסט איז געווען די שרעק פון יעדן יידן?

מיין עלטסטער ברודער, משה־לייזער, איז צום ערשטן מאָל געשטאַנען צום פריזיוו אין דעם יאָר 1871. מיין ברודער איז געווען אַ קרעפטיקער בחור, שיין געוואָקסן און פון גאָר אַן אָנגענעמען אויסזען.

וואָס פאַר אַ שאַנס האָט ער געהאַט מען זאָל אים פאַרבראַקירן? אַז קיין געלט צו „שמירן" איז ניט געווען, און ווען עס וואָלט יאָ געווען געלט, וואָלט מען זיכער געמסרט. איז געבליבן איין מיטל: זיך אויסצערן.

האָט ער זעקס חדשים לאַנג זיך געצערט דורך טרינקען עסיק און עסן ווייניק. דאָס האָט אַ ביסל געהאָלפן. מען האָט אים באַפרייט אויף אַ יאָר. דאָס צווייטע יאָר האָט ער שוין מער צערן ניט געקענט. דאָקטוירים האָבן געוואָרנט, אַז ער וועט קריגן די סוכאָטע. האָט מען דאָס קומענדיקע יאָר אים טאַקע צוגענומען אויף סלוזשבע.

אין הויז האָט זיך געטאָן חושך. איך האָב נאַטירלעך פון קיין זאַך ניט געוואוסט. איך געדענק נאָר, אַז טאַטע־מאַמע פלעגן זיך שושקען.

די מאַמע פלעגט אַרומגיין און ברעכן די הענט. דער ברודער איז געווען אין „סבאָרנע פונקט". איין מאָל, שבת אין דער פרי, באַלד ווי מען איז געקומען פון שול, איז מיין ברודער געקומען אַהיים, אָפּגעשאָרן און אָפּגעגאָלט ווי די רעקרוטן זיינען געווען אין יענע צייטן, אין סאָלדאַטן־קליידער און אַ שטייפער קעפּע. מיט אים איז מיטגעקומען אַן אַלטער סאָלדאַט, אַ „דיאַדקע", אַלס שומר. די מאַמע איז שיר־ניט געפאַלן אין חלשות, ווען זי האָט דערזען איר עלטסטן זון אין די „בגדי מלכות", אָבער זי איז באַלד געקומען צו זיך. אַלע האָבן באַלד גענומען אַרומלויפן און אַרומפּאַדיען אַרום דעם „דיאַדקע", ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַ טייערער גאַסט. דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש און מען האָט זיך געזעצט צום טיש. דעם „דיאַדקע" האָט מען געקעכלט פון אַלע זייטן, נאָך אַ שטיק פיש, נאָך אַ שטיק חלה, נאָך אַ גלאָז בראָנפן, און נאָך אַ גלאָז בראָנפן; איבערהויפּט בראָנפן און בראָנפן. און דער „דיאַדקע" האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין פּאַסמאַקעווען. ריידן מיט אים איז ניט געווען ווער. דאָס איז געווען אַן אמתער כאָכאָל, אַ רוס, און ווער האָט דאָס געקענט רוסיש? האָט דער טאַטע געמאַכט מיט די הענט, גערעדט אויף זיין „בעסטן" פּויליש, און וואו עס האָט געפעלט אַ וואָרט, האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ לשון־קודשדיק וואָרט. דער כאָכאָל, ווי עס האָט

געשיינט, האָט פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט, ווי לאַנג מען האָט אים אונטער־געדרוקט די חלה, מיט פיש, מיט בראָנפן. אויף אַלץ האָט ער געענטפערט: „נו, דאַ, נו, דאַ״. איך האָב נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען פון דעם „דיאַדקע״. מען האָט מיך שטאַרק געקריוודעט דעם שבת. עס איז ניט געווען גענוג פיש פאַר אַלעמען. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס דער כאַכאָל איז מער יחסן פון מיר. אָבער קיינער האָט זיך אויף מיר ניט אומגעקוקט, אַבי דער „דיאַדקע״ איז געווען צופרידן. און דער טאַטע האָט געפירט אַ לאַנגן טיש, און שכנות זיינען אַריינגעקומען און האָבן מיטגעבראַכט בראָנפן הינטער די פאַרטעכער, און עס איז געווען פריילעך אין הויז, אַזוי לאַנג ביז דער „דיאַדקע״ איז אַוועקגעפאַלן טויט־שכור.

ווי לאַנג ער איז אַזוי געשלאָפן ווייס איך ניט. איך ווייס אויך ניט וואָס עס איז געוואָרן פון אים. איך געדענק נאָר, אַז אַזוי שנעל ווי עס איז געוואָרן אַ ביסל טונקל, האָט מיין ברודער מיך גענומען אויף דער האַנט, האָט מיך געקושט און געגעבן אַ צענער (צען גראָשן). דאָס צווייטע מאָל נ[illegible]ך דעם האָב איך געזען מיין ברודער אין 14 יאָר אַרום, אין 1886. דאָס יאָר, ווען איך בין געגאַנגען דינען, איז ער צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד.

איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז אין דער צייט, ווען דער „דיאַדקע״ האָט געחלומט זיינע זיסע חלומות אפשר פון אַ וועלט, וואָס וועט זיין כולו בראָנפן, האָט מען מיין ברודער איבערגעטאָן און אים אַרויסגעפּעקלט פון וואַרשע. ער איז געפאָרן גלייך קיין ברעסלאו, דייטשלאַנד.

אין ברעסלאו האָבן דעמאָלט געוואוינט מיין ברודערס צוויי חברים,ביידע באַרימטע חזנים צו יענער צייט. איינער איז געווען שמעון גריצ־הענדלער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן חזן אין דער וואַרשעווער כאָר־שול. דער צווייטער איז געווען מיין שוועסטערקינד, הירש דוד זויערמילך, מיין מלמדס זון. ער איז שפּעטער גערופן געוואָרן קיין לאָנדאָן אין דער היי־מאַרקעט־שול, וואו לאָרד סווערדלעי און סיר הערבערט סעמועלס זיינען געווען „פּרנסים״. צו די צוויי חברים איז מיין ברודער געפאָרן, און ער איז דאָרט געבליבן ביז דעם יאָר 1886. דאָס איז געווען דאָס יאָר, ווען דייטש־לאַנד האָט אויסגעוויזן אַלע ניט־בירגער פון „רוסישער״ אָפּשטאַמונג, וואָס דאָס האָט געמיינט, ווי באַוואוסט, רוסישן יידן, און מיין ברודער האָט באַלאַנגט צו יענע רוסן. מיין מאַמעס אַ שוועסטערקינד, נחום טוכמאַן (ער איז שפּעטער געווען אַן אָנגעזעענער כלל־טוער ביי די וואַרשעווער פאַראיינען אין ניו־יאָרק) האָט, דורך זיין פּראָטעקציע, אויסגעקלאַפּאָטשעט אַ באַגנע־דיקונג פון דעם דעמאָלטדיקן וואַרשעווער אָבער־פּאָליציימייסטער גענעראַל טאָטלעבען, און מיין ברודער איז געקומען צוריק אַהיים, אַן אמתער „דייטש״.

# איך גיי אויף אַ חתונה

דער צענער, וואָס איך האָב יענעם מוצאי שבת געקראָגן פון ברודער „לעצטגעלט״, האָט מיך גאָר צערודערט. אַזאַ סומע געלט מיט איין מאָל האָב איך נאָך קיינמאָל פריער ניט געהאַט אין מיין באַזיץ. פון דער מאַמען האָב איך מער ווי אַ גראָשן קיינמאָל ניט באַקומען. דאָס העכסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געהאַט צוזאַמען, איז געווען אַ דרייער, און דאָס האָט פּאַסירט נאָר דעמאָלט, ווען דער פעטער מרדכי־הירש, אַ ייד אַ חסיד, איז געקומען צו גאַסט צו דער מאַמען, זיין עלטסטער שוועסטער. דאָס האָט געטראָפן צוויי אָדער דריי מאָל אַ יאָר.

באַלד אויף צו מאָרגנס האָט די מאַמע פּרובירט ביי מיר אָפּנעמען דעם צענער. האָט זי מיר דערציילט פאַרשיידענע מעשות, און האָט מיך גע־וואָרנט, אַז לאָבוסעס וועלן ביי מיר צונעמען דאָס געלט, אַ קליין ייִנגל טאָר ניט אַרומגיין מיט אַ סך געלט אין קעשענע, מען וועט נאָך מיינען איך האָב געגנבעט. אָבער איך האָב זיך ניט געלאָזט. איך האָב ניט געוואָלט געבן. קיין געוואַלט האָט די מאַמע קיין מאָל ניט געברויכט. דאָס העכסטע, וואָס זי האָט געטאָן, איז געווען סטראַשען מיט דעם טאַטן. אָבער מיט דעם האָט זי קיין שטאַרקן איינדרוק ניט געמאַכט, ווייל דער טאַטע איז גאָר ניט געווען קיין געפערלעכער מענטש. נאָר איין מאָל אין מיין לעבן האָט ער מיך געשמיסן, און דעמאָלט האָב איך עס כשר פאַרדינט, ווי איך וועל שפּעטער דערציילן.

דאָס מאָל האָט די מאַמע אפילו ניט געסטראַשעט. איז דער צענער טאַקע געבליבן ביי מיר — דאָס הייסט, ער איז ניט לאַנג געבליבן. איך בין געווען אַ גרויסער נאַשער, מיט אַ געשמדטן האַלדז. טאָ ווי לאַנג האָבן צען גראָשן, צוויי און אַ האַלב סענט אויף אַמעריקאַניש געלט, געקענט דויערן? פּאַר אַ קורצער צייט אָבער איז מיר געווען גוט ווי די וועלט.



אַ צייט נאָך דעם, ווי מיין ברודער איז אָפּגעפאָרן קיין ברעסלאַו, זיינען זיינע צוויי חברים, די חזנים, געקומען פון ברעסלאַו קיין וואַרשע. די וואַרשעווער כאָר־שול האָט דעמאָלט געזוכט אַ חזן, און די צוויי פריינד

זיינעןביידע געקומען מאַכן פּראָבע. די שול איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אויף טלאָמאַצקע־גאַס. דעמאָלט איז די שול געשטאַנען אויף דאַנילעוויטשעווסקע־גאַס, אַ קליין קרום געסל הינטער דעם ראַטהויז, ניט ווייט פון טלאָמאַצקע.

די צוויי חזנים, ווי שוין געזאָגט, זיינען געווען פריינד פון קינדווייז אויף. זיי האָבן ביידע צוזאַמען שטודירט אין וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. זיי האָבן געהאַט שטעלעס אין צוויי פאַרשיידענע טעמפּלען אין ברעסלאַו. דאָס קומען צוזאַמען קיין וואַרשע איז געווען ניט מער ווי אַ פריינדשאַפט־לעכע קאָנקורענץ צווישן צוויי קינסטלער — און זיי זיינען ביידע געווען גרויסע קינסטלער אין זייער פאַך, ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען — הגם יעדער פון זיי האָט שטאַרק געוואָלט קריגן די שטעלע אין דער באַרימטער שול אין זיין היימשטאָט.

דעם שבת, ווען מיין שוועסטערקינד האָט געמאַכט פּראָבע, איז ביי אונדז אין הויז געווען אַ גרויסער יום־טוב. דער פעטער משה־לייב, מיין רבי, און מיין טאַטע זיינען געגאַנגען אין דער כאָר־שול דאַוונען אויף ספּעציעלע בילעטן. מיך האָט דער טאַטע מיטגענומען איך זאָל טראָגן די טליתים. גראָד איז יענעם שבת קאַליע געוואָרן דער עירוב און מען האָט ניט געטאָרט טראָגן.

שמעון גריצהענדלער האָט געוואונען, און איך געדענק נאָך ביז היינט די אויפרעגונג, וואָס איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אין הויז. דער טאַטע, אַ געלאַסענער מענטש געוויינטלעך, האָט זיך שטאַרק געקאָכט. אַ שווינדל! — האָט ער געזאָגט. ער איז געווען זיכער, אַז זיין פּלימעניק, הירש־דוד, האָט גריצהענדלערן פאַרשטעקט אין גאַרטל, אַז גריצהענדלער האָט געוואונען ניט ווייל ער האָט געקענט בעסער זינגען, נאָר ווייל ער האָט געקענט בעסער „שמירן". אויסגענומען ביים עולם האָט הירש־דוד, ניט שמעון גריצ־הענדלער.

עס קען זיין, אַז דער טאַטע האָט געהאַט רעכט, אָבער מיך האָט דער ענין זייער ווייניק אינטערעסירט. איך בין דעמאָלט געווען פאַרנומען מיט אַן ענין, וואָס איז פאַר מיר געווען אַ סך וויכטיקער פון דער פראַגע: ווער עס וועט זיין דער חזן פון דער וואַרשעווער כאָר־שול?

דער וויכטיקער ענין פאַר מיר דעמאָלט איז געווען: צי וועל איך גיין אויף דער חתונה, צי ניט?

מיין פעטער, דער מלמד, האָט פּונקט דעמאָלט חתונה געמאַכט זיין ערשטע טאָכטער. די חתונה איז מיט אַ כיוון אָפּגעלייגט געוואָרן אויף דער צייט, ווען זיין זון, דער חזן, וועט קומען קיין וואַרשע אויף פּראָבע.

איך האָב געחלשט גיין אויף דער חתונה. ערשטנס, דער יחוס צווישן מיינע דרקדי־חברים, אַז איך בין געווען אויף דער חתונה ביים רבינס טאָכטער. צווייטנס, און דאָס איז געווען דער עיקר, די געבראָטענע גענדז, די קאַרפּן און דער סטריצל. אַלע ייִנגלעך אין חדר האָבן געהאָלפן פליקן די גענדז און שלייסן די פעדערן. האָבן די גענדז און די פיש מיך פאַר־פאָלגט בייטאָג, און זיינען מיר געקומען צו חלום ביינאַכט. האָב איך אָנגעהויבן בעטן מען זאָל מיך מיטנעמען אויף דער חתונה. דער טאַטע און די מאַמע זיינען גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט, אַדרבה, זיי האָבן מיך געוואָלט מיטנעמען. איך בין געווען זייער אַ שיין ייִנגל, און זיי האָבן זיך גראָד געוואָלט מיט מיר באַווייזן. אָבער עס איז ניט געווען וואָס אָנצוטאָן. האָב איך געבעטן, געוויינט און געקליאַנעט אַזוי לאַנג, ביז דער טאַטע האָט אַ זאָג געט...ן צו דער מאַמען: „האָסט געהערט, חיה־גאָלדע, לאָמיר גאָר מיטנעמען דאָס קינד. מען וועט אים קויפן אַ קאַשקעטל (אַזוי האָט מיין טאַטע גערופן אַ היטל), שטיוועלעך מוז מען אים דאָך סיי־ווי קויפן, דאָס קינד גייט דאָך באָרוועס, און גאָט וועט העלפן". „אָ־אָ־מן", האָט די מאַמע געענטפערט, „אַוודאי איז שוין צייט גאָט זאָל זיך אויף אונדז דערבאַרעמען".

זאָל איך דערציילן, ווי גליקלעך איך בין דעמאָלט געווען? איך האָב מורא, דאָס וועט זיך מיר ניט איינגעבן; און ווען אפילו יאָ, בין איך שטאַרק מסופק, צי דער היינטיקער לייענער אין אַמעריקע איז גאָר מסוגל דאָס צו פאַרשטיין. צו קריגן אַ נייעם קאַשקעטל, נייע שטיוועלעך און גיין אויף אַ חתונה מיט איין מאָל — ווער קען דאָס באַשרייבן און ווער קען דאָס באַגרייפן? די ווילדסטע פאַנטאַזיע האָט זיך דאָס גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן.

וועל איך בעסער דערציילן דעם סוף פון דער געשיכטע, וואָס קלינגט מער רעאַליסטיש.

דער סוף איז געווען, די מאַמע האָט מיר געקויפט אַ „קאַשקעטל", זי האָט מיר געקויפט שטיוועלעך, אָבער אויף דער חתונה בין איך נישט געגאַנגען. דער אומגליק איז געקומען גאַנץ אומגעריכט, אין דער סאַמע לעצטער מינוט. און איך אַליין בין געווען שולדיק אין דעם. קיין אַנדערער ווי איך — אַ חוץ אפשר די וואָלאָווע־גאַס — איז אין דעם אומגליק ניט געווען שולדיק.

אין וואַרשע איז דאָ אַ גאַס, וואָס רופט זיך די וואָלאָווע־גאַס. ס׳איז אייגנטלעך ניט קיין גאַס, נאָר אַ געסל. אין דער לענג לויפט דאָס געסל פון דער שווענטע־יורסקע־גאַס, ביז פראַנציסקאַנער גאַס.

דאָס געסל ליגט פון הינטן פון די נאַלעווקעס. מאַנכע הייזער, וואָס

שטייען מיטן פּראָנט אויף די נאַלעווקעס, האָבן זייער הינטן אויף דער וואָלאָווע־גאַס.

וואָס די נאַלעווקעס פלעגט טאָן אין מסחר אויף אַ גרויסן און נאַציאָ־נאַלן, טייל מאָל אינטערנאַציאָנאַלן אופן, האָט די וואָלאָווע־גאַס געטאָן אויף אַ קליינעם, קליינלעכן און לאָקאַלן אופן.

פאַר מיינע צייטן איז די וואָלאָווע־גאַס געווען פאַר וואַרשע, וואָס דער „טאָלטשאָק" איז געווען פאַר אָדעס, וואַיטשעפּל פאַר לאָנדאָן, אָדער די אַמאָליקע בעקסטער אָדער העסטער סטריט פאַר ניו־יאָרק.

אין וואָלאָווע־גאַס האָט מען געקענט קריגן צו קויפן אַלץ אין דער וועלט, און אַלץ בחצי חנם, אָבער אַלץ איז געווען טאַנדעטנע סחורה, און אַז מען האָט ניט אויפגעפּאַסט, האָט מען פון דאָנען געקענט אַהיים ברענגען אַ ראָק מיט איין אַרבל, אָדער אַן קנעפּלעך, אָדער גאָר אָן אַ קאָלנער.

די שפע פון דער וואָלאָווע־גאַס איז געקומען פון דער יידישער אָרעמ־קייט און פון די סאָלדאַטן, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום יענער געגנט. זונטיק איז דאָרט ניט געווען דורכצוגיין, וואָרעם אַהין זיינען געקומען ניט נאָר קויפער, נאָר אויך פאַרקויפער. אַלערליי „האַנדלאַרזשעס", אַלע סוחרים פון אַלטוואַרג, „לאַטשאַזשעס" און „סמאַטשאַזשעס", און אַלע מינים גנבים און שווינדלער זיינען געקומען זונטיק אויף דער וואָלאָווער גאַס אָפּצולייגן זייער סחורה, אָדער צו קויפן, אָדער צו גנבענען. אפילו די סאָלדאַטן פלעגן אַהין ברענגען די גרויסע לאַבנס ראַזעווען ברויט צום פאַרקויפן. יעדער לאַבן ברויט האָט געוואויגן צווישן צוועלף און פופצן פונט. אָרעמע יידישע פרויען פלעגן קומען און קויפן אָט די לאַבנס סאָלדאַטסקע ברויט, וואָס זיינען געווען שווער ווי שטיינער. אַזאַ לאַבן ברויט איז אָפט געווען דאָס לעבנסמיטל פון אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע פאַר אַ גאַנצער וואָך. אַ גלאָז טיי אין דער פרי, און זופּ פון גריפּן אין אָוונט — און די וואָך פרנסה איז געווען פאַרזאָרגט.

אָט אויף דער וואָלאָווע־גאַס האָט מיך די מאַמע אין איין שיינעם טאָג געפירט ביי דער האַנט צו קויפן שטיוועלעך. מיר זיינען אויסגעגאַנגען שיינע עטלעכע קראָמען. איך בין געווען שטאַלץ אָנצומעסטן איין פאָר שטיוועלעך נאָך דער אַנדערער. צו זאָגן דעם אמת, זיינען מיר געפעלן יעדע פאָר שטיוועלעך, וואָס איך האָב אָנגעמאָסטן. אָבער די מאַמע האָט אַלץ געפונען חסרונות, ביז ענדלעך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף איין גליקלעכער פאָר, וואָס האָבן נושא־חן געווען אויך ביי דער מאַמען.

אוודאי אַ הונדערט מאָל האָט מיך די מאַמע געוואָרנט, איך זאָל זען די שטיוועלעך זאָלן ניט זיין צו קליין. איך האָב גאַנץ ריכטיק פאַרשטאַנען,

וואָס זי האָט געמיינט, און איך האָב אויסגעקליבן אַ פּאָר, וואו די פּיס האָבן זיך אַריינגעגליטשט ווי פון זיך אַליין און אַלץ איז געווען ווי גאָט האָט געבאָטן.

דעם גאַנצן טאָג פון דער חתונה האָב איך געהאַלטן אין איין פּוצן די שטיוועלעך, אפילו די פּאָדעשוועס האָב איך געפּוצט. אָבער ווען עס איז געקומען צום אָנטאָן — אַן אומגליק! די כאַלעווקעלעך זיינען געווען צו שמאָל, און איך האָב זיי בשום אופן ניט געקענט אַרויפציען. וואָס זאָל איך דערציילן? — עס איז געווען תשעה־באָב. די מאַמע האָט געוויינט ווי אַ קינד — איר ביטערער מזל! אַז מען האָט שוין אַ מאָל אָפּגעריסן די האַנט פון האָרץ . . . וואו איז געווען דיין קאָפּ? — האָט זי מיט אַ מאָל גענומען שרייען אויף מיר, „אַ קלוג יינגל, אַ קלוג יינגל, און עס האָט ניט קיין שכל אָנצומעסטן אַ פּאָר שטיוועלעך", — האָט זי ווי גערעדט צו זיך.

איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז מיין שולד, האָב איך גאָר ניט געזאָגט, און דער טאַטע איז געזעסן ווי אַ שטומער.

צום סוף האָט דער טאַטע מיר געגעבן אַ דרייער, די מאַמע האָט מיך געהאָלוביעט שטילערהייט, און זיי זיינען אַוועק אויף דער חתונה.

דערפאַר איז אויף צו מאָרגן געווען גוט. פון דער חתונה האָט דער טאַטע אַהיים געבראַכט אַ פולע פּאַטשיילע מיט לעקעך, קיכלעך, ניס און ראָזשינקעס.

דאָס גאַנצע הויזגעזינט איז געווען פריילעך!

# איך בין אַ מתמיד

ווען איך גיי צוריק אין מיין זכרון אַלע יאָרן פון מיין לעבן, און איך זוך אויסצוגעפינען דעם איינעם שטריך אין מיין לעבן, וואָס האָט מער פון יעדן אַנדערן באַשטימט מיין כאַראַקטער און באַאיינפלוסט מיין האַנדלען; וואָס האָט גורם געווען מיין פרייד, מיין צער, מיין זוכן, מיין שטרעבן, מיין דערפאָלג און אומדערפאָלג, געפין איך, אַז דאָס איז געווען דער מתמיד אין מיר. אויב עס איז איבערהויפּט מעגלעך אויסצודריקן אַ מענטשנס וועזן מיט איין שטריך, איז דער שטריך ביי מיר די התמדה. פון מיין פריסטער יוגנט, איז די התמדה געווען מיין שטאַרקסטע ליידנשאַפט, און זי איז דאָס פאַרבליבן ביז אויף היינטיקן טאָג. דער חשק צו לערנען האָט מיך ניט פאַרלאָזן אין מיינע ערגסטע צייטן, און אויך ניט אין מיינע בעסטע צייטן. איך בין נאָך היינט ניט זיכער, צי דאָס איז געווען אַ חסרון צי אַ מעלה. אייניקע מענטשן אין מיין פאַמיליע זאָגן מיר: איך וואָלט געווען געלעבט גליקלעכער, ווען איך וואָלט זיך ניט אָפּגעגעבן אַזוי פיל מיט ספרים און מיט ביכער. איך בין ניט מסכים מיט זיי. טייל מאָל האַלט איך אָבער אַליין, אַז דאָס איז געווען אַ חסרון. דער ווילן צו לערנען אַלץ און צו האָבן אַ באַגריף פון אַלץ האָט מיך אָפּט אַוועקגעפירט פון זאַכן, וואָס איך וואָלט אפשר געקענט בעסער און געטאָן בעסער. צוליב דעם חסרון בין איך ניט געוואָרן קיין ספּעציאַליסט אין קיין זאַך, איך האָב אָנגעהויבן אַ סך זאַכן און האָב זיי קיין מאָל ניט געענדיקט. עס האָט אײַנפאַך אויסגעפעלט די צייט. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז נאָך איידער איך בין אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, האָב איך שוין געמוזט אַרבעטן צו פאַר־דינען אויף לעבן, און דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן מיין גאַנץ לעבן און האָט נאָך ניט אויפגעהערט, ווען מיר איז שוין 74 יאָר.

כדי אויסצומיידן דעם איינדרוק פון ענוות, פון איין זייט, און פון גדלות, פון דער צווייטער זייט, וויל איך זאָגן, אַז אין מיין לעבן האָב איך באַוויזן צו פאַרשלינגען גאָר אַ סך ביכער, אַזוי פיל ביכער, אַז כ'ווייס אַליין ניט ווען איך האָב דאָס געטאָן. אָבער די ביכער־קענטעניש אַליין האַלט איך פאַר גאָר אַ קליינעם טייל פון קענטעניש. ביכער זיינען ניט מער ווי אַ

שלייף־געצייג, אויב זיי זיינען ניט קיין שלאָף־געצייג, פאַר דעם מענטשלעכן געדאַנק. ביכער זיינען נויטיק אַלס לעבנסמיטל, אַלס שפּייז פאַר דעם מענטשלעכן דענקען, אָבער שפּייז אָן אַ פאַרדייאונג־אַפּאַראַט איז גיכער שעדלעך איידער נוצלעך. און ביכער, אויב מען קען זיי ניט איבערקאָכן און פאַרדייען, פאַראורזאַכן גייסטיקע דיספּעפּסיע.

ביי יידן איז בקיאות אַלע מאָל געווען פאַררעכנט פאַר אַ גרויסער מעלה. פאַר דעם איז דאָ אַ געוויסע באַרעכטיקונג, איבערהויפּט דאָרט, וואו מען לעבט נאָר מיט דער קענטעניש פון אַלטע ביכער, ווי עס איז דער פאַל ביי אונדז. אין אַ געוויסן זין איז בקיאות נויטווענדיק פאַר יעדן מין געלערזאַמקייט, אָבער דאָס אַליין איז ניט גענוג. בקיאות קען מען זיך איינשאַפן מיט דעם זיך־אינסטרומענט. קיין חריפות שטעקט ניט אין דעם. צו בקיאות מוז צוקומען חריפות. און ווען צו דיביידע קומט צו די מעגלעכקייט און די געלעגנהייט צו שטודירן די נאַטור און צו לערנען די מענטשלעכע נאַטור — דעמאָלט איז דאָ אַ האָפענונג, אַז פון דעם לערנען זאָל עפּעס אַרויסקומען.

נאָר לאָמיך אָנגיין מיט דעם סיפּור־המעשה.



מיין פעטער משה־לייב איז געווען מיין ערשטער מלמד. ביי אים האָב איך געלערנט פון אלף־בית ביז גמרא.

ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ יאָר אַכט, איז דער פעטער איין מאָל, אַ שבת נאָך מיטאָג, געקומען צו אונדז אַהיים. דער טאַטע האָט מיך פאַרהערט און איז געווען צופרידן, און די מאַמע איז געזעסן פון דער ווייטנס, האָט זיך איינגעהערט און איר פּנים האָט געלויכטן פון פרייד. נאָך דעם מאַכט דער טאַטע צום פעטער: „נו, משה־לייב, וואָס מיינסטו, וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם יינגל?" — איך רעכן, פּלטיאל," — האָט דער פעטער געענטפערט — „עס איז צייט אים אָפּצוגעבן צו אַ גמרא־מלמד". דער טאַטע האָט אַ שמייכל געטאָן, די מאַמע אויך; אָבער זי האָט גענומען זיך קווענקלען. דאָס קינד איז דאָך צו יונג, האָט זי געזאָגט, מען זאָל אים שוין דרייען אַ קאָפּ מיט גמרא. ער איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד.

„מיש זיך ניט אַריין" — האָט דער פעטער געזאָגט — „אין אַזעלכע זאַכן דאַרף זיך אַ יידענע ניט מישן. אַז מען זאָגט, ס'איז צייט — איז צייט".

די מאַמע האָט מער ניט געענטפערט, און ביי דעם איז געבליבן. מען האָט מיך אָפּגעגעבן צו אַ גמרא־מלמד.

מיין ערשטער גמרא־מלמד האָט געהייסן ישראל־יצחק. ער האָט געוואוינט אויף דער ברייטער מילע־גאַס, אין אַ קעלער־שטוב, מיט די פענצטערלעך צו דער גאַס. די פענצטערלעך זיינען געווען גלייך מיט דעם טראָטואַר, אַזוי אַז ווען מען האָט געוואָלט אַריינקוקן פון דער גאַס אין הויז אַריין, האָט מען זיך געמוזט שטעלן אויף די קני, אָדער גאָר זיך אויס־ציען די גאַנצע לענג אויף דעם טראָטואַר, און אַז מען האָט געוואָלט פון שטוב אַרויסקוקן אויף דער גאַס, האָט מען זיך געמוזט שטעלן אויף דעם „קאָפּשטיק" פון דעם בעט, וואָס איז געשטאַנען לעבן דעם פענצטערל.

אַלץ וואָס איז געבליבן ביי מיר אין זכרון פון אים איז, אַז ער איז געווען אַ הויכער און אַ דאַרער. זיין ווייב איז געווען אַ גרויסע מיאוסקייט, כמעט אַ פאַרזעעניש. און ער האָט געהאַט אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר 14, אַ האַלבער אידיאָט און אַ זאַאיקע. דאָס ייִנגל האָט ליב געהאַט נאָכצומאַכן דעם טאַטן זיינעם, ווי אַלע ייִנגלעך טוען. ווען דער „רבי" איז אַרויסגע־גאַנגען אויף דעם הויף, פלעגט שמואלכל (דאָס איז געווען זיין נאָמען) זיך אַרויפכאַפּן אויף דעם טאַטנס בענקל און נאָכמאַכן אַלע העוויות פון זיין טאַטן; ער האָט געקלאַפּט מיט דעם שטעקל פון קאַנטשיק אויף דעם טיש, ער האָט נאָכגעזאָגט דעם טאַטנס זידלווערטער, ווי חמור, עשו, אכבראש, גוי, כאַם, פאַרשטאָפּטער קאָפּ אאַז"וו. מיר, חברה, האָבן פון דעם געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן. ווען ער האָט גענומען שרייען: כאַ־כאַ־כאַם־ער, האָבן מיר זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. איין מאָל, ווען דער „רבי" איז צוריק אַריינגעקומען אין מיטן פון אַזאַ סצענע, האָט ער נאָר געזאָגט צו דעם זונעלע: גיי שוין, גיי שוין, בהמה. נאָך דעם איז ער געזעסן אַ ביסל פאַרטראַכט און האָט זיך געווישט דעם שטערן מיט זיין רויטער פאַטשיילע איידער ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו לערנען.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך זאָגן, אַז פון מיין אייגענער דערפאַרונג זיינען מיר אין גאַנצן פרעמד די מעשיות פון אכזריות, וואָס מען דערציילט זיך אָן פון די מלמדים. איך האָב געהאַט פיר מלמדים, אָבער איך האָב קיין מאָל ניט בייגעוואוינט די אַלע שרעקלעכע זאַכן. עס איז געווען אַ קאַנטשיק, אמת; מען האָט אַ מאָל געשמיסן, אָבער איך האָב ניט איבערגעלעבט, און ניט געזען, די אַלע שרעקלעכע זאַכן, וואָס אונדזערע משכילים האָבן ליב צו דערציילן. עס קען זיין, אַז מיר האָט אָפּגעגאָלטן. מיין ערשטער מלמד איז געווען מיין פעטער, איך בין דערצו געווען זייער אַ גוטער ייִנגל; איך האָב ליב געהאַט צו לערנען, איך האָב געהאַט אַ גוטע תפיסה און זייער אַ פיינעם זכרון; אָבער איך קען זיך ניט דערמאָנען קיין פאַל, ווען דער מלמד איז געווען אַן אכזר, אפילו צו אַנדערע ייִנגלעך. דאָס איינציקע מאָל,

ווען איך האָב געהאַלטן ישראל־יצחקן פאַר אַן אכזר בנוגע צו מיר, איז געווען, ווען ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט דערקלערן אַ שיעור אין בבא־מציעא, וואָס איז מיר געווען שווער משיג צו זיין. איך האָב געחזרט און געחזרט און האָב בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין דעם ענין. און דער „רבי" איז געזעסן ווי אַ קאַלטער גזלן און האָט מיר בשום אופן ניט געוואָלט דערקלערן. „ביסט ניט קראַנק אַליין אויסצוגעפינען" — איז געווען זיין ענטפער. איך בין היינט חושד, אַז דאָס איז גיכער געווען אַ קאָמפּלימענט צו מיר, איידער אַן אַכזריות.

ישראל־יצחק דער מלמד האָט מיט אונדז געלערנט גמרא און תנ"ך. מיין ערשטער שיעור איז געווען אין בבא־מציעא. פון תנ"ך האָט ער מיט אונדז געלערנט דעם ערשטן זמן משלי און תהילים; דעם צווייטן זמן — דברי הימים און שמואל א׳, אַ חוץ דער סדרה פון יעדער וואָך.



פון דער ישראל־יצחק־פעריאָדע געדענק איך נאָך איין פאַקט.

אין חדר בין איך געווען דאָס בעסטע יינגל און — דאָס אָרעמסטע. מיין טאַטע האָט געצאָלט פאַר מיר אין גאַנצן 18 גילדן אַ חודש. (אַרום אַ דאָלער מיט 35 סענט אונדזער אַמעריקאַנער געלט). אַלע אַנדערע האָבן געצאָלט צווישן פינף און זעקס רובל אַ חודש. אַלע יינגלעך זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן שענער פון מיר און האָבן געהאַט מער גראָשנס פון מיר. איך האָב פון דעם זייער שטאַרק געליטן און איך האָב אויסגעטראַכט אַלערליי תירוצים ניט צו בלייבן פאַרשעמט ביי מיינע חברים. דאָס האָט מיך איין מאָל פאַרפירט אין אַ גרויסער צרה.

די מעשה דערפון איז געווען אַזוי: אַ יינגל, וואָס האָט געקראָגן יעדן טאָג אַ צענער פון זיין מאַמען, איז געווען, צוליב מיין אַלטער פּראָפּעסיע פון אונטערזאָגן, מיין בעסטער חבר. האָט ער מיך אַלע מאָל געבעטן, איך זאָל קומען צו אים אַהיים. איך האָב זיך אָבער געשעמט צוליב מיינע אויסגעריבענע הייזקעס און די שטיוועלעך, וואָס אָט־אָט און עס וועלן זיך אַרויסזען די גראָבע פינגער. האָב איך אים געזאָגט, אַז אין דער וואָכן לאָזט מיך די מאַמע ניט אָנטאָן די נייע בגדים, דערפאַר אָבער שבת — שבת בין איך אויסגעפּוצט אין בגדי־מלכות, שענער פון אים. אַ ביסל צייט איז דאָס אָנגעגאַנגען וואויל און גוט, ביז . . . איין מאָל, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, אום זומער, בין איך געווען אויף דעם הויף מיט אַנדערע יינגלעך פון הויף, איך טו אַ קוק — מיין בחור איז דאָ! אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן טוכענעם

קאַפּאָטקעלע, מיט שיינע אויסגעפּוצטע שטיוועלעך, אַ געפּרעסטן קאָלנער און אַ שטייפן, שוואַרצן קאַפּעליוש. ווען מיר עפנט זיך אַ גרוב, וואָלט איך ליבערשט איינגעזונקען אַ לעבעדיקער, איידער צו זען מיין חבר. וואָס טוט מען אַצינד? וואו נעמט מען די ליאַקירטע שטיוועלעך, די טוכענע קאַפּאָטע, דאָס סאַמעטענע היטל, פון וועלכע איך האָב אים דערציילט? עס איז מיר געווען פינצטער און ביטער. אָבער נויט ברעכט אייזן. איך האָב באַלד געפונען אַ תירוץ. איך האָב אים געהייסן אַ ביסל וואַרטן ביז איך וועל זיך אָנטאָן. נאָך דעם בין איך צוגעגאַנגען צו אונדזער טיר, בין דאָרט געשטאַנען אַ 5 מינוט; איך האָב זיך געמאַכט ווי איך קוק אַריין דורך דער שליסל־לאָך און בין ענדלעך צוריקגעקומען מיט דעם טרויעריקן פּזמון, אַז דער טאַטע און די מאַמע שלאָפן און די טיר איז פאַרשלאָסן.

מיין חבר איז געשטאַנען אַ ביסל און איז אַוועקגעגאַנגען. ער איז מער צו מיר ניט געקומען, און איך האָב זיך קיין מאָל אין מיין לעבן מער ניט באַרימט מיט זאַכן, וואָס איך האָב ניט פאַרמאָגט.

# איך שאַף זיך איין אַ ביבליאָטעק

עס וועט אפילו אויסקוקן ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז דאָס יידישע קינד ביי אָרעמע און פרומע עלטערן אין אַ גרויסער שטאָט ווי וואַרשע איז אין אַן ערגערער לאַגע בנוגע יוגנטלעכע איבערלעבונגען און איינדרוקן, איידער עס איז אַן ענלעך יידיש קינד אין אַ קליין שטעטל. אַזוי, לכל הפחות, איז דאָס געווען אין מיין צייט און אין מיין שטאָט.

די גרויסע שטאָט דערלאָזט ניט, אַז דאָס יידישע קינד זאָל באַקאַנט ווערן מיט די שיינקייטן פון דער נאַטור און, פון דער צווייטער זייט, גיט עס אים ניט די מעגלעכקייט צו געניסן פון דעם ברייטן, אַלזייטיקן און פילפאַכיקן קולטור־לעבן, וואָס די גרויסע שטאָט טראָגט אין איר שויס. די ביימער און די בלומען, די גראָזן און געוויקסן, די גרינסן און די תבואות זיינען דעם יידישן קינד אין דער גרויסער שטאָט אין גאַנצן אומבאַקאַנט. ער זעט אפילו ניט קיין שיינעם זון־אויפגאַנג אָדער זון־אונטערגאַנג, ווי מען זעט דאָס אויף דעם לאַנד. פונקט אַזוי איז באַשרענקט זיין קענטעניש פון מענטשן. ער קען ניט דעם פּריץ און ער קען ניט דעם פּויער. ער קען ניט דעם שגץ און ער קען ניט די שיקסע. זיין וועלט איז באַגרענעצט צו עטלעכע ענגע, שמוציקע און חושכדיקע גאַסן. דעם איינציקן „גוי", וואָס ער קען, איז דער סטרוזש, דער פּאָליציאַנט, און דאָ און דאָרט אַ זעלנער. אַ חוץ דעם שמוציקן און אומסאַניטאַרן חדר, מיט אַ מלמד און אַ באַהעלפער, וואָס האָבן ניט געהאַט די מינדסטע אַנונג פון קינדער־דערציאונג, האָט דאָס יידישע קינד פון קיין שום שול אָדער שולונג ניט געוואוסט. עס איז געווען איינגעשלאָסן און איינגעמויערט אין אַ געטאָ, וואָס איז געווען פאַר־ריגלט מיט זיבן ריגלען, און האָט אים ניט געלאָזט דערקענען די וועלט, און האָט אים ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט צו קומען אין באַרירונג מיט דער רחבות פון דער קולטור און די קולטור־מעגלעכקייטן פון דער גרויסער שטאָט, אפילו ווי דאָס איז געווען אין מיינע צייטן.

היינטיקע צייטן באַוואָרפן מיר דאָס יידישע קינד מיט קולטור און מיט יידישער קולטור. מיר בעטן זיך, מיר קליאַנען זיך: נעמט, און נעמט

אומזיסט. זייער אָפּט וויל מען זיך אפילו אויף אונדז ניט אומקוקן. דאָס איז ניט געווען אין מיינע צײַטן.

ניט געווען ווער עס זאָל געבן; ניט געווען וואו צו נעמען. מיט די ציינער האָט מען געריסן — ניטאָ! אַ רענדל אַ וואָרט. און דאָס וואָרט האָט געפעלט, און דאָס רענדל איז ניט געווען.

ביז איך בין אַלט געוואָרן צוועלף יאָר, קען איך זאָגן, בין איך ווייטער פון די באַלעווקעס ניט געקומען, אַ חוץ אפשר צוויי מאָל. מיין וואָרשע איז ניט געווען „דאָס קליינע פּאַריז פון דעם נאָרדען", ווי מען פלעגט רופן די שטאָט. מיין וואָרשע איז געווען אַ שטעטל פון עטלעכע יידישע גאַסן, באַוואוינט פון אָרעמע און אומוויסנדיקע פרומע יידן, אין קליינע הילצערנע הייזער, ניט העכער פון צוויי שטאָק, מיט וואוינונגען ניט גרעסער ווי „אַ שטוב מיט אַ קעך" (קיך), מיט עטלעכע קליינע שולן און בתי־מדרשים, מיט עטלעכע חדרים, וואָס זיינען געווען ענג, שמוציק, מיאוס און שרעקעדיק.

פאַר אַן אָפּוועקסלונג זיינען געווען עטלעכע פּוילישע סטרוזשעס, דאָ און דאָרט אַ פּאָליציאַנט.

די געטאָס פון אַמאָל האָבן ניט געקענט זיין ערגער פון דעם.

וואָס האָט אַ יינגל מיט אַ גוטן קאָפּ, און מיט אַ גרויסן חשק צום לערנען, געקענט טאָן אונטער אַזעלכע אומשטענדן?



ווער זאָגט דאָס, אַז היינט געשעען ניט מער קיין נסים? אין מיין פאַל איז געשען אַ נס. איך בין אַן עדות. גאַנץ אומגעריכט און אומדערוואַרט זיינען צו מיר אין די הענט אַריינגעפאַלן צוויי וועלטלעכע ביכער אין העברעאיש,ביידע איבערזעצט פון ענגליש, וואָס זייער איינדרוק איז נאָך ביז היינט ביי מיר ניט אויסגעוועפּט.

איך ווייס ניט, וויפל העברעאיש איך האָב דעמאָלט פאַרשטאַנען. עס האָט ניט געקענט זיין פיל. אָבער לויט דעם איינדרוק, וואָס די צוויי ביכער האָבן אויף מיר געמאַכט, האָב איך געמוזט האָבן אַ גוטע פאַרשטענדעניש. האָב איך דאָך געלערנט תנ"ך און גמרא ביי ישראל־יצחק דעם מלמד.

(אגב, איך בין ערשט היינטיקע וואָך — יולי, 1940 — געגאַנגען אין דער ביבליאָטעק פון דער 42 גאַס, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די שפּראַך פון די ביכער איז זייער אַ לייכטע, פשוט פאַר קינדער).

דער גרויסער „נס", דורך וועלכן איך האָב געקראָגן איינעם פון די צוויי ביכער, איז געווען אַ שריפה.

אויף דער ברייטער מילע־גאַס איז צו יענער צייט געווען יעבצעס באַרימטע דרוקעריי און ספרים־געשעפט. יענע דרוקעריי, ווי מיר שיינט, האָט געשפּילט אַ ראָלע אומגעפער ווי די ווילנער דרוקעריי פון האַלמנה והאַחים ראָם.

אַרום דעם יאָר 1875 — איך בין דעמאָלט אַלט געווען ניין יאָר — איז אין דער דרוקעריי אויסגעבראָכן אַ שריפה. האָבן די פייערלעשער אַרויס־געוואָרפן דורך די פענצטער טויזנטער און טויזנטער געדרוקטע בויגנס פון אַלע מינים ספרים. אַ גאַנצער באַרג פון די פאַרסמאַליעטע בויגנס זיינען אַ לאַנגע צייט געבליבן ליגן אויף אַ הינטערגעסל — איך געדענק ניט מער דעם נאָמען פון דעם געסל — פון דער ברייטער מילע־גאַס. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אוצר. וואָכן לאַנג נאָך דער שריפה פלעג איך גיין אַלע פרייטיק נאָכמיטאָג — ווען מען גייט ניט צוריק אין חדר — מיט אַ שטעקל אין דער האַנט און איך האָב זיך געראָיעט צווישן די האַלב־פאַר־רויכערטע גמרות און אַנדערע ספרים, און האָב זיי אַהיימגעשלעפּט. מיינע צוויי עלטערע שוועסטער האָבן געזאָגט, אַז איך פאַרסאַרכע דאָס גאַנצע הויז, אָבער די מאַמע האָט געזאָגט, אַז מען טאָר אַזוי ניט ריידן אויף שמות. מיינע שוועסטער האָב איך ניט געהערט. אַז זיי האָבן גערעדט אַ סך, האָב איך געכאַפּט אַ בעזים און זיי מכבד געווען. האָב איך מיר געטאָן דאָס מייניקע.

איין מאָל, ווען איך האָב אַזוי גענישטערט צווישן די בלעטער, האָט זיך מיר באַוויזן אַן אוצר: אַ גאַנצער ספר, ניט געבונדן, אָבער ס'איז געווען גאַנץ פון אָנהייב ביזן סוף. אַזאַ מציאה האָב איך גאָרניט דערוואַרט, און איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט. דאָס ספר האָט נאָר געהאַט איין חסרון. איך האָב ניט געקענט איבערלייענען דעם נאָמען, און איך האָב ניט געוואוסט דעם טייטש פון דעם וואָרט. פון אויבן איז געווען אויפגעשריבן די אותיות: טנקרד. וואָסער לשון־קודשדיק וואָרט איז דאָס? און וואָס איז דער טייטש פון דעם וואָרט? אונטער דעם וואָרט טנקרד איז גע־שטאַנען: „ספור מחיי האצילים האנגליים במאה השמונה־עשרה". האָב איך ניט געוואוסט דעם טייטש פון די ווערטער „האצילים האנגליים". וועמען פרעגט מען? ווייזן דאָס ביכל האָב איך מורא געהאַט, האָב איך געפרעגט דעם רבין דעם טייטש פון דעם וואָרט „טנקרד".

דער רבי האָט געקנייטשט דעם שטערן און האָט ענדלעך געזאָגט: „ניטאָ אַזאַ וואָרט אין תנ"ך, אפשר אין מדרש".

און דער רבי איז געווען גערעכט. איך בין סוף־כל־סוף דערגאַנגען, אַז טנקרד (טאַנקרעד) איז אַ מעשה־ביכל, וואָס לאָרד ביקאָנספילד (ד'איז־

ראַעלי) האָט געשריבן וועגן אַן ענגלישן נאַבלמאַן, וואָס האָט געהייסן טאַנק־רעד, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו פאָרן אין דעם הייליקן לאַנד, וואו עס איז געבאָרן געוואָרן ישוע הנוצרי, און די דיסקוסיעס, וואָס דער הער טאַנקרעד האָט געפירט מיט אַ יידן.

אַרום יענער צייט איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט אַן אַנדער בוך — איך געדענק ניט מער ווי אַזוי — מיט דעם נאָמען „עמק הארזים", פון דער באַרימטער גרעיס אַגולאַר, וואָס איז געווען איבערזעצט פון א. ש. פרידבערג.

מיט וואָסער התמדה און מיט וואָסער פאַרטיפונג האָב איך דאָס געלייענט די צוויי ביכער! קיינמאָל אין מיין לעבן בין איך ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין אַ בוך. איך בין אַלט געווען ניט מער ווי אַ יאָר ניין; פון קיין יידישע פּראָבלעמען האָב איך נאָך ניט געוואוסט, אַ חוץ וואָס איך פלעג הערן פון דעם טאַטן און פון דער מאַמען, אַז אַ ייד איז אין גלות און ער מוז אַלץ פאַר ליב נעמען, אַז אַ ייד טאָר ניט גיין „בקומה זקופה", ער זאָל ניט דריקן די פּיס פון דער שכינה.

דאָס בוך איז פאַר מיר געווען אַ קוואַל פון דערפרישונג, פון וועלכן איך האָב פריער גאָר ניט געוואוסט; עס האָט פאַר מיר געעפנט אַ נייעם קוואַל פון באַגייסטערונג, שטאָלץ און גדלות — גדלות מיט דעם, וואָס איך בין אַ ייד! איך האָב גראָד אָנגעהויבן גיין בקומה זקופה. איך האָב געפילט, אַז קיינער איז ניט גלייך צו מיר. איך וואָלט זיך דעמאָלט געשטעלט שלאָגן מיטן גרעסטן שגץ. צום אומגליק (אפשר איז דאָס געווען מיין גליק?) איז אין אונדזער געגענט ניט געווען קיין שקצים.

איך האָב זינט דעמאָלט מער פון ד'איזראַעלי, אויסער טיילן פון „דוד אלראי" ניט געלייענט. איך געדענק אויך ניט גענוי דעם אינהאַלט פון יענעם בוך. איך קען אָבער ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס דאָס בוך האָט אויף מיר דעמאָלט געמאַכט. איך האָב אין מיין לעבן געלייענט אַ סך ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן; איך האָב ניט פאַרפעלט צו לייענען די ריזן אין דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער דעם איינדרוק פון דעם ערשטן בוך האָב איך נאָך אַ מאָל ניט איבערגעלעבט.

איך האָב זייער געוואָלט, אַז דער טאַטע מיינער זאָל לייענען כאָטש איינעם פון די ביכער. איך האָב אָבער ניט געוואַגט צו ריידן מיט אים וועגן אַזאַ זאַך. ווי קומט אַ טאַטע צו לייענען מעשה־ביכלעך? אָבער איך האָב ניט געקענט רוען. איך האָב געפילט, אַז דער טאַטע מוז דאָס לייענען. האָב איך אָפּגעוואַרט אַ לאַנגע צייט, ביז איין מאָל, אַ שבת נאָך מיטאָג, נאָכן שלאָף, האָב איך געפונען די שעת־הכושר צו ריידן מיטן טאַטן פון דעם ענין. דער טאַטע האָט גענומען דאָס ביכל אין דער האַנט,

האָט געקוקט און געקוקט, געבלעטערט און געבלעטערט און האָט צום סוף אַ זאָג געטאָן: „מעשות־שמאַיסעס; נעם ליבערשט און זאָג אַ קאַפּיטל פּרק״.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט מיין ערשטער פּאַרזוך פון קולטור־טרעגעריי. מער פון ביכלעך האָב איך מיטן טאַטן ניט גערעדט.



צוליב היסטאָרישער ריכטיקייט פּאָדערט זיך דאָ אַ נאָכבאַמערקונג.

איך האָב ניט געדענקט ווער עס איז געווען דער איבערזעצער פון „טאַנקרעד״. בין איך אַוועק אין דער „פּאָבליק לייברערי״ אויף דער פינפטער עוועניו. דאָרט האָב איך געפונען דאָס ביכל אויפסניי, אַרויס־געגעבן אין דעם יאָר 1927 פון איינער פון די „פּיראַטן״־פירמעס. איז דאָרט ניט אָנגעגעבן ניט דער נאָמען פון דעם איבערזעצער, ניט דאָס יאָר, ווען עס איז צום ערשטן מאָל דערשינען. ד״ר יהושע בלאָך, דער ביבליאָ־טעקאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג, האָט מיר געהאָלפן אויסגעפינען, אַז דער איבערזעצער איז געווען דער באַרימטער העברעאישער שריפטשטעלער יהל״ל (יהודה־לייב לעווין). אָבער ד״ר בלאָכס אינפאָרמאַציע גיט אָן דאָס יאָר 1883, ווען „טאַנקרעד״ איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין בוך־פאָרם, הגם עס איז דערשינען אין די זיבעציקער יאָרן אין דעם „הבוקר אור״. נו, איז גאַנץ מעגלעך, אַז איך זאָל דאָ און דאָרט צעמישן די דאַטעס און נעמען. עס איז שוין אַ מעשה פון 65 יאָר און איך שרייב פון זכרון. אָבער אין דעם פאַל שיינט מיר, אַז מיין זכרון איז בעסער פון ד״ר בלאָכס ענציקלאָפּעדיע. איך בין זיכער, אַז איך האָב גערעדט מיט מיין פאָטער וועגן דעם ביכל, און מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין דעם יאָר 1878. איך קען זיך בשום אופן ניט דערמאָנען קיין אַנדער בוך אין יענער צייט, און אַזוי ווי איך שרייב דאָך ניט די געשיכטע פון דער העברעאישער ליטעראַטור, לאָז איך דעם אינצידענט. ס׳קען זיין, אַז עס איז געווען גאָר אַן אַנדער בוך.

# דער הויף אויף ניסקע־גאַס

דער הויף אויף ניסקע־גאַס, וואו מיר האָבן געוואוינט, שיינט מיר, פאַרדינט אַן אָרט אין דער באַשרייבונג.

ווי מען האָט מיר דערציילט, האָט דער נומער פון דעם הויז זיך געענדערט. דער היינטיקער נומער איז 53. דעמאָלט אָבער איז דאָס הויז געווען באַקאַנט אַלס נומער 17 ניסקע. צי עס האָט זיך אויך געענדערט די פיזיאָגנאָמיע פון דעם הויז — איז מיר ניט באַקאַנט.

עס איז אייגנטלעך ניט ריכטיק צו באַצייכענען יענעם קאָנגלאָמעראַט פון מענטשן מיטן נאָמען „הויף". אַ „שטאָט", לכל הפחות אַ קליין יידיש שטעטל, וואָלט געווען אַ פּאַסנדיקערע באַצייכענונג. און אַ קליין יידיש שטעטל, מיט אַלע זיינע כאַראַקטער־שטריכן, איז דער הויף געווען.

דער ווירט פון דעם הויז איז געווען אַן אַלטער פּאָליאַק, מיט ברייטע און דיקע וואָנצעס, אַן אויסגעדינטער אַרמיי־קאַפּיטאַן נאָך פון די פּאָור־סטאַניע־צייטן. ער האָט ליב געהאַט געפילטע פיש און— מיר שיינט — די יידישע מיידלעך, ווי געוויינלעך. ער האָט געוואוינט אין אַ קליין, אייג־שטאָקיק הייזל וואָס איז ספּעציעל געווען אויסגעבויט פאַר אים און זיין פאַמיליע לעבן דעם הויפּט־הויז.

דער פירער פון דעם הויז, דער „זשאָנצע", איז געווען אַן אַלטער משומד, אפשר 70 יאָר אַלט, מיט דעם נאָמען טשיערניאַקאָוו. דער דאָזיקער משומד איז געווען אַן אַלטער בחור, אַ כלב שבכלבים, אַן אמתער שונא־ישראל און אַן אכזר, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין יושר און קיין רחמנות. דעם אַכטן פון יעדן חודש האָט מען געמוזט אַריינטראָגן דאָס דירה־געלט, אַז ניט איז געקומען דער „קאָמאָרניק", האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, האָט אַרויפ־געלייגט חתימות מיט טריוואַקס אויף די בעבעכעסע, און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געווען „ליציטאַציע", אויב מען האָט ניט דערווייל באַצאָלט מיט קאָסטן. „פּשאַ קרעוו, זשידזשע", איז געווען כמעט דאָס איינציקע וואָרט, וואָס מען האָט פון אים געהערט. דער סטרוזש האָט זיך גאָר אויסגעריכט אַ שוואַרץ יאָר פון אים. אפילו דער ווירט האָט פאַר אים מורא געהאַט. די שכנים פלעגן אים רופן: „דער משוגענער הונט". צו קוקן אויף אים איז געווען קאָמיש. ער האָט געהאַט אַביסל אַן איינגעהויקערטע פּלייצע. ווען

ער איז געגאַנגען האָט ער געשאַרט מיט די פיס, און ווען ער האָט זיך געאיילט, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ האָן, ווען ער יאָגט זיך נאָך די הינער. זומער און ווינטער, אויף דרויסן האָט געמעגט זיין ווי שיין, האָט ער געטראָגן אַ פּאַראַסאָל אָנגעהאַנגען אויף דעם האַנט־געלענק.

מיר, די קליינע חברה, זיינען געווען די איינציקע, וואָס זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן. ווען ער פלעגט דורכגיין דעם הויף, פלעגן מיר זיך באַהאַלטן און שרייען מיט משונהדיקע קולות: „פּשאַ קרעוו־משומד־פּאַ־ציאַזש". האָט ער אָבער אַמאָל איינעם פון אונדז געכאַפּט, איז מען ניט געווען זיכער מיטן לעבן. זומער און ווינטער, רעגן אָדער זונשיין, ווי געזאָגט, איז ער געווען באַוואָפנט מיט אַ רעגן־שרים, און ער פלעגט אַמאָל נאָכוואַרפן דעם פּאַראַסאָל, ווען ער איז געווען זייער בייז, וואָס ער האָט קיינעם ניט געקענט כאַפּן.

דער ווירט, דער זשאָנצע און דער סטרוזש, וואָס האָט אויך געדינט אַלס שבת־גוי — דאָס איז געווען די קריסטלעכע און הערשנדיקע „באַפעלקערונג" אין אונדזער שטעטל. עס מאַכט ניט אויס, וואָס זיי זיינען געווען די מינאָריטעט; עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער סטרוזש פלעגט אָראָפּנעמען דאָס היטל, ווען ער איז שבת אַריינגעקומען אַראָפּנעמען די לייכטער און האָט געזאָגט „דזשענקויע פּאַנו", ווען מען האָט אים געגעבן אַ טרונק בראָנפן און אַ שטיק חלה — ער האָט באַלאַנגט צו דער הערשנדיקער מאַכט.

די „אונטערטאַנען", די מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג, איז באַשטאַנען פון אַן עדה יידן און יידענעס, ייִנגלעך און מיידלעך, בחורים און כלות פון אַלע מינים, פון אַלע שאַטירונגען און מיינונגען.

דער הויף איז געווען אַ גרויסער, פירעקיקער קאַסטן, וואָס איז געווען פאַרבויט דעם גאַנצן לענג, ריכטיקער די ברייט, פון פראָנט מיט אַ צוויי שטאָקיק, הילצערן הויז, און צוויי „אָפּיצינעס" אינעווייניק. אַרום און אַרום די וואוינונג־הייזער אין דעם הויף זיינען געשטאַנען הילצערנע קאָמורקעס. יעדער שכן האָט צוגעקראָגן צו זיין וואוינונג אַ הילצערנע קאָמורקע. אין די קאָמורקעס פלעגט מען האַלטן אַלטוואַרג, די פּסחדיקע געשיר, שעניקעס, וואָס מען האָט ניט געקענט אַריינפּאַסן אין די בעטן, אַביסל אָנגעהאַקטע העלץ אין ווינטער, און די ווינטערדיקע מלבושים אין זומער.

צו דער גאַס צו, אין דעם פראָנט־הויז, איז קודם־כל געווען אַ שפּייז־געוועלבל. אינעווייניק פון הויף איז געווען אַ שולכל צום דאַוונען, אַן אַנדער מין געוועלבל, אָן שפּייז; אַ ייִד האָט פאַרמאָגט עטלעכע ספרי־תורות, אַ „שיוויתי", אַ פּרוכת מיט אויסגענייטע „לייבן", האָט ער אָפּגעדונגען צוויי צימערן מיט באַזונדערע אַריינגאַנגען, האָט אויפגעשלאָגן אַן אָרון־קודש, אַ

בעלעמער, עטלעכע שטענדערס, אַ פּאָר לאַנגע בענק פון געפּאַרבטע ברעטער, האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן: „בית־הכנסת להתפלל בכל יום ושבת־קודש", און זיין „געוועלבל" איז געווען פּאַרטיק צו באַדינען קונים. און די „קונים" זיינען געקומען. אַ בעל־תפילה, אַ בעל־קורא, אַ בעל־שחרית אָדער אַ בעל־תוקע אויף ימים־נוראים האָט ער ניט געדאַרפט. אַביסל איז ער אַליין געווען אַ מושלם אין די קונסטן, און דאָס איבעריקע האָבן די באַלעבאַטים אַליין צוגעשטעלט. יעדע עדה האָט גענוג פון די טאַלאַנטן צווישן זיך. מען פלעגט זיך נאָך רייסן פאַר די כיבודים. איין מאָל אַ יאָר נאָר, צו מוספים און כל־נדרי, האָט ער געמוזט דינגען אַ בעל־תפילה.

דאָס זיינען געווען די „אינסטיטוציעס", ווען מען זאָל ניט אַריינ־רעכענען די חברה ביקור־חולים, פון אונדזער הויף.

צו דעם זיינען צוגעקומען עטלעכע שכנים, וואָס יעדער פון זיי איז געווען אַן „אינסטיטוציע" אין זיך אַליין. פאַר אַלעמען איז געווען ישראל דער שניידער. ער איז געווען אַ נידעריקער, דיקלעכער ייד, מיט אַ גרויסער, גרויער באָרד, אַ ברייטער נאָז, דיקע ברעמען און ברילן אויף דעם שטערן. די ברילן האָבן אויסגעזען צו זיין אַ טייל פון דעם שטערן. איך האָב אים קיינמאָל ניט געזען אָן די ברילן, און ער האָט זיי קיינמאָל ניט געטראָגן אַנדערש ווי אויף דעם שטערן. ישראל דער שניידער איז געווען דער עלטסטער, און פאַר אונדז, די יונגע חברה, דער חשובסטער. מיר האָבן אַלע געמוזט אָנקומען צו אים. ער איז געווען דער הויף־שניידער, און מיר זיינען געווען זיינע הויפּט־קונדן. ער פלעגט מייסטנס איבערניצעווען די אויסגעטראָגענע מלבושים פון די טאַטעס פאַר די קינדער, און ער איז געווען אַ מיידים אין זיין פאַך. מען האָט באַדאַרפט זען די „בגדי מלכות", וואָס ער האָט אויסגענייט פון די אַלטע שמאַטעס! גאָרניט צו דערקענען. קיין יתור האָט ער ניט גענומען.

פייוול דער שוסטער איז געווען נאָך איינער פון אונדזערע חשובע באַלעבאַטים. ביי אים איז שוין געווען אַ גאַנצע פאַבריק. ער האָט גע־האַלטן דריי געזעלן און פינף לערניונגען, און ער האָט געמאַכט נאָר נייע אַרבעט: שטיוול מיט הויכע אָפּצאַסן און לאַנגע כאָלעוועס, וואָס האָבן זיך געקנייטשט און געוואָרפן ווי דראַפּעריעס; קאַמאַשן פאַר מענער און פרויען און לאַקירטע שטיוועלעך פאַר רייכע יינגלעך. און זיינע שטיוול האָבן געסקריפּעט, אַז עס איז געווען אַ מחיה. וויפל מאָל האָב איך געוויינט און געבעטן מען זאָל פאַר מיר באַשטעלן שטיוועלעך ביי פייוול דעם שוסטער? אָבער דאָס איז קיינמאָל ניט געשען. ווער האָט דאָס געקענט אָנקומען צו אַזאַ יקרן?

פייוול דער שוסטער איז געווען אַ שטאָלצער שוסטער, מיט דעם גאַנצן באַוואוסטזיין פון דער וויכטיקייט פון זיין מלאכה. „איך בין פייוול דער שוסטער, ביי מיר מאַכט מען נאָר נייע אַרבעט" — פלעגט ער זיך באַרימען. און ער איז געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער געגנט.

„נייע אַרבעט" — דאָס איז געווען ביי אים עפּעס אַ מין רעליגיע. איז ניט געווען קיין נייע אַרבעט, איז ביי פייוול דעם שוסטער געווען „שאַבאַס". גאָט זאָל אייך אויסהיטן איר זאָלט אים אַריינטראָגן אַ פּאָר אַלטע שיך צו פאַרריכטן — פייוול דער שוסטער וואָלט אייך אויסגעלאַכט פון זיין וואַרשטאַט אַרויס. פייוול, מוזט איר וויסן, איז ניט נאָר געווען אַ גוטער שוסטער פון נייע אַרבעט, ער איז אויך געווען אַ גרויסער לץ: ער האָט געקענט נאָכשפּעטן יעדנס רייד, נאָכמאַכן יעדנס גיין, שטיין, און יעדנס מינעס; איבערהויפּט האָט ער געהאַט אַ טאַלאַנט איבערצוקרימען ווערטער, מאַכן איין וואָרט פון דריי־פיר ווערטער, אַז מען האָט זיך גע־האַלטן ביי די זייטן. און רק ער פלעגט שילטן, ד"ה, עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער שילט. אַז מען האָט זיך גוט איינגעהערט, איז יעדע קללה אין אמתן געווען אַ ברכה. „אַ רוח הקודש זאָל אַריין אין דיין טאַטנס טאַטן, מיט דיין מאַמעס מאַמע — דיר אויף לאַנגע יאָר" — איז געווען איינע פון זיינע „קללות".

זיין שטאַרקסטן וויץ האָט פייוול דער שוסטער אויסגעגאָסן, ווען אַ יונג פאַרפאַלק איז אַריינגעפאַלן אין זיין נעץ — „כאַנדרעיאַנאַוועקער" — פלעגט ער זיי רופן. ער פלעגט גלייך נעמען האַקן אָן אויפהער מיט די באַוואוסטע אַנצוהערעניש, און ער האָט געקוואָלן, ווען ביי זיינע יונגע קרבנות האָבן זיך געביטן די קאָלירן אין פּנים. צו דעם אַלעם האָט ר' פייוול ליב געהאַט צו דאַוונען פאַר דעם עמוד. ער האָט זיך אפילו פאַר־מאָסטן אויף אַ ראש־השנה־שחרית. אמת, ער פלעגט שטאַרק צעקאַליעטשען די עברי, אָבער מען האָט דאָס אים מוחל געווען, צוליב זיין שיינער שטימע און די „קאָזאַצקעס", וואָס ער פלעגט טאַנצן שמחת־תורה אין שול, ווען מען האָט אַרויסגעטראָגן די שטענדערס אויף דעם הויף און יידן האָבן זיך משמח געווען. אַ חוץ דעם האָט מען טאַקע מורא געהאַט פאַר אים. טאָמער האָט זיך איינער אַמאָל אָטוואַזשעט פאַרשטעלטערהייט אים אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף זיין עברי, האָט ער געענטפערט: „דערפאַר קאָן איך מאַכן גוטע שטיוול — דאָס האָט מען מיך געלערנט".

אַ חוץ די אויבן אויסגערעכנטע האָט אונדזער הויף פאַרמאָגט אַן אייגענעם „קראָוויאַזש", ד"ה אַ ייד וואָס האָט פאַרמאָגט עטלעכע קי, וואָס פון זיי האָט ער געמאַלקן זיין חיונה. די קי האָט ער געהאַלטן אין איינעם

פון די קעמערלעך, וואָס ער האָט גערופן אַ שטאַל. די קי האָבן אים געגעבן פּרנסה בכבוד, ניט מער ווען ס׳איז קאַליע געוואָרן דער ברונעם און מען האָט געמוזט גנבענען וואַסער פון אַן אַנדער הויף, האָבן די שכנים געזאָגט, אַז אין דעם איז שולדיק דער „קראָוויאַזש״. ער האָט דאָס אויס־געשעפּט דעם ברונעם פאַר זיין פרישער מילך.

דער ייד האָט געהאַט אַ זון, אַ בחור פון אַ יאָר 18, האָט ער געשפּילט אויף אַ פידל זייער שיין, ווי מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט. יעדן מוצאי־שבת האָט דער בחור געשפּילט המבדיל, און דער גאַנצער „הויף״ איז געשטאַנען הינטער די פענצטער און זיך איינגעהערט צו די זיסע ניגונים.

ר׳ שלמה דער קוילן־הענדלער איז געווען אַן אַנדערער פון אונדזערע שכנים. ער איז געווען אַ וואָרקער חסיד, אַ ברייט־בייניקער ייד, מיט אַ ברייטערן פּנים. ער האָט געהאַט אַ סקלאַד פון שטיין־קוילן אויף דער דזשיקע־גאַס, צווישן ניסקע און נייע מילע. ער איז געווען דער נגיד פון דעם הויף. יעדן ראש־חודש איז ביי אים אין הויז געווען אַ חסידישע הוליאַנקע, וואו עס האָט זיך געגאָסן בראָנפן ווי וואַסער און די חסידים האָבן געטאַנצט מיט פאַרקאַשעטע פאָלעס און האָבן געזונגען חסידישע ניגונים. דער ר׳ שלמה האָט געהאַט אַ ייִנגל אין מיינע יאָרן, מיינער אַ חבר מיטן נאָמען יואל.

דער דאָזיקער ר׳ שלמה האָט מיך געמאַכט פאַר אַ וואָרקער חסיד. מיין טאַטע איז געווען אַ מתנגד. ר׳ שלמה האָט מיך מיטגענומען אין וואָרקער שטיבל אַריין, און איין מאָל אפילו קיין וואָרקע צום רבין. איך בין אַזוי אַרום צו צען יאָר געוואָרן אַ וואָרקער חסיד.

אַנטקעגן איבער דעם קוילן־הענדלער האָט געוואוינט דער פּאָוואָנזקער רבי, אַ ייד וואָס איז געווען אַ רבי פון ווייבער, ד״ה ווייבער פלעגן צו אים קומען מיט קוויטלעך. אין מיין צייט איז ער געווען אַלט, פאַרלאָזן, פאַראַ־ליזירט אויף איין זייט און שטום. זומער פלעגט ער אַרומגיין אין הויף אין אַ שטריימל, אָן אַ קאַפּאָטע, מיט אַ גרויסן טלית־קטן מיט די ציצית כמעט ביז דער ערד, מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט. ער האָט כסדר געמאַכט מיט די ליפּן, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט, צי ער דאַוונט, צי ער רעדט, צי ער בענטשט, צי ער שילט. פון צייט צו צייט פלעגן נאָך אַמאָל קומען צו אים עלטערע ווייבער מיט קוויטלעך און אַ פּדיון — פון די אַלטע חסידים, מן הסתם.

אויף דעם ערשטן שטאָק, איבער דעם פּאָוואָנזקער רבין, האָט געוואוינט אַ סטודענט פון מעדיצין, מיט זיין מוטער און אַ שוועסטער, אַן עלטערע פּאַניענקע. די מוטער האָט געטראָגן די אייגענע האָר און אויף דער

שוועסטער, האָט מען געמורמלט, אַז אין איר איז פאַרליבט אַן אָפיציר, וואָס פלעגט אָפט קומען צו זיי מיט אַ באַזוך.

מיט זיי האָט קיינער קיין מגע־ומשא ניט געהאַט. עפּעס ווי אַ פרעמדער גליד אין אַ געזונטן קערפּער.

ווייטער האָט אויף דעם הויף געוואוינט שלמה דער דראָזשקאָזש, וואָס האָט געהאַט צוויי דראָשקעס און צוויי פּאָר פערד, און אַ משרת. אויף איינעם פון די דראָשקעס איז ר׳ שלמה אַליין אַרויסגעפאָרן, און דער משרת האָט אָנגעטריבן די צווייטע דראָשקע.

דער משרת פלעגט קריגן פינף גילדן אַ וואָך שכירות, אָבער געלעבט האָט ער פונקט אַזוי בכבוד ווי זיין באַלעבאָס. אין שול, אין סוכה, אין דער חברה ביקור־חולים — אומעטום האָט דער משרת זיך געלאָזן קענען, ניט ווייניקער פון זיין באַלעבאָס. זייער אָפט האָט דער משרת אויסגע־דונגען אַן עליה ביי דעם באַלעבאָס. אַז דער גבאי האָט אויסגעזונגען מיט זיין ניגון: פינף גילדן פאַר מפטיר — פינף גילדן צום ערשטן מאָל, פינף גילדן צום צווייטן מאָל, פינף גילדן צום . . . מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטימע . . . זעקס גילדן! דאָס האָט דער משרת מוסיף געווען . . . און ער האָט געהאַט דעם מפטיר.

אַז מען האָט געפרעגט דעם דראָזשקאָזש: ר. שלמה, ווי אַזוי מיינט איר קען אייער משרת דאָס אַלץ טאָן פאַר פינף גילדן אַ וואָך? ער מוז דאָך אַוודאי גנבענען? האָט ער געענטפערט מיט אַ געלעכטער: וואָס הייסט פינף גילדן אַ וואָך? ווער קען דאָס לעבן מיט פינף גילדן אַ וואָך? דאָס גיב איך אים אַ צולאָג צו דעם, וואָס ער גנבעט. מיין משרת איז אַן ערלעכער ייד. די אַנדערע לאָבוסעס האַקן אָפּ די פערד די זייטן, צעטראַסקען די דראָשקע און ברענגען אייך גאָרניט אַהיים. מיין ר׳ בערל, אַזוי האָט דער משרת געהייסן, איז אַ מענטש מיט יושר, ער ווייסט, אַז די דראָשקע און די פערד קאָסטן מיך געלט, אַז מען מוז פּאַשען און קאָווען די פערד, אַז דער געשפּאַן קאָסט געלט, און אַז איך מוז אויך פאַרדינען אַ פּאָר גילדן, זעט ער שוין אויסצומאַרקירן אַהיים צו ברענגען געננוג אויף דעם אַלעם. דאָס איבעריקע נעמט ער פאַר זיך. ער מוז דאָך אויך לעבן.

די איבעריקע אין הויף זיינען: אַ דאַמסקער שניידער, אַ האַלב־שטומע אלמנה, וואָס איז געגאַנגען בעטלען; אַ ליטוואַק וואָס האָט געגעבן מעשה־ביכלעך צום לייענען; אַ משרת אין אַ מעל־האַנדל; אַ משרת אין אַ באַקאַלעי־געשעפט. דער דאָזיקער „מענטש" איז געווען אַ ביאַלער חסיד; ער האָט געהאַט אַ ייִנגל, מרדכי־נח, מיט אַ ווייס קעפּל, מיינער אַ חבר, און אַ מיידל, וואָס איז געוואָרן משוגע נאָך אַ קראַנקייט און פלעגט עסן פונעם

מיסטקאָסטן, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן הויף, און פלעגט ווערן אויסגע־רייניקט צוויי מאָל אַ וואָך. אַנטקעגן אונדז האָט געוואוינט אַן אלמנה, וואָס איר טאָכטער האָט געניית הענטשקעס אויף אַ האַנט־מאַשינקע, בשותפות מיט מיין עלטערער שוועסטער, וואָס איז שוין אַלט געווען 14 יאָר.

די אלמנה האָט געהאַט אַ יינגל, וואָס איז געגאַנגען אין אַ פּוילישער שקאָלע. פאַר דעם בחור האָבן מיר אַלע יינגלעך — שמשון, יואל, מרדכי, נח און איך — געהאַט גרויס דרך־ארץ. ער האָט געקענט ריידן פּויליש און ער האָט געהאַט אַ רייכן פעטער, וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב אויף דער גענשע־גאַס, לעבן די נאַלעווקעס. ער האָט אייניקע פון אונדז געגעבן „שטונדן". ביי אים האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען פּויליש.

וואָסער פּויליש דאָס איז געווען, האָב איך אויסגעפונען אַ סך שפּעטער, אָבער דעם אַלפאַבעט און ווי צוזאַמענצושטעלן די ווערטער — דאָס בין איך אים שולדיק, זיין נאָמען איז געווען שפּרינגער. איך האָב דאָס שפּעטער אים באַצאָלט מיט פּראָצענט.

דער וויכטיקסטער פון אַלע שכנים איז געווען ר׳ ישראל־אברהם דער מקובל.

אין איין שיינעם זומערטאָג איז אין אונדזער הויף פאַרפאָרן אַ וואָגן פון דער פרעמד. אויף דעם וואָגן איז געווען אָנגעפּאַקט און צוזאַמענגעבונדן אַ פאָר אַלטע חפצים, מעבל בלע"ז. אַרום דעם וואָגן איז געשטאַנען אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד; לעבן אים זיינען געשטאַנען אַ נידעריקע פרוי, אַ סך יינגער פון אים, אַ מיידל פון אַ יאָר 16—17, אַ בחורל פון אַ יאָר 14, און צוויי קליינע מיידלעך, אַרום אַכט און צען יאָר אַלט.

דאָס איז געקומען צו פאָרן אַ נייער שכן. די פאַמיליע האָט זיך אַריינ־געצויגן אויף דעם ערשטן שטאָק, איבער דער שול, אין „אַ שטוב מיט אַ קיך".

פאַר אַ לאַנגער צייט האָט מען ניט געוואוסט ווער זיי זיינען און פון וואַנען זיי קומען. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז די משפחה קומט פון לובלין, אַז דער אַלטער הייסט ר׳ ישראל־אברהם, אַז ער איז אַ קרוב פון דעם לובלינער רב, אַז דער באַטישאַנער רב איז זיינער אַן איידעם, און אַז ער אַליין איז אַ בעל־מקובל. שפּעט ביינאַכט פלעגט מען אים זען דורכן פענצטער זיצן איבער אַ ספר אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. זיינען די שכנים געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס לערנט ער אוודאי קבלה, און מען האָט אים גערופן דער מקובל. פייוול דער שוסטער האָט געוואָלט וויסן דעם חילוק פון אַ מקובל ביז אַ מקבל (מעקאַבל), און דער עולם האָט געלאַכט.

דער ר׳ ישראל־אברהם האָט מיך שטאַרק אָנגעצויגן, איבערהויפּט

זיין קבלה. איך האָב געוואוסט, אַז דער וואָס לערנט קבלה, קען ברענגען משיחן, אָדער ער ווערט משוגע. איך האָב שוין געהאַט געלייענט די מעשה פון משה דילריינא. איך האָב פונדעסטוועגן געוואָלט לערנען קבלה. איך האָב אָבער ניט געוואגט צוצוגיין צו ר׳ ישראל־אברהמען. עטלעכע מאָל בין איך אים נאָכגעגאַנגען אין גאַס און האָב געוואָלט ריידן מיט אים, אָבער מיר האָט יעדעס מאָל פאַרפעלט דער קוראַזש.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר האָט זיך געמאַכט די געלעגנהייט. דאָס האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען מיין גרויסן ברודער הירש־יצחקן, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אַ יאָר אַכצן. איך בין אָנגעצויגן געוואָרן פון ר׳ ישראל־אברהמס קבלה. אָבער מיין ברודער איז אָנגעצויגן געוואָרן פון זיין טאָכטער נעמי, די עלטערע פון די מיידלעך. אַ פּאָר חדשים זיינען אַוועק, און אונדזער הויז איז געוואָרן שטאַרק באַפריינדט מיט זיין הויז. אַזוי אַרום האָב איך געקריגן אַ צוטריט צו ר׳ ישראל־אברהמען. דער אַלטער האָט מיך אַפילו איינמאָל פאַרהערט און מיר געגעבן אַ קניפּ אין באַק. האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט, און בין איין מאָל, שבת נאָכן שלאָף, אַריינגעגאַנגען צו דעם אַלטן אין הויז און געזאָגט : ר׳ ישראל־אברהם לערנט מיט מיר קבלה.

דער אַלטער האָט אויפגעעפנט די אויגן — קבלה ? ווער האָט דיר געזאָגט איך קען קבלה ?

איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, בין איך געשטאַנען און געקוקט. דער אַלטער האָט ווייטער גערעדט ווי צו זיך : קבלה, קבלה, ווי קומט אַ יינגל צו קבלה ? מיר קענען ניט לערנען קיין קבלה . . .

ער האָט מיט מיר קיין קבלה ניט געלערנט. מיט מיין עלטערן ברודער אָבער האָט ער געלערנט „בלק״. מען האָט געשטעלט אַ חופּה.

מיט צען־צוועלף יאָר שפּעטער בין איך שיר־שיר ניט אַריינגעפאַלן צו זיין יינגערער טאָכטער, דינה — ווען איך וואָלט זיך ניט געווען געראַטעוועט קיין אַמעריקע.

דעם פאָלגנדיקן אינצידענט איז כדאי צו דערמאָנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער באַשרייבונג פון אונדזער הויף. נאָך דעם ציען מיר זיך פון דאָרט אַרויס אויף אייביק, ביז דעם יאָר 1928, זייענדיק אין וואַרשע, בין געגאַנגען זען ווי עס זעט אויס ניסקע נומער 17 מיט 52 יאָר שפּעטער.

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן אָוונט איז די מאַמע מיינע אַהיימגעקומען שפּעט ביינאַכט, אפשר צען אַזייגער ביינאַכט. אין יענע צייטן, אויף דער ניסקע־גאַס, און פאַר מיין מאַמען, איז צען אַזייגער ביינאַכט געווען זייער שפּעט. פון עלעקטרישער באַלייכטונג האָט נאָך די וועלט איבערהויפּט ניט

געוואוסט. דאָס איז געקומען ערשט אַרום דעם יאָר 1881, און עס האָט געדויערט עטלעכע יאָר ביז עלעקטריציטעט איז געקומען קיין וואַרשע. עס איז שוין געווען גאַז־באַלויכטונג, אָבער ניט אויף דער ניסקע־גאַס. צו פאַרטרייבן די פינצטערניש האָט מען אויף אונדזער גאַס באַנוצט אויל־לעמפּלעך, וואָס זיינען געהאָנגען גאַנץ הויך צוגעטשעפּעט צו סלופּעס. די לעמפּלעך האָט מען אַרונטערגעלאָזט אָדער אַרויפגעצויגן מיט דער הילף פון אַ שטריק, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרשלאָסן אין אַ קעסטל, וואָס איז געווען צוגעשלאָגן צו דעם סלופּ. אַ ספּעציעלער אָנגעשטעלטער האָט אויפגעפּאַסט אויף די סלופּעס מיט די פאַררויכערטע לעמפּלעך.

ווען די לעמפּלעך האָבן זיך געררויכערט, האָט די גאַס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געדיכטער פינצטערניש, וואָס דורך איר האָבן זיך דורכ־געריסן שוואַכינקע, קוים באַמערקבאַרע ליכט־שטראַלן. ווייטער ווי אויף עטלעכע פוס האָט מען די שוואַכע ליכט־שטראַלן ניט געקענט באַמערקן.

גייענדיק אַזוי אַהיים, איינע אַליין, אין דער פינצטערניש, אַן אַ לעבעדיקן נפש אויף דער גאַס, האָט די מאַמע דערפילט שווערע טריט, וואָס האָבן געסקריפּעט אויף דעם שניי. ווען זי האָט זיך בגנבה אומגעקוקט, האָט זי באַמערקט אַ הויע, שלאַנקע פיגור, אָנגעטאָן אין ווייסן פון קאָפּ ביז די פיס. די פינצטערניש פון דער נאַכט און די ווייסקייט פון דעם שניי האָבן די ווייסקייט פון דער פיגור אַרויסגעבראַכט נאָך מער בולט ווי געוויינלעך. האָט די מאַמע גענומען גיין האַסטיקער, זיינען די טריט הינטער איר געוואָרן שנעלער און שווערער.

מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט איר נאָמען: חיה־גאָלדע! חיה־גאָלדע! האָט זי גענומען לויפן מיט אַלע כוחות. האָט די ווייסע פיגור גענומען גיין שנעלער און רופן: „שטעלט זיך אָפּ, חיה־גאָלדע". אָבער די מאַמע האָט זיך ניט אומגעקוקט. מיט דעם גרעסטן אימפּעט איז זי אַריינגעלאָפן אין שטוב, די ווייסע פיגור נאָך איר, און מיט דעם געשריי „אַ מת!" איז זי געפאַלן אויפן בעט אין חלשות. וואָס דעמאָלט האָט זיך דאָס אָפּגעטאָן! דער גאַנצער „הויף" איז זיך צוזאַמענגעלאָפן, און עס האָט געדויערט אַ היפּשע צייט ביז מען האָט זי אָפּגעמינטערט.

דאָס אַלץ איז געווען צו פאַרדאַנקען אַן אַנדער שכן פון דעם הויף. דאָס איז געווען מאיר דער „מענטש".

מאיר איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 28. ער איז געווען אַ גיבור: זעקס פוס הויך, גלייך און שלאַנק ווי אַ סאָסנע. מאיר האָט געאַרבעט אין אַ סקלאַד פון מעל. צוליב דעם זיינען זיינע וואָכעדיקע מלבושים געווען ווייס ווי שניי, פול אין מעל.

מען פלעגט אים רופן „מאיר דער מענטש״, ווייל ער פלעגט זאָגן, ער איז אַ „מענטש״ אין אַ מעל־האַנדל.

יענעם אָוונט איז מאיר, ווי געוויינלעך, געגאַנגען אַהיים פון דער אַרבעט. ער איז, באַטירלעך, ־געגאַנגען שנעלער און פעסטער פון דער מאַמען. ווען ער איז צוגעקומען נעענטער, האָט ער זי דערקענט און גענומען רופן זי ביים נאָמען. ווען ער האָט געזען, אַז זי הייבט אָן צו לויפן, האָט ער געמיינט אין הויז איז געשען עפּעס אַן אומגליק, איז ער נאָכגעלאָפן און געראָפן אויפן קול ביז אין הויז אַריין.

דאָס איז געווען די מעשה מיטן „מת״.

ווען דאָס אַלץ איז געוואָרן אויפגעקלערט, האָבן די מאַנצבילן געלאַכט און געזאָגט: אַ יידענע! די ווייבער האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס עס איז אויסגעגאַנגען צו שרעק. די מאַמע איז געווען עטלעכע טעג קראַנק אין בעט, און „מאיר דער מענטש״ האָט מען פון דעמאָלט אָן גערופן: „מאיר דער מת״.

אַזוי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט דער הויף, וואו איך האָב פאַרבראַכט די ערשטע באַוואוסטזיניקע יאָרן פון מיין לעבן.

איך בענק נאָך דעם הויף!

איך קען יענע איבערלעבונגען ניט פאַרגעסן. ווי אַ פאַרגאַנגענע אידיליע שטעלט זיך מיר פאָר דאָס לעבן אויף יענעם הויף.

אַלע שכנים — ווי איין פאַמיליע, וואו איינער האָט זיך געזאָרגט פאַרן אַנדערן. איז געקומען דער „קאַמאַרניק״ צו איינעם אָפּשרייבן די זאַכן פאַר דירה־געלט, פלעגן די ווייבער אַריינקומען און אַרויסטראָגן קישנס, לייכטער, דעם חנוכה־לייכטער, אַ חנוכה־לאָמפּ, אָדער אַ בשמים־פושקעלע פון אונטער די הענט פון דעם „קאַמאַרניק״. מען איז פּשוט געגאַנגען אויף קידוש־השם. איז ווער אין הויז געווען קראַנק, איז געקומען די „ביקור־חולים״ און האָט דעזשורירט. איז געווען אַ חתונה, האָט דער גאַנצער הויף געטאַנצט, און, חלילה, אַ לוויה — האָט דער גאַנצער הויף געטרויערט. היינט ווער קען איבערגעבן די געפילן און דאָס פאַרגעניגן, ווען אַלע שכנים האָבן מחדש געווען די לבנה? אָדער די חסידישע הוליאַנקעס ביים קוילן־הענדלער, אָדער דאָס שיקן שלח־מנות פורים? אָדער די וואָך פאַר פּסח, ווען אַלע ווייבער האָבן געכשרט און געשייערט די טעפּ און די בענקלעך און די לאָקשן־ברעטער! אָדער שמחת־תורה צו הקפות? דאָס זיינען אַלץ געווען זאַכן, וואָס דער גאַנצער „הויף״ האָט געטאָן בציבור. אַ גאַנץ יאָר לאַנג האָט אַמאָל דער הויף געלאַכט פון דעם „שיסעלע דריי״. איין מאָל, פורים ביינאַכט, איז צו אונדז אַריינגעקומען אַ קליין מיידעלע. אין דער

רעכטער האַנט האָט זי געטראָגן אַ טעלער איבערגעדעקט מיט אַ רויטער פּאַטשיילע, דורך וועלכער עס האָט אַרויסגעשטאַרט אַ גרויסער פּאָמעראַנץ. „דער טאַטעשי האָט געשיקט שלח־מנות שיסעלע דריי", האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ. דאָס האָט זי געוואָלט זאָגן „שלח מנות איש לרעהו". דער „שיסעלע דריי" איז באַלד צעטראָגן געוואָרן אויף אַלע טעלער, און דער הויף האָט געלאַכט.

שענער פון אַלץ איז אָבער געווען סוכות. דאָס איז געווען דער יום־טוב פון אַלע ימים־טובים. ערשטנס, דאָס בויען די סוכה. אַלע באַלעבאַטים האָבן זיך געפּאָרעט, און די מאַמעס פלעגן אַרונטערשיקן קאָלדרעס אויסצו־הענגען די סוכות.

דאָס איז געווען דער יום־טוב פון די מענער, און דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט מיין ווירדע אַלס אַ מאַן. ערשטנס, די גרויסע פּאָרציעס פיש און פלייש און צימעס, און די אַנדערע גוטע זאַכן, וואָס מען האָט אַריינגעטראָגן אין סוכה — ניט צו ווערן פאַרשעמט. דאַן בין איך געווען שטאָלץ קעגן מיינע שוועסטער. זיי האָבן געמוזט לויפן אַרויף און אַראָפּ, און איך בין געזעסן ווי אַ פּריץ צוזאַמען מיט אַלע יידן. איך האָב אַלע מאָל מקנא געווען מיינע שוועסטער, פאַר וואָס זיי האָבן ניט באַדאַרפט דאַווענען. סוכות איז געווען מיין נקמה.

דאָס שענסטע אָבער איז געווען די תורה און די פּאָליטיק, וואָס מען פלעגט זיך אָנהערן בעת דעם עסן. ר' ישראל־אברהם דער מקובל האָט געעפנט דאָס מויל אין סוכה, און האָט דערציילט די „סודות" פון די אושפיזין; פייוול דער שוסטער איז געוואָרן „ערנסט" און האָט גערעדט וועגן ותגר און דעם יון און ווי אַזוי ביסמאַרק האָט זיך באַסמאַרקעט. דער קוילן־הענדלער האָט דערציילט נסים פון דעם אַלטן קאָצקער און פון ר' מענדעלע דעם וואָרקער, און נאָך דעם אַלעם איז געקומען דאָס בענטשן איבער אַ כוס, און דאָס אַרויסזינגען: „רבותי — מיר וועלן בענטשן!" און די ברכה נאָך דעם בענטשן.

סוף־כל־סוף זיינען די קינדער־יאָרן געווען שיין. אָבער — זעען זיי נאָך היינט אויס שיין אין דער רעטראָספּעקטיווע ?

# איך גיי צו אַ נייעם מלמד

מיר גייען צוריק צו אונדזער סיפּור־המעשׂה. ווי איך האָב שוין דערציילט האָט דער טאַטע פאַר מיר געצאָלט 18 גילדן אַ חודש שׂכר־לימוד צו ישׂראל־יצחק דעם מלמד.

צו יענער צייט האָט מען פאַר מיר געדונגען אַ לערער, ער זאָל מיך לערנען שרייבן. מיין לערער האָט מען גערופן מענדל דער מוהל. דאָס לערערייַ איז ביי אים געווען נאָר אַ בייזאַך, כּדי צו פאַרדינען אויף פּרנסה. זיין אמתער באַרוף איז געווען צו זיין אַ מוהל. צו יענע צייטן, אין וואַרשע, איז דאָס געווען אַ מלאכת־הקודש. דער מוהל האָט פאַר זיין טרחה און צייט־פאַרלוסט ניט געקראָגן באַצאָלט. מכניס זיין אַ קינד בבריתו של אברהם אבינו איז שוין אַליין געווען אַ גרויסער פאַרדינסט. גאַנץ אומזיסט האָט דער מוהל פונדעסטוועגן זיין מלאכה ניט געטאָן. דאָס רוב מוהלים זיינען געווען רייכע לייט און האָבן דאָס געטאָן לשם־מצווה. ווען דער מוהל איז געווען אַן אָרעמער ייד, פלעגט מען „שטעלן אַ טעלער" פאַר דעם מוהל און פאַר דעם סאַרווער. דער סאַנדעק און דער קוואַטער האָבן זיך געמוזט שיין שטעלן, און די איבעריקע געסט האָבן געגעבן לויט דער נאָענטקייט פון דעם בעל־בריתס קרובהשאַפט. איך האָב פונדעסטוועגן קיינמאָל ניט געהערט פון אַ מוהל, וואָס זאָל האָבן געוואָרן אַ גביר פון אָט די „טעלערס". מענדל דער מוהל איז דאָס זיכער ניט געווען.

מיט דעם לערער האָט שוין די מאַמע געהאַנדלט. דאָס איז געווען אַ ווייבערישע זאַך. איז זי מושווה געוואָרן פינף גילדן אַ חודש פאַר צוויי שעה אַ וואָך.

כּדי ס'זאָל זיך אים לוינען, האָט ר' מענדל צוזאַמענגענומען נאָך אַ דריי־פיר ייִנגלעך און מיידלעך און ער פלעגט אונדז אַלעמען „לערנען" יידיש, פּויליש, רוסיש און דייטש און רעכענען. אַזוי האָט די מאַמע אויסגערעדט. און ר' מענדל האָט געהאַלטן זיין אָפּמאַך. ער האָט אונדז געלערנט דעם אלף־בית פון די אַלע פיר שפּראַכן. און ר' מענדל האָט געהאַט אַ האַנטשריפט נאָר צום דרוקן. דאָס רעכענען איז געווען דער סאַמע אָנהייב פון חיבור און חיסור.

די „שקאָלע" איז געווען ביי אונדז אין הויז, האָט מיין שוועסטער ציפּע, וואָס איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר, אַריינגעגנבעט אירע לעקציעס בחינם. זי האָט נאָכגעשריבן די אותיות פון מיין „קאיעט" (נאָטיץ־ביכל).

די טעג פון „שרייבן" פלעג איך צוריקגיין אין חדר אַביסל שפּעטער. האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז דער לערער האָט געהאַט אַ ברית אָדער ער איז געקומען אַביסל פאַרשנאָשקעט, איז געווען שלעכט. ר' מענדל איז געווען אַ בייזער ייד, ער פלעגט שלאָגן מיט דער לינעיקע איבער די פינגער. מיין גליק איז געווען, וואָס די „שקאָלע" איז געווען ביי אונדז אין שטוב, און די מאַמע איז געווען אין דער היים. שלעכט איז נאָר געווען, ווען די מאַמע איז גראָד אַרויסגעגאַנגען פון הויז.

מיין שוועסטער איז געווען פריי פון דער לינעיקע. פאַר איר האָט מען דאָך ניט געצאָלט.

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעלערנט צוויי זמנים ביי ישראל־יצחקן, איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז איך האָב ביי אים מער ניט וואָס צו לערנען. ר' ישראל־יצחק האָט דאָס דער ערשטער געזען און ער האָט דאָס אַליין געזאָגט דעם טאַטן.

איך האָב געמוזט גיין צו אַ גרעסערן מלמד, אָבער וואָס טוט מען מיט שכר־לימוד ? דער טאַטע פלעגט יעדן טאָג אָוועקלייגן אַ גילדן פאַר רבי־געלט, און דאָס געלט האָט מען ניט געטאָרט רירן אפילו ווען עס האָט געפעלט אויף שבת. עס האָט געמעגט זיין סכנות־נפשות. אין דעם פּרט איז דער טאַטע געווען זייער שטרענג — אַ מילדער מענטש ווי ער איז געווען. דאָס איינציקע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב צוגעזעזן אַ „סצענע" ביי אונדז אין הויז, איז געווען אַזאַ פאַל : די מאַמע האָט געוואָלט אום דאָנערשטיק גיין איינקויפן אויף שבת און עס איז ניט געווען קיין געלט. האָט די מאַמע פאַרגעשלאָגן מען זאָל לייען פון דעם רבי־געלט — אַזוי האָט מען ביי אונדז גערופן אָט דעם פאָנד. דער טאַטע איז אויפגעשפּרונגען : „דאָס געלט וועט ער ניט רירן, אפילו ווען מען זאָל מאַכן קידוש איבער חלה, אפילו ווען מען זאָל דאַרפן עסן שוואַרצברויט אום שבת". האָט זיך אָנגעהויבן אַ טענה, ביז די מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן : „ביסט אַן איינגעשפּאַרטער נאַר", און זי האָט זיך צעוויינט. אויסגעפירט האָט דער טאַטע. מען האָט דאָס געלט ניט גערירט. קידוש האָט מען פונדעסטוועגן געמאַכט איבער וויין — גאָט האָט געהאָלפן.

ווען עס איז געקומען די צייט מיך אָנצודינגען ביי אַ גרעסערן מלמד, איז די פראַגע פון שכר־לימוד געווען אַ שווערע. מיין עלטערער ברודער,

משה־לייזער, איז שוין געווען אין ברעסלאַו; מיין צווייטער ברודער הירש־יצחק איז שוין געווען אויסגעגעבן; מיינע צוויי עלטערע שוועסטער, מיט צוויי און מיט פיר יאָר עלטער פון מיר — ווי דער סדר איז געווען — האָבן געגייט העגטשקעס אינדערהיים און האָבן פאַרדינט „וואַסער אויף קאַשע", ווי דער טאַטע פלעגט זאָגן, אָדער די פּרנסה איז געווען שווער. עס האָט זיך אָנגערוקט די צייט, ווען מיין ייִנגערער ברודער, חיים, האָט שוין באַלד באַדאַרפט גיין צו אַ גמרא־מלמד און עס איז געווען נאָך אַ קליינער פּעמפּיק, וואָס אָט־אָט און מען וועט אים מוזן געבן אין חדר אַריין. וואו זשע וועט מען נעמען געלט צו צאָלן אַלע מלמדים? איז מיין רבי, ישראל־יצחק, געקומען צו הילף. „ר' פּלטיאל", האָט ער געזאָגט צום טאַטן, „פאַרלאָזט זיך אויף מיר; איך וועל שאַפן אַ מלמד פאַר יאַנקלען, וואָס נעמט ניט ווייניקער ווי אַכט רובל אַ חודש, און אייך וועט ניט קאָסטן טייער".

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, סוף זמן, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, איז צו אונדז געקומען אַ ייִד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס איז געוואָקסן מיינסטנס אין דער ברייט, אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטן היטל מיט אַ דאַשעק, און אַ לאַנגער טוכענער קאַפּאָטע, מיט אַ רויטער פאַטשיילע אַרומגעבונדן הינטער דער קאַפּאָטע, ווייל מען האָט ניט געטאָרט טראָגן. ווען איך האָב דעם ייִדן געזען צום ערשטן מאָל, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַן אַלטער ייִד, אַ מורא־הוראה. שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז אָט דער ייִד מיט דער ברייטער באָרד איז אַלט געווען ניט מער ווי 27 יאָר.

איך בין גראָד געווען אויף דעם הויף מיט מיינע חברים, ווען דער ייִד איז געקומען. מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט מיין שוועסטערס קול: „יאַ־אַ־נקל, יאַ־אַנ־קל!" ווען איך האָב געפרעגט מיט רוגזה, וואָס זי וויל, האָט זי געזאָגט שטילערהייט: „אַ נייער רבי איז געקומען".

אַריינגעקומען אין שטוב, האָט דער נייער רבי מיט מיר באַלד געגומען שמועסן אין אַ זייער אינטימען טאָן. „איך ווייס דיין נאָמען איז יאַנקל", האָט ער מיר געזאָגט, „און דו ביסט אַ וואוילער ייִנגל. דיין רבי ר' ישראל־יצחק האָט דאָס מיר געזאָגט". ער האָט מיך געפרעגט וואָסער שיעור איך לערן, און ווי לאַנג איך לערן שוין גמרא. ער איז געווען אַזוי פריינטלעך, אַז מיין שרעק איז אינגאַנצן איבערגעגאַנגען און איך האָב אַלץ גערן גע־ענטפערט. זיינע מינעס און זיינע רייד האָבן מיר אַלץ מער און מער איינגעגעבן זיכערקייט און איבערצייגונג, אַז איך נעם אויס. איך האָב געפילט מיין נצחון, און ער האָט פון מיר אַרויסגעקריגן אַלץ, וואָס איך האָב געקענט.

ער איז געזעסן אַ לאַנגע צייט און האָט אַלץ געשמועסט מיט דעם טאַטן. איך בין געשטאַנען ווי אויף שפּילקעס, אָבער אַרויסגיין האָב איך ניט געוואָגט.

ענדלעך האָט ר׳ ישראל־שמואל געזאָגט צום טאַטן: „איך וועל אייך עפּעס זאָגן, ר׳ פּלטיאל. איר צאָלט ר׳ ישראל־יצחקן 18 גילדן אַ חודש, דעם שרייבער צאָלט איר 5 גילדן אַ חודש, דאָס איז 23 גילדן אַ חודש. איר וועט מיר צאָלן 24 גילדן אַ חודש און איך וועל אים שוין לערנען שרייבן״.

דער טאַטע איז נתפּעל געוואָרן. עס איז זייער וואויל, אָבער ער קאָן אַזאַ זאַך ניט פאַרלאַנגען. דאָך האָט ער זיך ווי עס איז געלאָזן איבעררײדן און דער אָפּמאַך איז געוואָרן געשלאָסן. איך בין אָנגעקומען צו ר׳ ישראל־שמואלן אַלס תלמיד.

ר׳ ישראל־שמואל, ווי שוין געזאָגט, איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ גרויסער למדן און אַ חסיד. צו 18 יאָר האָט מען אים חתונה געמאַכט. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט סמיכות אויף רבנות. ער איז אָבער געווען צו יונג, קיין רבנות־שטעלע האָט זיך ניט געמאַכט, און אין צייט פון קעסט איז ער געוואָרן אַ מטופּל, קיין עין־הרע, איז ער דערווייל געוואָרן אַ מלמד אַזוי שנעל ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט.

ישראל־שמואל דער מלמד איז אויך געווען אַ שאַרפער חסיד, אָבער ניט געקוקט אויף דעם האָט ער געגלויבט, אַז מען דאַרף קענען „דיקדוק״. תנ״ך האָט ער געלערנט על פּי דיקדוק. פון אים בין איך צום ערשטן מאָל געוואָר געוואָרן עטלעכע כּללים פון גראַמאַטיק.

די העברעאישע גראַמאַטיק האָב איך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט. אויף דעם איז ניט געווען קיין צייט. אָבער פון ישראל־שמואל דעם מלמד האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט די אידעע, אַז דער לשון ווערט צעטיילט אין קלאַסן. ווי שטאַרק עס זאָל ניט זיין דער חילוק פון אַ מענטש ביז אַ בהמה, באַלאַנגען זיי צו די לעבעדיקע זאַכן, און אַז אַ חי, אַ דומם און אַ צומח (אַ לעבעדיקע זאַך, אַ שטילע זאַך און אַ געוויקס) ווערן אַלע באַצייכנט מיט דעם וואָרט שם־עצם (אַ „נאָון״ אויף ענגליש); דאָס זעלביקע איז מיט דעם וואָרט שם־תואר (אַדיעקטיוו), שם־הפּועל (ווערבום) אאז״וו. — מיט איין וואָרט, ער האָט מיך צום ערשטן מאָל געלאָזט כאַפּן אַ בליק אין דער לאָגיק פון שפּראַך.

אַז דאָס זעלביקע איז אמת וועגן אַלע לשונות, האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט. איך בין חושד, אַז ישראל־שמואל דער מלמד האָט דאָס אויך ניט געוואוסט. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס איז „דקדוק״ און דקדוק איז נאָר אויף לשון־קודש. וואָס האָט דקדוק צו טאָן מיט גויאיש? די „שמות

הנרדפים״ (סינאָנימען), ווי גילה, רינה, דיצה, חדוה אאַז״וו, וואָס איך האָב שפּעטער געלערנט פון דעם מלבימס פּירוש אויף דער תורה, האָב איך גע־מיינט, זיינען נאָר אויף לשון־קודש. דערפאַר איז דאָך אונדזער תורה דאָס גרעסטע ספר אין דער וועלט.

ערשט מיט זעקס־זיבן יאָר שפּעטער, ווען דער סטודענט זיידנבייטל האָט מיך געלערנט אומזיסט פּויליש און רוסיש — ערשט דעמאָלט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דקדוק איז גראַמאַטיק, און אַז אַלע אַנדערע לשונות האָבן זייער דקדוק; ערשט דעמאָלט האָב איך געקראָגן די אמתע פּעולה פון דעם, וואָס ישראל־שמואל האָט מיט מיר געלערנט. איך האָב געקראָגן צו פאַר־שטיין, אַז גראַמאַטיק איז די לאָגיק פון אַ שפּראַך און אַז יעדע שפּראַך האָט איר געאייגיקטע לאָגיק, וואָס אָן דעם קען מען זיך ניט פאַרשטיין, אפילו ווען עס איז ניטאָ קיין געשריבענע גראַמאַטיק, ווי עס איז דעמאָלט געווען דער פאַל מיט אונדזער אייגענעם לשון — יידיש. בעת־מעשה אָבער, ווען איך האָב געלערנט דקדוק, איז די פּעולה געווען אַ קליינע, ממש נול.

ישראל־שמואל דער מלמד האָט גאַנץ ערנסט זיך פאָרגענומען צו מאַכן פון מיר אַ גדול בישראל. דאָס האָב איך זיך דערוואוסט מיט יאָרן שפּעטער. בעת מעשה האָב איך דאָס אפילו ניט חושד געווען.

מיט צען יאָר שפּעטער בין איך צופעליק געקומען אין זיין וועג. ער האָט מיך קוים דערקענט. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ „דאַטש״, ד״ה, בין געווען אייראָפּעאיש געקליידט — און בין דעמאָלט געווען באַקאַנט אַלס אַן אפּיקורס און אַ משכיל — בעת ער האָט געהאַט די זעלביקע באָרד, נאָר אַ ביסל ברייטער און אַ ביסל לענגער.

„אַ שאָד, אַ שאָד! וואָס פון דיר איז געוואָרן, יאַנקל״, האָט ער גע־זאָגט מיט אַן אמתן באַדויער. „איך האָב זיך אינגאַנצן גענאַרט אין דיר. איך האָב געמיינט, דו וועסט זיין אַ גדול בישראל״.

ניט געווען באַשערט.

# אַ פּאַס מיט אוגערקעס

ר׳ ישראל־שמואל האָט זיך גענומען צו מיר גאַנץ ערנסט. איך בין געווען דער ייִנגסטער פון אַלע זיינע תּלמידים — מיר זיינען אינגאַנצן געווען זאַלבע אַכט — אָבער איך בין געווען דער בעסטער. איך בין אַלט געווען ניט מער ווי צען יאָר, בעת אַלע איבעריקע האָבן שוין געלייגט תּפילין. בין איך געווען אַ גרויסער יחסן אין חדר. אַ חוץ די געוויינטלעכע לימודים, וואָס ער האָט געלערנט מיט די אַנדערע ייִנגלעך, האָט ער מיט מיר געלערנט אַן עקסטראַ־שיעור — דעם שיעור, וואָס ער האָט געלערנט פאַר זיך אַליין אין די פאַר־טאָגן, פון אַרום זעקס אין דער פרי ביז אַרום אַכט, איידער די ייִנגלעך זיינען זיך צוזאַמענגעקומען.

צוויי מאָל אַ וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטיק, פלעג איך קומען צו אים פאַרטאָג און ער האָט מיט מיר געלערנט דעם שיעור. פאַר זיך האָט ער געלערנט מסכתא שבת, און איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז דאָס איז מיר אָנגעקומען זייער שווער. איך האָב בשום אופן ניט געקענט באַגרייפן די אידעע פון „יצאת השבת שתים שהם ארבע מבפנים ושתים שהן ארבע מבחוץ" (די אויסגאַנגען פון שבת זיינען צוויי, וואָס זיינען פיר פון אינע־ווייניק, און צוויי, וואָס זיינען פיר פון אויסנווייניק). די טעג, וואָס איך בין געקומען פאַרטאָג, פלעג איך דאַוונען אין חדר און דאָרט עסן מיין „אָנבייסן", וואָס די מאַמע האָט פאַר מיר צוגעגרייט מיט אַן אָוונט פריער. שבת פלעגט ער מיך מיטנעמען אין זיין „שטיבל" אַריין — ער איז געווען אַ ניישעטעטער חסיד. אין דעם שטיבל האָט דער „רבי" מיך אַריינגעפירט אין די חסידישע ספרים. ער האָט מיר געגעבן צו לייענען דעם „שבט־מוסר", דעם „צמח דוד", צו ביסלעך אויך דעם זוהר און דעם „חובת הלבבות". פון די לעצטע צוויי ספרים האָב איך אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען.

דער טאַטע איז גראָד געווען אַ מתנגד. ער פלעגט דאַוונען „שקאָמע" (השכמה), אָבער מיט דעם טשאָלנט האָט מען געוואַרט אויף מיר.

מיט די פאַרטאָגן איז פאַרבונדן אַ קאָמישע געשיכטע, וואָס האָט צענדליקער יאָרן לאַנג געמאַכט לאַכן מיינע שוועסטער און ברידער. מען לאַכט נאָך היינט, ווען עס קומט צו רייד.

איינמאָל איז זיך פאַרלאָפן אַזאַ מעשה:

עס איז געווען חנוכה־צייט. איך בין אַלט געווען פונקט צען יאָר. אַ ווינטערדיקע נאַכט. דער פראָסט אין דרויסן האָט געקנאַקט. האָט די מאַמע ניט געוואָלט איך זאָל גיין דעם פאַרטאָג אין חדר אַריין. האָט זי קודם כל ניט צוגעגרייט קיין אָנבייסן פאַר מיר. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. זי האָט געפאָדערט איך זאָל צוזאָגן, אַז איך וועל ניט גיין. איך האָב אויף דעם ניט געוואָלט איינגיין, האָט זי מיך געסטראַשעט, אַז זי וועט באַהאַלטן מיין טלית־קטן. אָן ציצית, דאָס האָט זי געוואוסט, וועל איך זיך פון הויז ניט אַרויסרירן. שפּעטער האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, ווי בויטיק עס זיינען ציצית שפּעט ביי נאַכט אין גאַס. איך וואָלט אפשר געשטאָרבן פון שרעק, ווען איך האָב ניט די ציצית.

די מאַמע איז באַשטאַנען דערויף, איך זאָל איר צוזאָגן, אַז איך וועל ניט גיין, האָב איך צוגעזאָגט. אָבער כדי ניט צו זאָגן קיין בפירושן ליגן, האָב איך בעת־מעשה אין זינען געהאַט, אַז איך וועל מיין וואָרט ניט האַלטן.

אין יענע צייטן פלעגט מען ביי אונדז גיין פרי שלאָפן אום ווינטער. ניט געווען וואָס צו טאָן, און די חלבנע ליכט האָבן זיך שנעל צעשמאָלצן. אפילו נאַפט־לאָמפּן זיינען נאָך ניט געווען שטאַרק בנמצא. איך געדענק וואָס פאַר אַ יום־טוב עס איז ביי אונדז געווען, ווען די מאַמע האָט צום ערשטן מאָל אַהיים געבראַכט אַ נאַפט־לעמפל. פלעגט מען זייער אָפט גיין שלאָפן אינאיינעם מיט די ליכט.

ווי לאַנג איך בין געשלאָפן יענעם אָוונט, פון וועלכן עס רעדט זיך דאָ, ווייס איך ניט. איך געדענק נאָר, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ פייער. אַרום און אַרום איז געווען פינצטער ווי אין אַ גרוב און שטיל ווי אין אַ קבר. דאָס הויזגעזינד איז געשלאָפן. דער אויוון איז געווען אָפּגע־קילט. אין הויז איז געווען קאַלטלעך. איך האָב גענומען קוקן אין אַלע זייטן. אַ חוץ די ווייסע בלימעלעך פון שניי, וואָס דער פראָסט האָט אויס־געהאָפטן אויף די פאַרפראָרענע פענצטער, האָב איך קיין זאַך ניט געזען. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך האָב פאַרשלאָפן, אָבער עס האָט זיך ניט געוואָלט אַרונטערגיין פון דעם וואַרעמען געלעגער, וואו איך בין געלעגן אויסגעבעט אויף עטלעכע שטולן. ווי געשמאַק איז דאָס געווען דער שלאָף, און ווי זיס דאָס געלעגער!

איך האָב גענומען טענהן צו זיך אַליין: עס איז שוין סיי ווי שפּעט. עס וועט באַלד זיין טאָג, און איך האָב דאָך דער מאַמען פאָרט צוגעזאָגט. אָפּנאַרן אַ מאַמען איז דאָך אַן עבירה. ניין, איך וועל ניט גיין. אָבער תורה! די תורה איז דאָך גרעסער פון אַלץ, און אָפּנאַרן דעם רבין מעג מען?

אַזוי בין איך געלעגן אויף דעם וואַרעמען געלעגער און זיך אויסגע־

טענהט מיט זיך אַליין. מיט אַ מאָל זיינען מיר איינגעפאַלן די ווערטער: „התגבר כארי (שטאַרק זיך ווי אַ לייב). אַזוי בין איך געזעסן אַ שטיקל צייט צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. ביסלעכווייז האָב איך גענומען שטילערהייט, בגנבה, זיך אָנטאָן אונטער דער קאָלדרע. די גרעסטע שוועריקייט איז געווען מיט „נעגל־וואַסער". ווי קען מען אַרויסגיין אויפן גאַס נאָכן שלאָף אומגעוואַשן? איך האָב געהאַט וואַסער ביים געלעגער, אָבער איך האָב מורא געהאַט דאָס אָנצורירן, די מאַמע זאָל זיך ניט אויפ־כאַפּן. האָב איך איינגעטונקט די הענט אין דעם וואַסער, אָפּגעווישט די הענט אָן די הויזן, און איך האָב זיך אַרויסגעגנבעט פון הויז אויף די שפּיץ פינגער. דער פראָסט אין דרויסן האָט געברענט, אָבער מיך האָט ניט געאַרט. איך האָב געהאַט אַ וואַטאָווענע קאַפּאָטקעלע מיט אַ פוטערנעם קעלנערל, האָב איך אויפגעשטעלט דאָס קעלנערל און בין געלאָפן. מיר האָבן געוואוינט, ווי דער לייענער ווייסט, אויף דער ניסקע־גאַס. דער רבי האָט געוואוינט אויף מוראַנאָוו, אין אַ הויז, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופן זאַנוול רייכמאַנס. האָב איך באַדאַרפט אָפּלויפן כמעט די גאַנצע ניסקע־גאַס, זיך אַריינדרייען רעכטס אויף דזשיקע־גאַס, נאָכדעם לינקס אויף דער ברייטער מילע, גלייך אַרונטער ביז מוראַנאָוו, אַנטקעגן דעם שוואַרצן געסל.

מיט אַ מאָל, ווי איך לויף אַזוי, אויפן ראָג פון דער ברייטער מילע און דזשיקע־גאַסן, שטעלט מיך אָפּ אַ פּאָליציאַנט מיט דער שטרענגער פראַגע: „קודאַ אידיאָש?" (וואוהין גייסטו?). גאַנץ גענוי וואָס ער מיינט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אָבער איך האָב זיך משער געווען. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן און איך האָב אָנגעהויבן שטאַמלען, ביז איך האָב געזאָגט אויף מיין בעסטן פּויליש: דאָ שקאָלי, אין חדר אַריין.

דער פּאָליציאַנט האָט געקוקט און געקוקט, און נאָכדעם געפרעגט אויף פּויליש: אַזוי פרי אין חדר אַריין, פאַרטאָג? אַז ער רעדט שוין פּויליש, איז דאָך שוין אַן אַנדער זאַך. אויף פּויליש, איז דאָך שוין אַן אַנדער זאַך. אויף פּויליש בין איך דאָך אין דער היים. האָב איך ניט לאַנג געטראַכט און אַ זאָג געטאָן: „מאָי ראַבין גאַדאַ יאַ פּשישעד ראַנאָ דאָ שקאָלי". איבערזעצט אויף גוטן יידיש הייסט דאָס: „מיין רבי רעדט איך געקומען פרי אין דער שקאָלע". דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן, דער רבי האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל קומען פרי אין חדר אַריין.

דער פּאָליציאַנט האָט אויף מיר געקוקט און געקוקט און האָט מיך געהייסן גיין.

די מאַמע האָט שפּעטער געזאָגט, אַז דער פּאָליציאַנט האָט מיך געלאָזט גיין, ווייל די שכינה רוט אויף מיר.

אַזוי שנעל ווי דער פּאַליציאַנט האָט מיך געלאָזן גיין, האָב איך גענומען נאָך שטאַרקער לויפן. אַ חוץ דעם וואָס עס איז געווען קאַלט, האָב איך זיך געאײַלט צו קומען צום רבין אײדער עס ווערט טאָג.

אַרײַנקומענדיק אין זאַנוול רײַכמאַנס הויף, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ גרעסערער צרה. איך האָב באַדאַרפט דורכגיין אַ פּאַרהויז און אַרויפגיין אויף דעם ערשטן שטאָק. ווי איך בין אַרײַנגעקומען אין דעם פּאַרהויז, האָב איך זיך ראַפּטאָוונע אָפּגעשטעלט. לעבן די טרעפּ האָב. איך דערזען עפּעס אַ מענטש מיט זייער אַ גראָבן בויך, מיט בלישטשענדיקע אויגן און אָנגעטאָן אין שוואַרצן פון קאָפּ ביז די פיס. דער מאַן האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, און האָט מיר געקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן. איך ווייס ניט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען, אפשר צוויי שעה, און איך האָב זיך ניט גערירט, ניט אָהין און ניט אַהער. איך האָב פון דעם מאַן ניט אַראָפּגענומען קיין אויג, און דער שוואַרצער מאַן, ווי מיר האָט זיך געדוכט, האָט מיך דורכגעשטאָכן מיט זײַנע שאַרפע און בלישטשענדיקע אויגן. איך האָב אָנגעווענדט אַלע סגולות, וואָס מיר זײַנען געווען באַקאַנט; איך האָב געזאָגט וויפל תהילים איך האָב געקענט פון אויסנווייניק; איך האָב זיך מתוודה געווען אויף מײַנע זינד. דער שוואַרצער רירט זיך ניט פון אָרט. דערווײַל ברענט דער פראָסט, איך בין דורכגעפראָרן, אָבער פון שטערן רינט אַ שווייס. ביז איך האָב בײַ זיך אָפּגעמאַכט זיך מקריב צו זײַן אויף קידוש־השם. איך האָב גענומען די ציצית אין דער האַנט אַרײַן און מיט אַ געשריי „שמע ישראל" בין איך אַרײַנגעלאָפן אין דעם הויז (האָל) אַרײַן און האָב זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ גרויסער פאַס זויערע אוגערקעס, וואָס האָט באַלאַנגט צו דעם שפּייז־קרעמער, וועלכער האָט געהאַט אַ געוועלבל צו דער גאַס.

געלויבט איז השם יתברך! ער האָט מיך מציל געווען פון אַן אומגליק.

אָבער ביז הײַנטיקן טאָג קען איך ניט פאַרשטיין, וואָס מיט מיר איז דעמאָלט געשען. די פאַס איז דאָרט אַלעמאָל געשטאַנען און איך האָב זי יעדן טאָג געזען. איין אײנציקע דערקלערונג פאַר דעם איז נאָר דאָ, וואָס יענעם טאָג האָט דער קרעמער אויסגעפּוצט די מעשענע רייפן פון דער פאַס. דאָס האָבן עס געמוזט זײַן די בלישטשענדיקע אויגן.

נאָר זאָל זײַן ווי עס איז, אַבי עס איז נאָר אויסגעגאַנגען צו שרעק.

פאַרביי דער פאַס מיט אוגערקעס, בין איך אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם ערשטן שטאָק און האָב גענומען קלאַפּן אין טיר. הער איך: ווער איז דאָס? דאָס בין איך, יאַנקל, האָב איך געענטפערט. „וואָס מיר האָט זיך געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט זאָל אויסגיין צו אַלע בייזע שונאימס קעפּ", האָט די רביצן געזאָגט, „עס איז דאָך ערשט דריי אַזייגער פאַר טאָג".

איך בין הפּנים אַרויס פון דער היים אַרום איינס אַזייגער.

דער רבי האָט פונדעסטוועגן געעפנט די טיר. איך שטעל זיך פאָר, וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב דעמאָלט געמוזט האָבן, וואָרעם דער רבי האָט מיר גענומען רייבן די הענט, ער האָט מיר געהייסן אויסטאָן די שטיוועלעך און רייבן די פיס. ער האָט איבער מיר געאַרבעט אַ לאַנגע צייט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך אים דערציילט די גאַנצע מעשה, מן הסתם ניט אַזוי גלאַט ווי איך דערצייל דאָס היינט, אין פריידן.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דעם דערציילן, האָט דער רבי זיך געזעצט מיט מיר לערנען. „אַז דו ביסט שוין דאָ״, האָט ער געזאָגט. פופציק יאָר נאָך דער מעשה האָט מיין עלטערע שוועסטער מיר נאָך אַלץ דערמאָנט דעם פּסוק: „מאַי ראַבין גאַדאַ״, און מיר האָבן געלאַכט.

# אַלץ צוליב אַ שטיק קוכן

דער ווינטער פון דעם יאָר 1876, ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר, איז געווען מיין בעסטער און מיין ערגסטער, דער שענסטער און דער מיאוסטער פאַר מיר. אין מיין גאַנצן איבעריקן לעבן האָב איך קיין מאָל מער ניט דערגרייכט די הויך פון איבערגעבן זיך מיט דעם גאַנצן האַרצן צו גאָט, און איך בין קיין מאָל ניט געפאַלן אַזוי נידעריק. אין יענעם ווינטער זיינען אַרויסגעהויבן געוואָרן די גרעסטע מעלות אין מיר, און אויך די גרעסטע חסרונות. דער יצר־טוב און דער יצר־הרע אין מיר האָבן יענעם ווינטער זיך געראַנגלט און האָבן אָנגעפירט זייער שטאַרקסטע מלחמה. איין מאָל האָט גובר געווען איינער און אַן אַנדערש מאָל האָט מנצח געווען דער צווייטער. ווידער אַן אַנדערש מאָל זיינען זיי ביידע געשטאַנען שטיל, ווי עס האָט זיך געקענט דאַכטן, פאַר אַ קורצער ווייל, אין אמתן אָבער האָבן זיי זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות, און יעדער האָט געזוכט צו באַזיגן דעם צווייטן, פונקט ווי צוויי מענטשן, וואָס שלאָגן זיך, ווען זיי ווילן אַרומכאַפּן און ווילן אַנידערוואַרפן איינער דעם אַנדערן.

צו יענער צייט האָב איך געקענט אַ סך גמרא, אַ סך מער און אַ סך בעסער פון בחורים, וואָס זיינען געווען מיט פינף יאָר עלטער פון מיר. איך בין געווען אַ גרויסער מתמיד. צו דער זעלביקער צייט האָב איך געזוכט אָנצוטאָן דעם רבין שפּיצלעך, כדי מבטל צו זיין פון לערנען. איך בין געווען זייער פרום, בין געווען אַ ניישטאַטער חסיד, האָב געפאַסט תעניתים, עס איז נישט אַוועק אַ טאָג איך זאָל ניט זיצן איבער דעם „שבט מוסר" און וויינען. צו דער זעלביקער צייט האָב איך פאַרפעלט צו דאַוונען, אָדער איך האָב אויפגעגעסן האַלב פון מיין אָנבייסן פאַר דעם דאַוונען אויפן וועג אין חדר אַריין. איך האָב געציטערט פאַר אַ ליגן, האָב מורא געהאַט צו זיין אַ גונב־דעת, און האָב אַלע טאָג געגנבעט געלט ביי מיין באָבען. איך האָב ניט געוואָלט זיצן מיט דער מאַמען אויף איין בענקל, מחמת זי איז געווען אַן אשה; איך פלעג שלאָגן מיינע שוועסטער מיט אַ בעזעם, זיי זאָלן ניט זינגען, מחמת „קול באשה ערוה" (די שטים פון אַ פרוי איז אַ שאַנד), צו דער זעלביקער צייט האָב איך אָנגעהויבן צו קריגן אַן אויסגעשפּראָכענעם געשלעכטס־באַוואוסטזיין.

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון אַלעם איז, וואָס פאַר דעם ערשטן געלט, וואָס איך האָב געגנבעט, האָב איך געקויפט אַ גאַרטל, און מיט דעם ריווח פון דער לעצטער גנבה בין איך געפאָרן צום גראָדזשיסקער רבין.

דאָס איז געשען אין דעם איינעם ווינטער, ריכטיקער אין די ערשטע דריי חדשים פון יענעם ווינטער.

אפשר פּאַסט דאָס אַלץ ניט פאַר מיר, אָבער איך פיל, אַז איך דאַרף דאָס דערציילן.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אויף אַזאַ אופן:

ישׂראל־שמואל דער מלמד, ווי שוין דערציילט, האָט געוואוינט אויף מוראַנאָוו, מיר האָבן געוואוינט אויף ניסקע־גאַס, אַריבער דער נייער קאַר־מעליצקע. איז פאַר מיר געווען שווער — ס'איז געווען ווינטער — אַהיימצו־קומען יעדן טאָג אויף מיטאָג און קומען צוריק אין חדר אין צייט. מיין באָבע הינדע, דעם מאַמעס מאַמע, האָט געוואוינט אויף די נאַלעווקעס, אין לייזער ווייסעס הויף. איז באַשלאָסן געוואָרן איך זאָל גיין צו דער באָבען עסן מיטאָג. די באָבע האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט. זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט מיך גערופן יעקב־אביגדור — וואָס דאָס איז מיין פולער נאָמען.

די באָבע הינדע האָט געפירט „גרויסע" געשעפטן. צו יענער צייט איז אין וואַרשע געווען אַ באַרימטער יידישער בעקער. מען פלעגט אים רופן שיע לאַך. ער איז געווען אַ גרויסער גביר און אַ חסיד. זיין בעקעריי איז געווען אויף די נאַלעווקעס, אין מלאַווערס הויף, פונקט אַנטקעגן־איבער לייזער ווייסעס הויף.

גאַנץ וואַרשע פלעגט קומען יעדן אָוונט אין מלאַווערס הויף צו קויפן די פרישע „קייזערקעס" און ראָגאַלקעס, וואָס האָבן פאַרשמעקט אַ האַלבע גאַס. מיין באָבע האָט געהאַט דעם „סטענד" און דעם „מאָנאָפּאָל" אויף דעם געבעקס. די גאַנצע סחורה איז דורכגעגאַנגען דורך אירע הענט, און זי האָט באַשעפטיקט ווייבער, וואָס האָבן צעטראָגן דאָס געבעקס אין די הייזער. זי אַליין פלעגט אַרומגיין קאַסירן דאָס געלט.

עס איז אינטערעסאַנט די בוכהאַלטעריע, וואָס זי פלעגט פירן מיט קרייד אין דעם טויער פון לייזער ווייסעס הויז. די באָבע האָט געקענט לייענען דעם טייטש־חומש, אָבער שרייבן האָט זי ניט געקענט. אַלץ וואָס זי האָט געקענט, איז געווען מאַכן אַ שטריכעלע, אַ האַלב־רינגעלע און אַ רינגעלע. אַ שטריכעלע איז געווען איינס, אַ האַלב־רינגעלע — 5 און אַ רינגעלע — 10. אָט מיט די דריי ציפערן האָט זי מאַניפּולירט — איין גאָט ווייסט ווי אַזוי — און קיינער האָט זיך פון איר ניט געקענט אַרויסדרייען

און ניט באַצאָלן. צוויי גראָשן, אַז מען איז שולדיק געבליבן פון אַ וואָך! פריער, האָט זי געדענקט. מיין מאַמע האָט שפּעטער געירשנט דעם „געשעפט". די באָבע איז קיינמאָל אין דער היים ניט געווען. איידער זי איז אַוועקגעגאַנגען, פלעגט זי אָנגרייטן עסן פאַר מיר און האָט געלאָזן דעם שליסל אונטער דער שוועל, וואו נאָר איך האָב געוואוסט פון דעם אָרט. נאָכן עסן האָב איך צוריקגעלייגט דעם שליסל אויפן זעלביקן אָרט.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַ שטיק צייט. איך פלעג גיין צו דער באָבען יעדן טאָג, אָפּגעגעסן מיין מיטאָג, פאַרשלאָסן די טיר, אַוועקגעלייגט דעם שליסל אונטער דער שוועל און געגאַנגען צוריק אין חדר אַריין.

די באָבע, ווי אַלע עלטערע פרויען, און אפשר אויך יינגערע, האָט ליב געהאַט גוטע זאַכן. ביי איר אין קאָמאָד האָט מען אַלע מאָל געקענט געפינען פיינע קוכנס, צוקער־לעקעך, האָניק־לעקעך, אייער־קיכלעך, און דאָס גלייכן.

די באָבע פלעגט אַלע מאָל לאָזן אויפן טיש אַ שטיקל קוכן, אָדער שטרודל פאַר מיר. איך בין געווען אַ גרויסער נאַשער. דער קוכן האָט מיר זייער גוט געשמעקט. אַ קרישקע האָב איך ניט איבערגעלאָזט.

איין מאָל — איך בין געווען זשעדנע אויף נאָך אַ שטיקל קוכן — איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין אַ זינדיקע מחשבה צו געבן אַ זוך, וואו די באָבע האַלט די אַלע גוטע זאַכן. דאָס ערשטע האָב איך זיך גענומען צו דער קאָמאָד. האָב איך געטרייסלט און געטרייסלט — אומזיסט! עס האָט ניט געהאָלפן. די שופלאָדן זיינען געווען פאַרהאַקט ווי אַ פעסטונג, וואָס מען וואָלט מיט קאַנאָנען ניט געקענט איינגעמען. איך בין אַוועק אין חדר מיט אַ מויל, וואָס האָט געוואַסערט.

איין מאָל איז די באָבע גראָד געווען אין דער היים מיטאָגצייט. האָט זי זיך שטאַרק געפרייט אַרום מיר. זי האָט געגלויבט, אַז אין מיין זכות וועט זי איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר קומען גלייך אין גן־עדן אַריין, אָן שום טענה ומענה.

ווען די באָבע האָט געזען, ווי איך באַלעק זיך מיט דעם קוכן און ציטער איבער יעדער קרישקע, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן, האָט זי מיך געפרעגט, צי איך וויל נאָך אַ שטיקל קוכן?

צי איך וויל נאָך אַ שטיקל קוכן? אַ שיינע שאלה! אין דער היים פלעגט מען קריגן אַ שטיקל האָניק־לעקעך שבת צו קידוש; קוכן — שבועות צום אָנבייסן און תשעה־באב צום פאַרפאַסטן; געקאָכטע אייער — פסח צום סדר; וויינטרויבן און אַ שטיקל מילגרוים — ראש־השנה; מילכיקע קרעפּלעך — שבועות; ברייטע לאָקשן מיט קעז — תשעה־באב; אַ רויטן עפּל — שמחת־תורה; צוקערלעך — פורים, אָדער ווען מען איז געווען

קראַנק, אַ זאַך וואָס האָט מיט מיר קיינמאָל ניט געטראָפן. וויפל מאָל האָב איך געבעטן גאָט, איך זאָל ווערן קראַנק, כדי צו קריגן אַ פּושקעלע לאָב־דרינקעס, און גאָט האָט מיין תפילה קיינמאָל ניט אָנגענומען, מן הסתם ווייל איך בין געווען זינדיק.

אַוודאי וויל איך נאָך אַ שטיקל קוכן !

איך האָב גאַרניט באַדאַרפט ענטפערן. מיינע אויגן האָבן גערעדט פאַר מיר. „גלייך, מיין קינד !" — האָט די באָבע געזאָגט, און האָט זיך גענומען צו די שליסלען. אָבער דאָ איז געשען אַן אומגליק — די שליסלען זיינען ניטאָ. זי זוכט און זוכט — ניטאָ. אַוודאי פאַרלאָרן צווישן די קוישן, אָדער פאַרגעסן ביים בעקער. וואָס טוט מען ? איך בין געשטאַנען ווי איינער, וואָס אים איז געשען אַ גרויס אומגליק. די באָבע האָט אַוודאי באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט, מאַכט זי צו מיר מיט אַ ווייך קול : „וואַרט, מיין קינד, איך וועל דיר קריגן קוכן.

זי האָט גענומען אַ מעסער, האָט אים אַריינגערוקט מיט דער פלאַכער זייט אין דער שפּאַרע צווישן דעם אויבערשטן שופלאָד און דעם דעק און האָט געשאַרט און געשאַרט אַזוי לאַנג, ביז דאָס שופלאָד האָט זיך געעפנט. „וואו תורה דאָרט איז חכמה ! — האָט די באָבע געזאָגט מיט אַ שמייכל. ביי מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. אַן עקסטראַ שטיק קוכן האָט מיך געמאַכט פילן גליקלעך.

אָבער דאָס איז געווען דער אָנהייב פון מיין ירידה. ווי אַ בליץ איז צו מיר געקומען דער געדאַנק : מאָרגן וועל איך שוין וויסן וואָס צו טאָן.

מאָרגן איז געווען פרייטיק, ווען מען גייט ניט צוריק, שבת איז דאָך שבת, האָב איך געשאַרפט דעם אַפּעטיט אויף זונטיק.

דעם גאַנצן פרימאָרגן זונטיק אין חדר האָט מיר געקלאַפּט דאָס האַרץ און געוואַסערט דאָס מויל. דאָס לערנען איז מיר גאַרנישט איינגעגאַנגען. איך האָב ניט געהערט וואָס דער רבי האָט געזאָגט און ניט געוואוסט וואָס איך לערן. דאָס האָט מיט מיר קיין מאָל פריער ניט געטראָפן. האָט דער רבי געמיינט, אפשר בין איך קראַנק, און ער האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל גיין אַהיים. איך האָב געענטפערט, אַז מיר איז גאָרנישט.

וואָס איז אַלץ ניט פאַרגעקומען אין מיין האַרצן יענעם פרימאָרגן ! דער קוכן איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן און האָט ווי געוואונקען צו מיר. פון דער אַנדערער זייט איז געווען די שרעק פאַר גנבה. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס ערשטע, וואָס מען טוט אַ גנב אויף יענער וועלט, איידער מען לייגט אים אַריין אין אַ פאַס קאָכיקער סמאָלע, איז וואָס מען האַקט אים אָפּ די הענט. חשק און מורא, תאוה און חרטה האָבן זיך געביטן אין מיר

פון מינוט צו מינוט. איך האָב געפילט, אַז איך וועל דעם יצר־הרע ניט קענען גובר זיין, און איך האָב זיך געשראָקן פאַר דעם חטא. ניין! — האָב איך פעסט באַשלאָסן ביי זיך. איך וועל היינט אויף מיטאָג ניט גיין. איך וועל בעסער גאָרניט עסן. באַלד אָבער האָב איך גענומען זוכן תירוצים. ביי אַן אייגענער באָבע מעג מען. זי וואָלט דאָך דאָס מיר אַליין געגעבן, ווען זי זאָל זיין אין דער היים. און צו וואָס דאַרף זי טאָקע אַזוי פיל קוכן? זי האָט דען ווער עס זאָל דאָס עסן? אָבער גנבה, גנבה? ניין, איך וועל ניט גיין. איך מוז גובר זיין דעם יצר־הרע.

אַזוי האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה אַ גאַנצן פאַרמיטאָג.

אַרויס פון דעם חדר מיטאָגצייט איז מיר איינגעפאַלן די פראַגע: וואָס וועל איך זאָגן דער מאַמען און דער באָבען, פאַר וואָס איך בין ניט געקומען אויף מיטאָג? און וואָס וועל איך טאָקע עסן? און וואָס וועט זיין מאָרגן, און איבערמאָרגן, און אַלע טעג? ניין, דאָס טויג נישט. איך מוז גיין און גובר זיין דעם יצר־הרע. אַ קונץ איז, אַז מען גייט נישט? איך וועל גיין און וועל דעם קאָמאָד ניט אָנרירן.

און איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיט שנעלע טריט.

אַריינגעקומען אין הויז, האָב איך זיך אפילו ניט געזעצט עסן, אויס מורא טאָמער קומט די באָבע אָן. איך האָב באַלד גענומען דאָס מעסער און גענומען שאַרן און שאַרן, ווי די באָבע האָט געטאָן, אויפצועפענען דאָס שופלאָד. עס האָט לאַנג ניט גענומען און דאָס שופלאָד האָט זיך אונטער־געגעבן.

צו מיין גרויס דערשטוינען און שרעק איז דאָרט קיין קוכן ניט געווען, אפילו ניט אַ סימן פון אַ קוכן. דערפאַר אָבער איז דאָרט געלעגן אָנגעשאָטן אַ גאַנצע קופּע מיט קליינגעלט: צווייערס, דרייערס, צענערס, זילבערנע גילדנס און פערציקערס.

רבונו־של־עולם! איך בין געוואָרן ווי פאַרשיכורט, אַזאַ אוצר, אַזוי פיל געלט האָב איך נאָך קיין מאָל אין מיין לעבן ניט געזען, און דאָ שטיי איך איינער אַליין און קען אָנשיטן פולע קעשענעס.

איך האָב פיל ניט געטראַכט. איך האָב אָנגענומען צוויי פולע זשמעניעס און אַריינגעלייגט אין די הויזן־קעשענעס. שנעל האָב איך פאַרמאַכט דאָס שופלאָד, אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר ביסן פון מיין מיטאָג און האָב גענומען לויפן צוריק אין חדר אַריין מיט אַ פלאַמענדיקן פנים, פונקט ווי מען וואָלט זיך נאָך מיר געיאָגט מיט שטעקנס.

אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועג, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. עס איז מיר

איינגעפאַלן, אַז איך קען ניט קומען אין חדר מיט צוויי פולע קעשענעס געלט.

וואָס טוט מען ? גיין אַהיים ? איז דאָך נאָך ערגער. איך האָב שוין געוואָלט גיין צוריק און צוריק אַוועקלייגן דאָס געלט אין קאָמאָד, האָב איך מורא געהאַט טאָמער איז די באָבע דערווייל אָנגעקומען.

מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק :

# איך קויף מיר אַ גאַרטל

די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געגאַנגען אין שטיבל אַריין דאַוונען, האָב איך געגאַרט צו האָבן אַ גאַרטל. אַלע יינגלעך אין חסידים־שטיבל האָבן געהאַט גאַרטלען. איינער איז אפילו געווען אַ גביריש יינגל, וואָס מען האָט אים צו דער בר־מצוה געמאַכט אַ נייע אַטלעסענע קאַפּאָטע מיט אַ זיידענעם גאַרטל. מיין טאַטע איז קיין חסיד ניט געווען, און ער וואָלט מיר אפשר קיין גאַרטל ניט געווען געקויפט, אפילו ווען ער וואָלט געהאַט געלט. פלעג איך שבת מיטנעמען אַ רויטע פאַטשיילע און פלעג זיך אַרומבינדן מיט איר ביים דאַוונען. ווי איך פלעג דאָס מקנא זיין די יינגלעך מיט די גאַרטלען . . .

איצט, ווען צו מיר איז מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אַזאַ אוצר מיט געלט, גאַנץ אומגעריכט, און איך האָב ניט געוואוסט וואו דאָס אַהינצוטאָן, איז מיר איינגעפאַלן דער גליקלעכער געדאַנק צו קויפן אַ גאַרטל.

היינט, ווען איך ווייס דאָס געזעץ, וואָס אין דער פסיכאָלאָגיע ווערט דאָס אָנגערופן „אַסאָציאַציע פון אידייען", שטעל איך זיך פאָר, אַז די פראַנציסקאַנער גאַס האָט געהאַט אַ חלק אין דעם גליקלעכן געדאַנק, וואָס איז מיר פלוצלונג געקומען אין קאָפּ אַריין פונקט אין דעם ריכטיקן מאָמענט.

די פראַנציסקאַנער גאַס האָט צו יענער צייט געהאַט איר אייגן פנים, גאַנץ אַנדערש פון די אַנדערע יידישע גאַסן.

דער נאָמען פון דער גאַס — פראַנציסקאַנער — באַווייזט, אַז דאָס האָט אפילו געמוזט זיין אַמאָל אַ טיף־קאַטוילישע גאַס. נאָך אין מיין צייט איז ביים סאַמע סוף גאַס געשטאַנען אַ קאַטוילישע קירך, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער קאַטוילישער סעקטע, וואָס האָט זיך גערופן אויף דעם נאָמען פון דעם הייליקן פראַנציס פון אַסיסי.

אָבער ניט געקוקט אויף דעם קאַטוילישן אורשפּרונג פון דער גאַס, איז דאָס אין מיין צייט געווען די גאַס פון חסידות, פון חסידישע ספרים און אַנדערע חסידישע מכשירים.

אויף יענער גאַס זיינען געווען כמעט אַלע חסידים־שטיבלעך איז וואַרשע. קאָצק, גער, גראָדזיסק, ביאַלע, וואָרקע, ראַדזימין, ניישטאָט, אפילו

טריסק האָבן אַלע געהאַט זייער פּאַרטרעטערשאַפט אויף פראַנציסקאַנער גאַס. דאָרט האָט מען געקענט הערן אַלע חסידישע ניגונים און זען אַלע חסידישע טענץ. דאָס אַלץ איז געווען אין די הויפן. אויף דער גאַס זיינען געווען די געשעפטן, וואו מען האָט געקענט קויפן דאָס בעסטע שטריימל, אַלע מינים גאַרטלען און יאַרמעלקעס, און אויך אַלע חסידישע ספרים.

די פראַנציסקאַנער גאַס האָט נאָך געהאַט אַנדערע אויסצייכענונגען. דאָרט האָט געוואוינט משה־פנחס דער בשמים־הענדלער. איך האָב נאָר געקענט דעם נאָמען, אָבער גאַנץ וואָרשע האָט פון אים געוואוסט. ער איז געווען אַ רייכער ייד און ער פלעגט לייען געלט צו אָרעמע יידן, אָן פּראָצענט, אויף משכנות. פאַר אַ משכון האָט ער גענומען נאָר צירונג. אָבער ווען אַ פרוי איז צו אים געקומען אַרום דאָנערשטיק און האָט אים געזאָגט, אַז זי דאַרף האָבן די אוירינגלעך אָדער דעם שנור פּערל אויף שבת צו גיין אין שול אַריין ראש־חודש־בענטשן, אָדער צו אַן אויפרוף, האָט זי געקראָגן די צירונג. זי האָט נאָר באַדאַרפט לאָזן אַ צעטעלע, אַז זי וועט די צירונג צוריקברענגען באַלד נאָך שבת. איך האָב קיין מאָל ניט געהערט, אַז ר׳ משה־פנחס זאָל האָבן פאַרלאָרן צוליב דעם מנהג זיינעם. יעדן זונטיק אין דער פרי האָט מען שוין געזען אַ צאָל וויבער שטיין אין שורה, וואָס האָבן צוריקגעבראַכט די משכנות.

אויף פראַנציסקאַנער גאַס זיינען אויך געווען די יידישע לעדער־קראָמען. צווישן זיי זיינען געווען באַוואוסט איינער מיט דעם נאָמען הייטלער (ניט היטלער), און אַן אַנדערער, פנחס דער לעדער־הענדלער, אַ ייד אַ חסיד, וועמעס פאָטער האָט זיך געשמדט אויף דער עלטער.

אָבער ניט די קאַטוילישע קירך, ניט משה־פנחס דער בשמים־הענדלער, ניט די לעדער־געשעפטן האָבן אַרויפגעלייגט זייער חתימה אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס. עס איז געווען חסידות, וואָס האָט געגעבן דעם ספּעציעלן אויסזען, ווי דעם אייגנטימלעכן כאַראַקטער פון דער גאַס. צום בעסטן האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן פרייטיק צו נאַכט, ווען פון אַלע פענצטער האָבן זיך געטראָגן די זמירות־ניגונים, געזונגען מיט דעם חסידישן נוסח, אָדער שבת ביי טאָג, ווען די חסידים זיינען אַהיימגעגאַנגען פון דאַוונען מיט די טליתים אונטער דער אויבערשטער קאַפּאָטע, וואו דאָ און דאָרט האָבן אַרויסגעקוקט די ציצית.

די נאַלעווקעס, צוליב איר מסחר, האָט פאַרשטעלט דעם רום פון דער פראַנציסקאַנער גאַס מיט איר מסחר און — חסידות.

לויפנדיק פון לייזער ווייסעס הויז, וואו די באָבע האָט געוואוינט, צוריק אין חדר אַריין, האָב איך געמוזט פאַרביילויפן פראַנציסקאַנער גאַס.

צוגעקומען צו דעם ראָג פון דער גאַס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט עפּעס ווי אויף אַ באַפעל. דער גאַרטל איז מיר געקומען אויפן זינען.

איך האָב זיך באַלד אַריינגעדרייט אין דער פראַנציסקאַנער גאַס און האָב זיך אויסגעזוכט אַ געוועלב, וואו מען פאַרקויפט גאַרטלען.

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַ שפּאָרע צייט און האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אין דעם געוועלב. מיר האָט זיך געדאַכט, מען וועט באַלד דערקענען, אַז איך האָב דאָס געלט געגנבעט. איך האָב אויך געוואָלט וויסן וויפל געלט איך האָב. בין איך אַריינגעגאַנגען אין אַ טויער און האָב באַהאַלטענערהייט איבערגעציילט דאָס געלט, אַריינציילנדיק דאָס געלט פון איין קעשענע אין דער אַנדערער — זיבן גילדן מיט 26 גראָשן.

ענדלעך בין איך אַריין אין דעם געוועלב. דאָרט האָט זיך אַרומגעדרייט אַ ייד, מיט אַ שוואַרצער באָרד, אין אַ יאַרמולקע און אַ טלית־קטן, אָן אַ קאַפּאָטע. נאָך איידער דער ייד האָט צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, האָב איך אויסגעשאָסן מיט אַ קוויטש: וויפל קאָסט אַ גאַרטל? דער ייד האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, אַז דאָס בלוט איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן. אַ גאַרטל, האָט ער געענטפערט, וואָסער גאַרטל ווילסטו? אַ זיידענער גאַרטל קאָסט 18 גילדן.

— איך האָב ניט אַזוי פיל געלט. האָט איר אַ גאַרטל, וואָס קאָסט ווינציקער?

— יאָ, אַ באַוולנער גאַרטל — פאַר 8 גילדן.

— איך האָב נאָר זיבן גילדן מיט 26 גראָשן — האָב איך געענטפערט.

— גאַנץ גוט, — האָט דער ייד געענטפערט. און איז געגאַנגען דערלאַנגען אַ גאַרטל. איך האָב דערווייל מיט ציטערדיקע הענט אויסגעציילט דאָס גאַנצע געלט אויף דעם טיש.

דער ייד האָט געלאָסן איבערגעציילט דאָס געלט. ריכטיק. זיבן גילדן מיט 26 גראָשן.

ער האָט אַרונטערגענומען עלף גראָשן און מיר געגעבן רעשטע. „נאַ", האָט ער געזאָגט, „ווייל דו ביסט אַ וואויל ייִנגל און קאָנסט אַוודאי גוט לערנען".

האָב איך אַ גאַרטל מיט עלף גראָשן.

איך האָב זיך אַרומגעוויקלט מיט דעם גאַרטל אויף די הייזקעס הינטער דעם קאַפּאָטקעלע און בין געלאָפן אין חדר אַריין גאָר ניט טראַכטנדיק.

— וואו ביסטו געווען אַזוי לאַנג? — האָט דער רבי אַ פרעג געטאָן.

— די באָבע האָט פאַרגעסן צו לאָזן דעם שליסל אונטער דער שוועל, האָב איך געוואַרט ביז זי איז געקומען, — האָב איך געענטפערט.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער רבי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, בין איך געווען צופרידן.

אויפן וועג, גייענדיק אַהיים, האָב איך באַשלאָסן צו דערציילן, אַז איך האָב געפונען דעם גאַרטל איינגעוויקלט אין אַ שטיק פּאַפּיר אויף באַלעוועס נעבן דעם טויער פון משה־לייב קאַשערס הויף. דאָס הויז, צוזאַמען מיטן אייגנטימער, משה־לייב קאַשער, זיינען צו יענער צייט געווען זייער באַקאַנט אין די יידישע געגענטן.

די מאַמע האָט געוואוסט ווי שטאַרק איך האָב געבעטן מען זאָל מיר קויפן אַ גאַרטל, האָט זי זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם גליק, וואָס האָט געטראָפן. דאָס יינגל האָט מזל, האָט זי געזאָגט, ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ הייבל.

אַזאַ מזל!

קיין מענטשן קען מען ניט אַזוי לייכט אָפּנאַרן ווי אַ מאַמען.

צומאָרגנס בין איך געגאַנגען אין חדר שטאָלץ מיט דעם גאַרטל.

— וואו האָסטו גענומען דעם גאַרטל? האָט דער רבי אַ פרעג געטאָן.

— דער פעטער מרדכי־הירש, אַ גערער חסיד, האָט דאָס מיר געגעבן אַ מתנה — האָב איך שנעל געענטפערט.

ווען איך בין נאָכדעם געקומען צו דער אָבען, האָב איך געציטערט אַרויפצוגיין אויף די טרעפּ. איך האָב זיך געשראָקן פאַר יעדן שאָרך און בין געשטאַנען לאַנג, איידער איך האָב זיך דערוועגט אויפצושליסן די טיר, הגם איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט אָפּגענומען די שליסלעך. אין שטוב האָב איך זיך געזעצט אויף אַ שפּיץ בענקל און האָב געהאַלטן איך איין אַרומקוקן זיך. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז מען היט מיך פון אַלע זייטן און מען קוקט אויף מיר פון אַלע ווינקעלעך. איך בין געווען אַזוי פאַרדעכטיק, אַז איך בין אַרונטערגעקראָכן אונטערן בעט צו זען, אויב עס ליגט ניט דאָרט עמעצער באַהאַלטן און היט מיך.

געלויבט איז גאָט! קיינער איז ניטאָ.

אָבער דאָס האָט מיך ניט אינגאַנצן באַרואיקט. איך האָב זיך געשראָקן די באָבע זאָל ניט געבן אַ קום אָן מיטאַמאָל. איך וואָלט איר בליק ניט גע־קאָנט פאַרטראָגן. איך בין געווען גרייט, איך וואָלט זיך מודה געווען ביים ערשטן וואָרט.

צום גליק האָב איך דער באָבען ניט געזען אַ גאַנצע וואָך. אַלץ איז אָפּגעלאָפן בשלום. מיט יעדן טאָג האָב איך זיך באַרואיקט אַלץ מער און מער. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ באַרעכטיקונג פאַר מיין גנבה, און דאָס איז מיר ניט שווער אָנגעקומען. דער גאַרטל האָט מיר שטאַרק געהאָלפן

אין דעם. איך האָב אָנגעהויבן איינצוזען, אַז איך האָב אַ רעכט צו האָבן אַ גאַרטל ביים דאַווענען. אַ פרומער ייד, אַ חסיד, מוז מאַכן אַ מחיצה צווישן דעם אויבערשטן טייל פון דעם גוף און דעם אונטערשטן. און וואו זאָל איך נעמען געלט אויף אַ גאַרטל, אויב ניט ביי אַן אייגענער באָבען!

איך האָב זיך ווידער גענומען געשמאַק צום לערנען און צו חסידות.

קיין קוכן האָב איך מער ניט געזוכט. איך האָב מורא געהאַט צו קוקן אין דער זייט, וואו דער קאָמאָד איז געשטאַנען. איך האָב פעסט באַשלאָסן מער ניט צו טאָן אַזאַ זאַך.

לאַנג האָט דאָס ניט אָנגעהאַלטן. ווידעראַמאָל דער געשמדטער האַלדז.

אויף דער צווייטער וואָך, אין איין טאָג, איז די באָבע אָנגעקומען אין מיטן פון מיין מיטאָג עסן. מיר האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן און דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין.

„גוט מאָרגן, באָבעשי", האָב איך געזאָגט מיט אַ געמאַכטער האַרציקייט. די באָבע האָט זיך אַ ביסל אַרומגעדרייט אין שטוב, האָט מיך געפרעגט פאַרשיידענע זאַכן וועגן דעם חדר און דעם רבין. נאָכדעם מאַכט זי פּלוצלונג: „זאָג מיר, יעקב־וויגדער (אביגדור), האָסטו ניט אַמאָל געפּרוּאווט אויפצועפענען דאָס אויבערשטע שופלאָד פון דער קאָמאָד?"

אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט געריכט. פון אַלץ אין דער וועלט האָב איך געטראַכט, אָבער מיר איז גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז די באָבע וועט געפינען דאָס שופלאָד ניט פאַרשלאָסן.

„דאָס אויבערשטע שופלאָד פון דער קאָמאָד" — האָב איך קוים אַרויסגעשטאַמלט — „ווי קום איך צו עפענען דאָס אויבערשטע שופלאָד?"

„דער אַלטער שכור, דאָס איז געוועזן זיין מלאכה" — האָט די באָבע גערעדט ווי צו זיך.

„דער אַלטער שכור" איז געוועזן דער שטיף־זיידע, דער באָבעס דריטער מאַן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט, ווען זי איז שוין געוועזן קרוב צו זיבעציק.

אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרצן. זאָל זיין דער אַלטער שכור, אַבי ניט איך. אָבער ערשט דעמאָלט האָב איך איינגעזען אין וואָס פאַר אַ סכנה איך בין געשטאַנען, ווען איך האָב געעפנט דאָס שופלאָד מיט דעם מעסער.

און אַ נייער געדאַנק איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין.

## לא תגנוב — דו זאָלסט ניט געפינען

אויפֿן וועג צוריק אין חדר אַריין האָב איך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צוצופּאַסן אַ שליסל צו דעם קאָמאָד.

אַ וואָך איז אַוועק. איך האָב געזוכט און גענישטערט וואו איך האָב געקענט און איך האָב געפֿונען אַ שליסעלע, וואָס האָט זיך געפּאַסט צו דעם אויבערשטן שופֿלאָד.

מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ וועלט פֿאַר מיר. יעדן טאָג האָב איך געגנבעט געלט. אין אָנהייב מיט יושר, אַ צענער, אַ גילדן, העכסטנס אַ פֿערציקער. דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. וואָס ווייטער האָב איך גענומען אַלץ מער. אָבער וואָס טוט מען מיט אַזוי פֿיל געלט? איך האָב אַזוי פֿיל גענאַשט, אַז איך האָב מער ניט געקענט עסן. איך האָב זיך געקויפֿט אַ מעסערל מיט דריי קלינגלעך און אַ ציין־שטעכער; איך האָב זיך איינגע־קויפֿט אַ ליאַנער סאַמעטן קאַפּל (אַ יאַרמלקע); איך האָב געקויפֿט פּאַפּי־ראָסן און האָב זיך שיר ניט דערשטיקט מיט זיי; איך האָב געקויפֿט אַ ציגאַרן־שפּיצל, אָבער עס איז נאָך אַלץ געווען צופֿיל געלט. האָב איך אָנגעהויבן פֿונדעווען די חברים. איז דאָס באַלד דערגאַנגען צום רבין. „וואו האָסטו גענומען דאָס מעסערל?" — האָט דער רבי אַ מאָל אַ פֿרעג געטאָן. „איך האָב דאָס געפֿונען" — האָב איך שנעל געענטפֿערט. דער רבי האָט געשוויגן. אַן אַנדערש מאָל האָט ער ביי מיר דערזען אַ זילבערנעם גילדן. „וואו האָסטו גענומען דעם גילדן?" — „איך האָב אים געפֿונען". „יאַנקל", האָט דער רבי אַ זאָג געטאָן, „אין דער הייליקער תורה שטייט גע־שריבן לא תגנוב, איז דער טייטש פֿון דעם, דו זאָלסט ניט געפֿינען".

דער נייער טייטש פֿון „לא תגנוב" איז מיר אַריין אין נאָז, ווי מען זאָגט, אָבער איך האָב אויפֿגעהערט צו געפֿינען, אַזוי לאַנג ביז „סוף גנב לתליה".

און אויך דאָס איז געקומען ווי פֿון זיך אַליין.

מיין עקסטראַ שיעור מיט דעם רבין איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אין מסכתא שבת. האָב איך געחלשט קויפֿן פֿאַר זיך אַ גמרא, איך זאָל קאָנען איבערלערנען דעם שיעור פֿאַר זיך אַליין אין דער היים. האָב איך גענומען

בעטן דער מאַמען זי זאָל מיר קויפן אַ גמרא. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך קען קויפן די גמרא ביי אַ יינגל פאַר אַ האַלבן רובל. די גמרא האָט געקאָסט צען גילדן. אָבער די אָרעמע מאַמע! אַלץ האָט זי געגלויבט איר יאַנקלען. וואָלט זי געהאַט אַזוי פיל געלט, ווי זי וואָלט געגעבן, אָבער דאָס געלט איז ניט געווען בנמצא. איך האָב אַזוי לאַנג געבעטן, ביז די מאַמע האָט מיר געגעבן דריי גילדן מיט 10 גראָשן. איך האָב זיך געקויפט אַ גמרא, און האָב זיך באַפרייט פון אַ רובל פון די אַנגעגנבעטע געלט.

אָבער מיין שטערן האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין. ביי דעם רבין האָב איך אָנגעוואָרן דעם גאַנצן חן. ער האָט מיר גאָרניט געזאָגט, אָבער ער האָט דאָס מיר געגעבן צו פילן. איך בין געוואָרן אויס יחסן. ער האָט מיך מער ניט געהייסן פאַרטייטשן דעם שיעור צו די אַנדערע יינגלעך, און דאָס ערגסטע פון אַלעמען, ער האָט אויפגעהערט צו לערנען מיט מיר דעם עקסטרא שיעור. ער איז אַפילו איין מאָל געקומען אַהיים שבת נאָך מיטאָג און ער האָט געשמועסט מיט דעם טאַטן, איך ווייס ניט וואָס. מיר איז געוואָרן ענג אין דער היים. נאָר די מאַמע האָט געציטערט איבער מיר. מיט מיר האָט דאָך געקאָכט די גאַנצע געגנט. פאַרטאָג האָט מען מיך געהערט קנאַקן מיט „דעם גמרא־ניגון״, „יציאת השבת שתים שהם ארבע״, אָדער ענלעכעס. שבת פלעג איך דאַוונען אין חסידים־שטיבל, בין ניט דורכגע־גאַנגען צווישן צוויי נקבות; בין קיין מאָל ניט אַרומגעלאָפן אויף דער גאַס. דערצו בין איך געווען אַ שיינער יינגל, הויך געוואַקסן, קרעפטיק, האָב אויסגעזען עלטער ווי איך בין געווען. די ווייבער האָבן מקנא געווען די מאַמע, האָבן זיך געבענטשט מיט מיר, און דאָ האָט די מאַמע מיט אירע אייגענע אויגן געזען, ווי איך גיי אַרויס לתרבות רעה. האָט דער מאַמעס האַרץ געטרויערט אין דער שטיל, האָט זי געזוכט צו באַשיצן איר בעסט קינד. זי האָט מיך אָבער ניט געקענט באַשיצן פון די שטעכעדיקע בליקן פון מיינע צוויי שוועסטער. מיר האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז אַלע היטן מיך. איין מאָל האָט די מאַמע זיך צעוויינט קוקנדיק אויף מיר, האָט דאָס מיר געשטאָכן אין האַרצן און איך האָב באַשלאָסן צו טאָן תשובה.

עס איז מיר געוואָרן זייער ענג און איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט צו פאָרן קיין וואָלאָזשין אין דער ישיבה אַריין. אַ נייער חבר מיינער, אַ ליט־ווישער יינגל פון אַ יאָר דרייצן, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון סואוואַלק מיט זיינע עלטערן, וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אונדזער הויף, האָט מיר געגעבן די דאָזיקע אידעע. מיר האָבן געוואָלט פאָרןביידע צוזאַמען.

מיר איז דער פּלאַן זייער געפעלן. אָבער צו פאָרן קיין וואָלאָזשין האָט זיך געפאָדערט מער געלט, ווי איך האָב געקענט צוזאַמענקריגן, נאָך

אַלע מײַנע גנבות. מײַן חבר האָט מיר געזאָגט, אַז מען קען גנבענען די באָן. עס פאָדערט זיך אײַנגאַנצן אַ פּאָר רובל. אַז מען קומט נאָר אָן אַהין פעלט שוין קיין זאַך ניט. וואָס מען מוז אָבער יאָ האָבן, איז אַ כתב פון דעם וואַרשעווער רב.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרקויפן די גמרא און איך זאָל גיין צו ר׳ זאַנוועלע נאָך אַ כתב.

וואַרשע האָט צו יענער צײַט ניט געהאַט קיין באַפולמעכטיקטן רב. נאָך דעם טויט פון דעם „קראָקאָווער רב״, ר׳ בעריש מײַזלש, האָט וואַרשע זיך ניט געקענט צוקלײַבן קיין רב. קיינער איז ניט געווען גרויס גענוג פאַר דעם אַמט. פאַר אַ קורצער צײַט האָט מען גערעדט פון ר׳ יוקל געזונדהייט, וועלכער איז געווען אַ גרויסער גאון, אָבער קעגן אים זײַנען געווען די חסידים. האָט וואַרשע ניט געהאַט קיין רב.

דאָס איז געווען נאָך פאַר מײַן צײַט. איך האָב דאָס נאָר געהערט דערציילן. פאַר מײַן צײַט איז ר׳ שמואל־זאַנוול קלעפּפיש געווען דער ראש־בית־דין, דער ממלא־מקומו פון דעם רב. מען האָט אים גערופן ר׳ זאַנוועלע, הגם ער איז געווען אַ הויכער ייִד. האָב איך דאָס באַדאַרפט גיין צו אים קריגן אַ בריוו צו דעם וואָלאָזשינער ראש־ישיבה.

ר׳ זאַנוועלע האָט געוואוינט ערגעץ אויף גזשיבאָוו, אַרום דעם „אײַזער־נעם טויער״. איך בין פריער אין יענער געגענט ניט געווען. איך האָב ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען קומט אַהין, און מײַן חבר איז דאָך גאָר געווען אַ „גרינער״.

מען מוז דאָך אָבער האָבן דעם כתב. האָב איך אין איין טאָג, צוזאַמען מיט מײַן חבר, זיך געלאָזן צו ר׳ זאַנוועלע.

שטונדן האָבן מיר געוואַנדערט. מיר האָבן עטלעכע מאָל פאַרבלאָנ־דזשעט. צום סוף האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו ר׳ זאַנוועלעס הויז.

ר׳ זאַנוועלע איז געווען אַ הויכער ייִד, מיט אַ לאַנגער, שוין גרויליעכער באָרד, מיט ברייטע פּלייצעס און גרויסע ברעמען. ווען י. ל. פּרץ האָט אין די „צוויי בערג״ באַשריבן דעם באַרדיטשעווער רב, האָט ער געמוזט האָבן פאַר די אויגן דאָס בילד פון ר׳ זאַנוועלע.

הײַנט קען איך זיך נאָר פאָרשטעלן, ווי איך האָב דעמאָלט אויסגעזען, ווען איך, אַ צען יאָריק ייִנגל, בין געשטאַנען פאַר דעם הויכן ייִדן, אַ רב, אַ למדן, און האָב געציטערט פון שרעק פאַר מײַנע ליגנס און יראת־הכבוד. דאָס האַרץ האָט ביי מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן, און איך האָב מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל.

ענדלעך האָט ר׳ זאַנוועלע צו מיר געזאָגט: „וואָס פאַרלאַנגסטו,

בחורל ?” דאָס האָט מיר געגעבן קוראַזש, און איך האָב דערציילט, אַז איך וויל פאָרן קיין וואָלאָזשין לערנען אין דער ישיבה, אַז דער טאַטע איז אַן אָרימאַן און ער קען פאַר מיר ניט צאָלן קיין שכר־לימוד, וויל ער מיך אַוועקגעבן צו אַ בעל־מלאכה. אָבער איך וויל לערנען גמרא, בעט איך, אַז ער זאָל מיר געבן אַ כתב צום ראש־ישיבה.

ר' זאַנוועלע האָט זיך אַוועקגעזעצט און מיך גענומען פרעגן, וואָס איך לערן, ביי וועמען איך לערן און דערווייל מיך פאַרהערט. אין דער מיט גיט ער מיך אַ פרעג : „ווי אַלט ביסטו, ייִנגעלע ?” „צען יאָר”, האָב איך אויסגעשריִען ווי מיט שטאָלץ. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן פון קאָפּ ביז די פיס. „צען יאָר ?”, האָט ער געזאָגט, „דו ביסט נאָך צו יונג צו פאָרן קיין וואָלאָזשין”. „ניין, רבי”, האָב איך נאַאיוו געענטפערט, „איך קען גוט לערנען”. דער רב האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט : „בחורל, גיי אַהיים און ברענג מיר אַ בריוו פון דיין טאַטן, וועל איך דיר געבן אַ כתב צום ראש־ישיבה”.

דער גאַנצער פּלאַן איז מיטאַמאָל צעקלאַפּט געוואָרן.

פונקט אַזאַ מפּלה האָב איך געהאַט דעם זעלביקן טאָג, ווען איך בין אַריין אין שמואל־גדליהס בית־המדרש און האָב געוואָלט פאַרקויפן די גמרא צו אַ בחור. „ברענג מיר אַ בריוו פון דעם טאַטן”, האָט דער בחור געזאָגט, „וועל איך קויפן די גמרא”.

אַלע וועגן פאַרשטעלט.

דערווייל בין איך אַ גאַנצן טאָג ניט געווען אין חדר און בין ניט געקומען אויף מיטאָג צו דער באָבען.

נאָך איידער איך בין אַהיימגעקומען, האָט מען מיך שוין גענומען זוכן. די באָבע איז געקומען צו לויפן, און דער רבי האָט געשיקט שליח.

דאָס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלן.

איך געדענק ניט מער וואָס פאַר אַ תירוץ איך האָב געזאָגט. איך געדענק אָבער, אַז צומאָרגנס אין דער פרי האָט דער טאַטע מיך אַרויסגעשמיסן פון מיין געלעגער מיט דעם פּאַסעק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, און דאָס איינציקע מאָל, וואָס דער טאַטע האָט מיך געשמיסן. דער טאַטע פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי, אַריינברענגען האָלץ פון דער קאַמאָרקע, מאַכן פייער, און נאָכדעם האָט ער זיך געזעצט זאָגן תהילים, ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, און ער האָט זיך געשטעלט דאַוונען. דאָס מאָל האָב איך פאַרנומען דאָס אָרט פון תהילים. איך האָב גענומען דריגען מיט די פיס און שרייען. איז די מאַמע אַרויסגעשפרונגען פון בעט מיט אַ געשריי : „רוצח, וועסט מיר דערהרגענען דאָס קינד !” — און זי האָט אָנגעכאַפּט

דעם פּאַסעק. עטלעכע טעג נאָכדעם האָט זי געוויזן די ברוינע און בלויע צייכנס אויף די הענט פון דעם פּאַסעק. איך האָב געהאַט די צייכנס אין אַן אַנדער אָרט. „אַזאַ טריפה רציחה האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געזען", האָט די מאַמע זיך באַקלאָגט. און דער טאַטע האָט געענטפערט: „נעם זיך אָן פאַר דעם קדיש דיינעם, וועסט האָבן נחת פון אים".

דעם טאָג בין איך מער אין חדר ניט געגאַנגען. איך האָב געזאָגט: „דער קאָפּ טוט וויי", האָט די מאַמע מיר צוגעלייגט אַ האַנטעך מיט קאַלטע וואַסער צום קאָפּ, און רק זי האָט געוויינט. עטלעכע מאָל האָט די מאַמע געוואָלט אָנהייבן צו ריידן מיט מיר, האָב איך געשריען זי זאָל מיר לאָזן געמאַך, ווייל מיר טוט וויי דער קאָפּ. האָט זי געשוויגן און געקרעכצט. מיר האָט געריסן ביים האַרצן, אָבער איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. האָב איך ביי זיך אין האַרצן געשוואָרן, אַז איך וועל אַוועקוואַרפן דאָס שליסעלע און וועל טאָן תשובה.

איך האָב ניט געוואוסט, אַז דער רבי האָט אַ טאָג פריער געשיקט אַ תלמיד צו מיר אַהיים. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין ביידע טעג געווען קראַנק. „יאַנקל", האָט דער רבי אַ זאָג געטאָן, „דו זאַמלסט זיך ביי מיר אַ גרויסן נדן. איך וועל דיר באַצאָלן מיטאַמאָל, ווען דאָס מעסטל וועט זיין פול".

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט, און — געשוויגן. אַבי ער סילוקט ניט באַלד.

ווידער זיינען אַוועק עטלעכע טעג. איך בין געגאַנגען אין חדר און האָב זיך פאַרטאָן אין לערנען, ווי עס וואָלט גאָר ניט געשען. איך האָב נאָר אויסגעמיטן דעם בליק פון מיינע חברים.

דאָס שליסעלע האָב איך פונדעסטוועגן ניט אַוועקגעוואָרפן. איך האָב עס נאָר באַהאַלטן, מען זאָל דאָס ביי מיר ניט געפינען.

# איך פֿאָר צום גראָדזיסקער רבין

איך האָב בײַ זיך פֿעסט אָפּגעמאַכט, אַז איך װעל מער ניט רירן קײן גראָשן, בשום אופֿן ניט. אָבער דער באַשלוס האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, בלױז עטלעכע טעג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, װען איך בין אָנגעקומען צו דער באָבען אױף מיטאָג, האָט מיך װידער אָנגעכאַפּט אַ חשק צו נעמען אַ פּאָר גראָשן. ניט מער װי צען גראָשן, האָב איך בײַ זיך געטראַכט, און איך האָב שנעל אױפֿגעעפֿנט דעם שופֿלאָד.

איך בין געװאָרן אַנטױשט.

אין שופֿלאָד איז ניט געװען קײן גראָשן. איך האָב גענומען שאַרן מיט דער האַנט, אפֿשר האָט זיך פֿאַרװאַלגערט ערגעץ אין אַ װינקל אַ מטבע. איך האָב געשאַרט און געשאַרט און האָב באַלד אָנגעטאַפּט פּאַפּיר־געלט. אין אַ װינקל פֿון דעם שופֿלאָד זײַנען געלעגן צוזאַמענגעלײגט צװײ פּאַפּירענע רובל. דאָס האָט די באָבע זיכער פֿאַרגעסן, איז מיר דורכגעפֿלױגן דורך דעם קאָפּ. און איך האָב צוגענומען די צװײ רובל. איך האָב שנעל פֿאַרשלאָסן דאָס שופֿלאָד פֿון קאָמאָד און בין אַװעק אין חדר.

װאו באַהאַלט מען די צװײ רובל?

האָב איך אױפֿגעריסן די כנפֿה פֿון דעם טלית־קטן און האָב דאָרט פֿאַרשטופּט די צװײ רובל.

אַזױ שנעל װי איך בין אַהײמגעקומען פֿון חדר, איז מיך די מאַמע באַפֿאַלן: „װאָס האָסטו שױן װידער אָפּגעטאָן, יאַנקעלע?" האָט די מאַמע גענומען שרײַען אױפֿן קול, אַז עס האָט מיך צעבראָכן דאָס האַרץ. „מײַן בעסט קינד, דאָס איז מײַן בעסט קינד", האָט זי געיאָמערט. נאָכדעם האָט זי אָנגעהױבן רײדן װײך און געבעטן איך זאָל איר אַלץ דערצײלן, דעם גאַנצן אמת, און מיר װעט גאָרניט געשען. זי װעט זיך אָננעמען פֿאַר מיר. טאָמער אָבער װעל איך ניט דערצײלן, װעט מיך דער טאַטע דערהרגענען אַ לעבעדיקן, און ס'װעט איר זײַן אַ חרפּה אַרױסצוגײן אױף דער גאַס. װאָס װעלן מענטשן זאָגן? אַלע האָבן דאָך איר מקנא געװען, מען האָט זיך געבענטשט מיט איר, און דאָ, פּלוצלונג, אַזאַ אומגליק.

מיין הארץ איז מיר שיר ניט אויסגעגאַנגען. נאָך איין וואָרט און איך וואָלט געווען אַרויסגעפּלאַצט מיט דעם גאַנצן אמת.

צום גליק, אָדער אפשר צום אומגליק, איז דער טאַטע פּונקט אָנגעקומען און די מאַמע איז שטיל געוואָרן.

דאָס פּנים, זאָגט מען, איז אַ מסור, האָט דער טאַטע באַלד אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז שוין ווידער?"

„וואָס ווילסטו זאָל זיין? ס'איז דיר נאָך ווייניק?" — האָט די מאַמע געענטפערט דיפּלאָמאַטיש. און מיט דעם האָט זיך דאָס געענדיקט אויף דער ווייל.

איך האָב זיך באַנוצט מיט דעם איבעררייס, בין שנעל אַרויסגעלאָפן און האָב באַגראָבן די צוויי רובל אין אַ ווינקל אויף דעם הויף.

וואָס דאָ איז געשען איז גאַנץ איינפאַך. די באָבע האָט די צוויי רובל ניט פאַרגעסן. דאָס האָט זי אַוועקגעשטעלט אַ פּאַסטקע פאַר מיר, און איך בין אַריינגעקראָכן מיטן קאָפּ.

באַלד ווי איך בין אַוועק, איז זי אַהיימגעקומען און האָט, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, דאָס געלט ניט געפונען. איז זי געווען זיכער, אַז איך בין דער גנב. איז זי באַלד געגאַנגען צו דער מאַמען איר דערציילן די גוטע בשורה. די מאַמע האָט זיך געבעטן ביי איר זי זאָל קיינעם ניט דערציילן. זי וועט שוין אַליין צורעכט מאַכן.

ווען איך בין אויפגעשטאַנען צו מאַרגנס אין דער פרי, האָב איך געפונען מיינע קליידער צעוואָרפן און איבערגעקערט, די שטיוול כמעט איבערגעדרייט. דאָס האָט אַוודאי די מאַמע געזוכט דאָס געלט שטילערהייט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן.

איך האָב גאָרניט געזאָגט. איך האָב זיך אָנגעטאָן, גענומען מיין אָנ־בייסן און בין אַוועק אין חדר. איך האָב ניט פאַרגעסן אויפצוגראָבן דאָס געלט.

אָבער איך בין אין חדר ניט געגאַנגען. אַנשטאָט דעם בין איך גלייך אַוועק צו דער ווינער באַן, אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס און האָב געקויפט אַ בילעט קיין גראָדזיסק, אַ קליין שטעטל, פיר מייל (אַכט און צוואַנציק וויאָרסט) פון וואַרשע, וואו עס האָט „געקיניגט" דער באַוואוסטער גראָ־דזשיסקער רבי.

איך האָב שוין דעם טאָג ניט געדאַוונט. דאָס אָנבייסן האָב איך געגעסן אויף דעם וואָקזאַל. איך האָב אויפן גאַס ניט געוואָלט עסן, ווייל עס שטייט אין דער גמרא: „האוכל בשוק דומה לכלב" (דער וואָס עסט אויפן גאַס איז געגליכן צו אַ הונט).

דאָס פאָרן קיין גראָדזיסק האָט געדויערט אַ שעה.

אָנגעקומען קיין גראָדזיסק, בין איך גלייך אַריין אין רבינס בית־המדרש און האָב גענומען אַ גמרא צום לערנען. איך האָב געוואָלט אָנקומען צום רבין, געבן אים שלום און בעטן אַ תשובה.

די „חסידים" פון דעם גראָדזיסקער רבין זיינען געווען מייסטנס ווייבער. אין דעם בית־המדרש איז אַלע מאָל געווען אַ גרויסער עולם. ווייבער „פון גאָר דער וועלט" זיינען געקומען קיין גראָדזיסק. רייך און אָרעם, יונג און אַלט; ווייבער מיט טשיפּיקעס, ווייבער מיט טיכלעך אויפן קאָפּ, און ווייבער אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע — אַלע זיינען געקומען צום גראָדזיסקער רבין. עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין מענער, חסידים און „דייטשן". אָבער דער גרויסער עולם איז באַשטאַנען פון ווייבער. און יעדער און יעדע איז געקומען מיט אַ שווער האַרץ, פרעגן אַן עצה אין מסחר, אָדער וועגן אַ שידוך, אָדער וועגן אַ גט, אָדער וועגן דעם פּריזיוו, אָדער גאָר אַן עקרה — מיט וואָס אַלץ איז מען ניט געקומען צום רבין ? און פאַר אַלעמען האָט מען געמוזט שרייבן קוויטלעך מיט פּדיונות — עס איז געווען אַן אמתער יאַריד פון אַלע מינים צרות, אַ באַשטענדיקער יאָרמאַרק, פון וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט געצויגן חיונה.

איז דאָך לייכט צו פאַרשטיין, אַז מיינע שאַנסן אָנצוקומען צו דעם רבין זיינען ניט געווען אַזוי גרויס. אַ צען יאָריק ייִנגל, אָן אַ קוויטל, אָן אַ פּדיון — ווער האָט זיך אויף מיר אומגעקוקט ? האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג, ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. איך האָב זיך געשטופּט און געשטויסן, — און בין צום רבין ניט אָנגעקומען. אָט־אָט בין איך שוין ביי דער טיר פון רבינס חדר, נאָך איין שטופּ און איך וועל זיין אינעווייניק. אָבער יעדעס מאָל האָט די שטאַרקע האַנט פון עפּעס אַ גבאי, אָדער אַ שמש, מיך אָנגענומען פאַר דעם קאָלנער, אַרויסגעשלעפּט פון דעם געדראַנג און מיך פאַרטריבן. „אַזאַ ייִנגל ווי דו גייט ניט צום רבין, ווען נשים (ווייבער) גייען", האָט מען מיר געזאָגט.

אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג, ביז עס האָט אָנגעהויבן ווערן נאַכט, און אַ סך מענטשן האָבן גענומען גיין צום וואָקזאַל. בין איך מיטגעגאַנגען און אַהיימגעפאָרן.

געקומען אַהיים, האָב איך ערשט דערזען, וואָס פאַר אַ שפּיצל איך האָב ווידער אָפּגעטאָן. וואָס וועל איך זאָגן ? וואו בין איך געווען אַ גאַנצן טאָג ? ווי אַזוי גייט מען אַריין אין הויז ?

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אויף דעם הויף, ביז איך האָב געפונען די געלעגנהייט זיך אַריינצוכאַפּן אין הויז אומבאַמערקט.

ביי אונדז אין הויז איז געווען אַ פיינער ווינקל פאַר אַזאַ געלעגנהייט. מיר האָבן געוואוינט, ווי איך האָב שוין דערציילט, אין אַ שטוב מיט אַ קאָך (אַ צימער מיט אַ קיך). אין דעם הויפּטצימער זיינען געשטאַנען צוויי בעטן, קאָפּשטיק צו קאָפּשטיק, אין דער לענג פון איין וואַנט. אויף אַן אַנדער וואַנט איז געשטאַנען אַ קליידער־שאַנק, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט איינס פון די בעטן. דער אָרט צווישן די בעטן און דער שאַנק האָבן געפורעמט אַ קוואַדראַט־ווינקל מיט אַ שמאָלן אַריינגאַנג. אויף דעם אָרט זיינען געלעגן פאַרשיידענע חפצים, וואָס מען האָט באַדאַרפט פאַרשטופּן אין אַ ווינקל, ווי ברודיקע וועש, אאַז״וו.

אָט אין דעם ווינקל האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט. דאָרט בין איך געזעסן אַ לאַנגע צייט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און האָב זיך איינ־געהערט, וואָס מען האָט גערעדט. אין הויז איז געווען תשעה־באָב. דער טאַטע איז געקומען פון גאַס און האָט אַ וואָרט ניט גערעדט. ער האָט זיך געשטעלט דאַוונען מעריב, און די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט אין קיך אַרום דער וועטשערע.

אָפּגעדאַוונט, האָט מען זיך געזעצט אַרום טיש. דער טאַטע אויבן־אָן, די מאַמע מיט מיינע צוויי שוועסטער פון דער רעכטער זייט, און מיינע צוויי יינגערע ברידער אין דער לינקער זייט. מיין אָרט, נאָענט נעבן דעם טאַטן, איז געווען ליידיק. מיר האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. איך בין געווען טויט־הונגעריק, און דאָס ריישעכץ האָט פאַרשמעקט דאָס גאַנצע הויז . . .

„וואו איז דיין בן־יחיד ?״ — האָט דער טאַטע אַ פרעג געטאָן. די מאַמע שווייגט, אַלע שווייגן. אַ מינוט שפּעטער: „וואו איז דיין קדיש ? דיין למדן ? דיין עילוי ?״ — די מאַמע שווייגט. אַלע שווייגן. אַ מינוט שפּעטער שטעלט זיך דער טאַטע אויף: „וואו איז יאַנקל ?״

„וואו איז יאַנקל ?״ — מאַכט די מאַמע — „פרעג דעם פּאַסעק דיינעם״, און זי האָט זיך צעוויינט. „דו וועסט זיין דער רוצח פון דעם קינד. איין גאָט ווייסט וואו ער איז. אַ גאַנצן טאָג ווייסט מען ניט וואו ער איז אַהינגעקומען ; ער איז ניט געווען אין חדר, און ער איז ניט געווען ביי דער באָבען אויף מיטאָג. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, מען זאָל אַ קינד אַזוי ממיתן, מיט אַזאַ רציחה, מיט אַזאַ גויאיש האַרץ ? און אַז דאָס קינד האָט שוין געטאָן אַן עוולה, דאַרף מען זיין אַזאַ רוצח ? נאַ, קוק אויף מיינע הענט, די ברוינע און בלויע צייכנס, דאָס איז פון דיין פּאַסעק״.

דער טאַטע האָט ניט געענטפערט, און די מאַמע האָט ניט אויפגעהערט צו ריידן און צו וויינען, ביז זי האָט ענדלעך אַ זאָג געטאָן : „הערסטו, פעלטע, אַז דו וועסט מיר נאָך אַ מאָל אָנרירן דאָס קינד, וועט זיך טאָן חושך ; קברים וועל איך איינרייסן, איך וועל גיין צו מענטשן, אין די גאַסן וועל

איך שרייען געוואַלד; איך וועל גיין אין שול אַריין און וועל אויפרייסן דעם אָרון־קודש, איך וועל״ . . .

אין דער מינוט האָב איך זיך אַרויסגערוקט פון דעם ווינקל און בין צוגעגאַנגען צו דער מאַמען.

וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט — קען איך היינט זיך נאָר פאָרשטעלן. צו יענער צייט אָבער האָב איך געפילט, אַז דער מאָמענט איז פאַר מיר געווען אַ שעת־הכושר אַרויסצוקריכן פון מיין באַהעלטעניש און זיין געשיצט פון דעם טאַטנס פאַסעק.

די מאַמע האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט און אַ פרעג געטאָן: „וואו ביסטו געווען אַ גאַנצן טאָג?״

— איך בין געזעסן דאָ אין ווינקל.

— אַ גאַנצן טאָג אין ווינקל און האָסט גאָרניט געגעסן?

— ניין, גאָרניט.

— גיי וואַש זיך און זעץ זיך עסן.

ווי אַ פאַרשעמטער, אָפּגעשמיסענער יינגל בין איך אַריין אין קיך, האָב זיך געוואַשן און געזאָגט „שאו ידיכם״ מיט גרויס כוונה. איך האָב זיך געשעמט אויפצוהייבן דעם קאָפּ.

אין מיטן עסן האָט דער טאַטע עטלעכע מאָל געזאָגט: „גוט דערלעבט, שיין דערלעבט״.

נאָך דעם בענטשן האָט דער טאַטע זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און געזאָגט צו דער מאַמען:

— פיר אים, פיר אים, דיין תנא־ברא. איך וועל זיך מער ניט אַריינמישן. דו וועסט האָבן נחת פון אים. איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועסטו זיין אַ פוס־בענקעלע ביי אים אין גן־עדן.

איך וואָלט שוין בעסער פאַר ליב אָנגענומען ער זאָל מיר אַרויסשמייסן פון בעט. יעדעס וואָרט האָט מיך געשניטן ווי אַ מעסער.

די מאַמע האָט געשוויגן.

דער אָוונט האָט זיך לאַנג געצויגן. קיינער האָט זיך קיין וואָרט ניט געקענט געפינען.

יעדן אָוונט פאַרן שלאָפן גיין, פלעג איך דערלאַנגען דעם „שטיוול־קנעכט״. דאָס איז געווען אַ מין הילצערנע מאַכערייקע, איין עק פון וועלכער איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע און דער צווייטער עק איז געווען אויפגעהויבן. אין דעם אויפגעהויבענעם עק איז געווען אויסגעשניטן אַ האַלב־קיילעכדיק לאָך, וואו דער אָפּצאָס האָט זיך אַריינגעפּאַסט און האָט פאַרלייכטערט דאָס אַראָפּשלעפּן דעם שטיוול. דאָס מאָל האָט דער טאַטע אַליין זיך אויסגעצויגן

אויף דער פּאָדלאָגע און מיט דעם בעזעם אָפּערגעשאַרט דעם „שטיוול־קנעכט״ פון אונטערן בעט.

דאָס איז געווען אַ שטראָף פאַר מיר. דאָס האָט געהייסן, אַז דער טאַטע וויל מיט מיר ניט האָבן וואָס צו טאָן.

מיין גאַנץ לעבן לאַנג, ביז אויף הייַנטיקן טאָג, האָב איך געהאַט איין גרויסע מעלה. אין בעט בין איך קיין מאָל ניט געלעגן וואַך. אָדער איך בין געשלאָפן, אָדער אַרויס פון בעט. איך האָב קיין מאָל ניט געלייענט אין בעט. לייענען איז ביי מיר ניט געווען קיין שלאָף־מיטל, נאָר פיל נעכט אין מיין לעבן האָב איך געוואַכט איבער ביכער, שווערע ביכער, אָבער דאָס האָב איך געטאָן ביים טיש, אויף אַ האַרטן שטול. ווען איך האָב זיך גע־לייגט אין בעט, איז דאָס געווען צו שלאָפן. דער שלאָף האָט מיך באַפרייט פון אַלע צרות. אָוועקגעלייגט זיך, ווער איך באַלד אַנטשלאָפן.

בין איך אויך יענע נאַכט איינגעשלאָפן ווי אַ געהרגעטער, אַזוי שנעל ווי איך האָב אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ.

איז אויך די מאַמע געשלאָפן יענע נאַכט? איז אויך דער טאַטע געשלאָפן? איך האָב מורא, אַז ניט. וואָרעם די מאַמע איז אויפגעשטאַנען מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. איך אָבער בין געשלאָפן געשמאַק, גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

פון מיין לעצטער גנבה — און דאָס איז געווען די לעצטע — איז מיר פאַרבליבן אַ רובל מיט 18 גראָשן, וואָס איך האָב באַגראָבן אין הויף נאָך איידער איך בין אַריין אין שטוב. בין איך געווען זיכער, אַז מען וועט ביי מיר קיין געלט ניט געפינען.

# איך ווער אַ לאָדזער „סוחר"

צומאָרגנס, נאָך דער דאָזיקער מעשה, בין איך אויפגעשטאַנען פרי, האָב מיך געוואַשן, געזאָגט ברכה מיט כוונה, גענומען דעם אָנבייסן און בין אַוועק אין חדר.

ווען איך בין שוין געווען ביי דער טיר, האָט די מאַמע מיך צוריקגערופן און מיר געגעבן אַ צווייער. „נאַ" — האָט זי געזאָגט — „קויף דיר עפּעס".

אַ סך יאָרן נאָך דעם האָט דער צווייער מיך פאַרפאָלגט. ווען איך בין אויפגעוואַקסן און בין אַליין אַריינגעצויגן געוואָרן צווישן די מילשטיינער פון „צער־גידול־בנים" (קינדער־דערציאונג), האָב איך גענומען פאַרשטיין דער מאַמעס האַרץ צו יענער צייט. אָט דער צווייער, וואָס איך פלעג אַזוי זעלטן באַקומען, האָט מיך אָן דעם דערמאָנט, און יעדעס מאָל, ווען דאָס האָט געטראָפן, האָבן די טרערן זיך געשטעלט ביי מיר אין די אויגן. מיר האָט געריסן דאָס האַרץ פאַר דער מאַמעס צער פון דעמאָלט.

אַזוי גייט עס. ווען די קינדער ווערן אַליין עלטער, הייבן זיי אָן צו פאַרשטיין דעם טאַטן מיט דער מאַמען. דאָס איז דער איינציקער שכר אין לעבן.

בעת־מעשה אָבער, ווען איך האָב געקראָגן די קאָפּיקע, האָב איך פון גאָרניט געטראַכט, צוגענומען און אַוועקגעגאַנגען.

צו יענער צייט איז אויף דזשיקע־גאַס, יעדן פרימאָרגן, געשטאַנען אַ ייד מיט אַ טישל און האָט פאַרקויפט קעז־קוכן, אַ זעקסער אַ שטיק. וואָס פאַר אַ קוכן איז דאָס געווען ? דורכגעמישט מיט ראָזשינקעס און זיס ווי צוקער. דער טעם ליגט מיר נאָך אין מויל. איך פלעג אַ סך מאָל פאַר־בייגיין דאָס טישל מיט אַ וואַסערדיק מויל און זינדיקע מחשבות. אין דער צייט פון מיין „שפע" בין איך געווען זיין בעסטער קונה. צוויי שטיק מיט איין מאָל — 12 גראָשן קעז־קוכן מיט איין קלאַפּ. ווען די „שפע" האָט אויפגעהערט, פלעג איך קוקן מיט קנאה און מיט סלינע אין מויל אויף דעם קעז־קוכן. איצט שטיי איך ווידער ביי דעם טישל מיט זיבן גילדן און 20 גראָשן אין מיין קעשענע. דעם גאַנצן קעז־קוכן קען איך דאָך אָפּקויפן — איך זאָל נאָר וועלן. אָבער איך האָב ניט געוואָלט. איך האָב געקויפט נאָר איין שטיקל קוכן, בין אַריין אין אַ טויער און האָב דאָס אויפגעגעסן ניט

געדאַוונט. אין דעם טויער בין איך אַריין צוליב דעם זעלביקן, וואָס אַז מען עסט אויף דער גאַס, איז מען געגליכן צו אַ הונט. אַ חוץ דעם האָב איך טאַקע מורא געהאַט עס זאָל מיך ווער עס איז ניט דערזען.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם קוכן, האָב איך גענומען טראַכטן, וואָס פאַר אַ תירוץ זאָל איך זאָגן, וואו איך בין געווען נעכטן. דער רבי וועט מיך אַוודאי דורסן.

אַזוי טראַכטנדיק, ניט וויסנדיק אַליין פאַר וואָס, אָן שום פּלאַן, בין איך ווידער אַוועק צום ווינער וואָקזאַל און האָב געקויפט אַ בילעט קיין לאָדזש.

היינט קען איך זיך בשום אופן ניט אָפּגעבן קיין חשבון פאַר וואָס און נאָך וואָס איך בין געפאָרן קיין לאָדזש, וואָס איך האָב דאָרט געטראַכט צו טאָן און וואָס איך האָב דערוואַרט פון לאָדזש. איך קען זיך אַפילו ניט דערקלערן, ווי אַזוי איך האָב גאָר געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ שטאָט לאָדזש. אַ בילעט קיין לאָדזש, פערטע קלאַס, האָט געקאָסט זיבן גילדן מיט צען גראָשן. מיין קאַפּיטאַל איצט, נאָך דעם קעז־קוכן, איז געווען זיבן גילדן מיט פערצן גראָשן. האָב איך געקויפט אַ בילעט קיין לאָדזש, און מיר איז געבליבן אַ פירער אין קעשענע. מיט דעם קאַפּיטאַל בין איך אָנגעקומען קיין לאָדזש אַרום פיר אַזייגער נאָך מיטאָג אין אַ ווינטער־טאָג.

אָנגעקומען קיין לאָדזש, וואו גייט מען ?

יידן אין לאָדזש האָבן ברוך־השם ניט געפעלט, און חסידים אויך ניט. די מייסטע זיינען דאָרט געווען גערער חסידים. האָב איך זיך אָנגעהויבן פרעגן, וואו איז אַ גערער שטיבל. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז איך האָב זיך דערפרעגט, אָבער איך בין אָנגעקומען. דאָס שטיבל, ווי מיר שיינט, איז געווען אויף דער אַלטשטאָט, צי אויף דער ניישטאָט. איך געדענק ניט מער. איך בין מער אין לאָדזש קיינמאָל ניט געווען.

אַריינגעקומען אין שטיבל בין איך פונקט צו מעריב. איך האָב געדאַוונט מעריב מיט די איבעריקע יידן. אָפּגעדאַוונט, איז דער גרויסער עולם זיך צעגאַנגען, אָבער אַ סך יידן זיינען געבליבן שמועסן תורה, צי פּאָליטיק. איך בין געווען טויט־הונגעריק. האָב איך גענומען קוקן אויף די חסידים, טאָמער וועט מיך איינער פרעגן ווער איך בין. אומזיסט, קיינער האָט ניט געפרעגט. זיי זיינען זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען, און מיך האָט מען אַפילו ניט באַמערקט. געבליבן איז נאָר איין ייד. דאָס איז געווען דער שמש, וואָס איז געשלאָפן אין שטיבל.

ווען אַלע זיינען זיך צעגאַנגען, האָט דער שמש מיך דערזען.

— וואָס גייסטו ניט אַהיים, יינגל ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— איך האָב ניט קיין היים, — האָב איך געענטפערט.

— ווי הייסטו ?

האָב איך אים דערציילט אַ מעשה, אַז איך בין אַ וואַרשעווער, נאָר וואָס געקומען פון וואַרשע, אַז מיין טאַטע איז אַ „דייטש", אַן אַפּיקורס, און ער וויל דווקא מיך שיקן אין שקאָלע אַריין, אָבער איך וויל לערנען תורה, בין איך אַנטלאָפן פון דער היים.

— וואָס לערנסטו ? — האָט דער שמש געפרעגט.

— איך לערן גיטין, שבת און ברכות. גיטין און שבת — דאָס זיינען געווען די צוויי שיעורים, וואָס איך האָב געלערנט ביים רבין, און ברכות האָב איך געלערנט פאַר זיך, צוזאַמען מיט מיין חבר שמשון, וואָס איז געווען אַ סך עלטער פון מיר.

דער שמש האָט מיך אָנגעהויבן פאַרהערן. ווי איך האָב שפּעטער פאַרשטאַנען, האָב איך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, וואָרעם אין דער מיט האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן : „ביסט אַוודאי הונגעריק ?"

— איך בין זייער הונגעריק, — האָב איך געענטפערט.

— פאַר וואָס האָסטו דאָס ניט געזאָגט פריער, ווען די באַלעבאַטים זיינען דאָ געווען ?

— איך האָב מיך געשעמט, — איז געווען מיין ענטפער, און איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט.

— וויין ניט, יינגעלע, — האָט דער שמש מיך געטרייסט, — אַ ייד וואָס וויל לערנען תורה, פאַרלאָזט ניט השם יתברך. היינט וועסטו עסן מיט מיר, און דו וועסט שלאָפן אין שטיבל, און מאָרגן וועל איך דיך שוין באַזאָרגן.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ שענקל, האָט פון דאָרט אַרויסגענומען ברויט, אַ שטיקל האַרטן קעז, וואָס מען רופט אין פוילן פּינטשעווער קעז, און אַ פלעשל בראָנפן.

ער האָט מיך געהייסן צוגיין צום כיור (קיער) זיך וואַשן. ער האָט גענומען אַ ביסל בראָנפן, נאָכדעם האָט ער זיך געוואַשן, און מיר האָבן זיך געזעצט עסן.

ווי איך האָב נאָר אָנגעהויבן עסן, האָט דער ייד דערזען, אַז זיין ברויט און קעז שטייען אין אַ גרויסער סכנה. איך האָב אַלע מאָל געהאַט אַ גוטן אַפּעטיט, בפרט דעם טאָג, ווען אַ חוץ דעם אָנבייסן פון דער היים, און דאָס שטיקל קעז־קוכן, האָב איך אַ גאַנצן טאָג גאָרניט געגעסן.

— וואָרט, — האָט דער ייד צו מיר געזאָגט, — איך וועל באַקן קאַרטאָפל.

אין דעם שטיבל איז געשטאַנען אַ גרויסער אויוון מיט אַ גוט פייער. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין שענקל פיר קאַרטאָפל און האָט זיי אַריינגע־וואָרפן אונטן, וואו דער הייסער אַש פאַלט אַרונטער.

— צוויי פאַר דיר און צוויי פאַר מיר, — האָט דער שמש געזאָגט.

אין אַ פופצן מינוט אַרום האָב איך געגעסן די געבראָטענע קאַרטאָפל, פאַרטרונקען מיט קאַלטע וואַסער, און בין געווען אַזוי צופרידן, אַז איך האָב געמיינט, קיין בעסערס וועל איך שוין קיינמאָל ניט פאַרלאַנגען. איך בין געווען מיד, אָנגעגעסן און אַזוי צעוואַרעמט, אַז די באַקן האָבן מיר געפלאַמט, בין איך געוואָרן שלעפעריק.

— דו ווילסט שלאָפן ? — האָט דער שמש געזאָגט. ער האָט אַרויס־געשלעפּט עפּעס אַן אַלטע זשופּיצע פון ערגעץ, אַ פאָר טליתים פון באַלעמער, און ער האָט מיר ווי עס איז אויסגעבעט מיט די טליתים צוקאָפּנס. איך האָב זיך צוגעדעקט מיטן טולעפּל, איינגעקאָרטשעטערהייט, און אין פינף מינוט אַרום בין איך געשמאַק איינגעשלאָפן.

דאָס איז געווען אַ דאָנערשטיק.

צומאָרגנס אין דער פרי, פרייטיק, זיינען חסידים געקומען אין שטיבל אַריין דאַווענען. צו איינעם פון די יידן, אַ רייכער ייד, ווי מיר האָט זיך געדאַכט לויט זיין אָנטאָן, האָט דער שמש מיך פאַרגעשטעלט און האָט אים דערציילט מיין ליגן. האָט דער ייד מיך אַהיימגענומען מיט זיך. אַ גאַנצן פרייטיק און אַ גאַנצן שבת בין איך געבליבן אין דעם הויז, אַ באמת גביריש, חסידיש הויז. וואָס זאָל איך אייך דערציילן ? אַזעלכע מאכלים האָב איך אין מיין לעבן ניט געגעסן, און אפילו ניט געחלומט. פרייטיק צו נאַכט צוויי סאָרטן צימעסן, קאַרפּן־פיש, און וואָס ניט ?

דער חסיד האָט געהאַנדלט מיט וואַרשע, און ער האָט געקענט וואַרשע אַ סך בעסער פון מיר. האָט ער מיך פרייטיק צו נאַכט, ביים טיש, גענומען אויספרעגן :

— ווי הייסט דיין טאַטע ?

— מאַוריקי בערמאַן, — האָב איך שנעל געענטפערט.

ווי קומט צו מיר דער נאָמען ?

איז די זאַך אַזוי. בערמאַן איז געווען מיין מאַמעס מיידלשער נאָמען. מאַוריקי בערמאַן איז געווען אירס אַ שוועסטערקינד, וועמען איך האָב אין מיין לעבן ניט געזען. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז ער איז אַ „דאַטש“, אַ טרייפניאַק, האָט אַ טוכהאַנדל אויף ראָג לעשנע און פּזשעיאַזד. אַ „דאַטש“, אַ טוכהאַנדל, אַן אפיקורס, האָב איך געברויכט זיין נאָמען.

— מאַוריקי בערמאַן ? — האָט דער חסיד זיך געוואונדערט, — און וואו וואוינט דיין טאַטע ?

— אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, — האָב איך געזאָגט, אַלץ אָנצו־האַלטן דעם ליגן.

— אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס ?

— יאָ.

דער ייד האָט געקוקט אויף מ׳ר. נאָכדעם זאָגט ער :

— איך האָב געמיינט, אַז פאַן בערמאַן וואוינט גאָר אויף דער רימאַר־סקע־גאַס, ניט ווייט פון זיין געוועלב.

פאַן בערמאַן האָט טאַקע געוואוינט אויף דער רימאַרסקע־גאַס.

מיר איז געוואָרן קאַלט און וואַרעם. פון וואַנען ווייסט דאָס דער ייד די אַלע זאַכן ? איך האָב אָנגעהויבן דרייען מיט דער צונג, האָב געזאָגט :

— דאָס האָבן מיר ערשט ניט לאַנג צוריק זיך איבערגעצויגן פון דער רימאַרסקע־גאַס אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס.

— און איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז דער „גוי" האָט אַ יינגל, וואָס לערנט גמרא, — האָט דער חסיד געזאָגט צו זיין פרוי.

איך בין געזעסן ווי אין אַ פיבער.. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד נאָכן עסן וועט מען מיך אַרעסטירן און אַהיימשיקן קיין וואַרשע מיטן „עטאַפּ". מיין שווינדל איז אַרויס, האָב איך געטראַכט. אָבער פון וואַנען קען דער ייד אין לאָדזש מאַוריקי בערמאַן, וואָס וואוינט אין וואַרשע ? און וואָס זאָל איך ווייטער זאָגן ?

צום גליק האָט דער ייד גענומען דערציילן זיין פרוי זאַכן וועגן דעם פאַן בערמאַן, וואָס איך האָב אין מיין לעבן ניט געהערט. וואָס פאַר אַ „משומד" ער איז, און ווען ניט זיין פאָטער, דאָס הייסט מיין זיידע, וואָלט ער אפשר אויפגעהאַלטן דאָס געוועלב אום שבת.

פון וואַנען ווייסט דער חסיד די אַלע זאַכן ?

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז דער חסיד איז געווען אַ טוך־פאַבריקאַנט, און מאַוריקי בערמאַן איז געווען איינער פון זיינע באַשטענדיקע קונים.

— אָבער דער „משומד" זאָל האָבן אַ יינגל, וואָס קען לערנען גמרא, אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט געריכט, — האָט דער חסיד ניט אויפגעהערט זיך צו וואונדערן.

ביסלעכווייז בין איך געקומען צו זיך. איך האָב גענומען ריידן פון מיין „זיידן", דער מאַמעס פעטער, פון וועמען איך האָב געוואוסט אַ ביסל מער ווי פון מאַוריקי בערמאַן. איך האָב נאָר געבעטן דעם יידן ער זאָל מיין „טאַטן" גאָרניט שרייבן, אַז ניט קומט ער צו פאָרן, נעמט מיך אַהיים און שיקט מיך גלייך אין גימנאַזיע אַריין.

דער ליגן איז בשלום אַדורך מיט חסד, און מען האָט מיך געקעכלט אַ גאַנצן שבת.

אין דעם חסידים־שטיבל בין איך באַלד געוואָרן אַ גאַנצער יחסן ביי די בחורים, און מיר וואָלט געווען גוט ווי די וועלט. אָבער דאָס לעבן איז מיר ניט איינגעגאַנגען. איך האָב געבענקט אַהיים. ביינאַכט האָב איך געהאַט אַזעלכע שרעקלעכע חלומות, אַז איך האָב מורא געהאַט צו גיין שלאָפן. ווי איך בין שפּעטער דערגאַנגען, האָט די מאַמע אין דער היים געהאַט ענלעכע חלומות. איך האָב געחלשט פאָרן אַהיים, און רק איך האָב געוויינט. אָבער וואו נעמט מען געלט אויף אַ בילעט ? די בחורים וואָלטן מיר לייכט געווען צוזאַמענגעמאַכט די פּאָר גילדן, וואָלט דאָך אָבער אַרויסגעקומען מיין גאַנצער שקר. פלעג איך גיין יעדן פרימאָרגן צום וואָקזאַל אין דער האָפענונג צו טרעפן עפּעס אַ יידן, וואָס וועט מיך אַהיימנעמען אויף זיינע הוצאות, אָבער איך האָב מיך געשעמט צו בעטן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיך געמאַכט האַרץ און האָב געוואָלט צוגיין צו אַ יידן בעטן, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים סאַמע רעכטן פונקט, ווי די פיס וואָלטן מיר געוואָרן אונטערגעהאַקט. אַזוי בין איך אָפּגעשטאַנען ביז די באַן איז אָפּגעפאָרן, און איך בין צוריק געגאַנגען אין שטיבל אַריין אַ טרויעריקער, אַ צעבראָכענער.

אַזוי האָב איך זיך אַרומגעוואַלגערט זיבן טעג, יעדן מאָרגן ביי דער באַן.

אויף דעם אַכטן טאָג האָב איך עס מער ניט געקענט אויסהאַלטן. היינט מוז איך פאָרן אַהיים, האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט. זאָל זיין וואָס עס וויל.

אויף דעם וועג צום וואָקזאַל האָב איך געטראָפן אַ חסידישן יונגנמאַן, מיט אַ שיינער, שוואַרצער באָרד, שיין אָנגעטאָן, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ סאַמעטן היטל. אויף דעם יונגנמאַן האָב איך געוואָרפן אַן אויג, און איך בין אים נאָכגעגאַנגען ביז צום וואָקזאַל.

אין דעם געטלאָק און געדרענג אויף דעם וואָקזאַל, האָב איך מיין פאַרשוין עטלעכע מאָל פאַרלאָרן. עס איז געווען זיין שיינע, שוואַרצע באָרד, וואָס האָט מיר געהאָלפן אים געפינען. אָבער צוגיין צו אים איז מיר ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט. איך בין געווען אין איין שרעק. אפשר פינף מינוט איידער די באַן האָט באַדאַרפט אָפּפאָרן, האָב איך זיך ענדלעך געמאַכט האַרץ און בין צוגעגאַנגען צו דעם יידן. אַלע האָבן זיך געאיילט, און איך בין ניט געווען זיכער, צי ער האָט געהערט די גאַנצע מעשה, וואָס איך האָב געהאַט צו דערציילן. ער האָט אפשר געכאַפּט ניט מער ווי די עטלעכע ווערטער : „פאָרן אַהיים, האָב ניט קיין געלט". „נעם אַ פּעקל און קום אַריין אין וואַגאָן מיט מיר" — האָט דער ייד געזאָגט, גאָרניט טראַכטנדיק, אַריינשטעקנדיק מיר אין דער האַנט איינס פון די פּעקלעך, וואָס ער האָט געשלעפּט.

אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך געווען אין וואַגאָן, פערטע קלאַס, וואו עס האָט געזשומעט מיט יידן.

מיין ייד האָט מיך אַריינגעשטעלט אין אַ ווינקל, אַרומגעלייגט מיך מיט פעקלעך, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבן פון אַנדערע יידן, און די יידן האָבן זיך אַוועקגעזעצט פון פאָרנט אויף זייערע פעקלעך, גאָרניט פרעגנדיק וואָס און ווען. איך בין געווען פאַרבאַריקאַדירט פון דעם קאָנדוקטאָרס אויג.

דער איינפאַל איז אַלעמען געווען געפעלן. אָבער מיין ערשטער באַשיצער איז געוואָרן אומרואיק, האָט ער גענומען האַנדלען מיט דעם קאָנדוקטאָר. דער קאָנדוקטאָר האָט אים געזאָגט, אַז ער קען גאָרניט טאָן, ווייל אויף דער טשענסטאָכאָווער סטאַנציע וועט זיין אַ רעוויזע. איז מיין ייד אַרומגעגאַנגען צווישן די אַנדערע יידן און האָט צוזאַמענגעמאַכט דריי גילדן מיט 20 גראָשן.

ביי דער סטאַנציע טשענסטאָכאָוו בין איך אַראָפּגעלאָפן און געקויפט אַ בילעט ביז וואַרשע. אַזוי בין איך געקומען אַהיים בשלום.

פון דער לאָדזשער „סחורה״, וואָס איך האָב אַהיימגעבראַכט, וועלן מיר הערן אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל.

# אַ דאַנק דעם גראָדזיסקער רבין

דער פעטער מרדכי־הירש, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז געווען דער מאַמעס ייִנגערער ברודער פון איין טאַטע־מאַמע. ער איז געווען אַ גערער חסיד. צו יענער צייט האָט ער געהאַלטן אַ באַקאַלעי־געשעפט אויף גראַניטשנע־גאַס. ער פלעגט פאָרן עטלעכע מאָל אַ יאָר קיין אויסלאַנד נאָך סחורה. צו אונדז פלעגט ער קומען פונקט אַזוי אָפט, ווי ער איז געפאָרן קיין אויסלאַנד. ווען דער פעטער איז געקומען, איז געווען יום־טוב. ערשטנס, פלעגט ער אַלע מאָל מיטברענגען שילאָווער (אַזעלכע סאַרדינען), געווענדזל־טע (געריכערטע) הערינג, לאַקס און וועלשנע ניס. אַלץ אַזעלכע לאַגאַטקעס, וואָס ביי אונדז אין דער היים האָט מען קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. אַ חוץ דעם פלעגט ער אַלע קינדער געבן אַ פּאָר גראָשן. ער האָט אַלע מאָל געהאַט אַ פולע קעשענע מיט געלט. אַ דרייער איז געווען די קלענסטע מטבע, וואָס ער האָט געגעבן. מיר האָט ער איין מאָל געגעבן אַ גאַנצן זעקסער. דעמאָלט האָט ער מיך פאַרהערט און ער איז געווען אַזוי צופרידן, אַז ער האָט אַרויסגענומען אַ זעקסער און האָט געזאָגט: „נאַ, שייגאַץ, ביסט אַ וואויל ייִנגל".

בין איך געווען אַ גאַנצער מחותן מיט דעם פעטער. ווען איך בין אַרויס פון דעם וואַגאָן אין וואַרשע, האָב איך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ווי אַזוי גייט מען אַהיים? וואָס וועל איך זאָגן?

מיין וועג אַהיים האָט געפירט דורך דער גראַניטשנע־גאַס, האָב איך ניט פיל געטראַכט און בין גלייך אַריין צום פעטער אין געוועלב.

דער פעטער איז שיר ניט געפאַלן אין חלשות, ווען ער האָט מיך דערזען. ער האָט גענומען אַרומלויפן און גערופן די מומע: „יוכבדל, יוכבדל, קום אַהער, יאַנקל איז דאָך דאָ, געלויבט איז השם יתברך".

די מומע איז צוגעקומען און האָט מיך באַקוקט פון אַלע זייטן. „וואו ביסטו געווען, יאַנקל? פון וואַנען קומסטו? וואָס מאַכסטו? ביסטו געזונט? געלויבט השם יתברך, אַבי לעבעדיק". אַזוי האָט די מומע געהאַלטן אין איין ריידן, און האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט: „געלויבט השם יתברך, אַבי לעבעדיק".

איך האָב גאָרניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך. אויף אַזאַ אויפנאַמע האָב איך זיך גאָר ניט גערעכנט.

אַ ביסל זיך באַרואיקט, זאָגט דער פעטער צו מיר: „אַצינד דערצייל מיר, יאַנקל, פון וואַנען דו קומסט?"

אָנשטאָט אַן ענטפער האָב איך זיך צעוויינט. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, מיט שלוקעכצן און וויינען האָב איך דערציילט דעם פעטער די גאַנצע מעשה. איך האָב אים געזאָגט דעם גאַנצן אמת מיט די צוויי רובל, מיט גראָדזיסק, אַלץ, אַלץ. איך האָב זיך פאַר אים מתוודה געווען אין אַלע מיינע חטאים, ווי אַ פרומער ייד צו נעילה, און איצט, האָב איך געוויינט, האָב איך מורא אַהיים צו גיין.

די מומע יוכבד איז געווען אַן אמתע צנועה, אַ כשרע יידישע נשמה, אַ זייד, איז זי געזעסן די גאַנצע צייט און האָט זיך געווישט די אויגן מיט דעם פאַרטעך.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן, מאַכט זי צום פעטער: „מרדכי־הירש, גיי מיט אים אַהיים. איך וועל זיך אַליין דאָ אַן עצה געבן".

„גיב מיר דאָס שבתדיקע היטל", האָט דער פעטער געזאָגט אָנטשלאָסן. באַלד האָט דער פעטער אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע היטל און גענומען גיין מיט מיר.

אויפן וועג האָט דער פעטער מיר געזאָגט, אַז די מאַמע וועט זיך אַוודאי דערשרעקן, ווען זי וועט מיך מיט אַ מאָל דערזען, וועט ער אַריינגיין פריער אַליין און דערנאָך וועט ער מיך אַריינרופן.

עס האָט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט און די מאַמע איז געקומען אַרויסצולויפן און האָט מיך אַריינגעשלעפט ביי דער האַנט. זי האָט מיך שוין דערזען דורך דעם פענצטער.

אירע ערשטע ווערטער זיינען געווען צום טאַטן: „דו זאָלסט מיר ניט אָנרירן דאָס יינגל". זי האָט דאָס געזאָגט מיט אַ טאָן, וואָס איך האָב קיין מאָל פון איר ניט געהערט, ניט פריער און ניט שפעטער, ס'איז געווען קענטיק, אַז זי איז געווען גרייט צו גיין אויף „קידוש־השם".

איך בין געשטאַנען ווי אַ חתן צו דער חופה. קיין מורא האָב איך מער ניט געהאַט. צווישן דעם פעטער און דער מאַמען האָב איך זיך געפילט זיכער. אָבער איך האָב זיך געשעמט אויפצוהייבן די אויגן.

אַ קורצע צייט זיינען אַלע געווען ווי שטום. דער טאַטע האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט און די מאַמע האָט ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון טאַטן.

„קודם־כל" — האָט דער פעטער אַ זאָג געטאָן — „גיב אים עפּעס עסן. ער איז דאָך אַוודאי הונגעריק".

צו זאָגן דעם אמת, בין איך ניט געווען הונגעריק. די יידן אויף דער באַן האָבן מיך אַ גאַנצן טאָג געשפּייזט מיט ברויט, וואַרשעווער וואורשט און ווינער קישקעלעך, אָבער קיין אַפּעטיט האָט מיר קיינמאָל ניט געפעלט. סיי ווי, איך וואָלט געגעסן, ווען אפילו איך וואָלט זיך באַדאַרפט שטיקן דערמיט, אָבי איבערצוברעכן די אומדערטרעגלעכע לאַגע.

מיין עלטערע שוועסטער רייזל איז אַריינגעלאָפן אין קיך, האָט צוזאַמענגעשאַרט וואָס עס איז נאָך געבליבן פון דער וועטשערע און האָט אַרויפגעשטעלט אויף דעם טיש. איך האָב זיך געוואַשן און געזעצט עסן.

— וואָס זאָגסטו צו דיין שוועסטער ? — האָט דער טאַטע געזאָגט צום פּעטער, — האָסטו געזען ווי זי האָט אויסגעזען ? אַן אמתע אשת־חיל.

איצט האָט די מאַמע זיך פאַרשעמט און געשוויגן.

דערווייל האָט מיין שוועסטער געמאַכט פייער און האָט צוגעשטעלט גרויסע טעפּ מיט וואַסער. דאָס איז געווען פאַר מיר, מיך אויסצוצוואָגן און אַרומצואוואַשן. צו זאָגן דעם אמת, היינט מעג מען שוין אויסזאָגן, האָב איך דאָס נויטיק באַדאַרפט. צוויי וואָכן לאַנג האָב איך געטראָגן דאָס זעלביקע העמד, מער ווי אַ וואָך וואָס איך בין געשלאָפן אויף דער האַרטער באַנק אין גערער שטיבל, האָב איך זיך ניט אויסגעטאָן אפילו איין מאָל. די סאַניטאַרע צושטאַנדן אין דעם גערער שטיבל, ווי איך בין זיך היינט משער, האָבן געמוזט זיין אַזעלכע, וואָס האָבן ניט פיל בייגעטראָגן צו ריינלעכקייט און ציכטיקייט. דער סוף איז געווען, אַז . . . עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד, ווען מיינע שוועסטער האָבן מיך געוואָלט ערגערן, האָבן זיי מיך גערופן: „לאָדזשער סוחר״. אַזוי פיל סחורה האָב איך אַהיימגעבראַכט פון לאָדזש.

די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט מיך „מטהר״ געווען, איז דער פּעטער געווען פאַרטאָן אין אַ געשפּרעך מיט דעם טאַטן שטילערהייט. יעדע פינף מינוט איז די מאַמע אַריינגעלאָפן אין שטוב, האָט זיך איינגעהערט און איז צוריקגעקומען אין קיך אַריין, און האָט מיך געוואַשן, געצוואָגן דעם קאָפּ און געקעמט.

אַ גאַנצע שעה האָט דאָס געדויערט. פאַרטיק געוואָרן, האָט זי מיר געגעבן אַ קלאָר העמד און מיך אַריינגעפּאַקט אין טאַטנס בעט אַריין.

צומאָרגנס בין איך געגאַנגען אָנגעטאָן אין די שבתדיקע הויזן. די וואָכעדיקע הויזן האָט מען דאָן געווען לשריפה.

די גאַנצע צייט בין איך געווען ווי אַ צעמישטער. איך האָב בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז פאַרגעקומען. געריכט האָב איך זיך, אַז מען וועט מיך דערהרגענען. דער פּעטער, האָב איך געמיינט, וועט מיר

איינשפּאָרן אַ פּאָר שמיץ, אָבער אַז איך וועל אָפּקומען „פּטור בלא כלום״, אין גאַנצן אָן קלעפּ, — דאָס האָט זיך מיר אפילו נישט געחלומט.

ביסלעכווייז איז מיר דאָס רעטעניש געוואָרן פאַרענטפערט. דאָס האָב איך געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם גראַדזיסקער רבין.

די מעשה איז געווען אַזוי:

מיין עלטער־באָבע, דער מאַמעס באָבע, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען טויט אַ יאָר פיר, איז געווען אַ גרויסע צדקנית און אַ גרויסער שם־דבר אין וואַרשע. די מאַמע פלעגט מיר דערציילן, אַז זי האָט געטראָגן ציצית און מען פלעגט צו איר פאָרן ווי צו אַ גוטן יידן. אַלע פרייטיק און יעדן ערב־יום־טוב פלעגט זי באַקן חלה פאַר די אָרעמעלייט פון דער געגנט און פאַר־טיילן אומזיסט. מען האָט זי דערפאַר גערופן פייגע די בעקערין. אַ צווייטע מצוה האָט זי מקיים געווען, וואָס אויף אַלע ימים־טובים האָט זי אַרויסגע־קראָגן די יידישע סאָלדאַטן פון די קאַזאַרמעס און האָט זיי באַזאָרגט מיט באַלעבאַטים. ווען די מאַמע האָט געבענטשט ליכט, אָדער ווען זי האָט מוצאי־שבת געזונגען: „גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב״ מיט איר האַרציקן ניגון, האָט זי אַלע מאָל צוגעלייגט: „און אין דעם זכות פון באָבע פייגע״.

ווען איך בין אַוועק פון דער היים און בין ניט צוריקגעקומען, און דאָס זוכן איז געווען אומזיסט, איז די מאַמע דאָס ערשטע געלאָפן אויף דעם קבר פון דער באָבע פייגע. דאָרט האָט זי, ווי דער שטייגער איז, זיך גאַנץ גוט אויסגעוויינט און געבעטן די באָבע, זי זאָל זיך מיען פאַר איר, אירע יאָרן זאָלן ניט ווערן פאַרוויסט און פאַרשטערט, איר קינד זאָל בלייבן לעבן און בשלום קומען אַהיים.

די באָבע האָט לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן אויף זיך מיט אַ תשובה. די זעלביקע נאַכט האָט זי דער מאַמען אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. זי איז איר גע־קומען צו חלום.

ווי די מאַמע האָט מיר אַליין וויפל מאָל דערציילט, איז די באָבע דער־שינען אין בייע, ווייסע תכריכים, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט (אַ שטעקן האָט זי געטראָגן נאָך ביים לעבן). איר פּנים האָט געלויכטן ווי די זון, ווי זי וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקומען פון אונטער דעם כסא־הכבוד. איר שטים איז געווען צאַרט און ווייך, אָבער שטרענג, און זי האָט אָפּט זיך געבייזערט און געקלאַפּט מיט דעם שטעקן אויף דער פאָדלאָגע.

„היינטיקע מאַמעס״, האָט זי געזאָגט, „ווייסן גאָר ניט ווי זיך אומצוגיין מיט קינדער. אַז מען האָט אַ גוט קינד, מוז מען דאָס היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ; מען מוז עס באַשיצן און ניט דערלאָזן דעם קינד מאַכן אַ שלעכטן

שם, און ניט פֿאַרטרייבן פֿון דער היים; די מאַמע איז שולדיק אין אַלץ, וואָס עס טרעפֿט דעם קינד", האָט זי געקלאָפּט מיטן שטעקן. „דיין יאַנקעלע האָט זיך דערטרונקען פֿון חרפּה און ווייטיק", האָט זי געענדיקט, „און דו ווּעסט קיינמאָל ניט וויסן וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען".

וואָס נאָכדעם איז געשען ווייס איך נאָר, וואָס די מאַמע האָט מיר דערציילט אַ טויזנט מאָל און וואָס מיינע שוועסטער און ברידער און מיינע פּלימעניקעס און פּלימעניצעס ביזן דריטן דור ווייסן. פֿון אייגענער דער־פֿאַרונג ווייס איך נאָר, אַז די מאַמע האָט זיכער געחלומט ביי נאַכט, וואָס זי האָט געטראַכט ביי טאָג.

ווען די מאַמע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון דעם שרעקלעכן חלום, האָט זי מיט שרעק אויפֿגעוועקט דעם טאַטן און דאָס איבעריקע הויזגעזינט. מען האָט אָנגעצונדן ליכט, דער טאַטע האָט זיך געזעצט זאָגן תהילים מיט געוויין און אַלע האָבן זיך שיר געזעצט שבעה. איין האָפֿענונג איז נאָך געבליבן: דער גראָדזיסקער רבי. איז די מאַמע באַלד אין דער פֿרי, מיט דעם ערשטן צוג, „אַוועקגעלאָפֿן" צום גראָדזיסקער רבין.

איידער די מאַמע איז אָנגעקומען צום רבין האָט געדויערט אַ שפּאָר ביסל צייט, האָט זי זיך דערווייל צערעדט מיט עטלעכע ווייבער, מיט דעם שמש און מיט בחורים אין בית־המדרש. זי האָט אַלעמען דערציילט אירע צרות. פֿון די אַלע רייד איז זי דערגאַנגען, אַז מיט עטלעכע טעג פֿריער איז אין גראָדזיסק געווען אַ יינגל, וואָס האָט זיך פּונקט אַריינגעפּאַסט אין איר באַשרייבונג פֿון מיר. דאָס איז געווען, ווען זי האָט געוואוסט, אַז איך בין געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין דעם ווינקל אויף דעם פּאַק ברודיקע וועש. האָט זי שוין דאָס אויך געלאָזט אַריינשרייבן אין דעם קוויטל צום רבין.

דער גראָדזיסקער רבי, הפּנים, איז געווען קליגער פֿון דער באָבע פּייגע, „איר זכות זאָל אונדז ביישטיין". דער רבי האָט אויך אויסגעמוסרט דער מאַמען. ער האָט איר אויך געזאָגט, אַז מען האָט ניט באַדאַרפֿט זיין אַזוי שטרענג צו מיר, אָבער צו דער זעלביקער צייט האָט ער איר פֿאַרזיכערט, אַז מיט מיר איז גאָרניט געשען. אַז אַ יינגל, וואָס קען אַזוי גוט לערנען, ווי זי האָט אים געזאָגט, אַז איך קען, וועט ניט גיין זיך דערטרינקען, אַז „אַ חלום איז אַ נאַר", אַז איך וועל מיט גאָטס הילף בשלום קומען אַהיים, „אָבער, למען השם", האָט ער געזאָגט, מען זאָל מיר גאָרניט טאָן, ווען איך וועל אַהיימקומען, מען זאָל מיר אפֿילו קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן". „תורה איז מכפּר", האָט ער ווייטער געזאָגט, און אַז מען וועט מיך ניט טרייבן אויף דעם קרומען וועג, מיטן פּאַסעק, אָדער אפֿילו מיט שלעכטע ווערטער, וועל איך אַליין טאָן תשובה.

דאָס איז עס געווען, וואָס האָט מיר איינגעשפּאָרט גאָט ווייסט וויפל שמיץ. דאָס איז עס געווען, וואָס האָט געמאַכט דער מאַמען אַזוי שטרענג צום טאַטן, ווען איך בין אַריינגעקומען מיטן פעטער. זי האָט געציטערט, דער טאַטע זאָל חלילה ניט עובר זיין אויף דעם רבינס ווערטער.

ביזן היינטיקן טאָג בין איך דאַנקבאַר פאַר דעם דעם גראָדזיסקער רבין. פאַר דעם אַליין האָט ער פאַרדינט, אַז זיין נשמה זאָל רוען אין גן־עדן.

# פאַפּיראָסן

דער בעכער פון מיינע זינד איז נאָך ניט געווען פול, און דער כוס פון שטראָף כמעט ליידיק.

עס איז פאַראַן אַ גרויסע שייכות צווישן די צוויי כוסות פון זינד און שטראָף.

איך גלויב ניט אין דעם פסוק „חושך שבטו שונא בנו" (דער וואָס פאַרמיידט די רוט, איז אַ שונא פון זיין זון); איך האַלט ניט, אַז דער קאַנטשיק גלייכט־אויס קרומע רוקנס. איך גלויב אָבער אין דעם יידישן שפּריכוואָרט פון באַצאָלן „רבי־געלט". אויב מיר ווילן עפּעס לערנען, מוזן מיר באַצאָלן „שכר־לימוד". עס מאַכט ניט אויס אין וואָסער פאָרמע דער „שכר־לימוד" ווערט געצאָלט. אַז מען באַצאָלט ניט קיין רבי־געלט, לערנט מען זיך גאָרניט אויס. אונדזערע קינדער, אַזוי גלויבן מיר, וואָלטן זיך געקענט איינשפּאָרן אַ סך היזקות, עגמת־נפשן און וואָס ניט, ווען זיי זאָלן זיך נאָר ווען באַנוצן מיט דער דערפאַרונג פון די עלטערן, וואָס מען גיט זיי אומזיסט, אָבער זיי נעמען דאָס ניט. זיי ווילן אַליין פּרובירן, און זיי באַצאָלן זייער טייער פאַר דער לעקציע. אין סך־הכל איז דאָס גאַנץ נאַטירלעך: מענטשן נעמען זיך ניט אַראָפּ קיין מוסר. זיי לערנען נאָר ווען זיי באַצאָלן „רבי־געלט".

דער וואָרצל פון דעם ליגט, ווי עס שיינט מיר, אין דעם איבערגעטריבענעם גלויבן אין די אייגענע כוחות, און די איינריידעניש, וואָס יעדער האָט, אַז ער איז קליגער און פּעאיקער פון דעם אַנדערן, אַז ער וועט געווינען דאָרט, וואו יענער האָט פאַרלאָרן. אַ מאָל איז אַזאַ איינריידעניש אַ גוטע זאַך. עס העלפט דעם פּראָגרעס, אָבער דער יחיד, וואָס טוט אַזוי, פאַרלירט אָפּט.

ווען איינער טוט־אָפּ אַ שמד־שטיק, און עס גיט זיך אים איין זיך אַרויסצודרייען פון אַ פאַרדינטער שטראָף, שרייבט ער דאָס צו צו זיין אייגענער חכמה.

דעם געדאַנק פון ספּעציעלע אומשטענדן דערלאָזן מיר נאָר אין פאַל פון אומגליק, פון דורכפאַל, פון פאַרלוסט. דעמאָלט ווערן מיר פילאָזאָפיש, ליבעראַל און מיר גראָבן אויס פון אונטער דער ערד „אומשטענדן", אויף

ווען מען אַרויפצואוואַרפן זיי שולד פאַר די אומגליקלעכע רעזולטאַטן, אָדער דער שווערער לאַגע, אין וועלכער מיר האָבן זיך אַליין אַריינגעפלאָנטערט.

אַזוי זיינען מענטשן.

דאָס זעלביקע האָט געטראָפן מיט מיר. געהאָלפן אין מיין צרה, האָט די באָבע פייגע, דער גראָדזיסקער רבי, דער פעטער מרדכי־הירש, און מער פון אַלע די מאַמע אַליין, אָבער איך האָב דאָס אַלץ אַרויפגעשריבן אויף מיין אייגענעם חשבון.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב זיך אַרויסגעדרייט פון טאַטנס פּאַסעק, ווייל איך בין געווען פריער אין גראָדזיסק, און ווייל איך האָב געהאַט שכל אַריינצוגיין צום פעטער מרדכי־הירש.

צוריק אין חדר האָב איך פונדעסטוועגן ניט געוואָלט גיין. איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם רבין און איך האָב זיך געשעמט פאַר די חברים. די חרפּה איז אפשר געווען שטאַרקער פון דער מורא. אַזאַ שטאַרק פאַלן, פון דעם העכסטן שטאַפל ביז דעם נידעריקסטן: דער ייִנגסטער און דער בעסטער תלמיד אין חדר, דער ליבלינג פון רבין — אַלע האָבן זיך געחברט מיט מיר; אַלע האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ חסיד און ירא־שמים, פאַר אַ צוקונפטיקן גדול בישראל און מיטאַמאָל — דער שאול־תחתיה! אַריינגעפאַלן אין תהום אַריין. דעם געדאַנק האָב איך בשום אופן ניט געקענט פאַרטראָגן. גיין צוריק אין חדר? ווען מען זאָל מיך צעהאַקן אויף שטיקלעך, וועל איך דאָס ניט טאָן.

איך האָב געוויינט און זיך געבעטן ביי דער מאַמען; די מאַמע האָט געוויינט און זיך געבעטן ביי מיר, אָבער ניין און ניין! איך וועל ניט גיין!

„צו ווען קען מען דיך אָנדינגען אין מיטן זמן?" — האָט די מאַמע געטענהט, און וועל איך קריגן אַ מלמד ווי ר' ישראל־שמואל פאַר 24 גילדן אַ חודש? עס קומט אָן געענוג שווער צו צאָלן די פיר און צוואַנציק גילדן.

האָב איך געענטפערט: איך וועל גיין אין תלמוד־תורה לערנען, אָדער איך וועל גאָר גיין אין בית־המדרש אַריין לערנען פאַר זיך, מיט אַ בחור.

תלמוד־תורה! אַזאַ חרפּה, זי זאָל שיקן איר קינד אין תלמוד־תורה — פון דעם האָט זי גאָרניט געוואָלט הערן. אין בית־המדרש? זי האָט קיין מאָל ניט געהערט, אַז אַ ייִנגל פון צען יאָר זאָל גיין אין בית־המדרש אַריין לערנען פאַר זיך. אַ בחור? יאָ, אָבער אַ ייִנגל קען ניט ווערן מיטאַמאָל אַ בית־מדרש־בחור.

אָבער איך בין געווען איינגעשפּאַרט, ניין און ניין! מיטאַמאָל האָט די מאַמע זיך אין גאַנצן געענדערט. „זאָל זיין, ווי דו ווילסט", האָט זי אַ זאָג געטאָן, בלייב אין דער היים.

איך האָב געדאַווענט מיט גרויס כּוונה, געגעסן וואַרמעס, און זיך געזעצט לערנען אין מיין גמרא.

אַ ביסל שפּעטער איז די מאַמע אַרויס פון שטוב. זי האָט זיך געזאַמט אפשר צוויי שעה און איז אַהיימגעקומען מיט פאַרוויינטע אויגן.

איך האָב ניט געוואוסט, וואו זי איז געווען, און איך האָב ניט געוואַגט צו פרעגן. צו פאַרגיטיקן דער מאַמען, האָב איך זיך שטאַרק געשאָקלט ביי דער גמרא און געלערנט מיט דעם בעסטן ניגון, וואָס איך האָב געקענט.

אַ שטיקל צייט נאָך דעם ווי די מאַמע איז אַהיימגעקומען, און צו מיין גרויס דערשטוינען, זיינען אַריינגעקומען צוויי פון מיינע בעסטע חברים פון חדר. ווען עס עפנט זיך אַ גרוב און איך ווער איינגעזונקען ווי אַמאָל קרח מיט זיין עדה, — וואָלט מיר געווען אַ סך ליבער. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, אָדער וואו צו קוקן.

מיינע חברים האָבן קיין שום שהיות ניט געמאַכט. אָנגעצויגן ווי צוויי אויטאָמאַטן, וואָס זיינען אָנגעשרויפּט צו טאָן אַ באַשטימטע אַרבעט, האָבן זייביידע מיטאַמאָל, אין איין שטים אַרויסגעזאָגט:

„יאַנקל, דער רבי האָט געשיקט דו זאָלסט קומען אין חדר. ער וועט דיר גאָרניט טאָן, און מיר וועלן דיר מוחל זיין במחילה גמורה".

אין דער זעלביקער סעקונדע האָט די מאַמע אָנגעהויבן: „גיי, מיין קינד, אין חדר. דו זעסט דאָך אַלע זיינען גוט צו דיר. דאָס איז אין דעם זכות פון דיין תורה און אין דעם זכות פון דער באָבע פייגע. דער רבי וועט דיר גאָרניט טאָן. גיי אין חדר און זאָל קומען אַ היילונג צו דער מאַמעס ביטערן געמיט".

און זי האָט זיך צעוויינט.

אַזאַ אומדערוואַרטע אַטאַקע פון צוויי זייטן, האָב איך ניט געקענט אַריבערטראָגן, און איך בין אַוועק אין חדר אַ פאַרשעמטער מיט מיינע צוויי חברים.

דער לייענער פאַרשטייט, אַז דאָס איז געווען דער מאַמעס אַרבעט. בעת מעשה אָבער איז דאָס מיר אפילו ניט איינגעפאַלן.

אַריינגעקומען אין חדר, האָט דער רבי געזאָגט: „ברוך הבא, יאַנקל", און די יינגלעך האָבן געזאָגט: „ברוך הבא, יאַנקל". און מען האָט זיך געזעצט לערנען, ווי עס וואָלט קיין זאַך ניט געשען.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע וואָכן. אין דער היים האָט מען מיר גאָר־ניט געזאָגט. דער רבי האָט גאָר ניט געזאָגט. שבת בין איך געגאַנגען אין שטיבל אַריין דאַווענען ווי פריער, און דער טאַטע האָט געוואָרט מיט דעם טשאָלנט ביז איך בין געקומען פון דאַווענען. אַלץ איז געווען ווי פריער, אַ

חוץ איין זאַך. צו דער באָבען אויף מיטאָג בין איך מער ניט געגאַנגען. וואָס מ׳האָט אין מיר ניט אַריינגערעדט, איך האָב זיך געהאַלטן ביי דאָס מייניקע. ניין! די באָבע איז אַליין געקומען שבת צו אונדז אַהיים. אָבער ווי איך האָב זי נאָר דערזען, בין איך אַרויסגעלאָפן פון שטוב, און איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט צוריק אַריינגיין ביז די באָבע איז אַוועקגעגאַנגען.

איז אַלץ ווידער געגאַנגען כשורה. האָט מיך דער טייוול אָנגעטראָגן אַפּצוטאָן נאָך אַ שפּיצל. דאָס איז געווען דאָס לעצטע שמד־שטיק אין דער צייט פון מיין ירידה.

עס איז געקומען ניטל (די נאַכט פון קריסטמעס).

יעדן אָוונט פלעגן מיר לערנען ביז ניין ביי נאַכט, אַ חוץ ווען דאָס ליכט איז אויסגעגאַנגען פריער. און חברה האָבן געהאַט אַ סך מיטלען צו פאַר־קירצן דאָס לעבן פון דעם ליכט. מען פלעגט דאָס אַרומשאָבן און געמאַכט עס דינער, נאָך איידער מען האָט עס אָנגעצונדן; מען פלעגט עס אַרומ־קראַצן מיט די נעגל אַרום דעם פלאַם, אָדער מען פלעגט אַריינשטעקן אַ שפּילקע, ווען דער רבי האָט זיך פאַרקוקט. איך האָב אַ מאָל טריף גע־מאַכט מיין מעסערל, וואָס איך האָב „געפונען״, און האָב עס נאָך דעם געמוזט אַריינשטעקן צווישן די שפּאַרעס פון דער פּאָדלאָגע אויף גאַנצע זעקס שעה, צו מאַכן עס ווידער כשר.

דער געוויינלעכער לימוד, ווי געזאָגט, איז געווען ביז ניין. ביטל, ווי באַוואוסט, טאָר מען ניט לערנען שפּעטער ווי ביז האַלב זיבן, אָדער האַלב נאָך זעקס, ווי מען זאָגט אויף דעם אַמעריקאַנער לשון. אַרום פיר אַזייגער איז דער רבי געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען מנחה־מעריב. איז מיר איינגע־פאַלן אַ פּלאַן אָפּצופירן די צייט און מען זאָל דעם אָוונט גאָרניט לערנען. דער רבי פלעגט זיין בייז, ווען איינער פון די ייִנגלעך האָט געהאַט פּאַפּיראָסן. ער פלעגט געוויינלעך באַזוכן דעם בחור און קאָנפיסקירן די פּאַפּיראָסן, אויב ער האָט אַזעלכע געפונען, פּונקט ווי מען טוט מיט קאָנטראַבאַנד. איז געווען מיין פּלאַן, ווען דער רבי וועט קומען פון מנחה־מעריב, זאָל מען מסרן אויף איינעם, אַז ער האָט פּאַפּיראָסן, וועט דער רבי אים באַזוכן און ניט געפינען, וועט ער מסרן אויף אַ צווייטן און אַזוי ווייטער, ביז עס וועט ווערן האַלב זיבן, וועט מען גיין אַהיים אומגעלערנט.

דער פּלאַן איז אַלעמען געווען געפעלן.

ווער זאָל זיין דער ערשטער צו מסרן?

דער דערפינדער פון דעם געניאַלן פּלאַן, איז געבליבן בהסכם פון אַלע, אַז איך דאַרף זיין דער ערשטער אָנצודרייען דאָס רעדל.

כך הוה!

נאָך מעריב, אַזוי שנעל ווי דער רבי האָט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל, האָב איך געזאָגט : „רבי, יצחק האָט פּאַפּיראָסן".

„יצחק, האָט דער רבי געזאָגט, גיב אַהער די פּאַפּיראָסן".

„ס'אַ ליגן, רבי, איך האָב ניט קיין פּאַפּיראָסן".

— קום אַהער !

יצחק איז צוגעגאַנגען, דער רבי האָט באַזוכט. ניטאָ קיין פּאַפּיראָסן.

— וואו זיינען די פּאַפּיראָסן ? — האָט דער רבי געזאָגט שטרענג. — די פּאַפּיראָסן זאָלן מיר זיין.

— איך האָב זיי געגעבן אברהמלען — איז געווען יצחקס ענטפער.

— אברהמל, גיב אַהער די פּאַפּיראָסן.

— ער האָט מיר ניט געגעבן קיין פּאַפּיראָסן, רבי, עס איז „שוא־ושקר" (ליגן, אויסגעטראַכט), — האָט אברהמל געענטפערט.

— קום אַהער !

דער רבי האָט גענומען זוכן. ניטאָ קיין פּאַפּיראָסן.

— זאָלסט מיר באַלד זאָגן, וואו האָסטו אַהינגעטאָן די פּאַפּיראָסן, — האָט דער רבי געזאָגט.

— איך האָב זיי געגעבן איטשע־מאירן, — האָט אברהמל אַרויסגעשטאַמלט.

אַברהמל האָט געכאַפּט אַ פייערדיקן פּאַטש.

— דו האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט, אַז דו האָסט ניט געהאַט קיין פּאַפּיראָסן. איטשע־מאיר, גיב אַהער די פּאַפּיראָסן. — האָט דער רבי גערעדט צו איינעם און צום אַנדערן.

איטשע־מאיר, ווען ער האָט דערזען, וואָס עס איז געשען מיט אברהמלען, האָט ניט געמאַכט קיין שום שהיות און האָט דערציילט די מעשה פון אלף ביז תיו, ווי אַזוי איך האָב אַלעמען אָנגערעדט צו מאַכן די קאָנספּיראַציע.

— יאַנקל האָט אויסגעפירט — האָט דער רבי געזאָגט — מען וועט היינט שוין ניט לערנען.

איך האָב דערפילט, אַז איצט איז געקומען די צייט, ווען דער רבי וועט סילוקן דעם „נדן", וואָס איך האָב זיך ביי אים געזאַמלט. איך בין געזעסן אין איין ציטערניש. וואָס זאָל איך זאָגן ? דער רבי וועט מיך אַוודאי ממיתן. ער האָט אפילו ניט געקוקט אויף מיר. ער האָט גענומען גאַנץ געלאַסן באַזוכן אַלע יינגלעך, איינעם נאָכן אַנדערן. מיך האָט ער געלאָזט אויפס לעצט.

קיינער האָט קיין פּאַפּיראָסן ניט געהאַט.

פּאַרטיק געוואָרן מיט די יינגלעך, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר :

— יאַנקל, וואו זיינען די פּאַפּיראָסן ? — האָט ער געפרעגט.
— איך ווייס ניט, איך האָב געזען יצחק האָט געהאַט פּאַפּיראָסן.
מיר האָט גענומען פליען פונקען פאַר די אויגן פון דעם פּאַטש, וואָס איך האָב געקראָגן.
— יאַנקל, דו זאָלסט מיר געפינען די פּאַפּיראָסן.
אַ צווייטער פּראַסק, נאָך פייערדיקער פון דעם ערשטן.
— דו זאָלסט מיר שוין געבן די פּאַפּיראָסן.
— איך האָב ניט קיין פּאַפּיראָסן.
ווידער אַ פּראַסק. ווי אַ גזלן איז ער געשטאַנען איבער מיר און געפאָדערט די פּאַפּיראָסן. ער האָט בשום־אופן מיך ניט דערלאָזט, איך זאָל זיך מודה זיין. ער האָט רק געפאָדערט פּאַפּיראָסן און נאָך יעדן ענטפער אַ נייעם פּאַטש.
„אפשר האָט יצחק אַרויסגעוואָרפן די פּאַפּיראָסן דורכן פענצטער", האָב איך אַ זאָג געטאָן.
„גיי אַרויס און הייב זיי אויף".
מיר איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן. לאָמיך זיך נאָר אַרויסכאַפּן אויף דעם הויף, ער וועט שוין מער נישט פּאַטשן.
איך האָב זיך געגעבן אַ שטעל־אויף. אָט גיי איך שוין און ברענג די פּאַפּיראָסן".
ס'איז מיר געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן.
„וואו האָסטו גענומען דעם גאַרטל ?", האָט ער פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.
„דער פעטער מרדכי־הירש" — האָב איך אָנגעהויבן מיין אַלטן תירוץ...
אַ נייער פּאַטש איז געקומען צו פליען נאָך איידער איך האָב געהאַט צייט צו ענדיקן, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן.
„וואו האָסטו גענומען דאָס מעסערל ? פאַרוואָס האָסטו געגנבעט צוויי רובל ? פאַרוואָס ביסטו געפאָרן קיין גראָדזיסק ? פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן קיין לאָדז ?"
איך וועל עס מאַכן בקיצור : ער האָט מיר אויפגעציילט אַלע מיינע חטאים, און ווי איך האָב נאָר פּרובירט זאָגן אַ ליגן, האָב איך געכאַפּט אַ פּאַטש, אָדער אַ שנעל אין נאָז, ווען ער איז מיד געוואָרן פּאַטשן. ביי איין פּונקט האָב איך אים געזאָגט דעם אמת, האָט ער ניט געפּאַטשט. „אַז דו וועסט זאָגן דעם אמת", האָט ער געזאָגט, „וועל איך דיך מער ניט שלאָגן".
איך האָב שנעל דערזען, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, וואָס וועט מיך ראַטעווען פון די פייערדיקע פּעטש, האָב איך אָנגעהויבן דערציילן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, איז ער געזעסן שטיל און האָט זיך איינגעהערט. ער

האָט נאָר יעדעס מאָל געפרעגט אַן אַנדער שאלה, און ער האָט אַלץ געדענקט. אַזאַ בייזן זכרון! און איך האָב דערציילט אַלע גנבות און נסיעות.

אַז איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט ער ווידער אַ פרעג געטאָן: „וואו זיינען די פּאַפּיראָסן?"

„איך ווייס ניט וואו", האָב איך געזאָגט, „אפשר ליגן זיי אויפן הויף". אַ נייער פּאַטש!

„אַז דו וועסט זאָגן דעם אמת, וועל איך דיך מער ניט שלאָגן", האָט ער ווידער געזאָגט.

אָבער ביי דעם פּונקט האָב איך זיך איינגעשפּאַרט. בשום אופן האָב איך ניט געוואָלט מודה זיין די לעצטע שטוקע. איך האָב זיך געהאַלטן ביי דאָס מייניקע. און ער האָט געפּאַטשט און געשנעלט.

ווען דער זייגער האָט געוויזן האַלב זיבן, צו דער מינוט, האָט דער רבי געזאָגט: „איצט קענסטו גיין אַהיים, מען טאָר מער ניט לערנען".

קנאַפּע צוויי טעג בין איך געלעגן אין פיבער נאָך די קלעפּ. די מאַמע האָט געפרעגט וואָס מיר איז? איך האָב ניט דערציילט אַ וואָרט וואָס עס איז געשען אין חדר.

אויף דעם צווייטן טאָג איז דער רבי אַליין געקומען אין מיטן טאָג צו מיר אַהיים געוואָר ווערן. מיר איז שוין געווען בעסער. האָט ער דערציילט דער מאַמען פון מיין בייעם שפּיצל, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן, און ער האָט מיר געגעבן אַ פּאָר גוטע פּעטש.

„אַצינד קום אין חדר אַריין", האָט ער געזאָגט צו מיר. „דו וועסט ווידער זיין אַ וואוילער בחור. דאָס האָסטו געהאַט אַ כפּרה פאַר דיינע חטאים. גאָט האָט דיר מוחל געווען. דו וועסט נאָר מוזן טאָן תשובה פאַר דעם לעצטן ליגן.

צי גאָט וועט מיר מוחל זיין, ווייס איך ניט, דאָס דאַרף מען נאָך זען. אָבער איך מוז זיין גערעכט צו ישראל־שמואל, דעם מלמד. ער האָט מיר מוחל געווען און איך אים אויך. נאָך דעם האָט ער אויף מיר קיין שום שנאה ניט געטראָגן. אַלץ איז פאַרגעסן געוואָרן. ער האָט ווידער גענומען לערנען מיט מיר דעם עקסטראַ־שיעור, און איך האָב מער אַזעלכע זאַכן ניט געטאָן, אין מיין גאַנצן לעבן. איך האָב קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז „לא תגנוב" איז דער טייטש: „דו זאָלסט ניט געפינען", און איך האָב די דאָזיקע תורה איבערגעגעבן צו מיינע קינדער.

מיינע חברים אין חדר אָבער, האָב איך דעם שענדלעכן פאַרראַט פאַר אַ לאַנגער צייט ניט געקענט מוחל זיין.

## די „לעקציע" וואָס די תּלמוד־תּורה גיט מיר

יענעם גאַנצן ווינטער און דעם קומענדיקן זומער האָב איך ווייטער געלערנט ביי ר׳ ישראל־שמואלן. די חטאים זיינען פאַרגעסן געוואָרן און, ווי שוין געזאָגט, איך האָב צוריקגעקראָגן אַלע מיינע פריווילעגיעס. איך בין געוואָרן אַן אמתער בעל־תּשובה. איך האָב געלערנט מיט גרויס התמדה, האָב זיך שטאַרק געדבקעט אין חסידות און מיין נאָמען אין דער געגנט איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג.

אָבער דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט. ווי מיט אַ שאַרפער האַק איז דאָס אַלץ מיטאַמאָל איבערגעהאַקט געוואָרן. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט זיך אַלץ געענדערט אין מיין היים. די האָפענונג צו ווערן אַ גרויסער למדן איז צערונען געוואָרן. די דערוואַרטונג פון מיין גאַנצער משפּחה און פון אַלע שכנים איז געוואָרן צונישט.

דער טאַטע איז געוואָרן קראַנק, ד״ה, ער איז געקומען צו דעם פּונקט, וואָס ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו באַקלאָגן, אַז ער פילט עפּעס ניט מיט אַלעמען, און דאָס האָט געפירט צו אַן ענדערונג אין מיין גאַנצער קאַריערע. ביז היינטיקן טאָג האָב איך דאָס געפיל, אַז איך וואָלט געווען אַן אַנדער מענטש, ווען מיין טאַטע וואָלט געווען אַ בעסערער מענטש, צי אפשר גאָר אַן ערגערער, אָבער איך וואָלט געווען אַן אַנדער מענטש. ווען איך וואָלט געקענט אָנגיין מיט מיין לערנען דעם תּלמוד ביז איך בין געוואָרן זעכצן־זיבעצן יאָר אַלט, וואָלט מיין שפּעטערדיק לעבן זיך אַוודאי גאַנץ אַנדערש אַנטוויקלט. אָבער דאָס זיינען ספּעקולאַציעס פון דעם מין „העט איך, וואָלט איך", וואָס האָבן קיין שום האַפט ניט אין לעבן.

ווי געוויינלעך אין יענע צייטן, און אפשר אויך אין היינטיקע צייטן, ביי אַ יידן אַן אביון, האָט מען געוואַרט אַ לאַנגע צייט ביז מען האָט זיך אויסגעקליבן צו גיין צו אַ דאָקטער. און ווען מען האָט סוף כל סוף באַשלאָסן צו גיין צום דאָקטער, איז שוין געווען צו שפּעט, און זיין מי איז שוין געווען אומזיסט.

דעם טאַטנס קראַנקהייט האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט. די פּאַרדינסטן, וואָס זיינען אַלע מאָל געווען מאָגערע, זיינען געוואָרן קלענער און קלענער, דעם גילדן אַ טאָג פאַר דעם מלמד האָט מען מער ניט געקענט אַוועקלייגן. דאָס

צאָלן מיט אַ מאָל איז געווען נאָך שווערער. דעם מלמד איז מען שוין געווען שולדיק פאַר צוויי חדשים. אמת, ר׳ ישראל־שמואל האָט ניט שטאַרק גע־מאָנט, אָבער ער איז אַליין געווען אַ ביטערער קבצן און אַ מטופל. דער טאַטע האָט דאָס אַליין גוט געוואוסט. מען האָט אים ניט געדאַרפט דער־מאָנען. דאָס לעבן איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג, און דאָס מלמד־געלט, דעם טאַטנס גרעסערע דאגה, איז געוואַקסן. איז נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת מיט דער מאַמען געבליבן, מען זאָל מיך אָפּגעבן אין תלמוד־תורה.

עס איז גאָר ניט צו באַשרייבן, וואָס דער באַשלוס האָט געקאָסט מיינע עלטערן, און עס איז אויך שווער צו דערקלערן. דאָס גאַנצע לעבן איז געווען אַ לעבן פון אָרעמקייט. דער קאַמף פאַר דעם שטיקל ברויט איז געווען אַ שווערער. „אַריינברענגען״ דעם שבת איז געווען ווי קריעת־ים־סוף; האָט מען באַדאַרפט צאָלן דירה־געלט, אָדער מאַכן אַ מלבוש, איז דאָס אָנגעקומען מיט מסירת־נפש. ביי דעם אַלעם איז דאָס גאַנצע לעבן געווען באַגלייט מיט עפּעס אַ מין „אַריסטאָקראַטישן״ שטאָלץ, וואָס איז גאָר ניט צו דער־קלערן, פון וואַנען ער האָט זיך גענומען. אָרעמקייט האָט אונדזער שטאָלץ ניט געבראָכן. איבערהויפּט דער מאַמעס. זי איז דאָך עפּעס געווען פייגע דער בעקערינס אַן אייניקל. פון דער אייגענער אינערלעכער משא איז אונדזער הויז קיינמאָל ניט דערדריקט געוואָרן. „אַבי בכבוד, אַבי ניט אָנקומען צו יענעמס לאָסקע״ — די פראַזע האָב איך אָפט געהערט, פריער פון דעם־טאַטן און נאָכדעם פון דער מאַמען. די גאַנצע באַנעמונג פון דעם טאַטן האָט אַלע מאָל געמאַכט דעם איינדרוק פון „גבירישער״ ברייטקייט. איבערהויפּט איז דאָס געווען אמת פסח צום סדר און סוכות אין דער סוכה. עס האָט זיך אָבער אויך אַרויסגעזען יעדן פרייטיק צו נאַכט. „געלויבט השם יתברך״, פלעגט ער זאָגן, „אַריינגעבראַכט דעם שבת בכבוד״. די הויפּטזאַך איז ביי אים געווען דער „בכבוד״.

היינטיקע צייטן, איבערהויפּט אין אַמעריקע, וואו קינדער־דערציאונג ווערט אַלץ מער און מער אַ געזעלשאַפטלעכע פונקציע, איז אפשר שווער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער געדאַנק „תלמוד־תורה״ איז געווען אַזאַ שרעק־לעכער. „תלמוד־תורה״ און „הקדש״ זיינען געשטאַנען כמעט אויף איין שטופע. גיין אין „הקדש״ אַריין איז אפשר געווען ווייניקער חרפּה, ווי צו שיקן אַ קינד אין תלמוד־תורה. דאָס איז שוין געווען די לעצטע מדרגה. דער געדאַנק מיך אָפּצוגעבן אין תלמוד־תורה איז פאַר מיין טאַטן געווען, ווי מיר שיינט, דער שטאַרקסטער קלאַפּ אין זיין לעבן. ער האָט דאָס גאָר ניט געקענט אַריבערטראָגן. בלויז דער גרויסער חשק מיך ניט אָפּצורייסן פון לערנען; זיין גרויסע האָפענונג און שטאַרקע איבערצייגונג, אַז איך וועל

זיין אַ רב, אפשר אַ גאון, אַ גדול בישראל — נאָר די איבערצייגונג האָט גובר געווען זיין ווידערווילן מיך אָפּצוגעבן אין תלמוד־תורה.

דער משגיח פון תלמוד־תורה איז געווען אַ ייד אַ נגיד, מיט דעם נאָמען ר׳ וואָווע (וואָלף) פּאַצאַנאָווסקי. ער האָט געוואוינט אויף די נאַלעווקעס און צו אים האָט מיך די מאַמע געפירט חול־המועד סוכות איינצושרייבן.

ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס האָט דער מאַמען געדויערט אַזוי לאַנג, איידער זי האָט ביי זיך געפּועלט אַריינצוגיין אין דעם הויז, פאַרוואָס זי איז עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר און יעדעס מאָל צוריק אַוועק, ניט עפענענדיק זי. בעת־מעשה אָבער איז דאָס מיר פאַרגעקומען קאָמיש.

פון דעם תלמוד־תורה־מלמד איז מיר נאָר געבליבן אין זכרון, אַז ער איז געווען אַ גרויסער פרעסער, און ער האָט ליב געהאַט קליסקעלעך באַשאָטן מיט אַ סך פעפער. אַלע טאָג האָט ער געגעסן קליסקעלעך מיט פעפער. פון אים האָב איך גאָר ווייניק געלערנט. איך געדענק אפילו ניט זיין נאָמען. דאָס האָט מיך פונדעסטוועגן ניט אָפּגעהאַלטן פון צו האָבן גרויס דרך־ארץ פאַר אים און אים אָפּגעבן כבוד, ווי עס קומט אַ רבין, אַ תלמיד־חכם. איין מאָל האָב איך אפילו געהאַט גרויסע צרות צוליב דעם. אַלס דער געוועזענער בעסטער תלמיד ביי ישראל־שמואלן, וואו עס האָבן געלערנט בלויז נגידישע קינדער, אַלע בעל־מצוה־בחורים, אַלע צירלעך־מאַנירלעך, בין איך געקומען צו דעם תלמוד־תורה־מלמד אַן אָנגעבלאָזענער און איך האָב זיך גאָר ניט גע־קענט צופּאַסן צו דער נייער אַטמאָספערע, וואו אַ סך פון די ייִנגלעך זיינען געווען „לאָבוסעס״, וואָס האָבן ניט געוואָלט לערנען און ניט געקאָנט לערנען. די חברה פלעגן חוזק מאַכן פון דעם רבין הינטער זיינע פּלייצעס; זיי פלעגן שפּילן אין קוויטלעך הינטערן טיש בעתן לערנען. ביז איך בין גע־קומען צו דעם תלמוד־תורה־מלמד, בין איך אַלע מאָל געווען דער גרויסער יחסן אין חדר, ווייל איך האָב געקענט בעסער לערנען. דאָס האָט מיך גע־מאַכט זייער שטאָלץ. אין דער תלמוד־תורה איז געווען גאָר אַן אַנדער לעבן, אַ גאַנץ אַנדערע אַטמאָספערע. קענען לערנען איז ניט געווען קיין גרויסער יחוס. אַ יחוס איז געווען, אַז מען האָט זיך געקענט גוט שלאָגן. צו זאָגן דעם אמת, האָב איך אַליין זיך אויך געקענט גאַנץ גוט שלאָגן, אָבער ביי מיר איז דאָס געווען נאָר אַ פאַרטיידיקונג־מיטל, ניט קיין אָנגריף־מיטל. איז מיר די גאַנצע פירונג אין יענעם חדר ניט געווען געפעלן. האָבן איך גענומען מוסרן די חברה, און סטראַשען מיט גיהנום, אָבער דאָס האָט זייער ווייניק געהאָלפן. האָב איך גענומען מסרן צום רבין. נו, נו, דאָס לעצטע האָט מיך באַלד אַוועקגעשטעלט מחוץ למחנה און קיין צרות האָבן מיר שוין ניט געפעלט.

איך אַליין, ווי געזאָגט, בין געווען אַ שטאַרקער יינגל. אויסער איינעם, מיט דעם נאָמען אברהם־פּנחס, וואָס איז געווען עלטער און שטאַרקער פון מיר, האָב איך זיך געקענט אַן עצה טאָן מיט יעדן איינעם פון זיי. דאָס האָט געפירט צו אַ פּאַראייניקונג פון די כוחות קעגן מיר, און איך האָב באַלד געקראָגן צו פילן דעם טעם פון אַ פאַראייניקטער מאַכט. דער חדר אונדזערער איז געווען אין אַ הויף, וואָס מען האָט גערופן די טריפהנע יאַטקעס, מחמת דאָרט זיינען געווען אַ סך געוועלבער פון קריסטלעכע קצבים. די דאָזיקע טריפהנע יאַטקעס האָבן געהאַט צוויי אַרויסגאַנגען. איין אַרויסגאַנג איז געווען צו דער פראַנציסקאַנער גאַס, און דער צווייטער — צו דער וואָלעווער גאַס. איין מאָל ביי נאַכט, גייענדיק אַהיים פון חדר, האָב איך באַמערקט, אַז עטלעכע פון דער חברה האָבן געטשאַטעוועט אויף מיר ביי דעם פראַנציסקאַנער אַרויסגאַנג. האָב איך זיך גענומען לויפן צו דעם טויער ביי דער וואָלעווער גאַס, אָבער דער אַרויסגאַנג איז געווען באַזעצט מיט דעם אַנדערן טייל פון דער חברה, וואָס האָבן געוואָרט מיר צו געבן מיין פאַרדינטן קבלת־פּנים. שלעכט. צוריקלויפן איז געווען אוממעגלעך. די ערשטע חברה פון דעם פראַנציסקאַנער טויער האָבן מיך נאָכגעיאָגט פון הינטן. די סטראַטעגיע איז געווען אַ פולשטענדיקע. איך בין געווען פאַרצאַמט פוןביידע זייטן. אויף דער שנעל האָב איך אַראָפּגעכאַפּט מיין גאַרטל, אַט יענעם באַרימטן גאַרטל, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט „געפונען", און האָב אָנגעהויבן שלאָגן פון אַלע זייטן. אין דער מיט פון דעם „געפעכט" איז צוגעלאָפן דער שטאַרקער אברהם־פּנחס, האָט ביי מיר אַרויסגעריסן דעם גאַרטל פון דער האַנט און האָט מיך גענומען שלאָגן מיט דעם גאַרטל און יאָגן ביז אַהיים. און די גאַנצע חברה נאָך אים. לעבן מיין היים האָט ער מיר נאָכגעוואָרפן דעם גאַרטל, און די חברה איז פאַרשוואונדן.

איך מוז זאָגן דעם אמת: יענע קלעפּ האָבן אויף מיר געהאַט אַ גרויסע פּעולה. זיי האָבן אויף אייביק פון מיר אַרויסגעשלאָגן דעם „סנאָב", דאָס יחסנען זיך, דאָס „פאַררייסן די נאָז", ווייל מען קען אַ ביסל בעסער לערנען פון אַן אַנדערן. גאַנץ אומבאַוואוסט האָבן יענע „לאָבוסעס" אין מיר אַריינגעבראַכט דעם שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט. וואָס דעם טאַטנס אָרעמקייט, ר' ישראל־שמואלס לומדות און חכמה האָבן מיר ניט געגעבן, דאָס האָבן יענע „לאָבוסעס" מיר געגעבן אין פאַרלויף פון איין „לעקציע", אַהיימגייענדיק פון חדר. איך האָב מער ניט געמסרט און איך האָב מער ניט געמוסרט.

איך האָב דאָ דערמאָנט דעם נאָמען אברהם־פּנחס, ווייל ער איז שפּעטער געוואָרן מיין בעסטער חבר און ביז אַ געוויסן גראַד איז ער דאָס ביז היינטיקן

טאָג. ערשט מיט אַ צוויי־דריי יאָר צוריק, ווען ער איז געווען ביי מיר צו גאַסט, האָט ער דערמאָנט די קלעפּ, וואָס ער האָט מיר געגעבן מיט מיין אייגע־נעם גאַרטל און מיר האָבן אַלע געלאַכט. מיר זיינען היינט פון דער ווייטנס, ווייל ער וואוינט אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, און איך אין ברוקלין, ניו־יאָרק. עס קען אויך זיין, אַז ער שטייט היינט, פונקט ווי מיט פיר און זעכציק יאָר צוריק, אין דעם שונאס לאַגער. ער איז איינער פון די „צוויי און פופציק", וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם באַרימטן פּאַסקוויל, וואָס דער אַמאָליקער ל. מילער האָט פאַרפאַסט אין דעם קאַמף צווישן דעם „אבענד־בלאַט" און דעם „פאָרווערטס" (באַשריבן אין מיינע זכרונות: די אַנט־שטייאונג פון „פאָרווערטס").

דאָס איז איינע פון זיינע חסרונות. ער האָט אָבער אויך מעלות. ער האָט מיר געשיקט אַ שיפסקאַרטע קיין אַמעריקע אין אַ צייט, ווען ער האָט געהאַט אַן אורזאַך צו זיין אין כעס אויף מיר (די שיפסקאַרטע איז גענומען געוואָרן אויף אויסצאָלן און איך האָב אויסגעצאָלט). ער איז געווען איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון דעם אַרבעטער־רינג. ער האָט אויך פּרובירט זיין האַנט אַלס שריפטשטעלער און האָט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל קורצע דער־ציילונגען און געדיכטן אונטער דעם נאָמען פּרדס. זיין ריכטיקער נאָמען איז פּ. ניקעלסבערג, און ער איז גוט באַקאַנט צווישן די עלטערע פאָרווערטסיסטן.

אָבער דאָס זיינען אַלץ שפּעטערע זאַכן. איך האָב דאָ פאַרגעשטעלט אַברהם־פּנחסן, ווייל מיר וועט נאָך אויסקומען אים צו דערמאָנען מער ווי איין מאָל. מיר האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט פאַרשיידענע צייטן אין אונ־דזער לעבן — אין די יינגערע יאָרן.

מיט מאַטערניש און מיט צרות האָב איך דערשלעפּט ביז סוף זמן אין דער תלמוד־תורה. ווען דער זמן האָט זיך געענדיקט, האָב איך ביי זיך אָפּ־געמאַכט, אַז איך וועל מער אין תלמוד־תורה ניט גיין, אָבער אַליין האָב איך דאָס ניט געקענט דורכפירן. דער טאַטע איז געווען שטאַרק קראַנק, און די מאַמע האָט איצט געהאַט איין תירוץ: דו וועסט דאָך ניט מצער זיין דעם קראַנקן טאַטן. איז מיר ווידער געקומען צו הילף דער פעטער מרדכי־הירש. ער האָט געהאַט אַ זון, אַברהם־יצחק האָט מען אים גערופן, אַ בחור פון אַ יאָר אַכצן, וואָס האָט געלערנט אין רייכמאַנס בית־המדרש אויף דזיעלנע־גאַס. ער איז געווען אַ וואויל־לערנער. ווען איך האָב דערציילט דעם פעטער די גאַנצע מעשה פון דער תלמוד־תורה, האָט ער מיר געזאָגט: „איך וועל זען מיין אברהם־יצחקל זאָל מיט דיר לערנען — איין שיעור איין מאָל אין וואָך אין בית־המדרש, די איבעריקע צייט וועסטו לערנען פאַר זיך, און וואָס דו

וועסט ניט וויסן, וועסטו פרעגן אברהם־יצחקלען. דעם טאַטן וועלן מיר גאָר ניט דערציילן, נאָר איך וועל איבעררײדן מיט דער מאַמען".

דאָס איז פאַר מיר געווען ווי געוואונטשן. איך האָב שוין פון פריער געהאַט אַן אויג אויף מיין שוועסטערקינד, אָבער אַליין האָב איך ניט געוואוסט ווי אַזוי צוצוגיין צו דעם ענין. דער פעטער האָט דאָס פאַר מיר געמאַכט לייכט, ווי עס דאַרף צו זיין, און איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען אין רייכ־מאַנס בית־המדרש מיט מיין שוועסטערקינד אברהם־יצחקל.

לאָמיך פאַר איין גאַנג שוין דערציילן, אַז שכר־לימוד אברהם־יצחקלען האָב איך אַליין באַצאָלט. אָבער דאָס איז געשען פונקט אין פופציק יאָר אַרום. אין 1928, ווען איך בין געווען אין וואַרשע צו גאַסט, האָבן מיר זיך אויפגעזוכט איינס דאָס אַנדערע און איך האָב אים געגעבן זיין שכר־לימוד מיט פּראָצענט פאַר דער גאַנצער צייט.

מיט דעם ענדיקט זיך דער ערשטער פּעריאָד פון מיין לעבן.
פון איצט אָן הייבט זיך אָן גאָר אַ נײַ לעבן.

# איך ווער אַ יתום

דער פּלאַן איך זאָל לערנען פאַר זיך אין בית־המדרש האָט זיך ניט איינ־געגעבן ווי געהעריק. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די מאַמע מיינע, אַ פּשוטע, אומגעלערנטע פרוי, האָט געהאַט מער פּראַקטישן שכל און האָט פאַרשטאַנען דאָס לעבן בעסער פון מיר, בעסער אפילו פון איר ברודער, ווען זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט נאָך ניט געהערט אַ ייִנגל זאָל לערנען אַליין פאַר זיך אין בית־המדרש.

עס איז ניט גענוג צו האָבן אַ גוטן קאָפּ, עס איז ניט גענוג אפילו צו זיין אַ מתמיד. די דאָזיקע צוויי מעלות זיינען נויטווענדיק, אָבער צו זיי דאַרף מען נאָך האָבן אויסדויער און זעלבסט־דיסציפּלין, און דאָס קומט מיט די רייפערע יאָרן. די יוגנט מוז האָבן אַ פירער.

מיין שוועסטערקינד, אַברהם־יצחקל, ווי מיר שיינט, האָט אַליין אָנגעהויבן דאָס איינצוזען, וואָרעם ער האָט אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן צווישן זיינע חברים פאַר נאָך אַ בחור צו אים, וואָס זאָל מיט מיר לערנען אַ שיעור. אָבער עס איז צו דעם ניט געקומען. דעם טאַטן איז געוואָרן ערגער, אַז מען האָט אים געמוזט אָוועקנעמען אין שפּיטאָל אַריין. בינו־לבינו האָבן מיר זיך איבערגעצויגן פון דער ניסקע־גאַס אויף דער וואָלינסקע, אין אַ ביליקערער דירה.

דער שפּיטאָל האָט דעם טאַטן ניט געהאָלפן. דריי חדשים לאַנג איז ער דאָרט אָפּגעלעגן און אים איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. ער איז געוואָרן אַזוי געפערלעך, אַז די מאַמע האָט אים אויף דער שנעל צוריק אַהיים געכאַפּט, ווייל ער האָט דווקא געוואָלט שטאַרבן אויף דעם אייגענעם בעט. אַכט און צוואַנציק טעג אין חודש אָב תרל״ח (1878), אויף דעם פופציקסטן יאָר פון זיין לעבן, איז ער געשטאָרבן פון נירן־קראַנקהייט. מיר איז דעמאָלט געווען פונקט עלף יאָר מיט אַכט חדשים. אין פיר חדשים אַרום האָבן איך אָנגעהויבן לייגן תפילין. אַ יתום, ווי באַוואוסט, ווערט בעל־מצוה צו צוועלף יאָר. די תפילין — דאָס איז געווען די איינציקע ירושה, וואָס איז מיר געבליבן פון דעם טאַטן, דעם טלית האָט מען אים מיטגעגעבן אין קבר אַריין. די שבתדיקע

מלבושים האָט מיין עלטערער ברודער גענומען פאַר זיך. די חומשים מיט די מחזורים זיינען געבליבן אין הויז פאַר דער גאַנצער משפּחה.

איצט איז די מאַמע געבליבן ווי אויפן וואַסער — אַ שיף אָן אַ רודער. צו קענען ווי עס איז ווייטער אָנגיין מיט דעם לעבן, האָט די באָבע הינדע אָפּגעשאָפּט צוויי פון די ווייבער, וואָס פלעגן איר אַרויסהעלפן, און די מאַמע האָט אָנגעהויבן איבערצונעמען דער באָבעס „מאָנאָפּאָליע" אויף דעם געבעקס פון שיע דעם בעקער. מיין ברודער חיים, וואָס איז געווען מיט צוויי יאָר יינגער פון מיר, האָט די מאַמע מיטגענומען יעדן פרימאָרגן ער זאָל איר העלפן. עס איז געווען אַ צער צוצוזען, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונדז יעדן פרימאָרגן, איידער מען האָט דאָס קינד געקאָנט אויפרייסן פון שלאָף פינף אַזייגער פאַר טאָג. מיך האָט די מאַמע ניט געוואָלט אָפּרייסן פון לערנען. איך בין געבאָרן געוואָרן אין אַ הייבל, ווי זי פלעגט זאָגן. אין בית־המדרש האָב איך, אונטער די אומשטענדן, לאַנג ניט געקענט בלייבן. איינע אַליין האָט די מאַמע בשום אופן ניט געקענט שלעפּן די משא אויף אירע פּלייצעס. אַ חוץ מיינע צוויי אויסגעגעבענע ברידער — איינער אין ברעסט־ליטאָווסק, דער אַנדערער אין וואַרשע, ביידע גאָר ניט קיין גבירים — איז די מאַמע געווען באַפּאַלן מיט פינף גרויסע פּרעסער, צוויי מיידלעך עלטער פון מיר, און צוויי יינגלעך אונטער מיר. מיין עלטערע שוועסטער איז שוין אַלט געווען זעכצן יאָר, און די מאַמע האָט שוין באַצייטנס גענומען דאגהן וועגן אַ שידוך — אַ יתומה, אָן אַרעם מיידל — גאָט וויים, זי זאָל חלילה ניט פאַר־זיצן. הכלל, עס איז געווען אויגנשיינלעך, אַז מען מוז אָנהייבן קלערן פאַר אַ תכלית. מיט מיידלעך קען מען גאָר ניט טאָן, מען קען דאָך פון זיי ניט מאַכן קיין „פאַבריטשנע" מיידלעך, גאָט זאָל אויסהיטן. זיי האָבן, באמת, געגייט העגטשקעס אין דער היים, אָבער וואָסער באַטרעף האָבן זייערע פאַר־דינסטן קעגן דעם, וואָס מיידלעך האָבן שוין דעמאָלט באַדאַרפט האָבן. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז עס זיינען אויך דעמאָלט געווען פאַריזער מאָדעס אין וואַרשע, און די וואָלינסקע־גאַס האָט געוואוסט פון אַלע מאָדעס, אפילו די מאַמע מיינע האָט געוואוסט פון זיי, ניט אַזוי פאַר זיך ווי פאַר די מיידלעך. בין איך געווען דער ערשטער און דער איינציקער אויף דער ליסטע פאַר אַ תכלית.

אין איין שיינעם טאָג האָט די מאַמע מיר געלאָזט וויסן, אַז זי וועט מיך מוזן אָפּגעבן צו אַ בעל־מלאכה אויף דער לער.

זאָגנדיק דאָס, און נאָך איידער איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַ־גרייפן וואָס דאָס מיינט, אָדער גאָר צו עפענען דאָס מויל, האָט די מאַמע מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער באַשלוס איז איר גאָר ניט אָנגעקומען

אַזוי לייכט, אָבער זי קען זיך בעסער ניט העלפן. זי קען דעם עול אַליין ניט טראָגן. עס איז איבער אירע כוחות אויפצוהאַלטן אַזאַ הויז, קיין עין־הרע. ווי אַזוי קען זי מיך האַלטן אין בית־המדרש, שפּייזן און קליידן ? און איך ווער דאָך ברוך השם עלטער, און ווי אַזוי וועט זי מיך קענען באַקליידן, ווען איך וועל ווערן אַ חתן־בחור און איך וועל נאָך דאַרפן אַ פּאָר גראָשן אין קעשענע ? די איינציקע זאַך איז, אַז איך זאָל זיך אויסלערנען אַ מלאכה. זי ווייסט, אַז עס איז געווען אַ תנא, וואָס איז געווען אַ קאָוואַל (ר׳ יצחק נפחא) און אַן אַנדער תנא, וואָס איז געווען אַ שוסטער (ר׳ יוחנן הסנדלר). „מלאכה — מלוכה״, האָט די מאַמע געזאָגט. „מען דאַרף קיין מאָל ניט אָנקומען צו יענעם, און אַז מען וויל לערנען תורה, קען מען דאָס טאָן אפילו, ווען מען איז אַ בעל־מלאכה. מען דאַרף נאָר וועלן״.

עס איז געווען דעמאָלט, ווען איך האָב מיטאַמאָל דערפילט, אַז איך בין אַ יתום און די הילפלאָזיקייט פון אַ יתום. ביז יענעם מאָמענט האָב איך אייגנטלעך גאָר ניט באַגריפן, אויף וויפל דעם טאַטנס טויט האָט פאַרענדערט מיין לאַגע. אמת, דער טאַטע איז מער ניט אַהיימגעקומען, זיין שטול איז געשטאַנען ליידיק. די מאַמע האָט זיך יעדעס מאָל באַגאָסן מיט טרערן, ווען מען איז געגאַנגען צום טיש, אָבער איך האָב ניט געפילט, אַז דער טאַטע פעלט, און איך האָב נאָך אַלץ ניט געוואַגט זיך צו זעצן אויף זיין שטול. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אָט־אָט, און דער טאַטע קומט אַהיים ; ערשט איצט, ווען די מאַמע האָט מיר געגומען דערקלערן ווי שווער עס איז פאַר איר צו האַלטן צוזאַמען דאָס הויזגעזינט, האָב איך אָנגעהויבן צו באַגרייפן וואָס דער טאַטע, ניט געקוקט אויף אָרעמקייט, איז געווען פאַר מיר. איך האָב גענומען באַגרייפן, אַז מיין גאַנצער לעבנסשטייגער וועט פון היינט אָן זיך מוזן ענדערן, אַז פון אַ זייער געהויבן „לערן־קינד״, וועל איך ווערן אַ „לערן־יונג״, און איך האָב אָנגעהויבן זיך צו פאַרטיידיקן. איך האָב געטענהט, געוויינט, געשריען, געבעטן — עס האָט ניט געהאָלפן. מיין גורל איז געווען אָפּגעחתמעט. די מאַמע האָט געהאַט איין טענה : זי וועט דאָס ניט קענען אויסהאַלטן, און די מאַמע האָט געוואונען. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך מוז גיין ווערן אַ בעל־מלאכה און איך האָב מחמת אין ברירה איינגעשטימט. אָבער מיט דעם זיג איבער מיר איז דער מאַמען גאָר ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. עס איז געווען איינער פון יענעם סאָרט נצחונות, וואָס דערמאָנט דעם זיגער אָן זיין שוואַכקייט.

ווי לאַנג איך האָב זיך געהאַלטן פעסט, איז די מאַמע געווען נאָך פעסטער. קוים אָבער האָב איך זיך אונטערגעגעבן און האָב איינגעוויליקט צו גיין ווערן אַ בעל־מלאכה, איז די מאַמע ביי זיך אין גאַנצן אַרונטערגעפאַלן.

מיטאַמאָל האָט זי דערזען, אַז זי האָט געשטריטן פאַר עטוואָס, וואָס זי אַליין האָט ניט געוואָלט; ערשט איצט האָבן זיך אירע וואונדן אויף דאָס ניי געעפנט, און אַ מבול פון טרערן האָט פאַרפלייצט איר פּנים; ערשט איצט האָט זי זיך דערמאָנט וואָסער צאָרן עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף איר, ווי זי איז געבליבן אַ וויסטע אלמנה, און איר בעסט קינד, אַ קינד וואָס גאָט און לייט בענטשן זיך מיט אים, זאָל יונגערהייט ווערן אָפּגעריסן פון דער תורה; זאָל פאַרשוואַרצט ווערן און מוזן אָנקומען צו אַ פרעמדן טיש, און אַליין פאַרדינען אויף ברויט, און איין גאָט ווייס אין וועמעס הענט ער וועט אַריינפאַלן, אפשר גאָר צו אַן אכזר, וואָס וועט אפילו ניט פאַרשטיין ווי אָפּ־צושאַצן אַזאַ קינד. „ביי לייטן", האָט זי געיאָמערט, „אַז גאָט האָט ליב, טראָגט מען דאָך אַזאַ קינד אַרום אויף די הענט, איז ער דאָך אַ פרייד פאַר דער מאַמען און אַ נחת־רוח פאַר דעם טאַטן — נאָר נישקשה", האָט זי פּלוצ־לונג אַ זאָג געטאָן, און זיך ווי אויסגעגלייכט, „גאָט איז אַ פאָטער פון יתומים און אַ דיין פון אלמנות — ער וועט אונדז ניט פאַרלאָזן, דער זכות פון דער באָבע פייגע וועט אונדז ביישטיין און דיין טאַטע וועט זיך מיען פאַר אונדז אַלעמען . . ."

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם עפּיזאָד, ווייל עס איז פאַר מיר אוממעגלעך צו שרייבן וועגן מיין אייגן לעבן און ניט צו דערמאָנען דעם דאָ־זיקן מאָמענט. דאָס איז געווען איינער פון יענע זעלטענע מאָמענטן אין אַ מענטשנס לעבן, וואָס ווען זיי פאַסירן, מאַכן זיי אַזאַ טיפן שניט אין איינעמס האַרץ, אַז ער קען קיינמאָל ניט פאַרהיילט, און אַפילו ניט באַצויגן ווערן מיט אַ הויט פון פאַרגעסנקייט. עס איז אַ וואונד, וואָס בלייבט אייביק אָפן, און ביי דער מינדסטער באַרירונג רייסט זיך עפּעס אַוועק, און דאָס בלוט נעמט ווידער טריפן, פּונקט ווי דער שניט וואָלט נאָר וואָס געמאַכט געוואָרן. יעדער איינער, איך בין זיכער, האָט דורכגעלעבט אַזעלכע מאָמענטן אין דעם אייגענעם לעבן.

איצט גייען מיר צוריק צו אונדזער דערציילונג:

ביז דעם דאָזיקן מאָמענט האָט זיך געהאַנדלט נאָר וועגן דער פראַגע, צי איך זאָל גיין ווערן אַ בעל־מלאכה צי נישט. איצט, אַז די פראַגע איז שוין געווען אַראָפּ פון דעם טאָג־אָרדענונג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע פראַגע: צו וואָסער מלאכה נעמט מען זיך? און די דאָזיקע פראַגע איז ניט געווען פיל לייכטער צו אָנטשיידן פון דער ערשטער, הגם זי איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. וואָסער מלאכה מען האָט ניט פאַרגעשלאָגן, האָט די מאַמע אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. זי האָט באַלד געהאַט אַ תירוץ, פאַר וואָס עס טויג נישט. פון אַ שוסטער אָדער אַ שניידער איז דאָך אָפּגערעדט.

אַזאַ חרפּה וועט זי דעם טאַטן ניט אַנטאָן. זי האָט געוואוסט, ווי געזאָגט, פון דעם תּנא, וואָס איז געווען אַ שוסטער, אָבער דעמאָלט זיינען געווען אַנ־דערע צייטן און אַנדערע דורות. אַ קאַמאַשנמאַכער, אָדער אַ היטלמאַכער האָט זי ניט געוואָלט, ווייל ווי ווייט איז אַ קאַמאַשנמאַכער פון אַ שוסטער, און אַ היטלמאַכער פון אַ שניידער?

סטאָלעריי, טאָקעריי און שלאָסעריי זיינען שוין שענערע מלאכות, זיינען זיי אָדער צו שווער; זייגערמאַכעריי איז אַ שיינע און אַ לייכטע מלאכה, נעמט מען זיך אָבער אַרויס די אויגן; אַ גאָלדשמיד בלאָזט פון זיך אַרויס די קישקעס און שמידט נישט קיין גאָלד, אאַז״וו.

אויף איין מלאכה האָט זי זיך אָפּגעשטעלט: שניצעריי. דאָס איז אַ שיינע און לייכטע מלאכה, און דאָ שטעקט חכמה. מיר איז שניצעריי אויך געווען געפעלן. איך האָב געוואוסט, אַז בצלאל, וואָס האָט געהאָלפן מאַכן דעם משכן איז געווען אַ שניצער פון מעטאַל און האָלץ. עס האָבן זיך אַפילו געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געלאַכט און געזאָגט: „איידער אַ שניצער שניצט אויס אַ פייגעלע, עסט ער אויף אַן אָקסעלע". אויף דעם האָט די מאַמע געענטפערט: „פּרנסה איז אין גאָטס הענט". און מיט דעם האָט זיך די זאַך געענדיקט. איך גיי ווערן אַ שניצער.

איצט דאַרף מען געפינען דעם ריכטיקן באַלמעלאָכע, צו וועמען מען זאָל זיך אָנדינגען.

דער מאַמעס אַ שוועסטערקינד איז געווען אַ שניצער. ער איז געווען גאָר פון די געהויבענע שניצערס אין וואַרשע, וואָס האָט געמאַכט די בעסטע אַרבעטן. ביי אים וואָלט מיר אַוודאי געווען גאַנץ גוט, און איך וואָלט זיך אויסגעלערנט צו מאַכן גאָר פיינע זאַכן. איז ער אָבער געווען אַ „דאַטש", אַ קעלבאַסניק, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ „ראַזירטער מאָרדע", ווי די מאַמע פלעגט זיך אויסדריקן. ביי אים האָט מען געגעסן טריפה. מען האָט אַפילו געזאָגט, אַז ער אַרבעט אום שבת.

איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז צו אים וואָלט מען מיך ניט אָפּגעגעבן אויף דער לער, און אַז ניט איך וואָלט געגאַנגען, אפילו ניט ווען ער גילט אונדז אָפּ. אָבער מיר האָבן גאָר ניט באַדאַרפט גיין אַזש אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס אויפצוזוכן דעם „משומד" טוכמאַן, וואָס איז געווען אויסגעקאָכט מיט אַלע סטאָליאַרסקע שקצים, און וואָס ביי אים האָט מען גערעדט נאָר פּויליש. אויף אונדזער אייגענער גאַס, אויף וואָלינסקע־גאַס נומער 16, האָט געוואוינט ר' שמאי שניצער, אַ וואוילער ייד און אַ פרומער ייד, אַ ייד אַ חסיד. אמת, ער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, אָבער פּרנסה, ווי שוין געזאָגט, איז אַ גאָטס־זאַך. עס זיינען דאָ גענוג אַפּיקורסים, וואָס

האָבן ניט וואָס צו פרעסן. האָט די מאַמע מיך געפירט צו ר׳ שמאי שניצער מיך אָנצודינגען אויף דער לער.

ר׳ שמאי האָט געוואוסט פון מיר, און ער האָט באמת באַדויערט, וואָס די מאַמע מוז מיך אָפּרייסן פון לערנען. ער האָט פאַרזיכערט דער מאַמען, אַז ער וועט מיך באַהאַנדלען ווי אַן אייגן קינד. ער וועט מיך אויסלערנען די מלאכה, און ער וועט מיך פירן אין גאָטס דרכים.

די מאַמע איז אים געווען זייער דאַנקבאַר, און זי האָט געדאַנקט גאָט וואָס איך בין אָנגעקומען צו אַזאַ פיינעם און פרומען יידן ווי ר׳ שמאי שניצער.

די באַדינגונגען זיינען געווען די געוויינלעכע. די מאַמע האָט מיך פאַרדונגען אויף פינף יאָר. די גאַנצע פינף יאָר האָב איך באַדאַרפט אַרבעטן געטריי און ערלעך, האָבן דרך ארץ און טאָן אַלץ, וואָס מען וועט מיר הייסן. ר׳ שמאי פון זיין זייט האָט זיך מתחייב געווען מיך אויסצו־לערנען שניצעריי, מיר צו געבן עסן און אַן אָרט, וואו צו שלאָפן די גאַנצע פינף יאָר. קליידן האָט די מאַמע מיך באַדאַרפט. אָבער צום סוף פון די פינף יאָר האָט ער מיר באַדאַרפט געבן פופצן רובל במזומן.

גאָר ניט אַזוי שלעכט. דאָס איז געווען אַ געזעצלעכער קאָנטראַקט, פון וועלכן ניט איך און ניט די מאַמע האָבן זיך געקענט באַפרייען.

עטלעכע טעג נאָך דעם, ווי דער קאָנטראַקט איז געשלאָסן געוואָרן, האָב איך פאַרלאָזן דער מאַמעס נעסט און האָב זיך אַריינגעצויגן צו ר׳ שמאי שניצער אין הויז אַריין, ד״ה, איך האָב געבראַכט צו טראָגן אויף דער פלייצע אַ שפּאָגל נייעם סעניק — אַ מאַטראַץ אָנגעפּילט מיט פרישן שטרוי, אַ קישן, אַ צודעק און די תפילין.

ר׳ שמאיס וואוינונג צוזאַמען מיט דעם וואַרשטאַט, איז באַשטאַנען פון אַ שטוב מיט אַ קיך. איז פאַר מיין געלעגער ניט געווען קיין אָרט אין הויז. אָבער אויף דעם הויף איז געשטאַנען אַ ריי קעמערלעך. יעדע וואוי־נונג האָט געהאַט אַזאַ קעמערל. אָט אין דעם קעמערל, וואָס האָט באַלאַנגט צו „אונדזער״ וואוינונג האָב איך אַריינגעטראָגן מיין סעניק, מיט דעם קישן, מיט דער צודעק. יעדן אָוונט, זומער און ווינטער, האָב איך די חפצים אַריינגעטראָגן אין הויז אַריין און האָב זיך אויסגעבעט אין דער קיך אויף דער פּאָדלאָגע. אין דער פרי האָט דאָס געלעגער צוריק געוואַנדערט אין דער קאָמאָרקע אַריין. די תפילין זענען געהאָנגען אין דער קיך איבער דעם וואַרשטאַט. קיין וועש האָב איך ניט מיטגענומען. יעדן פרייטיק צו נאַכט פלעג איך זיך אַריבערכאַפּן צו דער מאַמען און איבערטאָן וועש.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין ניי לעבן אין דער וואוינונג פון ר׳ שמאי שניצער. זאָל זיין מיט מזל, ווי די מאַמע האָט געזאָגט.

## ר׳ שמאי שניצער

פון איצט אָן ווערט ר׳ שמאי שניצער מיין װעגווייזער, מיין לערער, מיין באַשיצער און מיין פירער. ער פאַרנעמט איצט דעם אָרט פון דעם טאַטן און פון דעם רבין. זיין פונקציע איז נאָך גרעסער פון זייערער. ער דאַרף מיך נאָך אויסלערנען אַ מלאכה, און מיך צופּאַרטיקן צו דער מלחמה פאַרן לעבן; ער דאַרף מיר געבן אין דער האַנט אַריין אַ ברויט מיט אַ מעסער, ווי די מאַמע האָט געזאָגט. אָט דאָס לעצטע איז אַן ענין, וואָס ניט דער טאַטע, נישט ר׳ ישראל־שמואל דער מלמד האָט אונטערגענומען. מיט ר׳ שמאי שניצער דאַרף איך פון איצט אָן זיין צוזאַמען גאַנצע פינף יאָר פון מיין לעבן, אפשר די וויכטיקסטע יאָרן — צווישן צוועלף און זיבעצן — אין דעם פּרט פון כאַראַקטער־בילדונג. מיט אים וועל איך פון איצט אָן זיין צוזאַמען טאָג און נאַכט, שבת און יום־טוב, עסן ביי זיין טיש, שלאָפן אין זיין הויז און שטיין אַ גאַנצן טאָג צוזאַמען ביי איין וואַרשטאַט.

וואָסער מענטש איז געווען דער דאָזיקער באַלעבאָס מיינער, וואָס אין זיינע הענט איז איבערגעגעבן געוואָרן מיין גורל פאַר מיין גאַנץ לעבן? זיין געשטאַלט פאַרדינט זיכער אַן אָרט אין אַ באַשרייבונג פון מיין לעבן.

חסידות — דאָס איז געווען זיין הויפּט־כאַראַקטעריסטיק. זיין גאַנצע פירונג איז געווען לויט פאַרשריפטן פון דעם אר״י (על פּי כתבי האר״י), דעם באַקאַנטן קאַבאַליסט און מיסטיקער. דאָס האָט איינגעשלאָסן אָן אַ שיעור נאַרישע און פאַנאַטישע אבערגלויבנס. אָבער דער הויפּט־כאַראַקטער־שטריך פון ר׳ שמאי שניצער האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער האָט קיין מאָל ניט געאַרבעט פאַר דעם דאַוונען. „אַ ייד דאַרף אָנהייבן דעם טאָג מיט עבודת הבורא״ (מיט דינען גאָט), — פלעגט ער זאָגן, און ניט מיט איינפאַכער אַרבעט, ווי אַן עשו. און דאָס דאַוונען אַליין איז געווען אַ גרויסער ענין: דער תהילים פאַרן דאַוונען, מעמדות דערנאָך, און די צוויי פּאָר תפילין, וואָס ער האָט געלייגט יעדן טאָג, האָט פאַרשלונגען אַ שטיק פון דעם פרימאָרגן. אָבער דאָס אַלץ איז געווען גאָר ניט אין פאַר־גלייך מיט די הכנות, דאָס צוגרייטן זיך צום דאַוונען, וואָרעם ר׳ שמאי האָט געליטן אויף דעם מאָגן, און עס האָט געדויערט ביז צען־עלף אַזייגער,

איידער ער איז געווען פּאַרטיק צום דאַווענען. אַ ייד דאַרף צוטרעטן צו עבודת הבורא ניט נאָר מיט אַ קלאָרן מוח, נאָר אויך מיט אַ גערייניקטן גוף, איז געווען זיין מאַטאָ.

ווען איך בין אָנגעקומען צו אים אויף דער לער, אין דעצעמבער 1878, איז ר׳ שמאי געווען אַ ייד פון אַ יאָר פופציק. ער איז געווען אַ ביישטעטער חסיד און אַ חשובער באַלעבאָס אויף דער וואָלינסקער גאַס. ער האָט ניט געקענט קיין סך לערנען, אָבער ער איז געווען ווייט פון אַן עם־הארץ. גמרא האָב איך דעמאָלט געקענט אַ סך בעסער פון אים, אָבער ער איז געווען „פול ווי אַ מילגרוים״ מיט חסידישע תורות און חסידישע מעשות, און ער האָט די מעשות דערציילט מיט געפיל, מיט אָפּשטעל, מיט דעם ריכטיקן טאָן, איינגעפּאַסט אין דער ריכטיקער אַטמאָספערע. כמעט אַלע חסידישע מעשות און אַלע יידישע גלייכווערטלעך, וואָס איך ווייס, שטאַמען פון יענער צייט. איך האָב זיי אַלע געהערט פון ר׳ שמאי שניצער. די צוויי וואונדער־שיינע מעשות „אויב נישט נאָך העכער״ און „הכנסת כלה״ פון י. ל. פּרץ, האָט מיר ר׳ שמאי דערציילט אַ סך יאָרן פריער איידער זיי זיינען אַריינגעפאַלן אין פּרצעס קינסטלערישער האַנט. די מעשה פון „אויב נישט נאָך העכער״ האָט ער מיר דערציילט אין דעם נאָמען פון דעם רבין ר׳ לייב שרהס, וואָס איז געווען אַ רואה ואינו נראה, ד״ה, ער האָט זיך געקענט אַזוי פאַרשטעלן, מען זאָל אים ניט קענען זען בעת אַליין האָט ער יאָ געזען. די מעשה פון „הכנסת כלה״, לויט דער דערציילונג פון ר׳ שמאי שניצער, האָט זיך פאַרלאָפן מיט דעם וואַרשעווער אייזן־מאַגנאַט, ישעיה פּריוועס, וועלכער איז געווען אַ גערער חסיד. אַוודאי האָט ר׳ שמאי ניט געקענט דערציילן ווי פּרץ. ער האָט אָפילו ניט געוואוסט, אַז מען קען פון דעם מאַכן אַזאַ שיינע ליטעראַטור, ווי ער האָט דאָס וואָרט „ליטעראַטור״ אַוודאי אין זיין לעבן ניט געהערט, אָבער דעם איינדרוק און דעם מוסר־השכל פון די צוויי מעשהלעך האָט ער פאַרשטאַנען אַרויסצוברענגען ווי געהעריק.

ר׳ שמאי האָט מיר אויך דערציילט מעשות פון דעם רבין ר׳ בער, פון דעם בעש״ט, פון דעם אַלטן קאָצקער מיט דעם באַוואוסטן פרייטיק צו נאַכט, און אַוודאי פון דעם בערדיטשעווער.

אָבער ניט נאָר חסידישע מעשות האָט ער מיר דערציילט. פון אים האָב איך זיך דערוואוסט די מעשה פון ר׳ שמואל זביטקעווער, וואָס איז געווען אַ פּאָדריאַטשיק פאַר דער רוסישער רעגירונג אַרום דער צייט פון דער ערשטער צעטיילונג פון פּוילן. דער דאָזיקער שמואל זביטקעווער איז געווען אַזאַ חשוב ביי דער צאַרישער רעגירונג, אַז ער פלעגט אַרויספאָרן אין זיין קאַרעטע מיט זעקס פערד נאַשפּיץ, אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך פון

קאָזאַקן, וואָס די רעגירונג האָט אים צוגעשטעלט. געוואוינט האָט שמואל זביטקעווער אין פּראַגע, אַ פאָרשטאָט פון וואַרשע, וואו ער האָט אַוועקגע־שענקט אַ גרויס שטיק לאַנד פאַר אַ יידישן בית־עולם.

אַרום דעם יאָר 1794, אין דער צייט פון דער ערשטער פּאָוסטאַניע, אַנגעפירט פון דעם פּוילישן פּאַטריאָט קאָשטשיושקאָ, האָבן די קאָזאַקן אָנ־געמאַכט אַ גרויסע שחיטה צווישן יידן. דעמאָלט האָט שמואל זביטקעווער אַרויסגעלאָזן אַ מודעה, אַז ער וועט צאָלן אַ זילבערנעם רובל פאַר יעדן טויטן יידן, וואָס מען וועט צו אים ברענגען, און אַ גאָלדענעם דוקאַט פאַר יעדן לעבעדיקן יידן. אַ גאַנצן טאָג איז ער געשטאַנען פאַר זיין טויער מיט צוויי פעסער געלט: איין פאַס איז געווען מיט זילבערנע רובלס און דאָס צווייטע פאַס מיט גאָלדענע דוקאַטן, אוןביידע פעסער זיינען געוואָרן אויסגעליידיקט אין איין טאָג.

אין דעם יאָר 1846, נאָך אַלס אַ יונגערמאַן, אין אַ געוויסן שבת, איז ר׳ שמאי געשטאַנען אין אַ שורה, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן און אָפּגעגעבן כבוד משה מאָנטעפיאָרע, ווען דער לעצטער איז געווען אין וואַרשע און איז געגאַנגען צופוס אין שול אַריין דאַווענען. האָט מיר ר׳ שמאי דערציילט די דאָזיקע מעשה און דערביי מיר דערקלערט וואָסער גביר און וואָסער פרומער ייד סיר מאָזעס מאָנטעפיאָרע איז; וואָסער חשוב ער איז צוליב דעם ביי דער ענגלישער מלכה וויקטאָריע, און וואָסערע טובות ער טוט יידן פון דער גאַנצער וועלט, ווי ער איז ספּעציעל געפאָרן פריער קיין דמשק (דאַמאַסק) אין סיריע צו ראַטעווען די יידן פון אַן עלילת־דם, און אַז ער איז דערנאָך געקומען קיין רוסלאַנד צו זען, וואָס ער קען טאָן פאַר די רוסישע יידן.

ר׳ שמאי האָט געזען אין וואַרשע דעם באַרימטן פּויזנער רב ר׳ עקיבא איגער און איך האָב זיך אָנגעהערט פון דעם. ער האָט געקענט פערזענלעך דעם קראָקעווער רב ר׳ דוב בעריש מייזעלש, און ער האָט אים געזען מאַרשירן מיט די פּאָוסטאַנצעס פון 1863.

דעם נאָמען משה מענדעלסאָן האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט פון ר׳ שמאי. ניט מער, ער האָט אים גערופן משה דעססער ימח שמו, און דאָס, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך חומשים מיט דעם ביאור (מענדעלסאָנס איבערזעצונג פון דער תורה אויף דייטש). ר׳ שמאי האָט מיר אויך דערציילט, ווי אַזוי דער אַפּיקורס פּרץ סמאָלענסקין פלעגט יעדן טאָג אַריינכנעמען אין הויז אַריין אַ קאַץ און האָט איר אָנגעמאָסטן זיינע תפילין. דאָס איז, נאַטירלעך, געווען ניט אמת, אָבער ר׳ שמאי האָט

דאָס ניט אויסגעקלערט פון קאָפּ. דאָס איז נאָר געווען איינס פון די רכילות, מיט וועלכע דער חסידיזם האָט געזוכט צו פאַרלוימדן די השכלה.

ר׳ שמאי האָט מיר אויך דערציילט וועגן דעם פירשט קאָנסטאַנטין, וואָס איז אין דריי טעג געריטן פון וואַרשע קיין פּעטערבורג, ווען זיין פאָטער, דער צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער, איז געשטאָרבן. מען האָט גערעדט, אַז מען האָט אים פאַרסמט, האָט ער צוגעלייגט שטילערהייט.

פון ר׳ שמאי האָב איך אויך געהערט פון די רציחות, וואָס דער גענעראַל פּאַסקעוויטש איז באַגאַנגען קעגן די פּאָליאַקן, בעת ער האָט אונטערדריקט דעם פּוילישן אויפשטאַנד פון 1831, ווי אַזוי מען האָט הונדערטער פּאָליאַקן געטריבן לעבעדיקערהייט אין דער ווייסל אַריין און זיי דערטרונקען.

די דאָזיקע מעשות האָבן מיך אַריינגעפירט אין אַ נייער וועלט, אין אַ וועלט, פון וועלכער איך האָב פריער גאָר ניט געוואוסט. עס זיינען אייגנטלעך געווען צוויי פאַרשיידענע וועלטן: איין וועלט, די חסידישע וועלט, איז געווען אַ וועלט פון סודות, פון נסים, פון איבערנאַטירלעכקייט און אבער־גלויבן. די צווייטע וועלט איז געווען אַ וועלט־געשיכטע, פון רציחות און מאָרד, פון פּראָטעסט און רעוואָלוציע, פון גרויסע טאַטן און גרויסע דורכפאַלן.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַלץ. אַ חוץ די מעשות בעל פּה, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין מיין נייער סביבה, האָב איך דאָרט געפונען עטלעכע ביכער און ספרים, פון וועלכע איך האָב פריער ניט געוואוסט. די דאָזיקע ספרים און ביכער האָבן מיך ווייטער געפירט אין דעם געמיש פון די צוויי פאַרשיידענע וועלטן — וועלטלעכקייט און מיסטיציזם — אין וועלכע עס האָבן מיך געהאַלטן זייערע מעשות. אין זיין ספרים־שענקל האָב איך געפונען דעם ספר יוסיפון, און דעם קדושת לוי, פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער; חומשים מיט דעם ביאור און דאָס ספר „רזיאל המלאך״; אַ ספרל אויף יידיש מיטן נאָמען „ספר זכירה ועניני סגולות״ און אַ דערציילונג אויף דייטש מיט דעם נאָמען „פייגעלע מגיד״ פון בערנשטיין, אַ חוץ דעם „קב הישר״, דעם „שבט מוסר״ און עטלעכע אַנדערע מוסר־ספרים, פון חסידישע רביים.

צו דעם יוסיפון האָב איך זיך צוגעכאַפּט ווי אַ הונגעריקער צו אַ פרישן געבאַקן ברויט. די אַלע מעשות, וואָס איך האָב געהערט פון ר׳ שמאי, זיינען ביי מיר געווען אַ מין „געשיכטע שבעל פּה״. אין דעם ספר יוסיפון האָב איך צום ערשטן מאָל געקראָגן אין דער האַנט אַריין אַ „געשיכטע שבכתב״, אַ געשריבענע געשיכטע.

איך געדענק ניט מער, צי דאָס בוך איז געווען אויף יידיש, צי אויף לשון־קודש. אָבער איך קען ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס דאָס בוך

האָט אויף מיר געמאַכט, הויפּטזעכלעך דער טייל „מלחמת היהודים". צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך געקראָגן דעם באַוואוסטזיין פון אַ יידיש פאָלק, וואָס איז באַשטאַנען פון לעבעדיקע מענטשן. ווען איך האָב פריער געלערנט אין מסכתא גיטין די מעשות פון קמצא און בר קמצא, פון נקדימון בן גוריון, פון כלבא שבוע, אָדער אפילו פון דעם מאַרטירער־טויט פון דעם תנא ר׳ עקיבא, האָט דאָס אויף מיר ניט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט זיך פון מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט. עפּעס האָט דאָס אַלץ ביי מיר אויסגעקוקט ווי מעשות פון הינטער די הרי־חושך, אויף יענער זייט סמבטיון, וואו עס וואוינען די רויטע יידעלעך — די רעשטלעך פון די פאַרלאָרענע צען שבטים. אין דער „מלחמת היהודים" האָב איך דערהערט דעם קלאַנג פון לעבעדיקע מענטשן; איך האָב דערזען אַ פאָלק, וואָס האָט געלעבט, געקעמפט און זיך מוסר־נפש געווען פאַר דעם אייגענעם לאַנד, דעם אייגענעם גאָט און דער אייגענער רעליגיע. און מיר האָט באַנג געטאָן פאַר זיי, און איך האָב זיי מקנא געווען, און איך בין געוועזן שטאָלץ, און מיך האָט פאַרדראָסן פאַרוואָס עפּעס אַזוינס געשעט ניט אין אונדזער צייט, איך זאָל אויך קענען עפּעס אויפטאָן, הגם מיר האָט געשראָקן דאָס האַרץ, און איך בין געווען שטאַרק מסופק, צי איך וואָלט געקענט אויסהאַלטן אַזעלכע יסורים, הונגער און דורשט, ווי יענע גבורים.

דעם דאָזיקן געפיל האָב איך שפּעטער דורכגעלעבט מער ווי איין מאָל, ווען איך האָב געלייענט וועגן די קדושים פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, אָדער וועגן די מאַרטירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע: פון איין זייט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג זיך צו באַטייליקן אין אַזעלכע זאַכן און פון דער צווייטער זייט די שרעק, אַז איך וואָלט ניט געהאַט דעם כוח אַריבערצוטראָגן מאַרטירעריי.

דער „קדושת לוי" פון ר׳ יצחק לוי בערדיטשעווער איז געווען אַן אַנדער ספר, הגם פון אַ גאַנץ אַנדער מין, וואָס איך האָב שטודירט מיט גרויס התמדה. אַ גאַנץ באַזונדערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דאָס דערמאָנטע ספרל מיט דעם נאָמען „ספר זכירה ועניני סגולה".

דאָס דאָזיקע ביכל איז צום ערשטן מאָל דערשינען אויף לשון־קודשביים סוף פון דעם אַכצנטן יאָרהונדערט, און עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין עטלעכע אויסגאַבן, ביז אין דעם יאָר 1869 איז דאָס איבערזעצט גע־וואָרן אויף יידיש. דער צוועק פון דעם ספרל איז געווען צו דינען פאַר אַ סגולה צום זכרון און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן.

כדי אָפּצופרישן מיין זכרון וועגן אָט דעם ביכל, בין איך אַוועק אין דער צוויי און פערציקסטער סטריט ביבליאָטעק אין דער האָפענונג דאָס

דאָרט צו געפינען. הגם איך האָב דאָס ניט דערוואָרט, אָבער מיין האָפענונג האָט מיך ניט אָפּגענאַרט.

אויף דעם פאָדערבלאַט פון דער יידישער אויסגאַבע רעקאָמענדירט זיך דאָס ביכל אַליין מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

„דעם ספר האָבן מיר איבערגעזעצט אויף עברי טייטש כדי עס זאָל יעדער דרינען זען וואונדער — סגולות צו גוטע פרומע קינדער, אויך אַנדערע טייערע סגולות צו טאָן פעולות, ניצול צו ווערן פון סכנות, און דער וואָס וועט דעם ספר אַלע שבת לייענען און וועט אַלץ וואָס דאָ שטייט זיין מקיים, וועט ער זוכה זיין אויך צו זען בבנין ציון וירושלים".

ווילנע, 1869.

איך דאַרף ניט דערציילן מיינע לייענער, אַז איך האָב געוואָלט זוכה זיין צו זען דעם ווידעראויפבוי פון ציון וירושלים, האָב איך טאַקע זייער שטאַרק שטודירט און אָפּגעהיט אַלץ, וואָס עס שטייט אין דעם ספרל.

איך קען דאָ דאָס גאַנצע ביכל ניט איבערדרוקן, אָבער כדי מזכה צו זיין מיינע פריינד, זיי זאָלן אויך זוכה זיין בבנין ציון וירושלים, וועל איך דאָ איבערגעבן נאָר עטלעכע פון די גוטע זאַכן:

אַ סגולה לזכרון — אַז מען זאָל ניט פאַרגעסן קיין שום זאַך. דאָס ערשטע איז, מען זאָל נזהר זיין בנטילת ידים (וואַשן די הענט) . . . די הייליקע גמרא רעכנט אויס די זאַכן, וואָס מען מוז זיך תיכף די הענט וואַשן, אַז ניט פאַרגעסט מען דאָס לערנען, אָדער מען קומט ח"ו לידי שגעון (מען קען נאָך חלילה ווערן משוגע).

עטלעכע פון די זאַכן, וואָס די גמרא רעכנט אויס:

1) ווען מען שטייט אויף פון שלאָף. עס איז דאָ אַ רוח, וואָס רוט אויף די הענט ביי נאַכט, ווען דער מענטש שלאָפט, און גייט ניט אַוועק ביז מען גיסט ניט אָפּ די הענט דריי מאָל. אויך זאָל מען וויסן, אַז מען זאָל ניט אָפּגיסן איין האַנט דריי מאָל מיט אַ מאָל און דער נאָך די אַנדערע האַנט, ווארעם אַזוי העלפט דאָס ניט אַוועקצויאָגן דעם שד, וואָס איז אויף דער האַנט. נאָר מען מוז צו ערשט אָפּגיסן די רעכטע האַנט איין מאָל און דערנאָך די לינקע, אאַז"וו.

2) מען זאָל נזהר זיין ניט אָנצוטאָן צוויי מלבושים אויף איין מאָל, ווארעם דאָס שאַדט צום זכרון, אאַז"וו.

דאָס איבעריקע קען יעדער, וואָס וויל באמת „געפינען סגולות צו גוטע, פרומע קינדער . . . און ניצול ווערן פון סכנות", אַליין זיך מטריח זיין און איבערלייענען דאָס ביכל. ער דאַרף נאָר אַריבערגיין אין דער ביבליאָטעק פון דער צוויי און פערציקסטער גאַס אין ניו־יאָרק.

מיט דעם ספר „רזיאל המלאך" האָב איך זיך וויניק אָפּגעגעבן. דאָס ספר האָט ר' שמאי נאָר געהאַלטן אויסצולייען פאַר קינפּעטאָרינס, דאָס ספר איז געווען אַ סגולה קעגן שדים. וואו עס איז נאָר געווען אַ קינפּעטאָרין אויף דער גאַס, איז מען געקומען צו אונדז באָרגן דאָס ספר. דערפאַר האָב איך שטאַרק געלייענט דאָס ביכל „פייגעלע מגיד", וואָס איז אין אמתן געווען אַ מין מוסר־השכל־ביכל.

פון וואַנען קומט דייטש צו ר' שמאי שניצער ? און פון וואַנען קומט דייטש צו מיר ?

וועגן ר' שמאי קען איך ניט ענטפערן. אָבער וואָס שייך מיר, איז דער ענין זייער איינפאַך. דער חשובער לייענער געדענקט אַוודאי, אַז ר' מענדל דער מוהל האָט מיך געלערנט יידיש, פויליש, רוסיש און דייטש. האָב איך געקענט צוזאַמענשטעלן די דייטשישע אותיות. דאַן האָט מיין ברודער געשריבן בריוו פון ברעסלוי אויף „דייטש", מיט יידישע אותיות. איצט איז צוגעקומען מענדעלסאָנס חומשים מיט דעם ביאור, ועל כולם אונדזער אייגענער יידישער לשון . . . דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מיך אַריינגעפירט אין דער דייטשער ליטעראַטור, און „פייגעלע מגיד" איז געווען דאָס ערשטע ביכל אויף דייטש, וואָס האָט דאָס גורם געווען.

# ר׳ שמאי איז ניט געווען קיין פּראָסטער בעל־מלאכה

זוכנדיק אָנצואווארפן דאָס בילד פון ר׳ שמאי שניצער, האָב איך, אין דעם לעצטן קאַפּיטל, זיך אָפּגעשטעלט צום אַלעם ערשטן אויף זיין גייסטיקער פיזיאָנאָמיע און דער גייסטיקער אַטמאָספערע, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט אין זיין הויז. טוענדיק דאָס, האָב איך נאָר נאָכגעפאָלגט דעם מעטאָד, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער פראַזע: „אַ ייד דאַרף אָנהייבן דעם טאָג מיט עבודת הבורא". אָט די פראַזע מיינט ניט דווקא דאָס, וואָס שמאי שניצער האָט אונטער דעם פאַרשטאַנען. מיין באַגריף פון „עבודת הבורא" איז ווי טאָג קעגן נאַכט פון דעם, וואָס דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם פאַרשטייט אונטער דעם. דאָך איז אין גרונט ניטאָ קיין חילוק. מען דאַרף נאָר פאַרשטיין ווי צו מאָדערניזירן דעם באַגריף און אים איבערזעצן אויף אַ פּראָגרעסיווער שפּראַך, און עס קען מיינען: „גייסטיקער הינטערגרונט", אָדער „אינטעלעקטועלע סביבה", אָדער „פּרינציפּיעלע האַנדלונג". טוט מען דאָס, האָט מען דעם שליסל צו יעדער פּראָגרעסיווער האַנדלונג. דאָס אַליין גיט פונדעסטוועגן ניט קיין פולשטענדיק בילד פון דער פּערזאָן, וועלכע מען באַשרייבט. אַ מענטשן דערקענט מען נאָר, ווען מען ווייסט, ווי אַזוי ער מאַכט אַ לעבן און וואָס עס זיינען זיינע באַציאונגען צו זיינע מיטמענטשן. דאָס איז אמת ניט נאָר פון איין מענטשן, נאָר אויך פון דער גאַנצער מענטשהייט, פון דער געזעלשאַפט און פון די באַזונדערע געשיכטלעכע פּעריאָדן. דאָס גייסטיקע אַליין איז ניט גענוג וויכטיק, ווי דאָס זאָל ניט זיין, ווייל דאָס גייסטיקע איז קיין מאָל ניט אָפּגעזונדערט פון דעם מאַטעריעלן. דערפאַר דאַרף מען פאַרשטיין, ווי אַזוי צוזאַמענצושטעלן דאָס גייסטיקע און דאָס מאַטעריעלע אין איין זאַך.

די צרה מיט גאָר אַ גרויסער צאָל מענטשן באַשטייט אין דעם, וואָס זיי קענען ניט געפינען דעם פאַרבינד־פּונקט צווישן דעם גייסטיקן און דעם מאַטעריעלן, און זיי פאַרשטייען ניט איינצוריכטן אפילו זייער אייגן לעבן, אַזוי אַז דאָס מאַטעריעלע און דאָס גייסטיקע זאָלן צוזאַמען בילדן איין האַרמאָניש גאַנצעס. פון דעם קומט, וואָס איינער טרייבט איבער פון איין זייט און איז גראָב מאַטעריאַליסטיש, אַז עס בלייבט ניט קיין אָרט פאַר

דעם גייסטיקן, און אַ צווייטער איז אַזוי פיל רוחניות, לכל הפחות אין דעם אויסטייטשן פונעם לעבן, אַז עס בלייבט ניט קיין פּלאַץ פאַר דעם מאַטעריעלן לעבן.

נאָר לאָמיר זיך ניט פאַרגיין צופיל אין פילאָזאָפיע. לאָמיר אָנגיין מיט אונדזער בילד פון מיין באַלעבאָס.

ר׳ שמאי שניצער איז ניט געווען קיין פּראָסטער בעל־מלאכה. זיין שניצעריי האָט זיך געגרענעצט מיט קונסט. עס איז, דאַכט זיך, ניט געווען קיין זאַך, וואָס ער האָט ניט געקענט אימיטירן פון האָלץ מיט זיין דאָלאָט, אָבער זיין הויפּט־גבורה איז באַשטאַנען אין בלומען. זיינע רויזן און טול־פּאַנען האָבן ווי געשמעקט. קיין מענטשלעכע פיגור האָב איך אים קיין מאָל ניט געזען מאַכן, אָבער דאָס איז געקומען גיכער פון דעם, וואָס ער וואָלט קיין פיגור ניט געווען געמאַכט פאַר קיין שום געלט. אַ לייב, אַ פויגל — יאָ, אָבער ניט קיין מענטשלעכע פיגור. דאָס טאָר מען ניט.

פּונקט ווי י. ל. פּרצעס קירזשנער, וואָס האָט זיך געהאַלטן דער עיקר פאַר אַ שטריימלמאַכער, אַזוי האָט ר׳ שמאי זיך געהאַלטן דער עיקר פאַר אַן אָרון־קודש־מאַכער. עס איז אָבער געווען אַ גרויסער חילוק צווישן פּרצעס קירזשנער און ר׳ שמאי שניצער. דער קירזשנער איז דאָך אין אמתן געווען אַן עם־הארץ און אַ ווילדער יונג, וואָס האָט אין דעם שטריימל קיין שום הייליקייט ניט געזען, וואָס האָט חוזק געמאַכט פון דעם שטריימל, פון דעם קליינעם, אויסגעדאַרטן יידל, וואָס האָט דאָס שטריימל געטראָגן, און פון די „פערד", וואָס האָבן געשלעפּט די קאַרעטע, וואו דאָס יידעלע מיט דעם שטריימל איז געזעסן. פּרצעס קירזשנער האָט אפשר גאָרניט פאַרשטאַנען ווי צו מאַכן אַ שטריימל. ער איז געווען אַ בריה אויף פויערשע סערמענגעס. דאָס שטריימל האָט אים פּרץ אַריינגערוקט אין די הענט אַריין, ער זאָל האָבן פון וואָס חוזק צו מאַכן. ניט אַזוי ר׳ שמאי. ביי אים איז דאָס אָרון־קודש ניט געווען קיין חוזק־אָביעקט. ביי אים איז דאָס געווען הייליק. דאָס איז געווען זיין שטרעבן, זיין האָפן און זיין קינסטלערישע אַמביציע. און ער האָט געקענט מאַכן אַן אָרון־קודש מיט זיינע אייגענע הענט. דאָס וואָס ער האָט מער ווי איין אָרון־קודש אין זיין לעבן ניט געמאַכט, דאָס איז ניט געווען זיין שולד. ער האָט דאָס אָבער געהאַלטן פאַר זיין לעבנס־באַרוף צו מאַכן אָרון־קודשן. אַי, ווען גאָט וואָלט אים נאָר צוגעשיקט כאָטש איין אָרון־קודש אַ יאָר — ער וואָלט מער גאָרניט פאַרלאַנגט. ער וואָלט דעמאָלט באַשאַפן עטוואָס אַזוינס, וואָס איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, און מיט וואָס דאָס גאַנצע יידישע פאָלק וואָלט געווען שטאָלצירט.

אָרעמער ר׳ שמאי ! ער האָט נאָר געהאַט די געבורטס־ווייען פון דעם קינסטלער — שאַפן האָט ער ניט געקענט — ס׳איז ניט געווען קיין באַשטעלונגען אויף אָרון־קודשן.

קירכן־אַרבעט וואָלט ער גראָד יאָ געקענט קריגן, אָבער ער וועט קיין „יויזלען" ניט מאַכן, אפילו .ווען מען זאָל אים אָפּגילטן. ניט נאָר דאָס, ער האָט אפילו ניט געוואָלט אַרבעטן דעם ראָקאָקאָ־סטיל, ווייל אַ סך קאַטוילישע קירכעס זיינען געמאַכט אין דעם סטיל. האָט ער זיך באַנוגנט מיט מאַכן ראַמען פאַר גרויסע שפּיגלען, אָדער פאַר געמעלכצן פאַר די שפּיגל־הענדלער. איבערהויפּט האָט ער געאַרבעט פאַר לעסערס געשעפט. דאָס איינציקע פאַרנעמע געשעפט אין יענער צייט, וואָס האָט געהאַט אַ ביסל ענלעכקייט אויף אַ היגן און היינטיקן דעפּאַרטמענט־סטאָר.

קען מען שוין פאַרשטיין, אַז קיין גרויסער גביר איז ר׳ שמאי ניט געווען, און צופיל אַרבעט האָט ער אויך ניט געהאַט. זיין פאַבריק, ווי שוין געזאָגט, האָט פאַרנומען אַ טייל פון דער קיך פון זיין קליינער וואוינונג. ווען עס איז געווען אַרבעט, האָט ער באַשעפטיקט איין געזעלן. די „פאַבריק" אין פולן גאַנג, איז אַזוי אַרום באַשטאַנען פון דריי : ער אַליין, וואָס זיין אַרבעט־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נאָכן דאַוונען, ד״ה ווען גאָט האָט געגעבן . . . דאָס לערן־יינגל און דער געזעלן, וואָס איז אין אמתן געווען דער הויפּט פרנסה־געבער. ניט אַלע מאָל האָט ער באַשעפטיקט אַ געזעלן, אָבער אַ לערן־יינגל האָט ער אַלע מאָל געהאַלטן. נאָך איידער עס האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון איינעם, האָט ער שוין צוגענומען אַן אַנדערן.

די רעגולערע אַרבעט־שטונדן פאַר דעם לערן־יינגל זיינען געווען יעדן טאָג פון זעקס אין דער פרי ביז צען ביי נאַכט. אַ חוץ פרייטיק, ווען מען האָט נאָר געאַרבעט ביז צוועלף מיטאָג. דאָס איז אַ קיימא־לן פון זעקס און אַכציק שעה אַ וואָך.

דער געזעלן איז געווען אַ פּריווילעגירטער פּאַרשוין — איז זיין אַרבעט־טאָג געווען נאָר פערצן שעה, פון זיבן אין דער פרי ביז ניין אָוונט — אַ חוץ פרייטיק ביז מיטאָג — 75 שעה אַ וואָך.

פרייטיק מיטאָגצייט ,איז ביי ר׳ שמאין שוין געווען שבת. עס איז ניט קיין קלייניקייט צו באַגעגענען די מלכה שבת. אויף דעם מוז מען האָבן צייט אין הרחבה. מען מוז גיין אין מקוה, מען מוז זאָגן שיר־השירים און שניידן די נעגל און וואָס ניט. דאָס שניידן די נעגל אַליין איז אַ גרויסער ענין, פול מיט סודות און רמזים.

קיין באַשטימטע צייט אויף מאָלצייטן, און קיין צייט אויף עסן איז ניט געווען. אָנבייסן האָט מען געגעסן אַרבעטנדיק — עטלעכע זעמל מיט קאַווע,

וואָס דאָס איז אייגנטלעך געווען ציקאָריע, מיט אַ שטיקל צוקער אויף צו בייסן. מיטאָג האָט מען געגעסן, ווען דאָס עסן איז פאַרטיק געוואָרן, און פאַרטיק געוואָרן איז דאָס ניט אַלע מאָל אין דער אייגענער צייט, ווייל ניט אַלע מאָל איז געווען געלט איינצוקויפן אויף צו קאָכן אין דער אייגענער צייט. אַ מאָל איז גאָר קיין געלט ניט געווען, האָט מען געגעסן טרוקן ברויט, געטונקען אין זאַלץ, און פאַרטרונקען מיט פרישע וואַסער פון דעם ברונעם. עס האָט געטראָפן — וואָס איז זיך דאָ וואָס צו שעמען? — אַז עס איז קיין ברויט אויך ניט געווען. אין מיין היים איז אַזאַ אָרעמקייט קיין מאָל ניט געווען. איבערהויפט זינט די מאַמע האָט איבערגענומען דער באָבעס „מאָנאָפּאָליע”, האָט מען ביי אונדז פון קיין דחקות ניט געוואוסט. זייער אָפט האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אַהיים צו דער מאַמען און האָב זיך דאָרט גוט אונטערגעפּאַשעט. אָבער דאָס האָב איך נאָר געטאָן, ווען עס איז אויך געווען עסן ביים באַלעבאָס. דעם טאָג, וואָס מיר האָבן ביים באַלעבאָס ניט געהאַט וואָס צו עסן, בין איך צו דער מאַמען ניט געגאַנגען. אַ ביסל איז דאָס געווען צוליב עפּעס אַ מין סאָלידאַריטעט־געפיל, וואָס איך קען ניט דערקלערן. אַ ביסל איז דאָס אויך געשען צוליב שטאָלץ קעגן מיינע שוועסטער. ווען איך בין אַהיימגעקומען עסן, האָבן מיינע שוועסטער דאָס ניט געוואָלט ליידן. „אַהין גייט ער אַרבעטן, און אַהיים קומט ער פרעסן”, האָבן זיי געזאָגט. איז ווען עס איז געווען עסן ביי ר׳ שמאַין, האָב איך זיי געהערט ווי די קאַץ. ווען אָבער דער באַלעבאָס האָט געהונגערט, האָב איך די רייד ניט געקענט פאַרטראָגן. עס האָט אויסגעפעלט מוט. בין איך אַהיים ניט געגאַנגען.

# שווער צו זיין אַ לערן־ייִנגל

עס איז געווען אַ סך צייטן אין יאָר, ווען עס איז קיין אַרבעט ניט געווען. אָבער אויפשטיין זעקס אין דער פרי האָב איך אַלץ געמוזט. דאָס איז שוין געווען צוליב גאָר אַן אַנדער אורזאַך. ר׳ שמאי האָט זיך באמת פאַרגענומען מיך מדריך צו זיין אין גאָטס וועגן, און מאַכן פון מיר אַ מענטש, וואָס זאָל זיין „צו גאָט און צו לייט", ווי ער האָט צוגעזאָגט דער מאַמען. ער האָט געפילט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איז געלעגן אויף אים צו זיין אַן אַב־יתומים (אַ פאָטער פון יתומים), וואָס דאָס איז גאָטס מידה. האָט ער מורא געהאַט, איך זאָל חלילה ניט אויפוואַקסן קיין פוילענצער.

דאָס איז ניט קיין שפּאַס. ר׳ שמאי האָט דאָס געמיינט ערנסט. ער האָט מיר געטאָן נאָך מער עוולות צוליב דעם זעלביקן טעם — מיר צו געבן אַ גוטע דערציאונג. אין דעם באַשטייט דער חילוק פון אַן אמתן טאַטן ביז אַן אבי־יתומים (אַ טאַטע צו יתומים). דער אמתער טאַטע האָט אַ חוץ פליכטן אויך ליבע צו זיין קינד און רחמנות ווי אַ טאַטע (כרחם אָב על בנים); דער טאַטע פון יתומים האָט נאָר פליכטן און טעאָריעס. דאָס מיטגעפיל, די ליבע און דער רחמנות פעלן. ר׳ שמאי, וואָס איז געווען אַ פיינער ייד, האָט דאָס אַ מאָל אַליין דערפילט. ווען דאָס איז געשען, האָט ער מיר דערציילט עטלעכע נייע מעשות, כדי מיך איבערצובעטן.

האָט מיר ביי ר׳ שמאי שניצער אייגנטלעך גאָר ניט געפעלט. אמת, איך האָב מיך ביי אים שטאַרק ניט איבערגעריסן, איבערהויפּט מיט מיין אַפּעטיט, אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט. האָט דאָך די מאַמע געוואוינט אַריבער דעם וועג.

די הויפּט־צרה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ר׳ שמאי איז ניט געווען אַליין. ער האָט געהאַט, אָן עין הרע, אַ שיינע משפּחה, און די דאָזיקע משפּחה האָט אויך געהאַט אַ שטיקל דעה איבער דעם לערן־יונג. אין דער היים האָט ר׳ שמאי געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער. איינע פון די צוויי איז שוין געווען אויסגעגעבן און האָט געהאַט אַ קינד אַ יאָר אַלט, אָבער דעם מאַן האָט מען צוגענומען אין די סאָלדאַטן און זי איז געקומען צוריק אַהיים

צום טאַטן מיטן קינד. די אַנדערע טאָכטער איז געווען אַ כּלה־מיידל. זיי זיינען ביידע געווען שניידערינס און זיי האָבן געאַרבעט אין דער היים. האָבן מיר געהאַט צוויי „פאַבריקן". אין דער קיך האָט ר' שמאי מיט דעם געזעלן מיט מיר, געשניצט גרויסע ראַמען פאַר שפּיגלען, און אין דעם צווייטן צימער האָבן די טעכטער געניית קליידער. טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט מען איצט אַריינגעשטעלט אַ בעט אין קיך פאַר דער טאָכטער, וואָס איז צוריקגעקומען, און אַ וויגל אין דעם גרויסן צימער פאַר דעם קינד.

אין אָנהייב האָט דאָס מיר געטאָן אַ שטיקל טובה. עס איז געווען זייער שווער פאַר מיר יעדע נאַכט, צווישן צען און עלף, אַריינצוקריכן אין דער קאַמאָרקע אין דער פינצטער נאָך מיין סיעניק מיט דעם קישן. אין ווינטער זיינען זיי געווען קאַלט ווי אייז, און עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט איידער איך האָב זיך דערוואַרעמט מיט דער היץ פון מיין קערפּער. איצט, אַז מען האָט אַריינגעשטעלט דאָס בעט, האָט מיין באַלעבאָסטע, ר' שמאיס ווייב, אַ כשרע, צנועהדיקע יידענע, גענומען איינבעטן מיין סיעניק אין דעם בעט אויף ביי טאָג.

פון דער דאָזיקער אויסגעגעבענער טאָכטער — דינה־מינדל האָט זי געהייסן, אָבער מען האָט זי גערופן דינהלע — האָב איך געהערט אַ סך פאָלקסלידער. איבערהויפּט האָט זי יעדן טאָג געזונגען איין ליד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן:

נחום לעבן, קום צו מיר.
וויסן, זאָלסטו, איך בענק נאָך דיר.
ווי אַזוי קען איך פריילעך זיין אין אַלע מיינע וועגן,
אַז איך דערמאָן זיך אָן דיין פּנים, ווי אַזוי קען איך לעבן ?
איר מאַן האָט געהייסן נחום.

אַן אַנדער לידל, וואָס איך האָב געהערט פון איר, האָט זיך אָנגעהויבן :
עטשע פּעטשעס טאָכטער
און משה פּיבלס זין (זון)
האָבן אַלע ביידע
אַ שידוך געטין (געטאָן).
מער פון דעם געדענק איך ניט.

וואָלט דאָס אויך ניט געווען אַזוי שלעכט, וואָרעם דינהלע האָט געקענט גאַנץ שיין זינגען. די צרה האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער שניידעריי און מיט שימעלען (דאָס קינד האָט געהייסן שמעון).

פריער, איידער די טאָכטער איז צוריקגעקומען, איז געווען אַ מחיה, ווען עס איז ניט געווען קיין אַרבעט. אין אַזאַ צייט האָט ר' שמאי מיך

געלערנט צייכענען, אָדער ער האָט מיר געוויזן ווי אויסצושניצן אַ בלום, אָדער ער האָט גאָר דערציילט מעשות פון די חסידישע רביים. אַצינד האָט זיך אַלץ געענדערט. צו מיינע געוויינטלעכע פליכטן צו ברענגען צו שלעפּן די גרויסע, שווערע ראַמען, אָפּצוטראָגן די געשניצטע ראַמען, גיין מיט דער באַלעבאָסטע אין די כשרע יאַטקעס איינקויפן אויף שבת, אַרויסגיסן די פּאָמוניצע און אַריינברענגען וואַסער פאַרן שלאָפן גיין, טראָגן דאָס טשאָלנט צו בעקער פרייטיק און פון בעקער שבת, — צו די אַלע טאָג־טעגלעכע פליכטן מיינע איז איצט צוגעקומען די דאַמען־שניידעריי. איצט האָב איך באַדאַרפט גיין קויפן צודאַטן, העלפן אַרויפציען קרעלן אויף שנירלעך, אַרויפוויקלען פאָדעם אויף שפּולקעס, אָפּטראָגן די פאַרטיקע קליידער און אַזוי ווייטער. אַמאָל האָט דאָס מיר אַריינגעבראַכט אַ פּאָר גראָשן „ביר־געלט״, ווי מען האָט דאָס גערופן, אָבער דאָס האָט ניט געטראָפן צו אָפט. דאָס ערגסטע פאַר מיר אָבער איז געווען, וואָס איך האָב געמוזט פּיאַסטעווען (ניאַנטשען) דאָס קינד, וואָס מיין באַלעבאָס׳ טאָכטער האָט מיטגעבראַכט, אַרומטראָגן עס אויף די הענט און איינוויגן. מיט דעם אַרומטראָגן האָב איך זיך שנעל געספּראַוועט. עפּעס האָט דאָס קינד בשום אופן ניט געוואָלט זיין ביי מיר אויף די הענט, רק עס האָט זיך געריסן אַוועק פון מיר. די מוטער האָט דאָס גאָר ניט געקענט פאַרשטיין. איך האָב געוואוסט דעם סוד. אָבער איך האָב דאָס קיינעם ניט דערציילט. גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר מיינע זינד. איצט, אַז מורא צו האָבן איז שוין ניטאָ וואָס, וועל איך דעם סוד אויסזאָגן פאַר מיינע לייענער. דער סוד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב שטילערהייט געקניפּט דעם קליינעם חברה־מאַן אין זיין קליינעם באַלף־מחילות. און דאָס האָט געהאָלפן ווי אַ קמיעה. דער בחור האָט בשום אופן ניט געוואָלט זיין אויף מיינע הענט. מיט דעם וויגן האָב איך גאָרניט געקענט מאַכן. איך האָב געמוזט אויסזיצן, ביז ער איז איינגעשלאָפן.

אויב שימעלע געפינט זיך אין ניו־יאָרק, און אויב ער לייענט דאָס — היינטיקע צייטן קען מען גאָרניט וויסן, וואו איינער ווערט פאַרוואָרפן — בעט איך אים ער זאָל מיר מוחל זיין. איך בין שוין לאַנג אָפּגעקומען פאַר יענע חטאים.

ר׳ שמאי האָט געהאַט נאָך אַן אויסגעגעבענע טאָכטער, אסתרל, וואָס האָט אויך געוואוינט אויף דער וואָלינסקע־גאַס. איר מאַן, משה, איז געווען אַ קאַמאַשן־מאַכער, וואָס האָט געאַרבעט פאַר זיך אין דער היים מיט צוויי מאַשינעס. אָט די טאָכטער האָט שנעל אויפגעפונען, אַז זי קען מיך באַנוצן צו „גיין אַ גאַנג״, אָפּצוטראָגן אַ פּאָר קאַמאַשן, אָדער גאָר צו ניאַנטשען

איינס פון אירע קינדער, ווען זי האָט באַדאַרפט ערגעץ גיין. זי האָט ניט געהאַט אַזאַ לייכטן צוטריט צו מיר, ווי עס האָבן געהאַט אירע ייִנגערע שוועסטער. האָט זי דאָס געטאָן גאָר אויף אַן אַנדער אופן. זי פלעגט אַריינקומען און בעטן איר טאַטן, ער זאָל מיר דערלויבן צו טאָן פאַר איר, אָדער פאַר איר מאַן, אויב איך האָב ניט עפּעס אַנדערש צו טאָן. אָט די לעצטע פראַזע האָט זי קיין מאָל ניט פאַרגעסן צו געברויכן, „אויב איך האָב ניט עפּעס אַנדערש צו טאָן", און ר' שמאי שניצער האָט איר כמעט קיין מאָל ניט אָפּגעזאָגט.

# אַ גוטער שליטוועגס — איך באַגעגן אַ „מלאך"

עס איז ניט מיין אַבזיכט צו פּאַרציען מיין לעבנס־באַשרייבונג מיט אומנויטיקע און אומוויכטיקע אייבצלהייטן. ניט אַלץ, וואָס טרעפט מיט אַ מענטשן אין זיין לעבן, לאָזט זיך באַשרייבן, ניט אַלץ איז אינטערעסאַנט אָדער וויכטיק. טויזנטער זאַכן טוען אַלע מענטשן גלייך און עס איז ניטאָ פון וואָס צו ריידן. די לעבנס־באַשרייבונג פון אַ יחיד מוז אַרויסהייבן נאָר דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יחיד, וואָס זיין לעבן ווערט באַשריבן און אינטערעסאַנט פאַר דעם לייענער, וואָס לייענט די באַשרייבונג.

דער ערשטער תנאי פון אַן אויטאָביאָגראַפיע איז דערפאַר דער, וואָס זי, די אויטאָביאָגראַפיע, מוז זיין אינדיווידועל. אָן דעם איז דאָס ניט קיין ביאָגראַפיע. די אינדיווידואַליטעט דאַרף אָבער ניט שטערן דעם לייענער צו געפינען זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג אין דער באַשרייבונג.

דאָס איז נאָר דער אָנהייב.

קיין מענטש פאַלט ניט אַראָפּ פון הימל אומגעריכט, און קיין מענטש לעבט ניט איינער אַליין אין אַ וויסטעניש. דער מענטש ווערט דערצויגן צו זיין דאָס, וואָס ער איז אין אַ סאָציאַלער אומגעבונג. אָדם און חוה זיינען שוין געווען אַ „געזעלשאַפט" פון צוויי, ווי פרידריך ענגעלס האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט האַלב־סאַרקאַסטיש. דאָס דאָזיקע ערשטע פּאָרפאָלק, צוזאַמען מיט זייערע צוויי זין, קין און הבל, און זייערע ווייבער האָבן שוין צוזאַמענגעשטעלט „קלאַסן", לויט זייערע באַשעפטיקונגען, און אַ „קלאַסנ־קאַמף", לויט די באַזונדערע אינטערעסן, וואָס האָט געפירט צו ברודער־מאָרד.

דאָס איז אמת, אפילו ווען מען גלייבט ניט די מעשה, ווי זי ווערט באַשריבן אין חומש.

יעדער מענטש איז אַ סאָציאַלע באַשעפעניש. אַ לעבנס־באַשרייבונג מוז דערפאַר לייגן געוויכט אויף דעם סאָציאַלן הינטערגרונט און דער סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער דער סוביעקט פון דער ביאָגראַפיע האָט זיך באַוועגט. מיט אַנדערע ווערטער: אַ לעבנס־באַשרייבונג מוז זיין שטאַרק אינדיווידואַליסטיש און ניט ווייניקער סאָציאַל גלייכצייטיק.

אָבער אויך דאָס דעקט ניט די גאַנצע אויפגאַבע.

דאָס לעבן איז ניט אויסגעגאָסן פון איין שטיק. עס איז אַ דראַמע, וואָס קומט פאָר אין האַנדלונגען און אין אַקטן. דער אויטאָביאָגראַף מוז דערפאַר געבן הויפּטזעכלעך דאָס דראַמאַטישע, פאַרטיילט אין אַקטן, וואָס זיינען בילדלעך. דאָס איז, וואָס מען רופט „לעבעדיק". און דאָס אַלץ טאָר ניט זיין אויסגעטראַכט: די אויטאָביאָגראַפיע מוז זיין אמת היסטאָריש און וויכטיק קולטור־היסטאָריש.

מען טאָר דעריבער ניט אויסבעטן אַזאַ אַרבעט, ווי מיינע, מיט עפּיזאָדן, וואָס ברענגען ניט אַריין קיין נייע כאַראַקטער־שטריכן פון דעם אויטאָביאָגראַף אָדער פון זיין אומגעבונג. אַלע מענטשן האָבן זכרונות, אָבער ניט אַלע זכרונות האָבן אַ ווערט פאַר אַלע מענטשן.

צוליב אָט די אַלע טעמים וועל איך דאָ ניט געדיכטער מאַכן מיין אַרבעט מיט פּאַסירונגען פון מיין לערנצייט, וואָס האָבן זיך אָפּט איבערגעחזרט. איך וויל אָבער פאַרצייכענען עטלעכע קליינע עפּיזאָדן, וואָס האָבן געלאָזן זייער איינדרוק אויף מיר פאַר מיין גאַנץ לעבן ביז אויף היינטיקן טאָג.



אַ חוץ די דריי טעכטער, וואָס איך האָב שוין דערמאָנט, האָט ר' שמאי געהאַט צוויי זין, יואל און איסר, ביידע עלטער פון די טעכטער.

מיט דעם עלטסטן זון, מיט יואלן, האָבן איך קיין שום מגע־ומשא ניט געהאַט. איך האָב אים כמעט ניט געקענט. ער האָט געהאַט אַן אייזן־געשעפט אין דער קריסטלעכער געגנט, וואָס מען פלעגט רופן דער „מקום", און ער איז זעלטן געקומען צום פאָטער. אין מיטן וואָך איז ניט געווען קיין צייט און פאַר שבת איז דאָס געווען אַ צו ווייטער מהלך. יואל איז געווען אַ חסיד ווי זיין טאַטע. פאַר דאָס האָב איך שוין גאָר פיל געהאַט צו טאָן מיט זיין צווייטן זון, מיט איסרן. מען פלעגט אים רופן: איסר מיט דער ליפּ, ווייל ער האָט געהאַט אַ געבוירענעם שוואַרצן סימן אויף דער אויבער־שטער ליפּ.

דער דאָזיקער איסר איז אויך געווען אַ שניצער. ער האָט געאַרבעט פאַר זיך. ער האָט געהאַט אומגעפער אַזאַ „פאַבריק" ווי זיין טאַטע. מיט מיר האָט ער אייגנטלעך ניט געהאַט וואָס צו טאָן. ער האָט נאָר ניט געקענט פאַרטראָגן, וואָס זיין פאָטער האָט מיך באַהאַנדלט גאָר ניט ווי מען באַדאַרף באַהאַנדלען אַ לערן־יונג, ווי ער, למשל, האָט באַהאַנדלט מיין ייִנגערן ברודער חיימען, וואָס איז שפּעטער אָנגעקומען צו אים אויף דער לער. ער האָט אַלע מאָל איינגעטענהט מיט זיין טאַטן און געזוכט צו מאַכן מיין לעבן

שוועך. און דער איסר האָט געהאַט אַ גאַנצע „טעאָריע”, ווי אַזוי מען דאַרף זיך נוהג זיין מיט אַ לערן־יונג. לויט דער דאָזיקער טעאָריע דאַרף אַ לערן־יונג ניט זיצן ביי איין טיש ביים עסן מיט דעם באַלעבאָס, און זיין טאַטע האָט מיך גראָד געהאַלטן ביים טיש, איבערהויפּט שבת, ווען ער האָט גע־שמועסט תורה מיט מיר ווי מיט אַ דערוואַקסענעם און ווי מיט אַן אייגענעם. אין די זאַכן האָט איסר גאָר ניט געקענט אויספירן ביי זיין טאַטן. ר׳ שמאי האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיר, פאַר דער גמרא, וואָס איך האָב געקענט. אַ חוץ דעם בין איך געווען אַ יתום, וואָס איז געשטאַנען אין זיין רשות, פלעגט איסר מיר פאַרשאַפן צרות, וואו ער האָט נאָר געקענט, און איך האָב געמוזט שווייגן.

אין איין פּונקט אָבער האָט איסר מיך אין גאַנצן מנצח געווען. איך האָב געהאַט אַ טבע זיך צו זאַמען לאַנג, ווען מען האָט מיך געשיקט אַ גאַנג. וואו בין איך געווען? אַ מאָל האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו דער מאַמען אָפּצוכאַפּן דאָס האַרץ מיט עטלעכע זעמל, אָדער אַ טעלער זופּ. אַן אַנדערש מאָל בין איך אָפּגעטראָטן אויף דער געגנשע־גאַס אין אַ בית־המדרש אָפּצו־פרישן דעם זכרון מיט אַ בלאַט גמרא. אַוודאי האָב איך קיין מאָל ניט דערציילט דעם אמת, וואו איך בין געווען. אַ טוזנט תירוצים האָב איך געהאַט, יעדעס מאָל אַן אַנדער תירוץ, אָבער קיין מאָל ניט דעם אמתן. ר׳ שמאי איז געווען שטאַרק אין כעס, אָבער ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר. אַוודאי האָט ער מיך געקענט גאַנץ גוט אָנשלאָגן, אָבער דאָס וועט ער ניט טאָן. וועלכע שטראָף איר ווילט נאָר אַליין, אָבער ניט שלאָגן. ער וועט דאָך ניט שלאָגן קיין יתום. האָט ער כסדר געזאָגט מוסר און עס האָט געהאָלפן — ווי מוסר העלפט געוויינטלעך. דאָ איז אים צוניץ גע־קומען זיין זון, דער שניצער־מייסטער איסר. ער האָט געהאַט אַ מיטל, וואָס איז געווען זיכער מיך אָפּצוגעוואוינען פון דער דאָזיקער שלעכטער מידה. און דאָס מיטל איז אַזוי איינפאַך, אַז אַ קינד קען דאָס פאַרשטיין. אַלץ, וואָס מען דאַרף טאָן, איז מיך שיקן פאַרן עסן — אין דער פרי פאַר דעם אָנבייסן, און ביי טאָג — אַ האַלבע שעה איידער דער מיטאָג ווערט פאַרטיק. אַז איך וועל זיין הונגעריק און וועל וויסן, אַז מיין עסן ווערט קאַלט, האָט איסר אויסגערעכנט, וועל איך קומען שנעל צו לויפן.

איסר האָט געהאַט נאָך צוויי ברילִיאַנטענע אידעען צו מאַכן אַ לערן־יונג זאָל קומען אַהיים געשווינד — איינע פאַרן זומער און אַן אַנדערע פאַרן ווינטער. אום זומער, האָט ער געקנעלט מיט זיין פאָטער, דאַרף אַ לערן־יונג ניט טראָגן קיין שטיוול, נאָר פאַנטאָפל. אַז ער גייט אויפן גאַס, דאַרף ער אַ וואָרף טאָן מיטן פוס דעם פאַנטאָפל פון איין פוס און אים נאָכיאָגן.

דערנאָך דאַרף ער טאָן דאָס זעלביקע מיט דעם צווייטן פוס, און אַזוי כסדר. אַ מאָל איין פּאַנטאָפל, אַ מאָל דעם צווייטן פּאַנטאָפל. דאָס איז אַ פיינע שפּיל, און אַז מען איז נאָך דערצו הונגעריק, קומט מען אַהיים ווי אַ פּייל פון בויגן. דאָס איז פאַר זומער.

ווינטער קען מען דאָך אָן קיין שטיוול ניט גיין, איז גוט, אַז מען האָט אַ שליטל. מיט אַ שליטל קען מען אין ערגעץ ניט אַריינגיין; מען קען אָנלייגן אַ שווערע משא און עס שליטלט זיך געשווינד — איבערהויפּט אַז מען איז הונגעריק.

ר׳ שמאַין זיינען די דאָזיקע עצות זייער גוט געפעלן, אַבי מען דאַרף ניט שלאָגן.

צו זאָגן דעם אמת, דער געדאַנק פון דעם שליטל איז מיר אַליין אויך געווען געפעלן. איך האָב פריער אין מיין לעבן קיין שליטל ניט געהאַט. פריער האָט מיר גאָר ניט געפּאַסט אַזאַ זאַך. אַ שיין פּנים וואָלט איך געהאַט, ווען איך גיי אַרויס אויף ניסקע־גאַס, אָדער אפילו אויף וואָלינסקע־גאַס, מיט אַ שליטל. איצט אָבער איז אַלץ אַנדערש, איצט בין איך אַ לערן־יונג, איז טאַקע גוט זיך צו באַנוצן מיט דער געלעגנהייט און זיך שליטלען אויף דער גאַס מיט אַן אייגענעם שליטל.

געווען איז דאָס אַרום חנוכה־צייט, 1879. פון דער קאָנספּיראַציע, וואָס איסר האָט געמאַכט קעגן מיר, האָב איך גאָרניט געוואוסט. האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן דער אידעע צו מאַכן אַ שליטל. ר׳ שמאי האָט מיר צוגעהאָלפן און געזען, אַז דער שליטן זאָל זיין שיין, ניט גלאַט צוזאַמענגעקלאַפּט פון שטיקער האָלץ. ער איז דאָך עפּעס געווען אַ קינסטלער. צום ערשטן מאָל האָב איך דעם שליטן אַרויסגענומען באַלד נאָך אַ גרויסן שניי. איך האָב באַדאַרפט ברענגען פיר שווערע ראַמען פון לעסערס געשעפט. דאָס געוועלב איז געווען אויף רימאַרסקע־גאַס, אַנטקעגן דער „באַנק פּאָלסקי" (פּוילישע באַנק). געוויינטלעך האָב איך געטראָגן צוויי ראַמען מיט אַ מאָל, אַ ראַם אויף יעדן אַקסל, און איך אין דער מיט. מיט דעם שליטן, האָב איך געקלערט, פּונקט ווי איסר האָט דאָס פאַראויסגעזאָגט, וועל איך קענען אַהיימנעמען אַלע פיר ראַמען מיט אַ מאָל. און פּונקט ווי איסר האָט געהייסן, האָט ר׳ שמאי מיך אַוועקגעשיקט פאַר דעם אָנבייסן. „כאַפּ זיך אַריבער שנעל", האָט ר׳ שמאי געזאָגט, „צו לעסערן, מיט דעם שליטל, וועסטו זיין צוריק אין אַ האַלבער שעה". מיר האָט די מעשה אפילו ניט געשמעקט, אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן? און איך אַליין האָב טאַקע געוואָלט זיך אַרויסלאָזן אין גאַס אַריין מיט מיין שליטן.

עס האָט מיר באמת ניט לאַנג גענומען און איך בין געווען אויף דער־

רימאַרסקע־גאַס, אין דעם הויף פון לעסערס געשעפט. גאַנץ לעבעדיק בין איך אַריין און האָב אָנגעלאָדן מיין שליטן מיט פיר שווערע שטאַבאָווע ראַמען, ווי מען האָט דאָס גערופן, און האָב זיך געלאָזט צוריק אין וועג אַריין. דער פראָסט האָט געברענט, ווי עס טרעפט אָפט אין וואַרשע אין חודש דעצעמבער. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און איך האָב אויסגעפונען, אַז עס איז ניט אמת דאָס ווערטל: „לעבן אַ שווערן וואָגן איז לייכט צו גיין צופוס", זיכער ניט פאַר איינעם, וואָס דאַרף אַליין שלעפּן דעם וואָגן. מיט דעם ליידיקן שליטל איז טאַקע געווען פיין. איך בין געלאָפן אויף דעם טראָטואַר, וואו דער שניי איז געווען מער אָדער ווייניקער אַראָפּגעראַמט. מיט די גרויסע ראַמען, וואָס זיינען געווען ברייטער און לענגער פון דעם שליטל, האָט מען מיך שנעל אַראָפּגעטריבן פון דעם טראָטואַר. אין מיטן גאַס איז געווען גאָר אַן אַנדער מעשה. דער שניי איז געווען אַ טרוקענער און אַ צעריבענער פון די רעדער, און ער איז געלעגן געדיכט אויף דער גאַס. די זייטן פון מיין שליטן זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם שניי, וואָס האָט אויך פאַרשאָטן די ראַמען און זיי געמאַכט נאַס, וואָס דאָס איז געווען דאָס ערגסטע. נאָס האָלץ לאָזט זיך ניט שניצן. וואָס טוט מען? איין מאָל האָב איך פּרובירט אָנטשעפּען מיין שליטן אָן אַ דראָזשקע, האָב איך גע־כאַפּט אַ שמיץ מיט דער בייטש פון דעם דראָזשקאַרזש, אַז עס איז מיר פאַר־גאַנגען אונטערן האַרץ. און דאָ בין איך דורכגענומען פון קעלט און דערצו טויט־הונגעריק. און עס איז שוין צען אַזייגער. איין זאַך איז מיר באַר געבליבן, אויסלאָדן מיין שליטן און איינציקווייז אַהיימטראָגן מיינע ראַמען, און אויך דעם שליטן. האָב איך גענומען צוויי ראַמען, זיי צוגעטראָגן צו אַן עק גאַס און אַוועקגעשטעלט. נאָכדעם בין איך געגאַנגען נאָך די אַנדערע ראַמען, און דערנאָך נאָך דעם שליטל. עס איז מיר געווען שווער מיט די ליידיקע הענט אַרויסצוקלאַפּן דאָס ליידיקע שליטל פון דעם שניי. אָבער ניט ברעכט אייזן. ווען איך האָב אַלע מכשירים צוגעטראָגן צום עק לעשנע און פשעיאַזד, האָב איך ווידערהאָלט די זעלביקע זאַך, גענומען צוויי ראַמען, אָפּגעטראָגן עטלעכע גאַסן, אַוועקגעשטעלט, געגאַנגען צוריק נאָך די אַנדערע צוויי ראַמען און נאָכדעם נאָך דעם שליטל, ביז איך בין ביסלעכווייז צוגע־קומען צום ראָג פון פשעיאַזד און נאָוואָליפּיע. דאָרט האָב איך זיך אַוועק־געשטעלט און זיך צעוויינט (איך בין דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר). דער פראָסט, דער הונגער און דער פאַקט, וואָס עס איז שוין אַריבער אפשר צוויי שעה און וואָס איך בין נאָך אַזוי ווייט פון וואָלינסקע־גאַס, האָט מיך אַזוי צענומען, אַז איך האָב דאָס מער ניט געקענט אַריבערטראָגן.

ווי איך שטיי אַזוי איינגעקאָרטשעט אין דרייען און וויין, איז צוגעקומען

צו מיר אַ פרוי, אפשר אַ יאָר פערציק, אַן אָרעמע יידישע פרוי, אין אַ שייטל און איינגעהילט אין אַ פאַטשיילע און האָט מיך געפרעגט: „ייגעלע, וואָס וויינסטו?" האָב איך איר דערציילט, אַז איך בין הונגעריק און געפראָרן, און איך זאָם זיך שוין אַזוי לאַנג, אַז איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיין באַלע־באָס וועט מיר טאָן, ווען איך וועל אַהיימקומען . . .

„און דיין טאַטע ווייסט פון דעם אַלעם", האָט זי געפרעגט, „און טוט גאָרניט צו דעם?" — „איך האָב ניט קיין טאַטן, איך בין אַ יתום", האָב איך געענטפערט, „און די מאַמע איז פאַריאָגט אַריינצוברענגען פרנסה פאַר די איבעריקע קינדער".

די פרוי האָט מיך אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן. נאָכדעם האָט זי געזאָגט: „ייגעלע, איך בין אַליין אַן אָרעמע אלמנה און איך קען דיר גאָרניט העלפן. איך וויל אָבער דיר זאָגן איין זאַך: דו זאָלסט אַלע מאָל געדענקען, מיין קינד, אַז: ׳דער, וואָס קען ניט דאָס שלעכטע אַריבערשווענבן, דער קאָן ניט דאָס גוטע דערלעבן׳. זאָל דיר השם יתברך העלפן, ער איז אַ פאָטער פון יתומים".

און די פרוי איז אַוועק.

דעם איינדרוק, וואָס די ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט, איז גאָר ניט צו באַשרייבן. איך בין געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז צו מיר געקומען אַ מלאך פאַרשטעלטערהייט מיך צו טרייסטן. איך האָב מיטאַמאָל געגומען פילן אַזאַ גבורה אין מיר, אַז איך וואָלט געקענט אַוועקטראָגן אַלע פיר ראָמען, מיט דעם שליטל צוזאַמען. עס איז נאָר געווען שלעכט, וואָס די ראָמען האָבן געשניטן אין די אַקסלען פון אויבן און האָבן געקלאַפּט אין די פיס פון אונטן. האָב איך ווידער גענומען צוויי ראָמען, צו איינע אויף יעדן אַקסל, און האָב זיי צוגעטראָגן ביז דעם עק דזשיקע־ און דזשיעלנע־גאַסן, זיי אַוועקגעשטעלט און געגאַנגען צוריק נאָך די אַנדערע צוויי ראָמען. געגאַנגען בין איך איצט אונטער דעם ריטם פון: „ווער עס קאָן ניט דאָס שלעכטע אַריבערשווענבן, דער קאָן ניט דאָס גוטע דערלעבן".

ווען איך בין צוגעקומען צום ראָג דזשיעלנע־גאַס מיט די אַנדערע צוויי ראָמען — ווען, מיינט איר, האָב איך געטראָפן שטיין און היטן די צוויי ראָמען?

— מיין באַלעבאָס ר׳ שמאין אַליין.

ווען ער האָט געזען ווי לאַנג איך זאָם מיך, איז ער געוואָרן אומרואיק, האָט ער גענומען דעם שטעקן און איז געגאַנגען מיך באַגעגענען. ווען ער איז צוגעקומען צום ראָג דזשעלנע־גאַס און האָט דערזען די צוויי ראָמען, האָט

ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זיין סחורה, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן.

ווען איך בין צוגעקומען מיט די אַנדערע צוויי ראַמען, האָב איך אים שוין גאָר ניט געדאַרפֿט דערציילן. מיט איין בליק האָט ער אַרומגעכאַפּט די גאַנצע סיטואַציע.

איך האָב אים פֿונדעסטוועגן אויף שנעל דערציילט אַלץ, וואָס איז געשען. נאָכדעם האָב איך זיך אויסגעדרייט צו גיין ברענגען דאָס שליטל.

— וואו גייסטו אַצינד ? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך גיי נאָך דעם שליטן.

— זאָל דער שליטן פֿאַרברענט ווערן — האָט ער אַ זאָג געטאָן נערוועז, — זאָל ער דאָרט ליגן אין געהאַקטע צרות.

אויס שליטן!

אָבער די ווערטער, אַז „דער וואָס קען ניט דאָס שלעכטע איבערשוועבן — דער קען ניט דאָס גוטע דערלעבן", האָב איך קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן.

# נייע ווינטן הייבן אָן בלאָזן

ביי ר׳ שמאין אין הויז האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן יידישע מעשה־ביכלעך. עס האָבן אָנגעהויבן אויפצוקומען שמ״רס ראָמאַנען, און זיי האָבן געפונען אַ וואַרעמע אויפנאַמע ביי אונדז. מיין באַלעבאָס, ר׳ שמאי, דער חסיד, דער ייד פון אַ יאָר פינף און פופציק, איז געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכער לייענער פון די „העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען״. אַז איך האָב מיט־געהאַלטן מיט אים און בין אים און ווייט געלאָפן אין פּאַראַויס, איז איבעריק צו דערציילן. מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז ר׳ שמאי, אָדער איך אפילו, זיינען אַראָפּ פון גלייכן וועג. חלילה! ר׳ שמאי האָט ווי פריער ניט געאַרבעט פאַר דעם דאַווענען; ער האָט ווייטער געלייגט צוויי פּאָר תפילין, און איך בין, ווי פריער, געלאָפן אין בית־המדרש אַריין, ווען נאָר איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט. עס איז געווען אין יענער צייט, אינעם סאַמע מיטן פון שמ״רס ראָמאַנען, ווען עס האָט מיך ווידער אָנגעכאַפּט אַ בענקשאַפט פאַר דעם בית־המדרש און איך בין אַנטלאָפן פון ר. שמאין און צוריקגעקומען ערשט אין צוויי חדשים אַרום.

אַריינגעפירט די מעשה־ביכלעך אין די ראָמאַנען צו ר׳ שמאין אין הויז האָט אַ יונגערמאַן מיט דעם נאָמען בערל־לייב גוטשעכטער.

דער דאָזיקער בערל־לייב איז אויך געווען אַ שניצער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה ביי מיין ר׳ שמאין אַ צען יאָר פריער פון מיר. אין מיין צייט האָט ער שוין געהאַט אַ פרוי מיט קינדער. ער האָט געוואוינט אויף אונדזער הויף, אויף דער וואָלינסקע־גאַס, און ער איז געווען שטאַרק באַפריינדט מיט זיין אַמאָליקן מייסטער, מיט זיינע זין און טעכטער, וואָס מיט זיי איז ער צוזאַמען אויפגעוואַקסן.

בערל־לייב איז געווען גאָר אַן אַנדער מענטש ווי זיין פריינד איסר מיט דער ליפּ. אין היפוך צו יענעם, איז ער געווען אַ ליבער מענטש, אַלע מאָל גרייט צו טאָן אַ טובה, און ער האָט ליב געהאַט זיך צו חברן מיט מענטשן, וואָס האָבן געקענט מער פון אים. ווען איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט אים, בין איך נאָך געווען גאָר אַ ייִנגל, אַ לערן־ייִנגל, און ער איז שוין געווען אַ געזעלן, אַ באַווייבטער מענטש, אַ טאַטע פון צוויי קינדער. אָבער

ער האָט זיך געחברט מיט מיר, נאָר ווייל איך האָב געקענט לערנען. די דאָזיקע חברשאַפט האָט אָנגעהאַלטן ביז עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט אין ניו־יאָרק.

בערל־לייב איז געווען אָנגעשטעקט מיט ליבעראַלע געדאַנקען, וואָס זיינען ביסלעכווייז אַריינגעבלאָזן געוואָרן אין אונדזער גאַס. ער איז געווען אַ שטיק אַפּיקורס, אָבער ער איז געגאַנגען אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע. אַ שניצער, מיט פּרעטענזיעס אויף קונסט, ווי עס זיינען, געוויינטלעך, אַלע שניצערס, האָט בערל־לייב ניט געהאַט דעם מוט צו ענדערן זיין קליידונג, ביז ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע. מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן, וויפל געוואַגטקייט עס האָט זיך געפאָדערט אין יענע צייטן אין דער יידישער וואַרשע אָנצוטאָן זיך „דייטש". אַ גאַנצע רעוואָלוציע איז דאָס געווען. איך אַליין האָב דורכגעמאַכט דעם קאַמף, אָבער איך בין געווען אַ „רעוואָלוציאָנער", וואָס מיין פריינד בערל־לייב איז בטבע ניט געווען. זיין דורשט נאָך השכלה האָט ער געשטילט מיט שמ"רס ראָמאַנען. דאָס איז געווען זיין הויפּט־מיטל. קיין העברעאיש האָט ער ניט פאַרשטאַנען. ער האָט געלייענט און גערעדט פּויליש — האָט ער דאָך געאַרבעט אין פּוילישע מעבל־פאַבריקן — אָבער פּויליש איז ניט געווען זיין לשון. דאָס לשון, וואָס איז אים געווען געלויפיק, איז געווען יידיש. עס זיינען געווען אויף דעם מאַרק די וויכטיקסטע ביכער פון מענדלע מוכר ספרים. מיר האָבן שוין געהאַט צו יענער צייט דאָס „ווינטשפינגערל", „דאָס קליינע מענטשעלע", „די טאַקסע", „פישקע דער קרומער", „די קליאַטשע", „קצור מסעות בנימין השלישי", און בערל־לייב האָט זיי אַלע געלייענט, אָבער ער איז ניט געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין זיי, ווי אין שמ"רס ראָמאַנען. ווען עס וואָלט געקומען צו אַן אָפּשטימונג, ווער איז וויכטיקער, מענדעלע אָדער שמ"ר, וואָלט בערל־לייב אַוודאי געווען געשטימט פאַר שמ"רן. און מען קען צו אים קיין טענות ניט האָבן. האָט דאָך אפילו פרץ ניט שטאַרק אויסגענומען ביי גרעסערע מבינים ווי בערל־לייב איז געווען. האָבן דאָך קריטיקער ווי בעל־מחשבות און דוד פרישמאַן חוזק געמאַכט פון פרצן. איז דאָך שלום־עליכם, וואָס האָט געשריבן „שמ"רס משפט", אַ לאַנגע צייט גאָר ניט געווען שווה בשוה מיט פרצן; האָבן מיר דאָך נאָך היינט יידישע ליטעראַטור־„קריטיקער", ווי אב. קאַהן פון דעם „פאָרווערטס", למשל, וואָס האַלטן זייער ווייניק פון מענדעלען. וואָס זשע קען מען פאָדערן פון בערל־לייב דעם שניצער אַרום דעם יאָר 1880?

דאָס נאָר וואָס געזאָגטע פּאַסט אויך אויף מיין באַלעבאָס ר' שמאי. ער האָט גראָד געקענט זייער גוט פּויליש. דאָס איז ביי אים געבליבן נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער איז אַליין געווען אויף דער לער, ווען ער איז אַליין געווען

אויסגעקאָכט מיט די סטאָליאַרסקע שקצים, אָבער ער וועט זיך דאָך ניט אַוועקזעצן „אין מיטן דרינען" און לייענען אַ מעשה אויף פּויליש. העברעאיש האָט ער פאַרשטאַנען און ער האָט שפּעטער געלייענט דעם „אהבת ציון" און דעם „עיט צבוע", וואָס איך האָב צו אים געבראַכט. אָבער זיין לשון איז געווען יידיש, און זיין געשמאַק צו לייענען ביכלעך איז צו אים געקומען פון שמ"רס ראָמאַנען, וואָס בערל-לייב האָט דער ערשטער געבראַכט צו אים — און צו מיר.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם עפּיזאָד ניט בלויז צו דערציילן דעם ערשטן שריט פון מיין אייגענעם איבערגאַנג צו דער השכלה, נאָר אויך אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף דעם קולטור-היסטאָרישן ווערט פון דעם שמ"ר-פּעריאָד. בערל-לייב, ר' שמאי שניצער און איך זיינען ניט געווען די איינציקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט שמ"רן. איך אַליין קען נאָך אַנדערע, וואָס האָבן אַזוי אָנגעהויבן, צווישן זיי גאָר בכבודיקע שריפטשטעלער.

אונדזער ליטעראַטור-קריטיק, שיינט מיר, באַגייט אַ גרויסע עוולה ניט נאָר קעגן שמ"רן פּערזענלעך, נאָר אויך קעגן אונדזער אייגענער קולטור-געשיכטע, מיט דער נעגאַטיווער שטעלונג, וואָס זי האָט אָנגענומען צו שמ"רן. פון אַלע זייטן הערן מיר, אַז שמ"רן האָבן געלייענט נאָר דינסט-מיידלעך. דאָס איז געווען דער געשריי פון די אַמאָליקע העברעאישע „סנאָבס", וואָס זיינען אַליין, מיט ווייניק אויסנאַמען, געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן שטאַפּל פון בילדונג און קולטור. עס איז דעמאָלט גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן, און עס פאַלט ניט איין די היינטיקע קריטיקער, צו פרעגן: און אַז דינסטמיידלעך איז וואָס? און וואָס האָבן דעמאָלט געלייענט די אַנדערע מיידלעך, וואָס זיינען ניט געווען קיין דינסטן? און וואָס האָבן געלייענט די מאַמעס, און די טאַטעס, און די בחורים?

וואָלטן אונדזערע קריטיקער געפרעגט אָט די נאַטירלעכע פראַגן, וואָלטן זיי שנעל געקומען צו דעם שלוס איינס פון די ביידע: אָדער אַז די דינסט-מיידלעך זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן איבערהויפּט גע-לייענט וואָס עס איז, אָדער אַז עס זיינען געווען נאָך אַנדערע אויסער דינסטמיידלעך, וואָס האָבן אויך געלייענט שמ"רס ראָמאַנען.

זאָל מען מיך נאָר ניט פאַרשטיין שלעכט. איך וויל זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין קיין ליטעראַטור-קריטיק. איך וויל אויך ניט אָפּלערן קעגן „שמרס משפט", און איך וויל ניט פאַרטיידיקן שמ"רן קעגן שלום-עליכמען. מיך אינטערעסירט אָבער דער קולטור-היסטאָרישער שטאַנד-פּונקט. שמ"ר איז ניט אַראָפּגעפאַלן פון דאַך. אויך ביי אַנדערע פעלקער זיינען געווען שמ"ר-ענלעכע פּעריאָדן. אין זיין צייט איז שמ"ר געווען

פּונקט אַזוי נאַטירלעך און נוצלעך, ווי עס איז געווען נאַטירלעך און נוצלעך דער קאַמף קעגן אים. אין קאַמף זיינען אַלע מיטלען רעכט, איבערהויפּט אין אַ קולטור־קאַמף, וואו די וואָפן זיינען ריין־ליטעראַרישע. אָבער די געשיכטע, איבערהויפּט די קולטור־געשיכטע, דאַרף ניט קעמפן, זי דאַרף אָפּשאַצן, לויט די געשיכטלעכע רעזולטאַטן, זי דאַרף ניט נאָכזאָגן זאַכן, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן בעת דעם קאַמף. די אויפגאַבע פון דער קריטיק היינט דאַרף זיין צו אונטערזוכן די געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן, דעם מצב פון דער ליטעראַטור און פון דער קולטור פון די יידן אין פּוילן און רוסלאַנד צו יענער צייט, כדי צו געפינען דעם ריכטיקן אָרט פאַר שמ״רן און אים דאָרט אַריינשטעלן, לויט דעם איינפלוס, וואָס ער האָט אויסגעאיבט צום גוטן אָדער צום שלעכטן. דאָס וואָס נאָר דינסטמיידלעך זאָלן האָבן אים געלייענט, דאַרף פאַרשריבן ווערן אויף זיין קרעדיט, זיכער ניט אויף זיין דעביט. שמ״רס ראָמאַנען האָבן בלי ספק צוגעפּערטיקט דעם באָדן פאַר דער שפּעטערדיקער — און אויך פריערדיקער — קלאַסישער ליטעראַטור און פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד און אַמעריקע. דער זעלביקער בערל־לייב, וואָס איז אין וואַרשע געווען פאַר־קאָכט אין שמ״רן, איז דאָ אין אַמעריקע באַלד געוואָרן אַ גוטער יוניאָן־מאַן און איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון דעם ערשטן ברענטש אַרבעטער־רינג, פּונקט ווי דאָס איז געווען פ. ניקלסבערג, וועמענס נאָמען איך האָב שוין דערמאָנט, וואָס האָט אויך אָנגעהויבן מיט שמ״רן.

גלייכצייטיק מיט שמ״רן האָב איך געלייענט די גאַנצע יידישע ליטע־ראַטור, וואָס איז געווען בנמצא. דאָס איז דעמאָלט ניט געווען שווער. היינט דאַרף מען זיין אַ ספּעציאַליסט נאָכצופאָלגן די יידישע ליטעראַטור. דעמאָלט איז דאָס געווען ווי אַ „אַ האָר פון מילך״, איבערהויפּט פאַר אַזעלכע ליטעראַטור־זולל־וסובאס, ווי איך בין געווען פון סאַמע אָנהייב אָן. א. מ. דיק מיט זיינע מעשהלעך, וואָס אַ גאַנצער הויפן פון זיי איז געווען גענוג אויף איין צאָן, מענדעלע, שמ״ר און זיינע נאָכמאַכער, מ. זייפער און עוזר בלאָשטיין, לינעצקי, דינעזאָנס „שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״, שאַצקעס „יידישער פאַר פסח״, און אַ צאָל אַנדערע מעשה־ביכלעך, מאַנכע פון זיי, ווי די „שיינע העלענע״, איבערזעצט פון דייטש, און דאָס איז געווען די גאַנצע ליטעראַטור צו שטילן דעם הונגער פון אַ דור, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן אויפצוואַכן און זיך אויסצוטשוכען פון אַ דורות־לאַנגן שלאָף. ס׳איז געווען אַ גרויסער דוחק, און ווער עס זאָל שטילן דעם הונגער איז ניט געווען. דער „פּאַקנטרעגער״ פלעגט אַריינקומען יעדע וואָך מיט זיין ליטעראַרישער שפּייז — וואָך נאָך וואָך איז ער געקומען —

אָבער ס׳איז ניט געווען וואָס צו קויפן. אַלץ שוין געליייענט. דאָס מויל האָט געוואָסערט, אָבער וואָס האָט דער פּאַקנטרעגער געקאָנט געבן?

איך האָב גוט פאַרשטאַנען העברעאיש, אָבער אויך אין העברעאיש איז געווען אַ גרויסער דלות. די גרויסע דיכטער פון יענער צייט איז מיר דעמאָלט געווען שווער צו פאַרשטיין. איז טאַקע ניט געווען וואָס צו נעמען אין מויל אַריין.

אָט צוליב דעם אַלעם וואָלט געווען אַ יושר, אַז אונדזער ליטעראַטור־היסטאָריקער זאָל רעווידירן זיין שטעלונג צו דער ליטעראַטור פון יענעם פעריאָד און — צו שמ״רן.

מיר פערזענלעך איז צו יענער צייט רייזעלע געקומען צו הילף. זי האָט מיר די ערשטע געגעבן צו לייענען פוילישע נאָוועלן, ווי קראַשעווסקי, וואָס איז ניט אַ סך אָפּגעשטאַנען פון שמ״רן, ווי מיר שיינט היינט, און עליזאַ אָרזשעשקאָ. פון דעם ערשטן האָב איך געליייענט צוויי דערציילונגען, „דער פּאָעט און די וועלט״, און אַ נאָוועלע אָן אַ נאָמען, בעת „מייער יוזע־פּאָוויטש״ איז געווען דאָס ווערק פון אָרזשעשקאָ, וואָס רייזעלע האָט מיר געגעבן צו לייענען.

ווער איז געווען רייזעלע?

זי איז ניט געווען מיין ערשטע געליבטע. ביי דעם האָלט איך נאָך ניט. רייזעלע איז נאָר געווען איר מאַנס געליבטע, הגם יעדער, וואָס האָט זי געקענט, האָט זי באַוואונדערט און איז געווען פאַרליבט אין איר.

ווען איך האָב זי דערקענט, בין איך אַלט געווען אַ יאָר פערצן. זי האָט דעמאָלט חתונה געהאַט מיט בנימין יחזקאל גוטשעכטער, אַ ברודער פון בערל־לייבן. זי איז געווען אַ שיינע יונגע פרוי, אָבער דאָס ערשטע, וואָס האָט מיך צוגעצויגן צו איר, איז געווען דאָס שיינע פויליש, וואָס זי האָט גערעדט. קיינער אין מיין סביבה האָט ניט גערעדט פויליש ווי רייזעלע. מער ווי איין מאָל בין איך רויט געוואָרן, ווייל איך האָב איר ניט געקענט ענטפערן אויף פויליש, ווי איך האָב געוואָלט, אָבער איך האָב אַלץ ליב געהאַט צו הערן, ווי זי האָט גערעדט. די ערשטע צייטן האָט זי גערעדט נאָר פויליש. איר באַשעפטיקונג האָט דאָס געפאָדערט פון איר. רייזעלע איז געווען אַ פריזירערקע, וואָס פלעגט גיין אַהיים צו די גאָר רייכע „יהודימשע״ דאַמען און זיי העלפן מאַכן די פריזור. זי איז געווען אַ מין גייענדיקער „ביוטי פּאַרלאָר״, וואָס נאָר די גאַנץ רייכע האָבן זיך געקענט פאַרגינען, און וואָס נאָר זיי איז געווען דערלויבט. ניט אַלע פרויען, און ניט אַלע מיידלעך, האָבן צו יענער צייט געקענט געברויכן שמינקע. אפילו אַזאַ אומשולדיקע זאַך ווי פּודרע איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אויסגעלאַסנ־

קייט פון דעם ערגסטן סאָרט — ווען אָרעמע פרויען אָדער מיידלעך האָבן דאָס געברויכט. רייזעלע אַליין, איך בין זיכער, האָט קיין מאָל ניט פודרירט איר פּנים. אפילו אירע קונדן וואָלטן דאָס געהאַלטן פאַר אַן אויסגעלאַסנ־קייט. ווי קומט אַן אָרעמע מיידל צו געברויכן פודרע ?

צוליב איר פּראָפעסיע האָט שוין איר מאַן, ווען ער איז נאָך געווען איר חתן, זיך געמוזט אָנטאָן „דייטש". זי וועט דאָך ניט חתונה האָבן מיט אַ „קאַפּאָטשיאַרזש", ווי מען פלעגט רופן די יונגעלייט אין לאַנגע קאַפּאָטעס. דאָס איז געווען זיין גליק.

רייזעלעס הויז איז געווען אַ מין מיניאַטור „סאַלאָן". ביי איר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען יונגע בחורים, וואָס האָבן געזוכט דעם אָנהייב פון בילדונג און זיינען אין דעם געשטערט געוואָרן פון זייערע עלטערן אין דער היים. זי איז געווען דער „גוטער מלאך", וואָס האָט געגעבן ניט נאָר גוטע עצות, נאָר אויך אָפט אַ גוטן מאָלצייט. דער פאַרשטאָרבענער ד"ר פּיש, למשל, דער געוועזענער דאָקטער פון דעם אַרבעטער־רינג־ סאַנאַטאָ־ריום, אַ פּלימעניק פון ר׳ זאַנוועלע, האָט ניט איין מאָל געקראָגן אָפּצועסן ביי רייזעלען, ווען זיינע עלטערן האָבן אים אַרויסגעטריבן פון דער היים, ווען ער האָט זיך געגרייט צום עקזאַמען אין גימנאַזיום. דאָס אינטערעסאַנט־סטע פון אַלעם איז, וואָס רייזעלע אַליין איז געווען זייער פרום און האָט אָפּגעהיט יידישקייט ניט ערגער פון איר מאַמען. איר מאַן, בנימין־יחזקאל, איז אינגאַנצן געווען איינשטימיק מיט איר און האָט איר קיין מאָל ניט געשטערט אין קיין זאַך. אָבער קיינער איז ניט געגאַנגען צו בנימין־יחזקאלען, אַלע זיינען געגאַנגען צו רייזעלען.

אַזוי אַרום בין איך איין צייט אַריינגעצויגן געוואָרן צו לייענען די יידישע ליטעראַטור, און עטוואָס פון דער פּוילישער, דורך בערל־לייבן און זיין שוועגערין רייזעלע.

אַזוי האָט זיך געצויגן דער וועג פון מיין לערן־צייט און מיין לערנען אין דעם הויז פון ר׳ שמאי שניצער. אָפט איז דאָס געווען אַ שווערער און מיזאַמער וועג. אַ דאַנק מיין איינגעבאָרענער דיספּאָזיציע און מיין פיזישער קראַפט, האָב איך לייכט גובר געווען די שוועריקייט און איך האָב זיך גע־פרייט מיט דער אָנגענעמלעכקייט. בערל־לייב האָט מיך פאַרגיטיקט פאַר איסרן מיט דער ליפּ, און רייזעלע פאַר דינעלען מיט איר בן־יחיד . . . די צייט, וואָס איז ניט געווען קיין אַרבעט, האָט מיך פאַרגיטיקט פאַר די 85 שעה אַ וואָך, ווען עס איז געווען אַרבעט — דער מאַמעס טיש האָט אויסגעפילט, וואָס ס'האָט געפעלט ביי מיין באַלעבאָס אין פּרט פון עסן.

דאָס לעבן אין אַלגעמיין, איז אַזוי אַרום געווען אין גוטער אָרדענונג. מיר האָט גאָרניט געפעלט, בין איך מיטאַמאָל גוואַלטזאַם אַרייַנגעשלעפּט געוואָרן אין גאַנץ אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס אַ יידישער בחור היינט און וואָס אַנדערע בחורים האָבן ניט.

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1881. עס איז געקומען מיין ערשטע דערוואַכונג.

## 1881 — אַלעקסאַנדער דער צווייטער ווערט דערהרגעט

דאָס יאָר 1881 ווערט באַטראַכט פאַר דעם אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע אין דעם לעבן פון די רוסישע יידן, אייגנטלעך פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע.

דער דריטער באַנד פון שמעון דובנאָווס „נייעסטע געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק" הייבט זיך אָן מיט דעם דערמאָנטן יאָר. און דובנאָוו איז ניט דער איינציקער אין דעם פּרט.

אין אַ געוויסן זינען איז דאָ אַ באַרעכטיקונג פאַר אַזאַ צוגאַנג צו דער נייעסטער יידישער געשיכטע. דאָס יאָר 1881, ווען מען נעמט דאָס באַזונדער, איז רייך אין פּאַסירונגען, וואָס האָבן געלאָזן אַ טיפן רושם אויף דעם גאַנג פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע.

אין יענעם יאָר איז געוואָרפן געוואָרן די באָמבע, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם לעבן פון דעם דעמאָלטדיקן רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם אַזוי גערופענעם „צאַר באַפרייער", און האָט געבראַכט אויף דעם טראָן זיין זון, דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן.

דאָס יאָר 1881 איז אויך געווען דאָס יאָר פון אַ ריי בעסטיאַלישע פּאָגראָמען אויף יידן אין רוסלאַנד, וואָס זיינען אינסצעניזירט געוואָרן, ווען ניט דירעקט פון דער רעגירונג, איז פון פערזאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען גאַנץ נאָענט צו איר און זיינען פון איר געשטיצט געוואָרן, ווי עס איז איצט פעסטגעשטעלט אויסער יעדן ספק.

דאָס זעלביקע יאָר 1881 (אָדער אַ יאָר שפּעטער) האָט געזען כמעט דעם אָנהייב פון אַ יידישער אויסוואַנדערונג־באַוועגונג, וואָס האָט ניט איר גלייכן אין דער גאַנצער וואַנדער־געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק.

דעריבער האָבן די געשיכטע־שרייבער, וואָס מוזן זיך דאָך אָפּשטעלן אויף באַשטימטע דאַטומס, אַ פולשטענדיקע באַרעכטיקונג אָנצוהייבן מיט דעם יאָר 1881.

ווען מען באַטראַכט די אַלע געשעענישן פאַר זיך אַליין, ד"ה אויבער־פלעכלעך, און מען קוקט ניט אַריין טיפער אין די אורזאַכן, וואָס האָבן די פּאַסירונגען אַרויסגערופן, זעט דאָס אַלץ אויס אַזוי לאָגיש אויסגערעכנט,

אַז אַנדערש האָט דאָס גאָר ניט געקענט זיין, און מען מוז זיך וואונדערן, ווי קלוג די געשיכטע רעכנט דאָס אויס די געשעענישן אין פאָראויס.

אָט זעט: דעם ערשטן מערץ, 1881, אַלטן סטיל (ד״ה דעם 13טן מערץ נייעם סטיל) האָבן די טעראָריסטן געוואָרפן אַ דינאַמיט־באָמבע, וואָס האָט אומגעבראַכט דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. צווישן די, וואָס האָבן צוגעגרייט און געוואָרפן די באָמבע, האָט זיך געפונען אַ יידישע יונגע פרוי מיט דעם נאָמען העסיע העלפמאַן. אמת, די עובדה פון דער יידישער פרוי איז געווען ניט מער ווי דאָס, וואָס זי האָט געדונגען און אויפגעהאַלטן די דירה, וואו די טעראָריסטן האָבן צוגעגרייט די באָמבע, אָבער דאָס איז געווען גענוג אויסצושמידן אַ וואָפן קעגן דעם גאַנצן רוסישן יידנטום; האָבן מיר אַזוי אָרום אַ „דערקלערונג״ פאַר דעם אָנהייב פון די פאָגראָמען אין רוסלאַנד.

נאָך די פאָגראָמען איז געקומען די עמיגראַציע. וואָס האָבן די יידן געקאָנט טאָן? האָבן זיי גענומען דאָס פעקל אויף דער פלייצע און זיינען אַנטלאָפן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע עמיגראַציע.

ווי לאָגיש! ווי אויסגערעכנט!

די ביהיליסטישע באָמבע, די פאָגראָמען און די עמיגראַציע, — מער אויסגערעכנט, דאַכט זיך, האָט די געשיכטע גאָר ניט געקענט האַנדלען. דאָך איז דער דאָזיקער צוגאַנג צו דער געשיכטע אַ פאַלשער. גראָד די גלאַטקייט, די לאָגישקייט שטעלן די גאַנצע דערקלערונג אונטער אַ פראַגע־ציינכן. די געשיכטע איז גאָר ניט אַזוי קלוג, זי מאַכט זיך ניט אַזוי גלאַט. דאָס באַווייזט נאָר, אַז עס איז אַ ביסל צו געפערלעך צו קוקן דעם לוח צו פיל אין מויל אַריין. ניט אַלע מאָל זאָגט דער לוח דעם אמת.

ביי מיר אין שופלאָד ליגט אַ נאָך ניט געדרוקטע עסעי, וואָס זוכט צו באַווייזן, אַז דאָס יאָר 1881 איז ניט געווען דער אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע, הגם די אַלע אויסגערעכנטע פּאַסירונגען זיינען באמת געשען אין יענעם יאָר. דאָס יאָר 1881 איז גיכער געווען דער קולמינאַציע־פּונקט פון אַן עפּאָכע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם יאָר 1855, ווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרויף אויפן רוסישן טראָן, באַלד נאָך דעם קרימער קריג. אין יענער עסעי זוך איך אויך צו באַווייזן מיט פאַקטן און ציפערן, אַז די פאָגראָמען פון דעם יאָר 1881 זיינען ניט געווען די הויפּט־אורזאַך פון דער יידישער עמיגראַציע, אַז דאָס יאָר 1881 איז איבערהויפּט ניט געווען דער אָנהייב פון דער עמיגראַציע, און אַפילו ניט דער אָנהייב פון דער פאָגראָמען־פּאָליטיק. שוין דער פאַקט, וואָס מ׳הייבט אָן די פאָגראָמען פון דער באָמבע, באַווייזט דאָס צום בעסטן. די טעראָריסטישע באַוועגונג האָט זיך אָנגע־

הויבן פאַר 1881. דאָס איז זיכער, אפילו דאָס צוגרייטן די באָמבע האָט זיך אָנגעהויבן פריער. די טעראָריסטן זיינען ניט אַראָפּגעפאַלן פון הימל מיט אַ פאַרטיקער באָמבע אין דער האַנט.

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, צי מיין בליק אויף דער יידישער געשיכטע פון יענעם פעריאָד איז ריכטיק צי ניט — פאַר מיר פערזענלעך איז דאָס יאָר 1881 זיכער געווען אַ יאָר פון דערוואַכונג, און דער אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע אין מיין אייגן לעבן.

פאַר אַלעם האָב איך אין דעם יאָר צום ערשטן מאָל גענומען לייענען אַ צייטונג. זאָל קיינער דאָס ניט האַלטן פאַר קיין קלייניקייט. צו יענע צייטן איז עס געווען אַ גרויסער ענין פאַר אַ יינגל פון 14 יאָר צו לייענען אַ צייטונג.

ווער האָט דעמאָלט געלייענט אַ צייטונג? אויף דער וואָלינסקע־גאַס (אין וואַרשע) איז דאָס קיינעם ניט איינגעפאַלן, אפילו ר׳ שמאי האָט קיין מאָל קיין צייטונג אין האַנט ניט גענומען, און מיר איז דאָס אויך ניט איינגעפאַלן. אמת, אַרום דעם ראָג וואָלינסקע־גאַס, אויף דער דזשיקע־גאַס, איז געווען די רעדאַקציע פון דער „הצפירה״. יעדער איינער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען אויף דזשיקע נומער 25, צווישן וואָלינסקע און נייע מילע גאַסן, האָט געקענט לייענען דאָס וואָרט „הצפירה״ אין גרויסע אותיות, געדרוקט אויף אַ שילד פון ווייסן דעקל פּאַפּיר, וואָס איז געהאַנגען אין אַ פענצטער פון דעם הויז, וואו עס האָבן געוואוינט דער אַלטער חיים זעליג סלאָנימסקי (חז״ס) און דער יונגער נחום סאָקאָלאָוו (נ״ס), די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער פון דער צייטונג, אָבער צו דער וואָלינסקע־גאַס איז די צייטונג אין יענער צייט נאָך ניט געווען דערגאַנגען. צעדערבוימס וועכנטלעכע צייטונג אויף יידיש, „דאָס יידישע פאָלקס־בלאַט״, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין פּעטערבורג אין יאָר 1881, אָבער עס האָט גענומען אַ שפּאַר שטיקל צייט ביז איך האָב דאָס אַנטדעקט. אין גאַנצן אָן נייעס, אָדער אָן פּאָליטישער אויפקלערונג, בין איך פונדעסטוועגן ניט געווען.

עס זיינען געווען צוויי קוואַלן פון וואַנען די דאָזיקע צוויי זאַכן זיינען צו מיר געפלאָסן. די פּאָליטישע חכמה איז צו מיר געקומען פון צופעליקע שמועסן צווישן ר׳ שמאי שניצער און דאָקטער שאַנצער, וואָס איך האָב געהערט פון צייט צו צייט. די נייעס ווידער האָב איך אויפגעכאַפּט אומדירעקט אַ דאַנק דעם געזעלן איסר הערמאַלין, וואָס האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי אונדז.

צו יענע צייטן איז אין דער יידישער וואַרשע געווען שטאַרק פּאָפּולער אַ געוויסער דאָקטער מיט דעם נאָמען שאַנצער. מען האָט אים גערופן:

„דער משוגענער שאַנצער״. און ער האָט דעם נאָמען כשר פאַרדינט. דער דאָזיקער ד״ר שאַנצער איז פאַר אַלעם געווען אַ בילד־שיינער מאַנס־פּאַרשוין, הויך און שלאַנק, מיט אַ מיליטערישן גאַנג. ער איז געווען אַ מי־ליטערישער אַרצט מיט דעם טיטל קאַפּיטאַן, צי גאָר פּאָלקאָווניק.

פון דעם קאָן מען שוין פאַרשטיין, אַז ד״ר שאַנצער איז געווען אַ געשמדטער ייד. ער איז געווען פאַרהייראַט צו אַ טאָכטער פון אַ רייכן משומד, יאַקאָב פיך, אַ באַוואוסטער אַפּטייקער אין וואַרשע צו יענער צייט. האָט אָבער דער דאָזיקער ד״ר שאַנצער, דער משומד, דער מיליטער־רישער אַרצט, ליב געהאַט צו ריידן יידיש, ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט. און ער האָט גערעדט יידיש ניט ערגער פון וועלכן עס איז וואַרשעווער יידן.

האָט איר שוין איין אורזאַך, פאַר וואָס מען האָט אים גערופן: דער משוגענער שאַנצער. אָבער דאָס איז ניט געווען דאָס איינציקע. ער פלעגט ניט פאָרן אין אַ קאָטש, ווי די אַנדערע דאָקטוירים. דאָס האָט ער נאָר געטאָן אין אַ חגא, ווען ער איז אויך געווען אָנגעטאָן אין אַן אָפיצירסקן מונדיר און שליפּעס. אין וואָכן־טעג איז ער געגאַנגען ציווילנע, און ער איז געפאָרן אויף אַ רייטוועגעלע מיט איין פערד, ווי עס ווערט באַנוצט אין די ווישציגעס (רייסעס). ער איז געזעסן אויף דעם וועגעלע רייטנדיק און האָט אַליין אָנגעטריבן, און ער פלעגט אַזוי פליען, אַז מען איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן, ווען דער משוגענער שאַנצער איז געפאָרן.

צו דעם אַלעם האָט ער געהאַט אַ טבע ניט צו נעמען קיין געלט ביי אָרעמעלייט. ער פלעגט נאָך אַמאָל איבערלאָזן אַ פּאָר גילדן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין גאָר אַן אָרעמען הויז.

פאַר דעם אַלעם האָט מען אים גערופן: „דער משוגענער שאַנצער״. וואָס דען?

ווי אַזוי ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט מיין באַלעבאָס, ווייס איך ניט, אָבער יעדעס מאָל, ווען אים איז אויסגעקומען צו זיין אויף דער וואָלינסקער־גאַס, איז ער אַריינגעקומען צו דיסקוטירן מיט מיין באַלעבאָס. אינטערעסאַנט איז, אַז ר׳ שמאי האָט דווקא געוואָלט ריידן צו אים פּויליש, און דווקא אים רופן „יאַסנע וויעלמאָזשני פּאַניע דאָקטאָרזשע״. האָט ד״ר שאַנצער אים איין מאָל געזאָגט: ר׳ שמאי, איר יאַשנע וויעלמאָזשנעט מיך ניט, און איר רעדט מיט מיר יידיש. פּויליש האָב איך גענוג אין דער היים.

אָט איז אַ ביישפּיל פון איינער פון די בליץ־דיסקוסיעס צווישן די צוויי אומגלייכע מענטשן. עס איז זומער. דאָס פענצטער איז אָפן. ר׳ שמאי, דער געזעלן און איך שטייען ביי דער אַרבעט, מיט אַ מאָל דערהערט זיך

די שטימע פון דעם דאָקטער. „ר׳ שמאי, הייבט ער אָן אָן שום צערעמאָניעס, איך האָב אייך שוין וויפל מאָל געוואָלט פרעגן: פאַרוואָס קענען די יידן ניט אָננעמען זונטיק אָנשטאָט שבת? זעט וויפל צרות זיי וואָלטן זיך איינגעשפּאָרט".

ענטפערט ר׳ שמאי: — דאָס קענען מיר ניט טאָן, ווייל זונטיק איז דער ערשטער טאָג אין דער וואָך, און גאָט האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג. שבת איז דער זיבעטער טאָג.

ד"ר שאַנצער: — אָבער פון וואַנען ווייסט איר, אַז שבת איז דער זיבעטער טאָג? אפשר איז גאָר זונטיק דער זיבעטער טאָג, און מאָנטיק דער ערשטער טאָג?

— פון וואַנען מיר ווייסן? — ענטפערט ר׳ שמאי. — זייט מוחל און ציילט די טעג אין דער וואָך, וועט איר אַליין וויסן: זונטיק, מאָנטיק און דינסטיק — דריי טעג. נאָך דעם קומט: מ י ט ו ו א ך. — דער מיטן פון דער וואָך. נאָכדעם קומען ווידער דריי טעג: דאָנערשטיק, פרייטיק און שבת. זונטיק איז דער ערשטער טאָג, שבת איז דער זיבעטער טאָג אין דער וואָך. מיטוואָך שטייט פונקט אין דער מיט. און דאָס איז ניט נאָר אויף יידיש, אָדער אויף דייטש. אויף פוילישע הייסט מיטוואָך: „שראָדעק", אויף רוסיש „סערעדאַ".

— איר זענט אַ חכם, — זאָגט ד"ר שאַנצער און לויפט אַוועק אָן אַ זיי־געזונט, פונקט ווי ער איז געקומען אָן אַ גוט־מאָרגן.

אָן אַנדערש מאָל האָט ער גערעדט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וואָס פאַר אַ מלך־חסד ער איז, ווי ער האָט באַפרייט די פּויערים פון לייבאייגנשאַפט, און אַז אָט אָט און מיר וועלן האָבן אַ קאָנסטיטוציע, אאַז"וו.

ד"ר שאַנצערס געשפּרעכן מיט מיין באַלעבאָס זיינען פאַר מיר געווען רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן, אַזוי צו זאָגן. דירעקטע נייעס האָב איך זיך דערדערוואוסט אויף אַן אַנדער אופן.

אויף דעם ראָג גענשע־גאַס און די נאַלעווקעס איז געהאַנגען אַ קעסטל, וואו די פּאָליציי פלעגט אַלע טאָג אַריינהענגען וויכטיקע מודעות, ווען זי האָט געזוכט עפּעס אַ מערדער, אָדער ווען דער קייסער איז געקומען צו פאָרן, אָדער עפּעס אַ „חגא", און ענלעכע וויכטיקע פּאַסירונגען. אין דעם דאָזיקן קעסטל האָט מען אויך אַריינגעקלעפּט טעאַטער־אַפישן, און יעדער איינער פון דעם גאַנצן געגנט, וואָס האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס ווערט געשפּילט אין די טעאַטערן, האָט געמוזט גיין אויף גענשע, ראָג נאַלעווקעס, און לייענען די אַפישן.

איסר הערמאַלין, דער געזעלן, וואָס האָט צו יענער צייט געאַרבעט

ביי מיין באַלעבאָס, איז געווען אַ גרויסער הולטאַי און אַן אויסגעלאַסענער יונג. דהיינו, ער האָט ליב געהאַט צו עסן טשאַסטעס (קוכן) פון די טריפהנע צוקערניעס און צו גיין אין וואָדעוויל־טעאַטער, אָדער צו אַן אָפּערעטע פּרייטיק צו נאַכט און שבת צו נאַכט. צום בעסטן האָט ער ליב געהאַט צו גיין אין די קאַפע־שאַנטאַנס, ווי די עלדאָראַדאָ. די גאַנצע קומענדיקע וואָך, ביי דער אַרבעט, פלעגט ער נאָכזינגען די לידלעך, וואָס ער האָט דאָרט גע־הערט. צו מייסטנס האָט ער ליב געהאַט צו זינגען דאָס לידל, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

— „אַך דו, מיין ליבער אַוגיסטיך — מיין אַוגיסטין״ . . .

פלעגט דער דאָזיקער גבזעלן מיך שיקן עטלעכע מאָל אַ וואָך אויף דער גענשע־גאַס, איך זאָל לייענען די אַפישן און אים זאָגן וואָס עס ווערט זיך שפּילן אין די פאַרשיידענע טעאַטערן. פאַר איין וועגס פלעג איך שוין דאַרפן גיין אויף נאָוואָליפּקע־גאַס, אַנטקעגן דער דזשיקע־גאַס, וואו עס איז געווען אַ קריסטלעכע צוקערניע. אין יענער צוקערניע פלעגט מען פאַרקויפן קרישקעס (ברעקלעך) פון די טשאַסטעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקלעפּט אין די בעקנס — אַ פולן שקאַרמיץ פאַר אַ זעקסער. מיט אַ יאָר אָדער צוויי שפּע־טער, וואָלט ער מיך אָסור געווען געשיקט אין אַ קריסטלעכער צוקערניע נאָך קרישקעס. איך וואָלט אַ העלפט אויפגעגעסן אויף דעם וועג. אָבער אין דער צייט, פון וועלכער מיר ריידן איצט, איז ער געווען זיכער מיט מיר, פאַר קיין געלט אין דער וועלט וואָלט איך די טריפהנע קרישקעס ניט געווען אָנגערירט. פון די נייעס אָבער האָב איך גראָד געגאַשט צו ביסלעך, דאָ און דאָרט.

איין מאָל, ווען איך בין צוגעקומען צו דעם קעסטל, בין איך געוואָרן דערשטוינט פון דעם געזעמל, וואָס איז געשטאַנען אַרום דעם קעסטל, איך האָב זיך קוים געקענט דערשלאָגן איבערצולייענען די אַפישן. נאָך מער דער־שטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דערזען עטלעכע פאָטאָגראַפיעס פון יונגעלייט און פרויען, מיט דער מודעה, אַז דער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ דינאַמיט־באָמבע, וואָס די ניהיליסטן האָבן אויף אים געוואָרפן.

דאָס איז פאַר מיר געווען אַ גוואַלדיקער קלאַפּ. פאַר וואָס זאָל מען דערהרגענען דעם בעסטן קייסער, וואָס די יידן האָבן געהאַט? פון די ניהיליסטן האָב איך שוין געהאַט געהערט, אָבער איך האָב בשום אופן ניט געקענט דערקלערן, פאַר וואָס זיי ווילן דווקא דערהרגענען דעם קייסער. און גראָד אַזאַ מלך־חסד, ווי עס איז געווען אַלעקסאַנדער דער צווייטער. צו דעם איז צוגעקומען דאָס סענסאַציאָנעלע און דאָס מיסטעריעזע אין דער

גאַנצער זאַך, און עס האָט מיך אָנגענומען אַ ברענענדיקער חשק צו קריגן אַ צייטונג און אַליין איבערלייענען וועגן דעם גאַנצן ענין.

קריגן אַ צייטונג!

פאָלג מיך אַ גאַנג. דער נעענטסטער „קיאָסק" (אַביידל, וואו מען פלעגט פאַרקויפן צייטונגען), איז אויף די נאַלעווקעס לעבן דער שווענטע־יורסקע־גאַס. גראָד דעמאָלט האָט רייזעלע אַהיימגעבראַכט אַ פוילישע צייטונג עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. דאָס איז ביי איר געווען אַזאַ מנהג. ווען עס האָט פּאַסירט אַ סענסאַציאָנעלע זאַך, האָט זי אַהיימגענומען אַ צייטונג פון איינע פון אירע קונדן דעם קומענדיקן טאָג. אָבער די פוילישע צייטונג האָט מיך ניט באַפרידיקט. צו פיל ווערטער האָב איך ניט פאַרשטאַנען דעם טייטש פון זיי, און איך האָב באַשלאָסן, איך מוז קריגן צו לייענען די „הצפירה" אויף שבת, און איך האָב אויסגעפירט דאָס מייניקע.

און אין דער „הצפירה" האָב איך געלייענט און געלייענט די מעשה־נורא עטלעכע מאָל. וואָכן לאַנג האָט זיך געצויגן די מעשה פון די ניהיליסטן און זייער פּראָצעס און איך האָב נאָכגעפאָלגט יעדעס וואָרט, אָבער פאַר וואָס די ניהיליסטן האָבן געהרגעט דעם קייסער, האָב איך ניט אויסגעפונען, אַ חוץ אַז זיי זיינען געווען אַ באַנדע רוצחים, גזלנים און די פאַרדאָרבנסטע מענטשן אין דער וועלט.

סוף כל סוף בין איך דערגאַנגען דעם סוד, פאַר וואָס די ניהיליסטן האָבן דערהרגעט דעם קייסער, אָבער דאָס איז געקומען צו מיר ניט פון דער „הצפירה".

עס האָט געדויערט שיינע עטלעכע יאָר ביז דאָס איז געשען.

# איך ווער אַ שטענדיקער צייטונג־לעזער

פאַר אַלעם וויל איך דעם לעזער באַקאַנט מאַכן מיט מיין אַלטן פריינד לובעלסקי.

מיין אַלטער פריינד!

עס רעדט זיך נאָר אַזוי. לובעלסקי איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 60, און איך — אַרום 14 יאָר. קענט איר שוין פאַרשטיין וואָסערע פריינד מיר זיינען געווען. דאָך האָט לובעלסקי געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין יענער צייט פון מיין לעבן. ער האָט קאָנטראָלירט מיינע פאַרדינסטן צו יענער צייט, ביז אַ געוויסן גראַד.

דער דאָזיקער לובעלסקי איז געווען אַ שפּיגלמאַכער אין לעסערס געשעפט. לעסערס איז צו יענער צייט געווען דאָס איינציקע גרויסע געשעפט, וואו מען האָט געקראָגן „אַלץ אין דער וועלט״. עס איז געווען, אין אַנדערע ווערטער, דאָס איינציקע דעפּאַרטמענט־געוועלב. האָט מען דאָרט אויך פאַרקויפט שפּיגלען. לובעלסקי האָט געגאָסן די שפּיגלען, און ר׳ שמאי האָט געשניצט די ראַמען, ווי איך האָב שוין דערציילט. איך בין געקומען אין באַרירונג מיט לובעלסקין, ווייל ער האָט מיר אַרויסגעגעבן די שווערע ראַמען צום שניצן, און צו אים האָב איך באַדאַרפט צוריקברענגען די געשניצטע ראַמען.

זיין גאַנץ לעבן האָט לובעלסקי געאַרבעט מיט קוועקזילבער, האָבן ביי אים אַלע מאָל געציטערט די הענט.

דער דאָזיקער לובעלסקי איז געווען אַ פולשטענדיק פּאָלאָניזירטער ייד, אָן שום חקירות. ער האָט ניט באַלאַנגט צו דער אינטעליגענציע און אויך ניט צו דער יידישער בורזשואַזיע. ער האָט ניט געוואוסט פון קיין שום טעאָריעס פון אַסימילאַציע; די אידייע פון „פּאָליאַקן בני דת משה״ איז אים געווען גאַנץ פרעמד; ער איז געווען אַ פּשוטער אַרבעטער, אַ שפּיגלמאַכער ביי לעסערן, אָבער ער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט צווישן פּאָליאַקן, און ער איז דערפאַר געווען מער פּאָליאַק ווי ייד. איך ווייס ניט, צי ער האָט ווען עס איז געדאַוונט, צי ער האָט אפילו געקענט דאַווגען. אָבער ער אַליין איז געווען זיכער, אַז אים פעלט גאָרניט צו זיין יידישקייט — אַז ער איז צו דער זעלביקער צייט אַן אמתער פּאָליאַק האָט ער אויך ניט

געצווייפלט. יידישקייט און פוילנטום זיינען ביי אים געווען אַזוי צוזאַמענ־געגאָסן, אַז זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע. זיין אויסזען און זיין באַנעמונג זיינען געווען ווי פון אַן אמתן פּאָליאַק און ער האָט גערעדט יידיש ווי אַ גוי. קוקנדיק אויף אים, אָדער הערנדיק זיין יידיש, וואָלט קיינעם ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז ער איז אַ ייד. ערשט ווען לובעלסקי האָט גערעדט פּויליש, זיין נאַטירלעכן לשון, האָט מען דערקענט, אַז ער איז אַ ייד. ר' שמאי פלעגט זאָגן: לובעלסקי רעדט יידיש ווי אַ גוי, און גויאיש — ווי אַ ייד. מען דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז לובעלסקי האָט ניט געקענט ריידן קיין פּויליש. דאָס ניט. פּויליש איז געווען די איינציקע שפּראַך, וואָס ער האָט געקענט, און אַז ער איז געוואָרן בייז, האָט ער געקענט אויסגיסן אַ מבול פון זידל־ווערטער, ניט ערגער ווי דער בעסטער פּאָליאַק פון באַוואַרנע־גאַס, אָדער פון שילעץ. ניט מער, די צונג האָט זיך ביי אים אַזוי געדרייט, אַז מען האָט באַלד דערקענט די „זשידאָווסקאַ מאָוואַ", דעם יידישן אַרט ריידן. מיר האָבן אַזעלכע יידן אין יעדן דור און אין יעדן לאַנד.

לובעלסקי האָט ניט געאַרבעט אום שבת, אָבער דאָס איז ניט קיין באַווייז פון זיין פרומקייט. דאָס איז געשען צוליב דעם, וואָס לעסערס געשעפט איז געווען געשלאָסן שבת. דאָס, אגב־אורחא, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער וואַרשעווער יידישקייט צו יענער צייט. עס איז דעמאָלט געווען גרינגער זיך צו שמדן, איידער צו האַלטן דאָס געוועלב אָפן אום שבת. די גאַנצע פאַמיליע לעסערס איז געווען ווייט פון יידישקייט, ווי עס איז מזרח פון מערב. איינער פון די ברידער לעסער, אַ באַוואוסטער מאָלער אין וואַרשע, אַ שותף אין דעם געשעפט, איז געווען געשמדט; דער לעסער, וואָס האָט געפירט דאָס געשעפט, האָט אַליין געפירט זיינע אַ טאָכטער צו שמד, אָבער צו עפענען זיין געוועלב אום שבת, דאָס האָט ער ניט געוואַגט, ביז זיין איידעם, אַן ענגלענדער, אַ קריסט, האָט איבערגענומען די פירונג פון דעם געשעפט. קוקנדיק אויף לעסערן, דעם אייגנטימער פון דעם רייכסטן און פאַרנעמסטן געשעפט אין וואַרשע, האָט שוין קיינער פון די פּאָלאַניזירטע יידישע געשעפטסלייט ניט געוואַגט צו האַלטן די געשעפטן אָפן אום שבת.

אַזוי אַרום האָט פּאַסירט, וואָס לובעלסקי האָט ניט געאַרבעט אום שבת, אָבער פון קיין פרומקייט האָט ער ניט געוואוסט.

ווי איך פאַרשטיי היינט, האָט לובעלסקי געמוזט זיין אַן אָבערגלויבע־רישער מענטש. ער האָט מיך אַמאָל גענומען אַן אַ זייט און מיר געוויזן, אַז ער טראָגט ציצית אונטער דעם געשטייפטן העמד. ער האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון יאָרצייט. אין דער סינאַגאָגע פלעגט ער גיין נאָר צו „יזכור".

„יום־כיפור־יידנטום" איז ניט קיין אַמעריקאַנער דערפינדונג.

יעדעס מאָל, ווען איך האָב געבראַכט די פּאַרטיקע אַרבעט צו לעסערן, האָב איך דאָס באַדאַרפט איבערגעבן לובעלסקין צו דער האַנט, און ער האָט מיר געגעבן „ביר־געלט", ווי מען האָט דאָס גערופן, אָדער אַ „טיפּ", ווי מען רופט עס דאָ. ער האָט מיר דאָס „ביר־געלט" ניט געגעבן אין מזומן. דאָס געלט וואָלט באַדאַרפט קומען פון זיין קעשענע, וואָס דאָס האָט ער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט געקענט טאָן. פלעגט ער מיר יעדעס מאָל געבן אַ שטיק שפּיגל, וואָס איז געלעגן אַרום. דאָס איז געווען אָפּפאַל פון די שפּיגלען, וואָס מען האָט אַרומגעשניטן אַריינצופּאַסן אין די ראַמען פון פאַרשיידענע גרויסן און מוסטערן. די דאָזיקע שטיקער שפּיגל פלעג איך פאַרקויפן, גייענדיק אַהיים, אין די שפּייז־געוועלבלעך, אָדער אַנדערע קראָמען אויף דעם וועג צווישן רימאַרסקע־ און וואָלינסקע־גאַסן. איך האָב שוין געהאַט מיינע באַשטענדיקע קונים. דער פּרייז איז געווען צווישן צען און צוואַנציק גראָשן, אַמאָל אויך אַ גילדן פאַר אַ שטיק שפּיגל — לויט דער גרויס און דער דיק פון דעם שטיק.

דער דאָזיקער לובעלסקי איז געווען אַזוי גוט צו מיר, אַז אין צייטן, ווען עס איז ניט געווען וואָס אָפּצוטראָגן, און מיר איז געווען ענג אין געלט, פלעג איך געפינען עפּעס אַן אויסרייד זיך אַריבערצוכאַפּן צו לעסערס געשעפט, און דער אַלטער לובעלסקי פלעגט מיר אַריינשטעקן אַ שטיק שפּיגל. מיט ליידיקן האָט ער מיך קיינמאָל ניט אַוועקגעלאָזט. ווי לאַנג דער אַלטער לובעלסקי האָט געלעבט, בין איך געווען זיכער מיט אַן איינקונפט פון, לאָמיר זאָגן, צוואַנציק גראָשן ביז אַ גילדן אַ וואָך, טייל מאָל אַזוי גרויס ווי אַ פערציקער.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר זיינען די פּאָר גראָשן שטאַרק צוניץ געקומען אין אַלע צייטן, אָבער פון אַלע מאָל האָב איך זיי באַדאַרפט האָבן גראָד איצט, נאָכדעם ווי עס איז געוואָרפן געוואָרן די באָמבע אויף דעם קייסער אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, און איך האָב באַדאַרפט קויפן צייטונגען.

די באָמבע, וואָס האָט צעריסן דעם צאַר אַלעקסאַנדערס גוף, האָט אויך צעטרייסלט מיין יונגע נשמה. אַ גאַנצע ריי פראַגן האָבן מיך גענומען פאַרפאָלגן טאָג ווי נאַכט און האָבן מיר ניט געגעבן קיין רו. איך האָב געברענט פון אומגעדולד. פאַר אַלעם איז דאָס געווען, ווי געזאָגט, די פראַגע: פאַר וואָס די ניהיליסטן זאָלן וועלן הרגענען דעם קייסער? וואָס האָבן זיי צו דעם קייסער, דערצו נאָך אַזאַ מלך־חסד, ווי עס איז געווען אַלקסאַנדער דער צווייטער? וואָס וועלן זיי טאָן מיט דעם נייעם צאַר? וועלן זיי אויך אים דערהרגענען? וואָס וועט דער צאַר טאָן די ניהיליסטן? וועט דער נייער

צאַר אויך זיין גוט צו יידן, ווי עס איז געווען זיין פאָטער ? אַמאָל איז מיר גאָר איינגעפאַלן, אַז די ניהיליסטן מוזן זיין אַנטיסעמיטן און זיי האָבן געוואָרפן די באָמבע אויף דעם צאַר, ווייל ער איז געווען גוט צו יידן.

אין מיין סביבה איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל מיר אויפקלערן די ספיקות. איך האָב געהאַט געהערט, אַז די ניהיליסטן ווילן מען זאָל צע־טיילן דאָס גאַנצע געלט צווישן אַלע מענטשן, גלייך אויף גלייך, אָבער דאָס איז מיר ניט אַריין אין קאָפּ. די אידעע איז מיר גראָד געווען געפעלן, איך וואָלט זייער גוט געקענט געברויכן די פּאָר רובל, אָדער די עטלעכע הונדערט רובל, וואָס וואָלטן אויסגעפאַלן אויף מיין חלק, אָבער איך האָב ניט גע־קענט באַגרייפן ווי אַזוי דאָס קען געטאָן ווערן. קודם כל האָב איך מורא געהאַט, אַז צו מיר וואָלט גאָרניט אָנגעקומען. איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט פאַרגעסן אַזעלכע יינגלעך ווי איך. אַ חוץ דעם האָט זיך די גאַנצע אידעע ניט פּאַטופּעט ביי מיר אין קאָפּ. אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך — איך און דער סטרוזש גלייכע מענטשן ! דאָס קען ניט זיין !

לאַכט ניט פון מיר. קליגערע און געבילדעטערע און עלטערע מענטשן פון מיר זאָגן דאָס נאָך היינט צו טאָג. זיי זאָגן דאָס אין די פּאַרלאַמענטן, אין די אוניווערסיטעטן, אין די קירכן און אין די שולן.

ס׳איז גאָר ניט געווען אַזוי נאַריש פון מיר דאָס צו זאָגן. אדרבה, מיר שיינט, עס איז געווען גאַנץ קלוג פון מיין זייט. איך האָב געזען, ווי דער סטרוזש אין אונדזער הויף האָט געלעבט און וואָסער אַרבעט ער האָט געטאָן, און ביי מיר איז אויסגעקומען, אַז אויב אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך, וועט דער סטרוזש ניט וועלן זיין קיין סטרוזש, אויב ער האָט נאָר אַ ביסל שכל. ווער זשע וועט וועלן זיין אַ סטרוזש ? און וואָס וועלן מיר טאָן, אויב קיינער וועט ניט וועלן אָננעמען די אַרבעט פון אַ סטרוזש ? איז מיר דערפאַר ניט געווען געפעלן די גאַנצע זאַך. אַ כפרה די פּאָר רובל, וואָס וועלן אויספאַלן אויף מיין חלק. איז ביי מיר געבליבן די פראַגע אין איר גאַנצער שאַרפקייט.

האָב איך גענומען לייענען די צייטונגען. פון די צייטונגען האָב איך געהאָפט, מיט דער צייט, צו געפינען תשובות אויף אַלע מיינע שאלות, און וואו איך האָב נאָר דערקראַצט עטלעכע גראָשן, האָב איך זיי אויסגע־טוישט אויף צייטונגען. אַלע געלדער, וואָס איך האָב געקראָגן פון מיין שפּיגל־געשעפט, יעדן גראָשן, וואָס איך האָב דאָ און דאָרט געקראָגן פון דער מאַמען, יעדע פּאָר גראָשן, וואָס איך האָב פאַרדינט פון אָפּטראָגן די קליידער, וואָס דינעלע און איר שוועסטער האָבן גענייט — אַלץ האָב איך פאַרשיכורט אויף צייטונגען, אין מיין גע‌יעג צו געפינען תשובות אויף מיינע

שאלות. ווען און וואו איך האָב נאָר געקענט קריגן אַ צייטונג — די „הצפירה", דעם „המליץ", פוילישע צייטונגען — האָב איך געלייענט מיט גרויס אייפער.

און דאָס איז גאָר ניט געווען קיין קליינע אויפגאַבע, וואָס איך האָב מיר געשטעלט. שווער ווי עס איז געווען צוזאַמענצושאַרן די פּאָר גראָשן, איז געווען נאָך שווערער צוזאַמענצושלעפּן די צייטונגען גופא. העברעאישע צייטונגען זיינען גאָר ניט געווען צו קריגן אין איינצל פאַרקויף. אויף דער צייטונג האָט מען זיך געמוזט אַבאָנירן, לכל הפחות אויף אַ פערטל יאָר, מיט באַצאָלט אין פאָראויס, און ווער האָט עס געהאַט געלט אויף אַזעלכע זאַכן? עטלעכע יאָר שפּעטער איז אויף דזשיקע־גאַס געווען יצחק גאָלדבערגס קאַוויאַרניע (וואָס מע רופט דאָ קיבעצאַרניע), וואו מען האָט געקענט אַריינגיין טרינקען אַ גלאָז קאַפע און פאַר איין וועגס זיך אָנלייענען אַ פולן בויך מיט אַלע צייטונגען, העברעאישע, יידישע און פוילישע, אָבער אין 1881 האָב איך פון דעם אַלעם ניט געוואוסט. צום גליק איז געווען דער „פאַקנטרעגער", דער גייענדיקער „מוכר ספרים", מיט זיין פּאַק מעשה־ביכלעך און תחינות, וואָס ער האָט געגעבן צום „אויסלייענען". דער דאָזיקער מוכר־ספרים איז געווען דער ערשטער „קולטור־טרעגער" ביי יידן. צו אונדז פלעגט קומען אַזאַ פאַקנטרעגער מיט דעם נאָמען מאַרשאַק. צייטונגען איז ניט געווען זיין געשעפט, דאָס איז ביי אים געווען אַ זייטיקע זאַך. ער האָט אָבער אַלע מאָל געהאַט עטלעכע אַלטע צייטונגען — צוויי־דריי וואָכן אַלט — וואָס ער האָט געגעבן אויף איבערלייענען פאַר דריי קאָפּיקעס אַ שטיק. אונדזר פאַקנטרעגער איז געווען אַ ליטוואַק און ער האָט ניט גערעדט פון גראָשנס. ביי אים איז אַלץ געגאַנגען אויף קאָפּיקעס.

אָבער די אַלע שוועריקייטן זיינען געווען ווי אַ קינדערשפּיל אין פאַרגלייך מיט דער שוועריקייט אַרויסצוקריגן פון דער צייטונג, וואָס דאָרט איז געשטאַנען. צו לייענען די „הצפירה" פון יענער צייט איז מיר געווען אַ סך שווערער ווי צו לערנען אַ בלאַט גמרא, אויף וויפל איך קען געדענקען דעם איינדרוק פון דעמאָלט. אַ סך האָט דאָס אַוודאי געהאַט צו טאָן מיט מיין קינדערשער אומדערפאַרונג און אומוויסנקייט, אָבער די צייטונג גופא, איר צוזאַמענשטעל, סטיל און אינהאַלט, האָט, ווי איך שטעל מיר פאָר, ניט ווייניק בייגעטראָגן צו דעם. ווי לאַנג איך האָב נאָך געלייענט די מעשה ווי אַזוי די ניהיליסטן, די רוצחים, די מערדער און אויסוואָרפן האָבן געפּלאַנעוועט צו מאַכן די באָמבע און זי צו וואַרפן אויף דעם גרויסן מלך־חסד, און דעם פּראָצעס קעגן די מערדער און ווי מען האָט זיי געהאַנגען, איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. די מעשה איז געווען שפּאַנענדיק: קאָנספּיראַציעס,

העלדישקייט, מאָרד, פּראָצעסן און תּליות — כמעט ווי אַ העכסט אינטע־רעסאַנטער ראָמאַן — און איך האָב דאָס אַלץ אַראָפּגעשלונגען אין איין שלוק. אָבער ווי עס איז געקומען צו דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, אונטער דעם אַלגעמיינעם אויפשריפט „דבר־הימים" אָדער גאָר צו די „ידיעות־הטבע", וואו עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן וויסנשאַפטלעכע פראַגן, בין איך גאָר געווען פאַרלאָרן. די מליצה איז מיר אָפּטמאָל געווען גע־פעלן, אָבער קליגער בין איך ניט געוואָרן. צוליב אַ קלייניקייט איז אַזאַ שטיקל מליצה פון דעמאָלט ביי מיר פאַרבליבן אין זכרון ביז אויף היינט.

איך נעם לייענען דעם „דברי־הימים", ד"ה די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָ־ליטיק. דאָס אַרטיקל הייבט זיך אָן:

הסתו עבר, החורף חלף, הלך לו,
עת הזמיר הגיעה
ורוח צח נשבה גם על שמי הפּאָליטיק . . .

(דער אָסיען איז פאַרביי, דער ווינטער האָט אָפּגעקערט און איז זיך אַוועקגעגאַנגען, און אַ זויבערע לופט האָט אויך גענומען וויען איבער די פּאָליטישע הימלען).

איך בין געוואָרן פאַרכאַפּט פון דער שיינער מליצה, אָבער עטוואָס איז מיר געשטאַנען אין וועג. די ווערטער זיינען מיר געווען באַקאַנט. דאַכט זיך אַ פּסוק אין שיר־השירים, אָבער דאָרט שטייט עס אַ ביסל אַנדערש. מען דאַרף גיין נאָכקוקן. אַוודאי, איך האָב רעכט, אַ פּסוק אין שיר־השירים, אָבער דער פּסוק איז געווען צעקאַליעטשעט. האָט מיך פאַרדראָסן אויף דעם שרייבער, און איך האָב דאָס אַרטיקל מער ניט געלייענט.

ווי געזאָגט: דאָס איז געווען גאָלד אַנטקעגן די „ידיעות הטבע", וואָס איך האָב גאָר ניט געקענט איינבייסן. אפילו סאָקאָלאָווס „הצופה לצרת ישראל" פון יענער צייט, דאָס איז שוין געווען אַ ביסל מער מענטשלעך, אָבער אויך דאָס איז פאַר מיר געווען שווער צו פאַרדייען. עס קאָן זיין, אַז דאָס אַלץ איז געווען די אורזאַך, פאַר וואָס אַזוי ווייניק יידן האָבן געלייענט די „הצפירה". עס איז ניט געווען ווער עס זאָל שרייבן, און עס איז אויך ניט געווען ווער עס זאָל לייענען.

ווי געזאָגט, האָט מיין אייגענע אומוויסנקייט געמוזט זיין שולדיק אין דעם. די הויפּט־צרה איז אָבער געווען, וואָס איך האָב ניט געהאַט וועמען צו פרעגן. פון קינדווייז אויף האָב איך געוואוסט דעם פּסוק „ולא הביישן למד", דער וואָס שעמט זיך צו פרעגן, דער וועט זיך קיינמאָל גאָר ניט אויסלערנען, און איך האָב זיך ניט געשעמט צו פרעגן — ביז היינטיקן טאָג ניט. אָבער מען מוז דאָך האָבן וועמען צו פרעגן, און איך האָב קיינעם ניט

געהאַט. איך האָב דעמאָלט אפילו ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ ווערטערבוך. ווען עס וואָלט מיר דעמאָלט ווער עס איז געזאָגט פון אַ ווערטערבוך — וויפל פיין און זוכעניש ער וואָלט דאָס מיר איינגעשפּאָרט.

דאָס איז געווען ניט נאָר אין העברעאיש, אָדער פּויליש, דאָס איז אויך געווען אין געשיכטע אָדער פּאָליטיק. יידן האָבן ליב געהאַט צו שמועסן פּאָליטיק אין בית־המדרש צווישן מנחה־מעריב, אָדער אין שטיבל פאַר מלווה־מלכּה — און איך בין דאָרט געווען, ווען נאָר איך האָב געקענט — אָבער יענע פּאָליטיק האָט זיך מייסטנס געדרייט אַרום נסים ונפלאות פון חסידישע רביים, וועגן זאַכן וואָס זיינען געווען „ניט געשטויגן און ניט געפלויגן״. מיין באַלעבאָס, ר׳ שמאי, אַ ייד אַ חכם, האָט גערעדט פון די זאַכן מיט אַן ערנסט וואָס איז גאָרניט צו גלויבן, גלייך ער וואָלט אַליין דערביי געשטאַנען. ווען עס איז געקומען צו לעבעדיקער פּאָליטיק, האָט ער געוואוסט ניט מער פון מיר, אפשר נאָך ווייניקער.

ער האָט ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ ספר, אפילו צו לייענען מעשה־ביכלעך, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אָבער פאַר אַ צייטונג האָט ער קיין שום געדולד ניט געהאַט. „עך״ — האָט ער געזאָגט, — „וואָס די אפּיקורסים שרייבן דאָרט״. דער זעלביקער ייד, וואָס האָט געגלויבט אַלע באָבע־מעשות, וואָס אַ חסיד האָט נאָר געקענט אויסקלערן, האָט ניט געגלויבט וואָס מען שרייבט דאָרט אויף די בלעטער.

# דער ערשטער פּאָגראָם אין וואַרשע

די העברעאישע צייטונגען פון יענער צייט, מיט זייער גאַנצער מליצה און בטלנות, מיט דער גאַנצער שווערקייט, וואָס איך האָב געהאַט זיי צו פאַרשטיין ווי געהעריק, האָבן פונדעסטוועגן געהאַט אויף מיר אַ ווירקונג אין איין באַשטימטער ריכטונג. זיי האָבן אין מיר אויפגעוועקט דאָס באַוואוסטזיין, שוואַך אין אָנהייב, פון דער משא, וואָס אַ ייד האָט צו שלעפּן אויף די פּלייצעס, אַ חוץ דער געוויינלעכער משא, וואָס ער דאַרף טראָגן צוזאַמען מיט זיינע ניט־יידישע שכנים. פון אַלע מאָל אָן האָב איך געוואוסט, אַז דער ייד איז אין גלות, אַז אַ ייד טאָר ניט גיין מיט אַ פאַר־ריסענעם קאָפּ (בקומה זקופה), אַז דער ייד מוז אַלץ אָננעמען באהבה, אַז דער ייד דאַרף זיך אויפפירן בעסער פון אַלע אַנדערע מענטשן, און נאָך אַ סך גוטע זאַכן, וואָס יעדעס יידיש יינגל זאַפּט אין זיך איין מיט זיין מוטערס מילך, אָבער דאָס אַלץ איז ביי מיר געווען עפּעס אַ מעכאַניש באַוואוסטזיין, ריכטיקער, אומבאַוואוסטזיין פון זינד, תשובה. זינד צו גאָט ברוך הוא, אייגענע זינד און זינד פון כל־ישראל, וואָס דאָס איז אייגנטלעך אַ באַ־וואוסטזיין, וואָס פירט אין ערגעץ ניט, מחמת עס טראָגט אין זיך די אייגענע רפואה, אַ רפואה, וואָס היילט ניט קיין זאַך. מיט דעם באַוואוסטזיין פון זינד גייט די זיכערקייט פון דערלייזונג, וואָס די רעליגיע גיט באַלד אויף דער שטעל, אויב מען טוט תשובה, ד״ה, מען דאַרף אייגנטלעך גאָרניט טאָן. מען דאַרף נאָר אויפהערן צו זינדיקן.

אין יענע צייטן בין איך געווען זיכער, אַז משיח וועט קומען און וועט אויסלייזן דאָס יידישע פאָלק פונעם גלות. „און אפילו ווען ער זאַמט זיך, וואַרט איך פונדעסטוועגן אויף אים יעדן טאָג, אַז ער וועט קומען״ (ואף על פי שיתמהמה בכל זאת אחכה לו בכל יום שיבוא). דאָס, קען זיין, איז די אורזאַך, פאַר וואָס יידן באַהאַלטן זיך אַלע מאָל אונטער די פליגל פון דער רעליגיע אין שלעכטע צייטן. דאָס איז אַן אַקט פון פאַרצווייפלונג פון דעם שוואַכן און הילפלאָזן, וואָס קען גאָרניט טאָן צו פאַרבעסערן די אייגענע לאַגע. בטחון איז אַ מיטל, וואָס פאָדערט ניט קיין שום האַנדלונג. עס שלעפערט איין, און עס מאַכט דעם מענטשן פאַר אויס־מענטש. ער ווערט

אַפּהענטיק און אַפּהענגיק, ווי פּאַראַליזירט און ער פּאַרלירט זיין מענטש־לעכע ווירדע. בטחון איז דאָס לעצטע מיטל פון דעם דערשלאָגענעם און אומבאַהאָלפענעם. ער לאָזט איבער זיין גורל צו פאַנטאַסטישע כוחות, וואָס ליגן אויסערהאַלב פון אים, וואָס העלפן אים אָבער קיינמאָל ניט.

דאָס איז דער מיין פון מאַרקס באַרימטן זאַץ: רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק.

די דאָזיקע געדאַנקען האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט, און איך וואָלט זיי אַוודאי ניט געקענט באַגרייפן, ווי עס איז נאָך היינט דאָ אַ גרויסע צאָל דערוואַקסענע מענטשן, וואָס קאָנען ניט, אָדער ווילן ניט, באַגרייפן דעם דאָזיקן איינפאַכן אמת. איך האָב די געדאַנקען דאָ נאָר געזאָגט, כדי צו באַווייזן, אַז די „הצפירה" האָט מיך חלילה וחס ניט אַראָפּגעפירט פון דעם דרך־הישר. אויף אַ האָר בין איך ניט אַראָפּ פון מיינע רעליגיעזע פירונגען און איבערצייגונגען. איך בין געווען פרום און גאָטספאָרכטיק ווי פריער, פול מיט חסידישער התלהבות, אָבער איך האָב אָנגעהויבן איינצוזען, אַז יידן האָבן אויפגאָבן נאָך איידער זיי ווערן אויסגעלייזט פון גלות. ניט ווייסנדיק פון קיין שום טעאָריעס, האָט זיך אין מיר אַריינגעגנבעט אַ ניצוץ פון דעם, וואָס די ציוניסטן רופן היינט „גלות־נאַציאָנאַליזם". איך האָב אָנגעהויבן צו וואַקסן אַ גלות־ייד.

אַ טאָג אָדער צוויי נאָך דעם, ווי עס איז געוואָרפן געוואָרן די באָמבע, איז געקומען דער רעוויראָווע (פּאָליציאַנט) און באַפוילן אַלע יידן פון דער וואָלינסקע־גאַס צו גיין אין שול אַריין. די שול איז געווען צו קליין פאַר אַלע איינוואוינער — מענער, פרויען און קינדער — זיינען מיר געשטאַנען אויף דעם הויף און מען האָט אַ אַרויסגעבראַכט אַ ספר־תורה און מיר האָבן אַלע געשוואָרן צו דינען געטריי און אונטערטעניק דעם נייעם קייסער, אַלעקסאַנדער דעם דריטן ירום הודו. דאָס האָט מיך גראָד באַפרידיקט. עס האָט מיך געמאַכט פילן, אַז איך בין ניט מער עפּעס אַ לאַדע ווער, אַז איך בין אויך עפּעס.

האָב איך געהאַט גאָר אַ שווערע אויפגאַבע. אָבער איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט. מיין חשק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז קיין זאַך האָט מיך ניט צוריקגעהאַלטן. אַ פייער פון אומגעדולד האָט געברענט אין מיר. איך האָב געזוכט און גענישטערט אָן אויפהער; איך האָב געלייענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, ביז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קריגן אַ שטיקל ידיעה אין די פאַסירונגען און אַ שטיקל איינזיכט אין די געשעענישן.

אָבער די דאָזיקע איינזיכט האָט מיר נאָר פאַרשאַפט עגמת־נפש. איך האָב זיך דערשלאָגן צו דער אידעע, אַז אונטער דעם נייעם קייסער וועט זיין

פאַר יידן אַ סך ערגער. דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן איינצוזען, אַז די „הצפירה" האָט געהאַט רעכט, ווען זי האָט געשטעלט די ניהיליסטן און די אַנטיסעמיטן אויף איין ברעט.

איך האָב געענדערט מיין מיינונג וועגן דעם עטלעכע יאָר שפּעטער, ווי איך האָב געענדערט אַ סך מיינונגען, וואָס די „הצפירה" האָט אַריינגע־פּאָמפּעט אין מיינע אויערן.

די דאָזיקע זעלבסטצופרידנקייט האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען גאָר ניט קיין פריילעכע ידיעות. מען האָט אָנגעהויבן שמועסן, אַז מען קען דערוואַרטן נייע גזירות אויף יידן. איך האָב געהערט צוויי נייע נעמען: פּאָביעדאָנאָסצעוו און איגנאַטיעוו. פּאָביעדאָנאָסצעוו, דער פאַנאַטישער רעאַקציאָנער, דער הויפּט פון דעם הייליקן סינאָד, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די מינדסטע פאַרלייכטערונג פון דעם גורל פון פאָלק, וועט נאָר גיין לרעה פון רוסלאַנד. דער ערשטער מאַניפעסט פון דעם נייעם צאַר האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלע יידן. מען האָט אָנגעהויבן ריידן פון פּאָגראָמען. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און מען האָט געהערט פון שרעקלעכע פּאָגראָמען אין יעליסאַוועטגראַד און די אַרומיקע שטעטלעך. באַלד נאָך דעם האָט מען געהערט פון פּאָגראָמען אין קיעוו, אין אָדעס, אין פּאָלטאַווע, איינס נאָך איינס, עפּעס ווי אויף באַשטעלונג, און יעדער נייער פּאָגראָם איז געווען שרעקלעכער ווי דער פריערדיקער, ביז מען האָט אָנגע־הויבן צו ריידן פון אַ פּאָגראָם אין וואַרשע. און עס האָט ווירקלעך ניט לאַנג געדויערט און דער פּאָגראָם אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן.

דאָס איז געווען דער טאָג פון „באָזשע נאַראָדזעניע" (קריסטמעס). אין אַ באַרימטן קאָשטשיאָל (קירך) אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, וואו טויזנ־טער קריסטן זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָט זיך מיט אַ מאָל דערהערט אַ געשריי „פייער!" ביז אויף היינטיקן טאָג ווייסט מען ניט, ווער עס האָט דעם געשריי אַרויסגעלאָזט. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ מהומה דער דאָזיקער געשריי האָט אָנגעמאַכט. עס איז געוואָרן אַ געלאָף, אַ שטור־פּעניש און אַ שטויסעניש. די מענטשן זיינען געלאָפן ווי פאַרסמטע מייז הין און צוריק און האָבן ניט געוואוסט ווי זיך צו ראַטעווען. אַן אונטערזוכונג נאָכדעם האָט ניט געקענט אַנטדעקן קיין שום סימן פון אַ פייער, אָבער די מהומה האָט געלאָזן אויפן אָרט עטלעכע און צוואַנציק, וואָס זיינען צעטראָטן געוואָרן אויף טויט, און אַ גרויסע צאָל פאַרוואונדעטע.

אַ טייל פון די, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט, האָבן געזאָגט: דאָס האָבן אַוודאי קעשענע־גנבים געמאַכט דעם געשריי, כדי אָנצומאַכן אַ מהומה. אין דרויסן פון דעם קאָשטשיאָל אָבער זיינען געשטאַנען אַנדערע און האָבן

געזאָגט: יאָ, קעשענע־גנבים, אָבער דאָס זיינען געווען יידישע קעשענע־גנבים. באַלד נאָך דעם האָט זיך געהערט אַ פייף. דאָס איז געווען דער סיגנאַל פאַר דעם פאָגראָם. אַזוי האָט מען דערציילט נאָך דעם פאָגראָם. באַלד האָבן זיך פאַרמירט מחנות, ווי אויף אַ באַפעל, און האָבן אָנגעהויבן צו גיין פון גאַס צו גאַס, און האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין אַ סך פון די יידישע גאַסן. די פּאָליציי איז ווי אויסגעשטאָרבן. מען האָט גאָר קיין פּאָליציאַנט אויף דער גאַס ניט געזען. שריי חי וקיים. האָבן די יידן זיך באַהאַלטן, וואו נאָר זיי האָבן געקענט. מען איז געלאָפן אין די שולן, מען האָט געזאָגט תהלים און מען האָט גוזר תענית געווען.

אויף דעם דריטן טאָג פון די פּאָגראָמען האָט מען אָנגעהויבן ריידן, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס וועלן קומען אויף אונדזער גאַס. אַלע האָבן גערעדט, אַז צווישן די פּאָגראָם־מאַכער זיינען געווען ווייניק פּאָליאַקן, אַז די עטלעכע פּאָליאַקן, וואָס מען האָט געזען צווישן זיי, האָבן אַלע באַלאַנגט צו די „באָסיאַקעס" (טרעמפּס).

יענעם אָוונט, ווען מען האָט זיך גערוכט אויף אונדזער גאַס אויף דעם פּאָגראָם, זיינען אַלע יידן פון דער גאַס זיך צוזאַמענגעקומען אין שול אַריין צו מנחה ומעריב. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אָבער אַ פייערלעכע. יידן זיינען געווען פאַרצווייפלט. מען האָט געדאַוונט מיט גרויס כוונה, ווי יום־כיפור צו כל־נדרי, מען האָט געזאָגט תהילים, מען האָט גוזר־תענית געווען אויף צו מאָרגנס, דערוואַקסענע מענטשן האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער. ענדלעך האָט דער עולם אָנגעהויבן זיך צו צעגיין.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ פּאַטש אויף דעם באַלעמער, און באַלד נאָך דעם האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע קול פון אַ באַקאַנטן יידן:
— יידן, גייטס ניט אַהיים, לאָמיר זיך אַנטקעגנשטעלן, — האָט ער אויסגעשריען, — לאָמיר ניט גיין צו דער שחיטה ווי שעפּסן. לאָמיר טאָן ווי עס האָבן געטאָן די יידן אין שושן־הבירה, ווי עס שטייט געשריבן: „להקהל ולעמוד על נפשם". לאָמיר זיך אַנטקעגנשטעלן! לאָמיר אַרויסגיין מיט די בייטשן, מיט די שטעקנס, מיט פּאַלקעס, מיט העק, און לאָמיר זיך אַנטקעגנשטעלן.

דער ייד, וואָס האָט אַזוי געשריען, איז געווען נח דער פורמאַן. דער דאָזיקער נח איז ניט געווען אַ פורמאַן פון דעם שניט, ווי מען שטעלט זיך געוויינלעך פאָר דעם דאָזיקן טיפּ. ער איז ניט געווען קיין עם־הארץ. ער האָט געקענט לערנען אַ פּרשה חומש און ער האָט געלייענט שבת אין דער תורה און אויך געדאַוונט פאַרן עמוד. ער איז געווען אַ פרומער ייד און שטאַרק אָנגעזען אין שול, אָבער אַז מען האָט אים אָנגעטראָטן, האָט ער זיך

געקאָנט זידלען ווי אַן אמתער בעל־עגלה: ביי אים האָט דאָס געהייסן געבן אַ גאָב. ער איז געווען אַ קרעפּטיקער ייד.

אַן אַנדער חשובער ייד אויף אונדזער גאַס איז געווען אַבעלע דער שמוקלער. ער איז געווען פּונקט דער היפּוך פון נחן. ער איז געווען אַ חלוש, אַ בן־תורה, מיט אַ בערדל ווי אַ קמץ, און ער פלעגט אַלע שבת נאָך מיטאָג לערנען מיט די אַנדערע יידן די סדרה, עין־יעקב און פּרק. נח דער פורמאַן איז געווען איינער פון זיינע בעסטע תלמידים.

האָט אַבעלע דער שמוקלער זיך באַלד אָפּגערופן: „יידן, ר׳ נח האָט רעכט! מיר וועלן גיין אויף קידוש־השם. איך בין אַ שוואַכער מענטש, אָבער איך וועל גיין מיט אייך. מיר וועלן זיך ניט לאָזן שעכטן, כצאן לטבח!"

די דאָזיקע ווערטער האָבן אָנגעצונדן אַ פייער אין מיין האַרץ. די מעשה מיט די יידן אין שושן־הבירה, און די מעשות, וואָס איך האָב זיך אָנגעלייענט אין דער ספר יוסיפון, ווי די יידן האָבן מלחמה געהאַלטן אויף די מויערן פון ירושלים, זיינען מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, און איך האָב ממש געברענט מיטצוגיין אויף קידוש־השם. „און אַלע ייִנגלעך וועלן מיט־גיין", האָב איך אויסגעשריען, און די אַנדערע ייִנגלעך, וואָס זיינען געווען אין שול, האָבן געגומען שרייען אין איין קול: „די ייִנגלעך וועלן גיין מיט די יידן!"

אויף דער שטעל איז געוואָרן אַן אסיפה. נח איז געווען דער אָנפירער. און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַן ערך צוואַנציק יידן זאָלן בלייבן אין גאַס „דעזשורעווען", און אויב עס וועט זיך עפּעס מאַכן, וועלן אַלע איבעריקע יידן אַרויסקומען יעדער פון זיין הויז, מיט וואָס נאָר ער וועט קענען, אַ האַק, צי אַ שטעקן, צי אַ בעזים אפילו. דער סיגנאַל האָט געדאַרפט זיין „שמע ישראל".

מיך האָט מען אין דעם קאָמיטעט ניט אויסגעקליבן, אָבער איך האָב ניט געוואַרט אויף קיין כבוד. איך האָב זיך אַליין אויסגעוויילט. מיט יוגנטלעכן אימפּעט בין איך אַריינגעלאָפן אין הויז, האָב געכאַפּט אַ קניפּל (דאָס איז אַ הילצערנער האַמער מיט אַ קורץ הענטל, וואָס די שניצערס און סקולפּטאָרן באַנוצן ביי זייער אַרבעט) און בין אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס נאָך איידער די יידן זיינען געקומען. אַלע צוזאַמען זיינען מיר געווען אַרום צוואַנציק פאַרשוין. דער איבעריקער עולם איז געזעסן ביי די פענצטער, וואָס זיינען געווען צום גאַס, און געוואַרט אויף דעם סיגנאַל.

כדי אָפּצושרעקן דעם שונא, זיינען מיר אַרויס מיט אַ הורא־געשריי, און מיר האָבן דעם געשריי אָנגעהאַלטן. עס קען גריילעך זיין, אַז דאָס וואָלט אפשר דעם שונא געווען צוריקגעהאַלטן, האָבן אָבער אונדזערע געשרייען

גאַנץ אומדערוואַרט אַרויסגעבראַכט פון דער נאָרע אַן אַנדער שונא, אַ וואָלף אין אַ שעפסן־פעל.

אויף דזשיקע־גאַס, אַרום דעם ראָג וואָלינסקע, איז געווען די „וואָיענגע טורמע" (דאָס מיליטערישע געפענגעניש). איז דאָרט געווען סטאַנציאָנירט אַ ראָטע סאָלדאַטן. אונדזערע געשרייען האָבן זיך אַוודאי געהערט אין דער וואָיענער טורמע. אַ קורצע צייט נאָך דעם, ווי מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, האָבן מיר דערזען אַ פּאַטרול סאָלדאַטן, אָנגעפירט פון אַן אָפיצער, וואָס האָט מאַרשירט גלייך צו אונדז. מיר האָבן זיך דערפרייט. גאַנץ אומגעריכט האָט יעדערער פון אונדז דערזען די מאַכט, וואָס וועט באַשיצן אונדזער גאַס פון פּאָגראָם. די שמחה איז געווען צו פרי. עס האָט זיך אויסגעלאָזט פונקט פאַרקערט, ווי מיר האָבן דערוואַרט.

דערזען דעם פּאַטרול האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט.

„וואָס איז דער געשריי?" — האָט דער אָפיצער געפרעגט שטרענג. עס האָט זיך אַרויסגערוקט איינער פון אונדז, וואָס האָט מן הסתם געקענט ריידן רוסיש אָדער פּויליש, און האָט דערקלערט דעם גאַנצן ענין. דער אָפיצער איז געוואָרן ווייך ווי פּוטער.

„איר דאַרפט זיך גאָר ניט שרעקן", — האָט ער געזאָגט, — „אויף וואָלינסקע־גאַס וועט קיין פּאָגראָם ניט זיין. אויף דעם זיינען מיר דאָ, און מיר וועלן אויפפּאַסן אייך זאָל גאָר ניט געשען. גייט זיך יעדערער אַהיים. איר דאַרפט זיך גאָר ניט שרעקן".

מיר האָבן דעם אָפיצער באַדאַנקט, און אונדזער עולם איז זיך צעגאַנגען באַפרידיקט. וואו עס איז נאָר געווען מעגלעך, האָט מען געלאָזט וויסן די שכנים, אַז זיי האָבן זיך ניט וואָס צו שרעקן. אויף דער גאַס גייט אַרום אַ פּאַטרול.

אונדזער פרייד האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס האָט ניט געדויערט קיין האַלבע שעה, און אַ גאַנצע מחנה פּאָגראָמשטשיקעס האָט אָנגעפילט אונדזער גאַס מיט געשרייען, מיט קללות און מיט זידלערייען אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

אויף דער שנעל האָט מען פאַרהאַקט טיר און טויער און לאָדנס פון די פענצטער. די שכנים, וואָס האָבן געוואוינט אין דער נידער, האָבן פאַרלאָזט זייערע וואוינונגען און זיינען אַרויפגעלאָפן צו די שכנים אויף דעם ערשטן שטאָק (קיין העכערע הייזער, מיט איין אויסנאַם, זיינען אויף וואָלינסקע־גאַס ניט געווען), מיט די פענצטער צו דער גאַס צו. דאָרט איז מען געשטאַנען אין געהאַקטע צרות און צוגעקוקט, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס טוען צו אונדזער גאַס און צו אונדזערע שכנים. אַלע מינוט האָט זיך גע־

הערט אַן אַנדער געשריי, דאָס בריאַזגען פון די פענצטער און דער געיאָמער פון אַ פרוי אָדער אַ קינד. דורכן פענצטער האָט די גאַס אויסגעזען, ווי עס וואָלט געשנייט אין דרויסן. דאָס האָט דאָס פליען פון די פעדערן פון יידישן בעטגעוואַנט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געדיכטן שניי.

וואו איז געווען דער פאַטרול?

פאַרשוואונדן. פונקט ווי ער וואָלט קיין מאָל אויף דער וועלט ניט געווען.

און די פאָגראָמשטשיקעס האָבן געבושעוועט עטלעכע שעה. זיי האָבן מער צעשטערט און פאַרניכטעט, ווי זיי האָבן געראַבעוועט. אויף וואָלינסקער גאַס איז ניט געווען פיל צו ראַבעווען. די עטלעכע שפּייז־געוועלבלעך האָט מען פאַרניכטעט, אויסגעהאַקט די שויבן, באַגאָסן דאָס מעל מיט נאַפט. איין יידישע שענק איז געווען אויף דער גאַס, האָט מען אויפגעדרייט די קראַנען פון די פעסער און אַרויסגעלאָזט דעם בראָנפן אין רינשטאָק אַריין, די פלעשער בראָנפן האָט יעדער איינער געכאַפּט, וויפל ער האָט געקענט.

מיר זיינען אַלע געווען צוזאַמענגעפּאַקט, ווי אין אַ שטייג, אַ גאַנצע נאַכט. עלטערע מענטשן האָבן געזאָגט תהילים, ווייבער האָבן געזיפצט און געוויינט, אַנדערע זיינען געשטאַנען ביי די פענצטער ווי צוגעקאָוועט, קיינער האָט זיך ניט געפּרואווט צולייגן ביז דעם פרימאָרגן, שוין גאָר ניט צו ריידן פון אַראָפּציען די שיך אפילו. זיינען מיר דאָך אַלע געווען אין אַ פרעמד הויז, און אין טויטשרעק.

איך וויל זיך ניט אונטערנעמען מיט מיין פעדער צו באַלעבן די געפילן פון שרעק, וואָס יעדערער פון אונדז האָט איבערגעלעבט אין יענער שרעק־לעכער נאַכט. איך האָב מורא, אַז דאָס וועט מיר ניט געלינגען. איך וויל אָבער זאָגן, אַז נאָך היינט, מער ווי זעכציק יאָר נאָך דער געשעעניש, האָב איך זיך נאָך ניט באַפרייט פון יענע שרעקן. נאָך היינט קומען מיר יענע סצענעס צו חלום פון צייט צו צייט. נאָך היינט טרעפט, אַז איך זע אין חלום, ווי איך שטיי ביים פענצטער אין איין שרעק, אַז דאָס האַרץ פאַלט מיר שיר ניט אַרויס, און איך זע די רציחות פון יענע פאָגראָמשטשיקעס, פונקט ווי עס וואָלט היינט געווען.

מען קען ניט פאַרגעסן דעם פאָגראָם, וואָס מען האָט געזען מיט די אייגענע אויגן.

די גאַנצע שרעקלעכע נאַכט פון דעם פאָגראָם האָט זיך געצויגן לאַנג און לאַנגזאַם. דאָס גאַנצע הויז — אַלע שכנים — זיינען געווען פאַרזאַמלט אין בערל־לייב גוטשעכטערס הויז, אויף דעם ערשטן שטאָק, מיט די פענ־צטער צו דער גאַס. די וואוינונג איז געווען אַ קליינע, אַ שטוב מיט אַ קיך,

אַלע מענטשן זיינען געווען צוזאַמענגעוואָרפן, עפּעס ווי געפּעק אין אַ סחורה־סקלאַד אָן שום אָרדענונג. מען האָט זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. אָבער קיינער איז ניט געגאַנגען אַהיים. אַפילו נאָך דעם, ווי די כוליגאַנעס זיינען אַוועק פון אונדזער גאַס, האָט קיינער ניט געוואַגט צו גיין אין דער אייגענער וואוינונג, און זיך לייגן אָפּרוען. מען האָט זיך אַלץ געשראָקן, טאָמער קומען זיי צוריק. אומבאַהאָלפן און הילפלאָז, ווי מיר זיינען אַלע געווען קעגן שונא, האָט יעדערער פון אונדז געפילט עפּעס אַ זיכערקייט, ווען ער איז געווען צוזאַמען מיט די אַנדערע.

עס איז אַן אומפאַרגעסלעך בילד צו זען אַ געזעמל מענטשן אַ גאַנצע נאַכט, צוזאַמענגעקוועטשט אין אַ קליינער וואוינונג, אַלע אָנגעפילט מיט אַנגסט און שרעק. מען זעט באַשיינפערלעך, ווי אַזוי די מענטשן פאַרלירן ביסלעכווייז דעם קאָנטראָל איבער זיך, און אַלע אָנגענומענע מאַנירן, אפילו דאָס געפיל פון שעמעוודיקייט, אפילו דאָס וואָס מע רופט צניעות הערן מיט אַ מאָל אויף אונטער דעם דרוק פון שרעק און סכנה. איבערהויפּט איז דאָס אמת איז אַזאַ געמיש פון מענטשן, ווי עס איז געווען אונדזער געזעלשאַפט יענעם אָוונט; מענער און פרויען, יונג און אַלט, יונגע, שעמעוודיקע מיידלעך, שוואַנגערע יונגע פרויען און זייערע מענער, עטלעכע בחורים און יינגלעך פון מיין עלטער — אַלע דורכגעוואָרפן און דורכגעמישט, און אַלע מיט איין געפיל, מיט איין שרעק: אימת־מות.

אין אָנהייב היט מען נאָך אָפּ די אָנגענומענע מאַנירן, מען שטעלט זיך אויף פאַר אַן עלטערן מענטשן, מען גיט אָפּ דאָס בענקל, אָדער דעם שטול, אַ שוואַנגערער יונגער פרוי, אָבער די צייט גייט, די שרעק פאַרשטאַרקט זיך. אַלעמען באַפאַלט אַ מידקייט, אַן אָפּגעלאָזנקייט, מען וויל דאַכט זיך ניט שלאָפן, אָבער יעדערער זוכט אַן אָרט, וואו זיך אָנצושפּאַרן. יעדערער פילט ווי אויסצושטרעקן די פיס און אָפּגענעצן, און דאָס פּלאַץ איז קליין.

דער גוטער בערל־לייב נעמט זיך פאָרען. ער רוקט צוזאַמען די בענקלעך און די שטולן, שטעלט זיי אַרויף אויף דעם טיש איינס אויף דאָס אַנדערע. נאָך דעם נעמט ער אַרויס דאָס בעטגעוואַנט און די שעניקעס און שפּרייט זיי אויס אויף דער פּאָדלאָגע, און אַלע צערעמאָניעס הערן מיט אַ מאָל אויף. קיינער איז ניט ציניש — ווען מען ליגט עס אין קאָפּ אַזעלכע זאַכן — אָבער מען הערט זיך אויף צו שעמען.

דאָס איינזעעניש הערט אויף, און יעדערער זוכט צו כאַפּן אַ באַקוועמער שטיקל פּלאַץ פאַר זיך, בעסער צו קענען אויסציען די פיס. אומדערוואַרט קומען מענטשן צוריק צו זייער פרימיטיוון צושטאַנד. מענער, פרויען,

בחורים, מיידלעך—יעדערער קוקט נאָר פאַר זיך, און קיינער פאַרענטפערט זיך ניט, און קיינער שעמט זיך ניט.

דאָס דאָזיקע בילד שטייט מיר פאַר די אויגן ביז אויף היינטיקן טאָג אין דער גאַנצער רויקייט — ניט גראָבקייט נאָר רויקייט — און איך מוז זאָגן, אַז די מענטשן אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד, אָנגעשראָקן און אויסגעמאַטערט, מיט דעם פּאָליר אָפּבלאַקירט, זיינען גאָר ניט אָנציענדיק פאַר דעם אויג. עס איז ניט קיין שיין בילד.

אָבער צו אַלעם קומט אַ סוף. די נאַכט איז ווי עס איז אַוועק. ניט ווילנדיק האָבן די מענטשן דאָך געכאַפּט אַ דרימל און זיך אַ ביסל אָפּגערוט. אין דרויסן האָט געברענט אַ פראָסט, און אין הויז איז געווען קאַלט. אַזוי שנעל ווי עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט דער עולם זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס. די גאַס איז געוואָרן פול מיט מענטשן. יעדערער האָט זיך גע־איילט; יעדערער האָט געוואָלט זען וואָס איז געבליבן פון זיין ביסל אָרעמקייט; יעדערער האָט געוואָלט וויסן, וואָס האָט פּאַסירט מיט זיין שכן.

די גאַס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ גרויסער שריפה: עפּעס ווי אַ גאַנץ שטעטל וואָלט געוואָרן אָפּגעברענט. עס איז ניט געבליבן קיין איין שויב אין קיין איין פענצטער אין דער גאַנצער גאַס. די פעדערן פון די קישנס זיינען געווען צוגעפרוירן צו די פענצטער און די לאַדנס, צו די רינעס און צו די צאַפּנס אייז, וואָס האָבן געהאָנגען פון די דעכער. דאָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי די נאַקעטע בוימער אין ווינטער, ווען זיי ווערן באַשאָטן מיט שניי. וואָס עס האָט זיך צום מיינסטן געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען דער פּאַטרול פון סאָלדאַטן, אָנגעפירט פון אַן אָפיצער — אָט דער פּאַטרול, אויף וועלכן מיר האָבן אַלע נעכטן ביי נאַכט אויסגעקוקט ווי אויף משיחן, און ער האָט זיך ניט באַוויזן, — איז איצט געווען אויפן אָרט און שטעל, און האָט געטאָן דינסט. איצט איז ער געווען אויפן אָרט, אָט דער פּאַטרול, און ער האָט מאַרשירט הין און צוריק, הין און צוריק, מיט ערנסט און מיט דעם סאָלדאַטסקן ריטם פון „לעוואָ — פּראַוואָ, לעוואָ — פּראַוואָ, און סטאָי!" (רעכטס, לינקס, און שטיי), עפּעס ווי דער אַלטמאָדי־שער וואַנטזייגער וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. איין גוטע זאַך האָט דער פּאַטרול פונדעסטוועגן געטאָן: ער האָט געהאַלטן אָרדענונג אויף דער גאַס. קיין פאַרזאַמלונגען אויף דער גאַס זיינען ניט געווען דערלויבט. קיינער איז ניט געווען דערלויבט זיך אָפּצושטעלן און ריידן מיט אַ שכן. ס'איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, און עס האָט זיך קיינעם ניט געגלוסט אָפּצושטעלן. טאָמער איז איינעם דאָך איינגעפאַלן

זיך אָפּצושטעלן מיט אַ שכן, איז באַלד אויסגעוואָקסן דער פּאַטרול מיט זיין שטרענגען „סטופּאַי !" (גיי).

דערפאַר זיינען מיר געווען באַשיצט פון אַ פּאָגראָם. מיר זיינען אַלע געווען זיכער, אַז אויף וואָלינסקע־גאַס וועט מער קיין פּאָגראָם ניט זיין. דערווייל ניט.

און וואָלינסקע־גאַס איז ניט געווען די איינציקע גאַס. אומעטום, אין אַלע יידישע גאַסן, איז געשען דאָס זעלביקע. אומעטום דער פּאַטרול און אומעטום די פּאָליציי. אויס פּאָגראָם !

עס איז געווען דער דריטער טאָג פון פּאָגראָם, און די מאַכט איז מן הסתם געקומען צום שלוס, אַז דריי טעג איז גענוג. מער ווי דריי טעג איז עפּעס ניט קיין תכלית. ווי לאַנג קען מען דאָס דערלויבן ? האָט מען זיך גענומען באַשיצן די יידן פון פּאָגראָמען. אונדזער געגנט איז הפּנים געווען דער לעצטער געגנט אויף דער ליסטע פון פּאָגראָמען. אַזוי שנעל ווי די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט אונדז, דאָס הייסט, ניט מיט אונדזער גאַס, נאָר מיט אונדזער געגנט, האָט זיך אָנגעהויבן די באַשיצונג.

פון אונדזער גאַס זיינען די כוליגאַנעס אַוועק אין די אָרומיקע גאַסן, די נייע קאָרמעליצקע, די גענשע און די סמאָטשע. אומעטום האָבן זיי אָנגעמאַכט דעם זעלביקן חורבן. אויף גענשע־גאַס איז געווען נאָך ערגער. דאָרט איז דערהרגעט געוואָרן דער טינט־פאַבריקאַנט, קאַדישזאָן. דער דאָזיקער ייד האָט דווקא געוואָלט אַרויסגיין אויף דער גאַס בעת דעם פּאָגראָם. מען האָט אים צוריקגעבראַכט אַ טויטן.

אַ שטיקל נחת האָבן מיר פונדעסטוועגן געהאַט. דאָס אָסטראָווסקע־געסל איז געווען באַוואוינט פון אַ גרויסער צאָל „וואוילע יונגען", ווי מען האָט זיי גערופן אין וואַרשע, אָדער גענגסטערס, ווי מען רופט זיי דאָ. האָבן די וואוילע יונגען אויף זייער גאַס ניט אַרויפגעלאָזן די פּאָגראָמשטשיקעס. וואָס מיר האָבן געוואָלט טאָן אויף וואָלינסקע־גאַס, און עס האָט זיך אונדז ניט איינגעגעבן, דאָס האָבן די „וואוילע יונגען" געטאָן אויף אָסטראָווסקע־גאַס. זיי זיינען נאָך געגאַנגען ווייטער. באַלד אויף צו מאָרגנס נאָך דעם פּאָגראָם, זיינען זיי באַפאַלן דאָס איינציקע קריסטלעכע שפּייז־געוועלבל, וואָס איז געווען אויף זייער גאַס, און זיי האָבן געטאָן פּונקט דאָס זעלביקע, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געטאָן צו יידישע קראָמען, און מיר האָבן זיך אַ ביסל געקילט דאָס בלוט.

אָבער דאָס אַלץ איז שוין ניט געווען נייטיק. פון איצט אָן, ווי געזאָגט,

האָט די רעגירונג אַליין זיך אָנגענומען פאַר אונדז. ס'איז ניט געווען נאָר אויף דער וואָלינסקע־גאַס, וואו עס האָבן זיך באַוויזן פּאַטרולן, אויף אַלע יידישע גאַסן איז געשען דאָס זעלביקע. אויף די נאַלעווקעס, אויף דעם גזשיבאָוו, אויף דער מוראַנאָווסקע־גאַס, — אומעטום האָבן די סאָלדאַטן אָנגעהויבן צו פּאַטרולירן. דער קאָמיסאַר פון דעם פערטן צירקל, וואָס איז געווען אויף די נאַלעווקעס, איז אַליין אַרויסגעקומען, מיט זיין גאַנצער פּאָליציי, און ער האָט פּייערלעך פאַרזיכערט, אַז ער וועט צו קיין ווייטערע פּאָגראָמען ניט דערלאָזן. דאָס זעלביקע האָבן געטאָן די קאָמיסאַרן פון אַנדערע צירקלען. מען האָט אפילו דערלויבט צו דרוקן פּראָטעסטן פון דער העכערער פּוילישער געזעלשאַפט קעגן די „היידעמאַקעס", וואָס האָבן גע־מאַכט צו שאַנד דעם שיינעם נאָמען פון דעם ליבעראַלן פּוילישן פאָלק, מיט אַזעלכע ווילדע און באַרבאַרישע רציחות.

דאָס אַלץ איז געשען אויף דעם דריטן טאָג פון די פּאָגראָמען.

יענער גאַנצער טאָג איז געווען עפּעס ווי אַ האַלבער יום־טוב, ווי חול־המועד, אָדער גאָר ווי תשעה־באב, לויט דער דעפיניציע פון יענעם ליטוואַק, וואָס האָט געזאָגט, אַז „תשעה באב איז אַ פיינער תענית: מען דאַוונט ניט, מען אַרבעט ניט און מען עסט". אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרצרהט, אָבער געאַרבעט האָט מען ניט, הגם איך האָב גראָד געדאַוונט, און מיט גרויס כוונה.

אין אָוונט זיינען די אידן זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אין שול, צו בענטשן גומל און איבערצושמועסן די געשעעניש פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט.

וואו זיינען אַהינגעקומען די פּאָגראָמשטשיקעס? דאָס האָט קיינער ניט געפרעגט. אַלע זיינען געווען איינשטימיק, אַז דאָס איז עפּעס געווען ווי אַ צאָל מענטשן, כוליגאַנעס, אויסוואָרפן, וואָלטן געווען געקראָגן אַ באַ־שטעלונג צו מאַכן אַ שטיקל אַרבעט (צו מאַכן אַ „דזשאָב", ווי מען רופט דאָס אין אַמעריקע), און ווען די אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, זיינען די מענטשן זיך צעגאַנגען און אַלץ איז ווידער ווי געווען.

אָבער אַלץ איז ניט ווידער ווי געווען. אפשר איז דאָס אַזוי געווען ביי ר' שמאי שניצער, און די איבעריקע יידן. ביי מיר איז קיין זאַך ניט געווען ווי פריער. איך אַליין בין אויך מער ניט געווען ווי פריער. איבער נאַכט האָב איך זיך געענדערט, גאָר ניט דער זעלביקער.

עס איז גראָד געווען די צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פילן מיין ווירדע. עס איז שוין געווען אַוועק דריי יאָר פון מיין לערנצייט. איך בין שוין מער ניט געווען קיין שיק־יינגל. איך בין שוין געשטאַנען ביים וואַרשטאַט

צוזאַמען מיט דעם געזעלן, און האָב געהאָלפן שניצן די ראַמען. דער געזעלן האָט געמאַכט דעם קאָפּשטיק און איך האָב געשניצט די ווינקלען.

ר׳ שמאי האָט שוין געהאַט צוגענומען אַן אַנדער לערן־ייִנגל צו טראָגן די ראַמען צו לעסערן און דעם טשאָלנט צום בעקער. איך האָב גענומען פּילן, אַז איך פאַרדין מיר מיין ברויט, און איך עס ניט מער ר׳ שמאיס ברויט אומ־זיסט. מיר איז שוין געווען 15 יאָר, און איך בין שוין געווען אַ גאַנצער מענטש, וואָס האָט יעדע וואָך געלייענט די „הצפירה״, און וואָס האָט יעדן שבת אין שטיבל פאַר דעם דאַוונען געלערנט דעם זוהר צוזאַמען מיט אַ באַ־וואוסטן חסיד אין דעם ניישטעטער שטיבל. ניט איין מאָל האָב איך דע־מאָלט געטראַכט, אַז איך וואָלט שוין געווען אַ חתן, מיט אַ זילבערנעם זייגערל אין מיין וועסטל־קעשענע, ווען דער טאַטע וואָלט מיר ניט געווען געשטאָרבן אַזוי יונג, און איך וואָלט געקענט בלייבן ביים לערנען.

דער פּאָגראָם האָט מיך אין גאַנצן געביטן. די אַלע געדאַנקען זיינען פאַרשוואונדן, עפּעס ווי אַ געוואַלדיקער איבערברוך וואָלט מיך געווען אַוועק־געריסן פון דער וועלט, וואו איך האָב געלעבט ביז איצט. די שרעק פון דעם פּאָגראָם און די סצענע, וואָס איך האָב צוגעזען דורכן פענצטער פון בערל־לייבס וואוינונג; דער ווידערווילן, וואָס דאָס בילד פון די מענטשן אין זייער מידקייט און אָפּגעלאָזנקייט, נאָך דעם פּאָגראָם, האָט אין מיר דערוועקט; די טראַגי־קאָמישע סצענע פון דעם פּאַטרול, וואָס איז געווען פאַרשטעקט ערגעץ־וואו בעת דעם פּאָגראָם, און וואָס האָט איצט, ווען אַלץ איז געווען אָפּגעטאָן, מאַרשירט אַזוי ערנסט און אַנטשלאָסן איינצושטעלן דאָס אייגענע לעבן, דאָס גומל־בענטשן אין דער שול און די גלייכגילטיקייט, וואָס האָט געהערשט אין מיין סביבה באַלד נאָך דעם — דאָס אַלץ האָט אין מיר אויפגעוועקט אַ געפיל פון הילפלאָזיקייט און אַ שטורעם פון געדאַנקען, וועלכע איך האָב ניט געקענט באַצייכענען, און וועלכע איך האָב צו דער זעלביקער צייט ניט געקענט קאָנטראָלירן, אָדער צוריקהאַלטן. צו דעם איז צוגעקומען נחום סאָקאָלאָווס „הצופה לבית־ישראל״ פון יענע צייטן, וואו די ניהיליסטן און די אַנטיסעמיטן זיינען דערמאָנט געוואָרן אין איין אָטעם. דאָס האָט מיך גאָר אַראָפּגעפירט פון וועג. אויב די ניהיליסטן, וואָס האָבן געהרגעט דעם קייסער, זיינען אַנטיסעמיטן, טאָ ווי קומט דאָס, וואָס די פּאָ־גראָמשטשיקעס ווערן באַשיצט פון די סאָלדאַטן און דער פּאָליציי? עפּעס איז ביי מיר ניט געווען גלאַט. אויב די ניהיליסטן זיינען אַנטיסעמיטן, און די רעגירונג איז אַנטיסעמיטיש, טאָ וואָס קענען די ייִדן דערוואַרטן?

איך האָב געוואוסט, איך בין געווען זיכער, אַז משיח וועט קומען און וועט אויסלייזן די ייִדן פון גלות, אָבער ווען וועט דאָס געשען? איך האָב

געוואוסט, וואָס די גמרא זאָגט, אַז משיח וועט ניט קומען פריער ביז אַלע יידן וועלן אָדער ווערן פרום, אָדער פאַרקערט, ביז אַלע וועלן ווערן שלעכט (אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או כולו חיב), הייסט גיי מאַך אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט, אַז זיי זאָלן ווערן פרום אָדער, פאַרקערט, זיי זאָלן אַלע ווערן אַפּיקורסים. אַז מען קען ווי עס איז קריגן ארץ־ישראל אָן משיחן, איידער משיח וועט קומען, דאָס איז מיר אויפן געדאַנק ניט געקומען. אַ פּשוטע זאַך, דאַכט זיך, אָבער מיר איז דאָס ניט איינגעפאַלן. איך ווייס ניט פאַר וואָס. דאָס האָבן אויסגעקלערט אַ ביסל שפּעטער, עלטערע מענטשן, געלערנטערע און קליגערע פון מיר. דערווייל אָבער, איידער דאָס איז געשען, בין איך געווען פאַרצווייפלט. איך האָב זיך גאָרניט געקענט געבן קיין עצה, און ווידער די זעלביקע זאַך: ניטאָ וועמען צו פרעגן, ניטאָ צו וועמען זיך צו ווענדן. תוהו ובוהו.

# די „מאַי־געזעצן" קעגן יידן אין רוסלאַנד אין 1882

די פּאָגראָמען פון דעם יאָר 1881 זיינען ניט פאָראיבער און ניט איבער־לאָזנדיק קיין שפּורן נאָך זיך. אַזעלכע פּאַסירונגען קומען ניט פּלוצלונג, און פאַרשווינדן ניט מיט אַ מאָל. זייער ווירקונג הערט, אייגנטלעך, קיין מאָל ניט אויף. לאַנג נאָך דעם ווי פּאַסירונגען גופא זיינען ניט מער ווי אַ שוואַכער איבערבלייב אין דעם זכרון פון די מענטשן, זיינען זייער ווירקונג נאָך אין פולער קראַפט.

דאָס איז אמת וועגן דעם גוטן ווי דעם שלעכטן, דעם ערנסטן ווי דעם קאָמישן.

דער פּאַטרול, וואָס האָט מאַרשירט אַזוי פייערלעך אויף אונדזער גאַס, אויף צו מאָרגנס נאָך דעם פּאָגראָם, איז ניט געווען קיין צופאַל, און אויך ניט אַזוי לעכערלעך, ווי דאָס זעט אויס אויף דעם ערשטן בליק. עס איז גיכער געווען אַ טייל פון אַן אויסגערעכנטן פּלאַן. עס איז אויך ניט געווען די אייג־ציקע האַנדלונג, וואָס דער אָפּשלוס פון דעם פּאָגראָמען־ציקל האָט אַרויס־גערופן. וואָלט די רוסישע רעגירונג זיך געווען אָפּגעשטעלט ביי די פּאָ־גראָמען, וואָלטן די יידן אפשר זיך געווען באַגרענעצט מיט בענטשן גומל, ווי זיי פלעגן דאָס טאָן אין פריערדיקע צייטן, און עס וואָלטן זיך ניט אָנגע־הויבן קיין שום באַוועגונגען, אָבער דאָס איז ניט געווען דער פאַל. פאַר דער רעגירונג זיינען די פּאָגראָמען געווען נאָר אַן אַריינפיר צו אַ ניי ווערק — אַ טייוולש ווערק — דאָס ווערק פון נייע פאַרפאָלגונגען אויף יידן. באַלד נאָך די פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון קאָמיסיעס, וואָס האָבן באַדאַרפט מאַכן אונטערזוכונגען פון דעם „יעוורעיסקי וואָפּראָס" (די יידישע פראַגע), און די קאָמיסיעס און אונטערזוכונגען זיינען געשאַפן געוואָרן מיט דעם צוועק ניט צו פאַרבעסערן נאָר צו פאַרערגערן די יידישע לאַגע. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און די צייטווייליקע „מאַי־געזעצן" זיינען געשאַפן געוואָרן. דאָס זיינען געווען אַ ריי נייע באַשרענקונגען פון יידישע רעכט, וואָס האָבן באַרויבט גרויסע יידישע מאַסן פון זייער פּרנסה, און וואָס האָבן בכלל שווערער געמאַכט די יידישע עקזיסטענץ, וואָס איז שוין אָן דעם געווען קוים צו דערטראָגן.

עס איז געווען דעמאָלט, און ניט פריער, ווען די יידן האָבן זיך אָנגעהויבן צו רירן. דאָס איז צוגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם, אָבער אַן אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. דאָס איז אַן אַלטער כלל: ווי לאַנג די פּרנסה ווערט ניט געשטערט, זיינען מענטשן צופרידן צו לאָזן די זאַכן ווי געווען. ווערט די פּרנסה צעשטערט, הייבן די מענטשן זיך אָן צו באַוועגן.

ווי איך האָב שוין באַמערקט, איז די עמיגראַציע ניט געווען דאָס ערשטע, צו וואָס מען האָט זיך געכאַפּט. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס עס פּאַרט זיך ניט אַזוי שנעל. מענטשן דעצידירן זיך ניט לייכט צו צעברעכן די היים, ווי אָרעם די היים זאָל ניט זיין, איבערצולאָזן פאַמיליעס און צו זוכן נייע לענדער, מיט נייע געוואוינהייטן, מיט אַ נייער שפּראַך, און פרעמדער אומגעבונג. דאָס דאַרף מען דאָך קיינעם ניט דערציילן. מענטשן באַשליסן זיך אויף אַזאַ שריט נאָר דעמאָלט ווען עס איז שוין „באָו מים עד נפש" (ווען דער חלף ליגט אויפן האַלדז), און מען קען זיך בשום אופן אַנדערש ניט העלפן. אַ פּאָגראָם וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין פיל יאָרן, פאַרטרייבט ניט פון דער היים, מענטשן באַהאַלטן זיך און קומען צוריק נאָך דעם פּאָגראָם, ווי עס טוען די מענטשן, וואָס וואוינען אַרום אַ פייער־שפּייענדיקן באַרג, ווי דער וועזואוויוס. עס קומט אָן אַן ערופּציע, אָבער ווען די ערופּציע איז פאַרביי, קען מען ווידער לעבן אַ לאַנגע צייט, איידער עס טרעפט נאָך אַ מאָל און די מענטשן קומען צוריק צו דער אַלטער היים.

דאָס זעלביקע איז מיט פּאָגראָמען. זיי קומען ניט אָפט, און ווען זיי קומען און גייען פאַרביי, דויערט אַ לאַנגע צייט ביז זיי באַווייזן זיך נאָך אַ מאָל. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ וויכטיקע אורזאַך — זייער אַ וויכטיקע אורזאַך — פאַר וואָס מענטשן פאָרן ניט אַזוי שנעל. די דאָזיקע אורזאַך איז וואָס אַרויספאָרן, איבערוואַנדערן פון איין לאַנד אין אַ צווייטן, קאָסט געלט, פאַרהעלטעניסמעסיק פיל געלט, און דאָס געלט איז ניט בנמצא, גראָד ביי די מענטשן, וואָס ווילן צום מייסטן פאָרן. עס זיינען דערפאַר געפאָרן זייער ווייניק מענטשן, אפשר צוויי אין אַ טויזנט. און אַ גרויסע צאָל פון די, וואָס זיינען געפאָרן, זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען געווען גרייט צו פאָרן נאָך פאַר די פּאָגראָמען, און האָבן ניט געהאַט די מיטלען מיט וואָס צו פאָרן. פאַר יענע מענטשן זיינען די פּאָגראָמען געווען ווי אַ ברכה פון גאָט. די יידישע קאָמיטעטן, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט צו העלפן די פּאָ־גראָמירטע יידן אויסוואַנדערן, האָבן צוגעשטעלט די מיטלען צו יענע מענטשן דורכצופירן זייערע פּלענער פון פריער.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די מייסטע רוסישע יידן זיינען געווען

שטאַרק קעגן אויסוואַנדערן אין דער גאָטלאָזער אַמעריקע. איך ווייס גענוי ווי שווער עס איז מיר אָנגעקומען, איידער מיין מאַמע האָט צוגעשטימט צו מיין פאָרן קיין אַמעריקע צען יאָר נאָך דעם פּאָגראָם. צום סוף האָט זי מיך געבעטן איך זאָל כאָטש חתונה האָבן איידער איך פאָר. זי איז געווען איבער־צייגט, אַז אין אַמעריקע קען מען ניט געפינען קיין אָנשטענדיק מיידל. „עפּעס רעכטס פאָרט ניט קיין אַמעריקע", איז געווען איר טענה, און מיין מאַמע איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט אַזוי גערעדט. עס זיינען גע־ווען אַ סך אַנדערע יידן, ניט נאָר יידענעס, וואָס האָבן אַזוי געהאַלטן. מיר האָבן היינט אין אַמעריקע אַ סך פון די שפּעטערע איינגעוואַנדערטע, וואָס דענקען אַזוי וועגן די ערשטע אויסוואַנדערער. אין מיין געגנט זיינען צו יענער צייט געווען נאָר צוויי יידן — אַ בלעכער און אַ לאַטוטניק — וואָס זיינען געפאָרן קיין אַמעריקע, און ביידע זיינען זיי צוריקגעקומען דריי חדשים שפּעטער, שעלטנדיק דאָס גאָטלאָזע אַמעריקע.

דאָס איז ניט געווען דער פאַל נאָר מיט די אָרעמע און אָרטאָדאָקסישע יידן. די יידישע בורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז געווען אויך שטאַרק קעגן דעם, אַז די יידן זאָלן אויסוואַנדערן. ביי זיי איז דאָס געווען רוסישער פּאַטריאָטיזם — ניט די יידישע רעליגיע — וואָס האָט זיי געפירט אויף דעם וועג, אָבער אַזוי צי אַזוי, אויך די יידישע בורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז געווען קעגן.

אינטערעסאַנטער פון אַלעם איז, אַז די ערשטע אידעע און דער ערשטער שטויס אויסצואוואַנדערן איז געקומען ניט פון די פּאָגראָמירטע יידן, נאָר פון דער זייט, וואָס האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן די פּאָגראָמען. עס איז געווען דער צורר־היהודים גראַף איגנאַטיעוו, אָט דער וואָס האָט געהאָלפן אינסצענירן די פּאָגראָמען, און וואָס האָט פאַרגעשלאָגן די „צייטווייליקע מאַי־געזעצן", וואָס האָט דער ערשטער אַרויסגעוואָרפן דעם לאָזונג, אַז די רוסישע גרענעצן שטייען אָפן פאַר די יידן, אויב זיי זיינען ניט צופרידן מיט די פאַראָנדקעס אין רוסלאַנד, און זיי זיינען פריי צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד ווען זיי ווילן. די דאָזיקע „עצה" האָבן די יידן באַטראַכט מיט אַנגסט און שרעק, זיי האָבן געציטערט פאַר אַ גירוש.

די דאָזיקע באַטראַכטונגען אָט דאָ האָבן אפשר ניט קיין פּלאַץ אין אַן אויטאָביאָגראַפיע. איך האָב זיי פונדעסטוועגן דאָ אָוועקגעשטעלט, ווייל, ערשטנס, איז דער פּלאַץ ניט ערגער פון וועלכן עס איז אַנדערן פּלאַץ. און די געדאַנקען זיינען באַרעכטיקט אַרויסגעזאָגט צו ווערן. ווי איך האָב שוין עטלעכע מאָל באַמערקט, איז מיין פּערזענלעך לעבן און טאָן פון קליינער

וויכטיקייט, אויסער ווען עס קען ווערן געבראַכט אין פאַרבינדונג מיט קולטור־היסטאָרישע באַגעבנקייטן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם ווערט.

אַ חוץ דעם האָבן די אַלע זאַכן אַ שייכות אויך מיט מיין פּערזענלעכן לעבן פון יענער צייט.

די לעצטע פּאָגראָמען אין וואַרשע, ווי שוין געזאָגט, זיינען פאָרגעקומען סוף דעצעמבער, 1881, ד״ה, די לעצטע טעג פון דעם יאָר און אין יאַנואַר, 1882, ד״ה, באַלד נאָך דעם לעצטן פּאָגראָם, נאָך איידער די יידן האָבן געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן, איז שוין געקומען די עצה פון דעם מעכטיקן מיניסטער גראַף איגנאַטיעוו, אַז די יידן קענען אויסוואַנדערן. ערשט נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביסל צו רירן אין דער מחנה פון די יידן.

ערשט נאָך איגנאַטיעוון איז אין דעם זעלביקן יאָר געקומען ד״ר לעאָן פּינסקער מיט זיין בראָשור „אויטאָ־עמאַנציפּאַציע״ (זעלבסט־באַפרייאונג). דער סטראַשונעק פון אויסוואַנדערן, וואָס גראַף איגנאַטיעוו האָט אַרויסגע־לאָזן און פאַר וועלכן די יידן האָבן זיך אַזוי געשראָקן, — אָט דער סטראַשונעק איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון ד״ר פּינסקערס „באַפרייאונג״־געדאַנק. וואָס ד״ר פּינסקער האָט דעמאָלט געפּרעדיקט, איז געווען די אידעע פון אויס־וואַנדערן. און ד״ר פּינסקער איז נאָך דעמאָלט קיין ציוניסט ניט געווען. ביי אים איז געווען רעכט, אַז יידן זאָלן פאָרן קיין אַמעריקע, אָדער זיי זאָלן זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינע — אַלץ איינס, אַבי אויסוואַנדערן פון דעם גיהנום און זיך באַזעצן אויף אַ טעריטאָריע, וואו יידן וועלן קענען לעבן ווי מענטשן, ווי פרייע מענטשן, און פריי אָטעמען גאָטס לופט. ערשט נאָך ד״ר פּינסקער איז געקומען דער באַרימטער משה־לייב ליליענבלום מיט דער אידעע פון חובבי־ציוניזם. דאָס יידישע אומגליק קומט פון דעם — דאָס איז געווען ליליענבלומס הויפּט־פּונקט — וואָס יידן זיינען אומעטום פרעמדע, און זיי וועלן זיין פרעמדע, און זייער גורל וועט זיך ניט ענדערן אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן ניט האָבן זייער אייגן לאַנד, ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דאָס דאָזיקע לאַנד קאָן נאָר זיין ארץ־ישראל, דאָס יידישע לאַנד, „די הייליקע ערד פון דעם יידנס אור־אור־עלטערן״.

פון אָט די צוויי אידעען איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער ציוניזם און דער טעריטאָריאַליזם אין אַלע זייערע פאַרצווייגונגען. אין אָנהייב אָבער האָבן זיי געמאַכט אַ גאַנץ שוואַכן איינדרוק. די יידן אין דעם רוסישן לאַנד זיינען געווען טיף איינגעוואָרצלט אין דעם לאַנד, און האָבן זיך ניט געוואָלט רירן פון אָרט. סיי די אָרטאָדאָקסישע יידן, סיי די רעפאָרמירטע, האָבן פון ציוניזם ניט געוואָלט הערן. עס מאַכט ניט אויס, וואָס יעדע פון די צוויי מינים האָבן אָנגעגעבן אַנדערע אורזאַכן. דער פאַקט איז, אַז זיי האָבן

ניט געוואָלט אויסוואַנדערן און האָבן ניט געוואָלט דעם ציוניזם. דוד פרישמאַן, אין אַ בריוו וואָס ער האָט געשריבן אין דעם יאָר 1883, דערציילט פון אַ גרויסן רב, אַ מופלג, וואָס האָט ביי אים געפרעגט דעם טייטש פון וואָרט „לאומיות" — נאַציאָנאַליזם. „דונערוועטער" (שמיר ושית), שרייבט דוד פרישמאַן, „אויב ביי יידן ווייסט ניט וואָס איז אַזוינס נאַציאָנאַליזם (לאומיות) דער רב, וואָס איז דער אמתער נאַציאָנאַליסט, און מענטשן ווי סמאָלענסקין, יהל"ל, דאַליצקי און אַנדערע ליגנער, זיי באַשאַפן און מאַכן נאַציאָנאַליזם — איז דאָ אַ סוף צו אַזאַ אומגליק ?" (היש סוף לרעה כזאת ?).

היינט, אַז דער רב האָט ניט געוואוסט דעם טייטש פון „לאומיות", און דוד פרישמאַן האָט פון דעם ניט געוואָלט וויסן אין דעם יאָר 1883, איז שוין לייכט צו פאַרשטיין, אַז וואָלינסקע־גאַס האָט אין דעם יאָר 1882 פון דעם אַלעם קיין שום אַנונג ניט געהאַט, און איך בין דאָך געווען איינגעטונקט אין דער וואָלינסקע־גאַס ביז אַריבער די אויערן. ד"ר פינסקערס בראָשור האָב איך צום ערשטן מאָל געלייענט ערשט מיט פינף־זעקס יאָר נאָך דעם, ווי זי איז דערשינען. צו יענער צייט האָב איך אויך געלייענט ליליענבלומס בראָשור, וואָס איז דערשינען אין רוסיש און העברעאיש אונטער דער נאָמען: „וועגן דעם ווידערגעבורט פון דעם יידישן פאָלק אויף דער הייליקער ערד פון זיינע אורעלטערן".

וואָס פאַר אַן איינפלוס די צוויי בראָשורן האָבן געהאַט אויף מיין פערזענלעכער אויפפירונג וועט זיך אַרויסווייזן פון דעם, וואָס איך בין אַפילו ניט אַנטלאָפן, ווען עס איז געקומען מיין צייט זיך צו שטעלן צו מיליטער־דינסט. איך בין געפאָרן קיין אַמעריקע ערשט נאָך דעם, ווי איך בין אַהיימגעקומען פון דעם סאָלדאַטן־דינסט.

אין דער זעלביקער צייט האָבן זיך אין וואַרשע אַנגעהויבן צוויי אַנדערע יידישע באַוועגונגען. פון יענע צוויי באַוועגונגען איז ווייניק גערעדט געוואָרן. דאָס זיינען געווען שטילע, אומסענסאַציאָנעלע באַוועגונגען. פון זיי האָט מען ניט געשריבן אין די צייטונגען דעמאָלט, און מען דערמאָנט זיי ניט אין די געשיכטעס היינט, אָבער איך גלויב, אַז זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. שטילערהייט האָבן זיי, ווי די שטילע וואַסערן, געגראָבן טיפער, ווי די שטראָמען, וואָס לויפן מיט שטורעם און גערויש. די צוויי באַוועגונגען זיינען „אַרבעט" און „גיין אין פאָלק". אַ געוויסער טייל פון דער אָרעמער יידישער אינטעליגענציע האָט זיך גענומען צו מלאכה. גימנאַזיסטן האָבן געוואָרפן די קלאַסן, סטודענטן האָבן פאַרלאָזן די אוניווערסיטעטן, וואוהין זיי זיינען פריער אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן, מען קען זאָגן, מיט מסירת־נפש, און האָבן זיך גענומען לערנען מלאכות. זיי זיינען געוואָרן

האָלץ־אַרבעטער, אייזן־אַרבעטער און אַנדערע באַלמעלאָכעס. און דאָס איז גראָד געווען באַגרינדעט אויף דער אידעע פון בלייבן אין דער היים, ניט פון אויסוואַנדערן. „יידן דאַרפן זיך נעמען צו מלאכה", איז געווען דער לאָזונג.

צו יענער צייט איז נאָך ניט געווען אַזוי קלאָר, ווי עס איז היינט, אַז די פּאָגראָמען זיינען געווען אָרגאַניזירט פון מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צו די העכסטע רעגירונג־באַאַמטע, און האָבן געטאָן זייער ווילן. צו יענער צייט האָבן די יידן נאָך ניט געקענט דעם קוואַל, פון וואַנען עס איז געפלאָסן דער שמוציקער פּאָגראָם. יידן האָבן זיך געלאָזט איינריידן, אַז דאָס טוט דער פּויער אויס אומוויסנקייט, לויט זיין אייגענעם ווילן, אַז די פּאָגראָמען זיינען באמת געווען אַן אויסדרוק פון דעם פאָלקס צאָרן קעגן דער יידישער „עקספּלואָטאַציע".

געשטיצט אויף דעם דאָזיקן גלויבן (וואָס איז אייגנטלעך געקומען פון דער רעגירונגס פּראָפּאַגאַנדע, אַז די יידן אַליין זיינען שולדיק אין די פּאָגראָמען), האָבן יענע אידעאַליסטן געגלויבט, אַז יידן דאַרפן זיך נעמען צו מלאכה און מיט דעם באַווייזן דער קריסטלעכער וועלט, אַז יידן לעבן פון ערלעכער אַרבעט און ניט פון שאַכער־מאַכער.

פון אָט דער באַוועגונג בין איך געווען פריי. האָב איך דאָך דאָס געטאָן שוין דריי יאָר ביי ר' שמאי שניצער. ביי מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען פונקט פאַרקערט. צו יענער צייט האָב איך זיך גראָד געריסן צו וואַרפן די מלאכה און זיך ווידער נעמען צום לערנען. עס איז שוין געווען אַן אַנדער לערנען, וואָס איך האָב געזוכט. ניט מער גמרא, נאָר די „גויאישע" לימודים האָט מיין האַרץ דעמאָלט באַגערט. אָבער גראָד די מענטשן, וואָס האָבן מיך אָנגערעגט צו דעם, האָבן ניט דערלאָזן איך זאָל וואַרפן די מלאכה, די הייליקסטע זאַך אין דער וועלט.

בין איך געבליבן ביי שניצערײ און האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן דער צווייטער באַוועגונג, וואָס איך וואָלט גערופן: „גיין אין פאָלק־באַוועגונג", ד"ה, ניט איך בין געגאַנגען אין פאָלק, איך בין געווען ד א ס פ א ל ק און די באַוועגונג איז געקומען צו מיר.

אין דער זעלביקער צייט, ווען אַ טייל יידישע סטודענטן האָבן געוואָרפן דאָס שטודירן און האָבן זיך גענומען צו מלאכה, האָט אַן אַנדער טייל יידישע סטודענטן גענומען גיין צווישן פאָלק מיט בילדונג. אַ גאַנצע ריי סטודענטן האָבן זיך גענומען צו אונטערריכטן אומזיסט יידישע יונגעלייט און זיי צו־גרייטן צו די עקזאַמענעס אין גימנאַזיע. עס זיינען געווען הויפּטזעכלעך די

לערנקינדער, די בית־המדרשניקעס, די חסידישע יונגעלייטלעך, וועמען זיי האָבן געזוכט אַריינצוציען אין זייער קרייז פון איינפלוס.

פון דער ערשטער באַוועגונג, די באַוועגונג, וואָס האָט גערופן יידן זיך נעמען צו מלאכה, האָט אין אַ קורצער צייט זיך אַנטוויקלט די דיקשטיין־שול פאַר מלאכה (שקאָלאַ זשעמעשניטשאַ). די דאָזיקע שול האָט אַרויס־געגעבן אַ צאָל אויסגעצייכנטע באַלמעלאָכעס אין סטאָלעריי, שניצעריי, מעכאַניקער און ענלעכע — גראָד די פאַכן, אין וועלכע די פּאָליאַקן פלעגן לאַכן פון יידישער אַרבעט. צו דער זעלביקער צייט האָבן די אַלע יונגעלייט געקראָגן אַ ליבעראַלע אויסבילדונג אין דער פוילישער שפּראַך און אַנדערע לימודים. עס זיינען געווען אינטעליגענטע מענטשן און גוטע פאַכמענער, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון דיקשטיינס שול, גאָר ניט אין פאַרגלייך מיט די באַלמעלאָכעס — יידישע ווי קריסטלעכע — וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון דער אַלטער סיסטעם, וואו מען האָט פאַרפאַקט אַ יינגל אויף יאָרנלאַנג ביי אַ מייסטער אויף דער לער, וואו ער האָט געפּראַצעוועט אָן שום באַצאָלט, געטראָגן די פּאָמוינִיצעס און געניאַנטשעט די קינדער.

פון דער צווייטער באַוועגונג, וואָס האָט געזוכט צו פאַרפערטיקן יידישע יונגעלייט צו דער גימנאַזיע, זיינען ניט אַלע אַרויסגעקומען קיין דאָקטוירים אָדער פּראָפעסאָרן, אָבער אַ גרויסע פעולה האָט די באַוועגונג דאָך געהאַט מיט דעם, וואָס זי האָט ביז אַ געוויסן גראָד פאַרטריבן אַ טייל פון דער פינצטערער אומוויסנקייט, וואָס האָט פאַרכמאַרעט אונדזערע הימלען.

פון יענער צווייטער באַוועגונג הייבן זיך אַרויס מיינע געוועזענע פריינד ב. פייגענבוים און ד״ר יוסף פיש פון דעם אַרבעטער־רינג־סאַנאַטאָריום. דער ד״ר פיש איז פון דער היים געווען יוסף־בער קלעפּפיש, אַ פּלימעניק פון דעם וואַרשעווער „במקום רב״ שאול־זאַנוויל קלעפּפיש, אָדער ר׳ זאַנ־וועלע, ווי מען האָט אים גערופן.

עס זיינען געווען נאָך אַנדערע, אָבער איך דערמאָן דאָ נאָר די צוויי, וואָס זיינען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט, איבערהויפּט ב. פייגענבוים, אין דער יידישער וועלט.

אין אָט דער צווייטער באַוועגונג בין איך שנעל אַריינגעצויגן געוואָרן. ווי אַזוי דאָס איז געשען, וועל איך דערציילן אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל. דאָ וויל איך נאָר זאָגן, אַז איך בין געווען דער ערשטער, און פאַר אַ לאַנגער צייט דער איינציקער, אַרבעטער, וואָס איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער נייער השכלה־באַוועגונג.

דאָס קלינגט אַפילו ווי באַרימעריי, אָבער איך מוז דאָס זאָגן. באַשרייב איך דאָך מיין אייגן לעבן, און איך קען דאָך ניט דערציילן נאָר די שמד־שטיק, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. און אויב עס איז דערלויבט צו דערציילן די שמד־שטיק, פאַר וואָס אויך ניט די שענערע זאַכן?

איז פון איצט אָן וועט עס נאָר זיין די שענערע זאַכן. עס זיינען מער קיין שמד־שטיק ניט געווען.

# שלמה דער גבאי און שמואל גרויקאָפּ

דער עפּיזאָד, וואָס איך וויל דאָ באַשרייבן, הייבט זיך אָן, ווי געוויינלעך אין יענער צייט, אויף וואָלינסקע נומער 16, סוף זומער פון דעם יאָר 1882, אַרום דעם הויז פון ר׳ שמאי שניצער, עטלעכע חדשים נאָך דעם פּאָגראָם.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 15 און אַ האַלב יאָר, און עס איז געווען מיין פערטער יאָר אויף דער לער ביי ר׳ שמאי שניצער.

איך קוק צוריק אויף יענער צייט מיט שרעק און דערשטוינונג פון איין זייט, און מיט ליכטיקע דעראינערונגען פון דער צווייטער זייט. ווי אַזוי האָבן דאָס דעמאָלט די מענטשן געלעבט? וואָסער דחקות און וואָסער אומוויסנקייט און ווי טייער איז דאָס געווען אַ קאָפּ וויסן! מיט די ציינער האָט מען דאָס ניט געקענט אַרויסרייסן. אין דעם גאַנצן גרויסן יידישן קוואַרטאַל אין וואַרשע אַרום נאַלעווקעס, איינגעשלאָסן דעם געגנט פון דער דזשיקע און אַלע אַרומיקע גאַסן, ביז אַרויף צו די אָקאָפּעס, געדענק איך ניט קיין איינציקע שול, אַ חוץ דעם פּראָ־גימנאַזיום אויף גענשע־גאַס, צווישן די נאַלעווקעס און דזשיקע־גאַס. דער אויסערלעכער אויסזען פון דער דאָזיקער שול האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ תפיסה — אַ תפיסה, וואוהין עס איז געווען כמעט אוממעגלעך אַריינצוקומען. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז געגרינדעט געוואָרן די דיק־שטיין־שול פאַר יידישע יינגלעך און בית־המדרש־בחורים. אָבער דאָס איז געווען שפּעטער, טיילוויז צוליב דער אַרבעט, וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן. ביי דער צייט, וואָס איך האַלט איצט, האָט עס אויסגעזען, אַז צו שולן וועט עס קיינמאָל ניט קומען, אַז שולן זיינען אין גאַנצן איבעריק, אַ חוץ אפשר פאַר מיידלעך, צוליב אַ שידוך. אין אמתן, צו וואָס דאַרף מען שולן, אַז דאָס בית־המדרש, דאָס חסידים־שטיבל און די שול באַפרידיקן אַלע באַדערפעניש פון לעבן? אמת, מען דאַרף אַמאָל ריידן פּויליש מיט דעם סטרוזש פון הויף, אָדער מיט דעם רעווירואָווע, איז אויף אַזוי פיל פּויליש קען יעדער ייד סיי ווי, אָן די שולן. אַ חוץ דעם זיינען אויף דעם טאָקע דאָ די מיידלעך.

פון וואַנען די מיידלעך האָבן געלערנט, ווייס איך ניט, אָבער איך ווייס, אַז אפילו מיין מאַמע האָט געקענט ריידן פּויליש בעסער פון מיין טאַטן.

## שלמה דער גבאי *)

ווי עס איז געשטאַנען מיט דער יידישער ליטעראַטור האָב איך שוין באַשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך. עס איז נאָך געווען פאַר פּרצן, פאַר שלום־עליכמען. אַפּילו יעקב דינעזאָנס „שוואַרצער יונגערמאַנטשיק" איז נאָך געווען גאַנץ יונג. אַפּילו שמ"ר האָט נאָך געהאַלטן ביים אָנהייב, הגם ער איז זייער שנעל געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער.

פון סאָציאַליזם האָט מען אין מיינע צייטן ווייניק וואָס געהערט — אויף דער וואָלינסקע־גאַס אַפּילו ניט אַ שאָרך. מען האָט גערעדט פון די ניהיליסטן אַלס די רשעים, אויסוואָרפן און אַנטיסעמיטן. אויף וואָלינסקע־גאַס האָט דעמאָלט געפירט די ממשלה שלמה דער גבאי — דאָס הייסט די „אינטעלעקטועלע" ממשלה. שלמה דער גבאי איז געווען אַ ייד אַ חסיד, וואָס האָט געצויגן זיין פּרנסה פון אַ מתנגד־שולכל אויף אונדזער גאָס. דאָס דאָזיקע שולכל איז געוואָרן דער גייסטיקער צענטער פון דער גאָס. שלמה האָט פאַרשטאַנען צוזאַמענצוגיסן דעם חסידישן ברען מיט דער מתנגדישער פלעגמאַטישקייט, און האָט פון דעם געשאַפן אַ גאַנץ נייעם שניט אין דעם יידישן לעבן פון דער וואָלינסקע־גאַס. אין יענעם שולכל האָט מען געזאָגט אַ שיעור יעדן שבת, און מתנגדים האָבן געפּראַוועט מלווה־מלכה אויף דעם חסידישן שטייגער, און האָבן געזונגען חסידישע ניגונים מיט דעם ריכטיקן ברען. דאָרט האָבן אַנדערע יידן געלערנט משניות און עין־יעקב, פאַר אַנדערע האָט מען געזאָגט דרשות און געלערנט מיט זיי פּרקי־אָבות. מיט איין וואָרט: דער טאָן פאַר דער גאַנצער וואָלינסקע־גאַס איז געווען שלמה גבאיס שולכל, מיט שלמהן אַליין אַלס דעם קאַפּעל־מייסטער.

ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטן, אַז גראָד אויף וואָלינסקע־גאַס זאָל זיך געפינען אַ ציטאַדעל, פון וואַנען מען האָט געשאָסן מיט ליכט־פיילן אין דער דאָזיקער פעסטונג פון געדיכטער פינצטערניש?

דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון יענעם ציטאַדעל איז געווען שמואל גרוי־קאָפּ.

די דאָזיקע באַשניע האָט זיך געפונען אויף דעם פינפטן שטאָק פון דער הויז נומער 4 וואָלינסקע. דאָס הויז איז געווען דאָס צווייטע געמויערטע

---

*) די צוויי נעמען, וואָס איך האָב אָוועקגעשטעלט ביים אָנהויב פונעם קאַפּיטל, זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר די צוויי כוחות, וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו קעמפן אין מיין נשמה — די אַלט־מאָדישע פינצטערניש און די מאָדערנע השכלה.

הויז אויף דער גאַס. מען האָט עס גערופן: „דאָס פּאַלאַצל". און אַ פּאַלאַצל איז דאָס געווען — זאָלן מיינע אויגן אַזעלכעס ניט זען: פינצטער, חושך, שמוציק, אַז איין גאָט זאָל זיך מרחם זיין, ענלעך צו די אַמאָליקע ניו־יאָרקער הייזער, וואָס ווערן היינט אַלץ ווייניקער.

אין דער נידער פון דעם „פּאַלאַצל" האָט געוואוינט סימעלע די פּאַסערקע, וועלכע איך האָב שוין פריער דערמאָנט, מיט אירע שיינע טעכטער. אָבער מיר וועלן זיך ביי סימעלע דער פּאַסערקע ניט אָפּשטעלן. מיר וועלן אַרויפקלעטערן אויף דעם פינפטן שטאָק, אויף דער פּאַצעיאַטקע (אַ בוידעם־שטוב), וואו עס האָט געוואוינט יעקב קאַרנאָווסקי.

יעקב קאַרנאָווסקי איז געווען אַ ליטוואַק, מיר שיינט אַ קאָוונער. ער איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק אָדער דרייסיק. ער איז געווען אַ גרויסער תלמודיסט און אַ העברעער. אין וואַרשע האָט ער זיך געגרייט צום עקזאַמען פאַר דער אוניווערזיטעט. די וואוינונג איז געגאַנגען אויף זיין נאָמען, אָבער ווער עס האָט דאָרט געצאָלט דירה־געלט, איז פאַר מיר געבליבן אַ סוד ביז אויף היינטיקן טאָג.

עס איז דאָרט געווען אַ מין קאָמונע פון אָרעמקייט, וואו קיינער פון די איינוואוינער האָט גאָר ניט געהאַט וואָס צו שטייער צו געבן, ווי עס האָט זיך געדאַכט. עס זיינען דאָרט געווען יונגעלייט אפשר זאַלבעצענט. די מערסטע פון זיי האָבן זיך אָדער געפּאַרטיקעט, אָדער וואָס זיינען שוין געווען אָנגעקומען אין די העכערע קלאַסן גימנאַזיום, אָדער אוניווערזיטעט. געלעבט האָט מען פון דעם, וואָס אַ מאָל האָט איינער און אַ מאָל האָט אַן אַנדערער פאַרדינט עטלעכע גילדן פון לעקציעס (אורָאָקעס). פאַר דעם געלט פלעגט מען מערסטנס קויפן אַ גרויסן סאָלדאַטסקן לאַבן ראַזעווע ברויט, אויף וואַלאָווע־גאַס, אפשר פון צוואַנציק פונט, אָדער אפשר צוויי אַזעלכע לאַבנס, אַ פּעקל טיי און אַ ביסל צוקער און — כל דכפין ייתו ויאכל — ווער עס איז אַריינגעקומען און איז געווען הונגעריק, האָט געקענט עסן און טרינקען. שלעכט איז נאָר געווען מיט די קאַלאַשן. די גאַנצע „קאָמונע" האָט פאַרמאָגט ניט מער ווי דריי פּאָר קאַלאַשן, אָבער כמעט אַלע האָבן געהאַט צעריסענע שיך, איז אין אַ רעגן־טאָג טאַקע געווען שלעכט. אָבער ניט אַלע ט ג רעגנט. אין די טרוקענע טעג איז געווען אַ מחיה צו זיין ביי קאַרנאָווסקין אין הויז. אַפּיקורסות, השכלה־שמועסן, וויץ און געזאַנג זיינען אַלע מאָל געווען אין אָרדענונג אין יענעם בוידעם־שטיבל.

דער וויכטיקסטער מענטש אין דעם גאַנצן „הויזגעזינד", פונדעסטוועגן, איז געווען ניט קאַרנאָווסקי, נאָר שמואל גרויקאָפּ, הגם ער האָט דאָרט ניט געוואוינט, און איך האָב קיינמאָל ניט אויסגעפונען וואו זיין דירה איז

געווען. שמואל גרויקאָפּ איז אויך געווען אַ בעסערער פאַרדינער. ער האָט געהאַט אַ באַשטענדיקע שטעלע אין דער „הצפירה" אַלס בעל־מגיה (קאָר־רעקטאָר).

פאַרגלייכט נאָר ניט אַ דעמאָלטיקן בעל־מגיה אין „הצפירה" צו אַ היינטיקן קאָרעקטאָר אין אַ יידישער צייטונג. צו יענער צייט איז דאָס געווען באַטראַכט ווי אַ מלאכת־הקודש (אַ הייליקע באַשעפטיקונג). אַ חוץ דעם האָט מען געמוזט זיין אַ גרויסער קענער פון דער העברעאישער שפּראַך, מיט דעם דקדוק און דעם נקוד.

עס איז געווען דער דאָזיקער שמואל גרויקאָפּ, וואָס האָט געטאָן די אמתע אויפקלערונג־אַרבעט. איך געדענק אים ווי היינט. אויך ער איז אַלט געווען אַ יאָר 28 צו יענער צייט. אַ נידעריקער, אַ דאַרער, אַ קרענק־לעכער, אַ ביסל איינגעהויקערט, איז ער געגאַנגען מיט אייך אויפן גאַס שטונדן־לאַנג, דריי, פיר, פינף שעה נאָכאַנאַנד, און פון זיין מויל האָבן זיך געשאָטן ווערטער ווי פּערל. בנעימות, באַגאַבט, שיין און קלוג האָט ער גע־רעדט פון זאַכן, וואָס איר האָט פריער קיינמאָל ניט געהערט, און ער האָט געלאָזט שטעלן פראַגן, און ער האָט אייך ניט געלאָזט אָן קיין ענטפער, וואָרעם שמואל גרויקאָפּ איז געווען אַ געבילדעטער מענטש, אַ גרויסער גע־לערנטער אין דעם, וואָס מען רופט „יודאאיקאַ", אָדער חכמת־ישראל, אַ קענער פון שפּראַכן, באַקאַנט מיט די רוסישע און דייטשע ליטעראַטורן און שטאַרק באַהאַוונט אין די וויסנשאַפטן. אָט דאָס איז געווען מיין וואָלינסקער־גאַס צו יענער צייט, מיט אירע ליכטיקע און שאָטנדיקע זייטן — אַ געמיש פון תורה, מתנגדאָ־חסידיזם, פרומקייט, אונטערוועלט און השכלה — אַ בילד, וואָס וואַרפט זיך אין אמתן דורך דער גאַנצער יידישער געשיכטע, צי דאָס איז אַלעקסאַנדריע אין אַלטערטום, אַמסטערדאַם אין דעם סוף פון מיטלאַלטער, צי וואַרשע, לאָנדאָן, אָדער ניו־יאָרק אין אונדזערע צייטן.

ווי דער לייענער ווייסט שוין פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, בין איך אויך ניט געווען „אַבי ווער" אויף דער וואָלינסקע־גאַס. מיך האָבן אַלע געקענט, הגם איך האָב זיך קיין מאָל ניט געוואָרפן אין די אויגן. מיין אויפפירונג אין דער פּאָגראָם־נאַכט מיט דעם קניפּל אין דער האַנט האָט נאָך מער געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צו מיר. דאָס, שטעל איך זיך פאָר, איז געווען די אורזאַך, וואָס האָט געפירט גרויקאָפּן צו מיר.

איך געדענק ניט מער די איינצלקייטן, ווי אַזוי מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט. איך קען אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם ערשטן אָונט, וואָס ער האָט מיט מיר אַרומגעשפּאַצירט אויפן גאַס דריי אָדער פיר

שעה לאַנג, און ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, מיט געציילטע ווערטער, פּונקט ווי עס זיינען געוועזן זיינע טריט.

אָנגעהויבן האָט ער גאַנץ אומשולדיק. מיין נאָמען, מיין פאַמיליע, וואָס איך לערן, צי האָב איך געלייענט „אהבת ציון״ און אַזוי ווייטער.

מיטאַמאָל גיט ער מיך אַ פרעג, צי איך גלויב אַלץ, וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה? איך בין געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטער. וואָס הייסט, צי איך גלויב וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה? ווי דען? ווי קען מען דאָס ניט גלויבן? ווער האָט באַשאַפן די וועלט, אויב מען גלויבט ניט וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תורה? איך וועל דאָס מאַכן בקיצור: ווען שמואל גרויקאָפּ האָט מיך יענעם אָוונט פאַרלאָזן, נאָך דריי־פיר שעה שמועס, בין איך געווען ווי אין אַ פיבער. שפּעטער, אַ סך שפּעטער, האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס וואָס ער האָט מיר געזאָגט, איז געווען אַ פּאָ־פּולערע דערקלערונג פון דער גאַנצער דאַרוויניִשער טעאָריע. אָבער יענעם אָוונט האָב איך רעוואָלטירט מיט מיין גאַנצער נשמה. עפּעס איז אַלץ, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, געווען אַזוי גלאַט, אַזוי שכלדיק, אַז איך האָב דאָס ניט געקענט אָפּלייקענען, אָבער — דאָס איז דאָך אמתע אַפּיקורסות, דאָס קען דאָך איינעם פירן אין שאול־תחתיה אריין. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן. איך האָב זיך געוואָרפן ווי אין אַ פיבער. אַלע מינוט איז מיר איינגעפאַלן אַן אַנדער קשיא. פאַר וואָס האָב איך אים ניט גע־פרעגט אָט דאָס? פאַר וואָס ניט יענעס? איך מוז אים זען באַלד אין דער פרי. ער וועט מיר ניט קאָנען ענטפערן אויף דעם, אויף יענעם; איך וועל זיך ניט לאָזן פאַרפירן; דאָס איז דאָך דער אמתער יצר־הרע, דאָס איז אַ ניט־גוטער, דער שטן קומט אַלע מאָל מיט גוטע ריידעלעך, און ער קאָן גוט לערנען... אַזוי האָב איך געבראַדיעט אַ גאַנצע נאַכט. דעם סוף פון דעם אַלעמען קאָן זיך פאַרשטעלן יעדער איינער, וואָס האָט ווען עס איז דורכגעמאַכט אַזאַ אינערלעכן נשמה־קאַמף — זעקס חדשים האָב איך זיך געבראָניעט, אויף וויפל מיינע כוחות האָבן אויסגעטראָגן, אָבער צום סוף האָט דער שטן גובר געווען. איך בין אַריינגעפאַלן אין דער נעץ, וואָס שמואל גרויקאָפּ האָט אויסגעשפּרייט פאַר מיר. איך האָב זיך אונטער־געגעבן. שמואל גרויקאָפּ האָט מנצח געווען שלמה דעם גבאי. זיין גאַנצע סיסטעם איז צעפאַלן ווי פראַך. פון איצט אָן איז שמואל גרויקאָפּ מיין פירער און מיין וועגווייזער. אונטער זיין השגחה האָב איך איצט אויסגעביטן דעם תלמוד אויף דעם תנ״ך, ד״ה, דאָס ביסל צייט, וואָס איך פלעג אָפּגעבן אין די פּרייטיק צו נאַכטן, שבתים און יום־טובים אויף דעם תלמוד, האָב איך פון איצט אָן אָפּגעגעבן אויף דעם תנ״ך. דער תלמוד, האָט מיר גרויקאָפּ

געזאָגט, איז אין זיך אַליין אַ גוטע זאַך, אָבער די וועלט פירט זיך מער ניט לויט יענע געזעצן. אונדז אינטערעסירט ניט מער דאָס איי, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אום יום־טוב (ביצה שנולדה ביום־טוב). דעם תלמוד, איבערהויפּט די הלכה, דאַרפן שטודירן נאָך ספּעציאַליסטן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער אַלטערטימלעכער געזעצגעבונג. איבערהויפּט, האָט ער געזאָגט, דאַרף אַזאַ יונגערמאַן ווי איך, וואָס האָט אַזוי ווייניק צייט און האָט אַזוי פיל צו לערנען, — אָנווענדן דאָס ביסל ענערגיע און צייט, וואָס ער האָט, צו לערנען וויכטיקערע זאַכן. אַ גאַנץ אַנדער זאַך איז דער תנ״ך. דעם תנ״ך דאַרף יעדער מענטש, ניט נאָר יעדער ייד, קענען. האָט ער מיך פּאַר אַלעם אָפּגעשיקט צום תנ״ך. אַ חוץ דעם האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף דער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע און האָט מיר געגעבן אַ צעטל נעמען פון ביכער און מחברים צו לייענען. צווישן די ביכער זיינען געווען דער „תעודה בישראל״, פון ר׳ יצחק־בער לעווינזאָן (דער ריב״ל), די שריפטן פון יצחק ערטער, פון מרדכי אהרן גינזבורג און ליליענבלומס „חטאת נעורים״. און איך האָב דאָס אַלץ פאַרשלונגען מיט גרויס אַפּעטיט און געשמאַק. פון גרויקאָפּן האָב איך זיך דערוואוסט פון דער ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע. אין דער פרייער צייט בין איך שוין מער אין בית־המדרש ניט געגאַנגען. מיין וועג האָט איצט געפירט צו דער טלאָמאַצקע „טשיטעלניע״ (לייענזאַל).

אַזוי איז גרויקאָפּ אָנגעגאַנגען מיט מיר אַ גאַנצן ווינטער. איך פלעג אָפּט צו אים קומען אין דער דרוקעריי פון יצחק גאָלדמאַן אויף דער ברייטער מילע (מוראַנאָווסקע) גאַס, וואו עס האָט זיך געדרוקט די „הצפירה״. שבת, אָדער יום־טוב, פון יעקב קאַרנאָווסקי, אָדער פון זיין הויז אויף דער וואָלינסקע־גאַס, האָב איך די גאַנצע צייט אַ וואָרט ניט געהערט. איינמאָל, דאָס איז געווען שבת, חול־המועד־פּסח, זאָגט גרויקאָפּ צו מיר: „איצט וועל איך אייך אַריינפירן אין אַן אינטערסאַנט הויז״. „וואו איז דאָס הויז?״, האָב איך געפרעגט נייגעריק. „דאָ, אויף דער גאַס, אין פּאַלאַצל״, איז געווען דער ענטפער. דאָס האַרץ האָט מיר אַ צאַפּל געטאָן, און דער נאָמען סימעלע די פּאָסערקע איז מיר געקומען אין זינען אַריין.

שמואל גרויקאָפּ האָט הפּנים באַמערקט די ענדערונג אין מיר, וואָרעם ער האָט באַלד אַ זאָג געטאָן:

— שרעקט זיך ניט, כ׳וועל אייך צו סימעלע דער פּאָסערקע ניט פירן.

געפירט האָט ער מיך אין דעם הויז פון קאַרנאָווסקי, וואָס האָט אויף דעם ערשטן בליק געמאַכט אַן ערגערן איינדרוק, ווי ווען ער וואָלט מיך אַריינגעפירט צו סימעלען.

# הירש־בער קאַמינסקי, יאַנקל דער שניצער
# און ב. פייגענבוים

אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַדעקט, ווען איך בין אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פֿון יעקב קאַרנאָווסקיס פּאַציאַטקע (בוידעם־שטיבל) אין דעם פּאַלאַצל אויף וואָלינסקע נומער פֿיר. אין מיין ווילדסטער פֿאַנטאַזיע וואָלט איך זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן די זאַכן, וואָס איך האָב דאָרט געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

עס איז געווען, ווי געזאָגט, שבת, חול־המועד־פּסח, אַרום צען אין דער פֿרי. דאָס צימער איז געווען שוואַרץ פֿון רויך פֿון די פּאַפּיראָסן און ליולקעס. יעקב קאַרנאָווסקי אַליין, אַ נידעריק יידל, מיט אַ שוואַרץ, רונד בערדל, אָנגעטאָן אין אַ שפּאַנצער, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט פֿאַרלאָרן זיין אָריגינעלן קאָליר, איז געשטאַנען אַרום דעם אויוון מיט אַ לאַנגן ציבעק אין מויל. אַרום אים זיינען געשטאַנען יונגעלייטלעך אָנגעטאָן אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, מאַנכע פֿון זיי מיט דעם טלית אויף די אַקסלען, און האָבן געראויכערט פּאַפּיראָסן. ביים טיש זיינען געזעסן עטלעכע אוניווערזיטעט־סטודענטן, וואָס האָבן געשפּילט אין שאַך און גערעדט אויף פּראָסט יידיש — איינפֿאַכן ליטווישן יידיש. אויפֿן טיש, לעבן דעם שאַך־ברעט, איז געלעגן אַ קיילעכדיקער ראָזעווע ברויט, נאָר וואָס צעשניטן.

רבונו־של־עולם! וואו בין איך דאָ אַריינגעפֿאַלן? פּסח, און ברויט אויפֿן טיש; חסידישע יונגעלייט אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, וואָס רויכערן אום שבת; סטודענטן, וואָס ריידן יידיש! וואָס פֿאַר אַ פֿאַרקערטע וועלט איז דאָס דאָ?

אין סימעלע דער פּאַסערקעס הויז, בין איך געווען זיכער, וואָלט קיין ברויט אום פּסח אויף דעם טיש ניט געווען.

איך בין שוין דעמאָלט געווען אַן אַפּיקורוס; איך האָב שוין דעמאָלט „געוואוסט״, אַז גאָט האָט די וועלט ניט באַשאַפֿן, אַז אַלץ איז געקומען דורך אַנטוויקלונג — עוואָלוציע; אַז תחית־המתים איז ניט מער ווי דאָס, וואָס די זאַכן בייטן זייערע פֿאָרמען, ווייל קיין זאַך אין דער וועלט קאָן ניט פֿאַרלאָרן גיין — דאָס אַלץ, און נאָך ענלעכע זאַכן האָב איך געלערנט

פון מיין נייעם רבין, שמואל גרויקאָפּ. אָבער וואָס האָט דאָס אַלץ צו טאָן מיט חמץ אום פסח, מיט פּאַפּיראָסן אום שבת? מען קאָן דאָך וויסן די אַלע זאַכן און ניט עסן קיין חמץ אום פסח, און ניט רויכערן אום שבת! מוז מען דאָס דווקא זיין אַ מומר־להכעיס? היינט די חסידישע יונגעלייט־לעך מיט די אַטלעסענע קאַפּאָטעס, מיט די שבתדיקע פּאַפּיראָסן? און די סטודענטן, וואָס ריידן אויף פּראָסט יידיש? ביז אויף היינטיקן טאָג קאָן איך ניט באַשטימען, וואָס עס איז געווען וואָס עס האָט מיך שאָקירט מער, צי דאָס ראָזעווע ברויט אום פּסח, צי דאָס פּראָסטע יידיש, וואָס די סטודענטן אין זייערע מונדירן און מיט די קאָקאַרדעס אין די היטלען האָבן גערעדט. דאָס איז מיר פאָרגעקומען אַזוי לעכערלעך, אַזוי אומגלויבלעך, אַז איך בין געווען מסופק, צי דאָס זיינען טאָקע אמתע סטודענטן. אפשר גייען זיי גאָר פאַרשטעלט ווי סטודענטן, האָב איך געטראַכט.

מיין ערשטער אימפּולס איז געווען אַרויסצולויפן פון דעם הויז, און דאָס מער קיין מאָל אין מיין לעבן ניט אָנקוקן. אָבער איך האָב דאָס ניט געטאָן. איך בין פאַרבליבן. עס איז געווען די יוגנט, וואָס קען זיך אַזוי לייכט געפינען און אַריינפּאַסן אין אַ נייער סיטואַציע, און מיין טיפער דרך־ארץ, וואָס האָט נאָך אָן ביז היינט פאַר שמואל גרויקאָפּן, וואָס האָבן מיך צוריקגעהאַלטן פון דעם שריט. איך בין ניט אַוועק.

ווען מיר, גרויקאָפּ און איך, זיינען אַריינגעקומען אין דער וואוינונג, זיינען אַלע געוואָרן שטיל. צי דאָס איז געווען אויס רעספּעקט צו גרויקאָפּן, צי ווייל זיי האָבן מיך דערוואַרט און האָבן געוואָלט אָנקוקן דעם נייעם פאַר־שוין, — דעם 16־יעריקן בחור, — ווייס איך ניט. אין אַ מינוט אַרום האָט גרויקאָפּ געזאָגט: „איך וועל אייך פאָרשטעלן דעם ערשטן משכיל פון די באַלמעלאָכעס. דאָס איז יאַנקל דער שניצער״.

יאַנקל דער שניצער — צום ערשטן מאָל האָב איך געהערט, אַז איך בין אַ שניצער, און אַז איך בין אַ משכיל.

דאָס איז געווען אַ נייער קלאַפּ פאַר מיר. איך בין געוואָרן רויט. איך האָב געקענט פאַרטראָגן די אידעע, אַז איך בין אַ משכיל. דאָס האָט מיך געשמייכלט. אָבער צו וואָס האָט ער באַדאַרפט דערציילן, אַז איך בין אַ באַלמעלאָכע? איך האָב זיך פאַרשעמט, הויפּטזעכלעך פאַר די סטודענטן. זיי האָבן טאָקע גערעדט פּראָסט יידיש, אָבער דאָך סטודענטן. איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער חידוש די וואַרעמע אויפנאַמע, וואָס איך האָב געקראָגן פון אַלעמען. גראַד דאָס וואָרט „באַלמעלאָכע״ האָט אַ סך פאַרבעסערט מיין מערכה מיט די סטודענטן. איך האָב גענומען קלערן, אַז אין דעם

הויז איז ניט קיין חרפה צו זיין אַ באַלמעלאָכע. עס האָט מיר ניט גענומען לאַנג און איך האָב זיך גאַנץ גוט אַריינגעמאָסטעט אין דער נייער, טשודנער חברה, כאָטש קיין ברויט האָב איך בשום אופן ניט געוואָלט אָנרירן, אפילו ווען מען זאָל מיך צעהאַקן אויף שטיקער.

חמץ אום פסח — דאָס ניט.

געהאָלפן אין מיין ערשטער פאַרלעגנהייט האָט מיר איינער פון די חסידישע יונגעלייט אין אַן אַטלעסענער קאַפּאָטע. דאָס איז געווען אַ שטאַרק־געבויטער מאַן פון אַ יאָר דרייסיק אפשר, מיט אַ שוואַרצער באָרד, שיין אָנגעטאָן, אין אַ שיינער אַטלעסענער קאַפּאָטע, מיט אויסגעפּוצטע שטיוול און די הויזן אַריינגעשטעקט אין די כאָלעוועס. זיין גאַנצער הולך האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרמעגלעכן מענטשן.

ער האָט באַלד באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט. האָט ער מיך גענומען אונטער זיין שוץ און האָט מיר אויפגעקלערט די אַלע וואונדערלעכע זאַכן, וואָס זיינען ביי מיר געווען אַ רעטעניש, וואָס איך אַליין האָב ניט געקענט אויפקלערן.

פון אים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די מייסטע פון די חסידישע יונגע־לייט זיינען אַלע משכילים, אַפּיקורסים, וואָס קריגן אומזיסטע לעקציעס פון פאַרשיידענע וואַרשעווער יידישע סטודענטן, אַז זיי פאַרגייען דאָס צו קאָר־נאָווסקין, אָנשטאָט אין שטיבל אַריין, און זיי וועלן קומען אַהיים פון שול גלייך מיט אַלע יידן. פון אים בין איך געוואָר געוואָרן, אַז נאָך דעם פּאָגראָם האָט די השכלה אָנגענומען אַן אַנדער ריכטונג. אָנשטאָט דעם פריערדיקן געשריי: בילדונג! וועט עס פון איצט אָן זיין: אַרבעט! אַ סך פון די יונגעלייט, וואָס האָבן פריער ממש זיך מוסר־נפש געווען אָנצוקומען אין גימנאַזיע אָדער אוניווערזיטעט, וואַרפן איצט דאָס שטודיום און נעמען זיך צו מלאכות, ווי סטאָלעריי, שלאָסעריי, מעש־אַרבעט, לעדער־אַרבעט, און אַזוי ווייטער.

פון דער צווייטער זייט האָט ער מיר דערקלערט, האָט מען אָנגעהויבן צו גיין אין פאָלק מיט דער השכלה, אַריינצוברענגען בילדונג און אויפקלערונג צווישן יידישע באַלמעלאָכעס. אויף מיר איז דאָס אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין דער ערשטער משכיל פון די באַלמעלאָכעס.

צו זאָגן דעם אמת, האָב איך בעת מעשה גאָר ניט פאַרשטאַנען אָפּצו־שאַצן די אויסצייכענונג און דעם כבוד, וואָס מען האָט אויף מיר אַרויפגע־לייגט גאָר אומגעריכט. ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן צו שטאָלצירן מיט דעם. דאָס איז געווען שוין אין ניו־יאָרק, ווען ב. פייגענ־בוים האָט דאָס מיר דערמאָנט. ערשט דעמאָלט, ווען איך האָב אַליין, אין אַ

באַשיידענעם וועג, אָנגעהויבן טראָגן קולטור און אויפקלערונג צו יידישע אַרבעטער, האָב איך אָנגעהויבן צו באַגרייפן דעם ווערט פון דעם, וואָס שמואל גרויקאָפּ האָט געטאָן פאַר מיר אין יענער צייט און די התחייבות, וואָס ער האָט דעמאָלט אויף מיר אַרויפגעלייגט, אַליין ניט ווויסנדיק וואָס ער האָט געטאָן.

דער מאַן, וואָס האָט מיך אַזוי חבריש גענומען אונטער זיינע פליגל אין קאַרנאָווסקיס הויז, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך בין נאָך געווען מען קען זאָגן, אַ קינד, און ער אַ מענטש פון אפשר איבער דרייסיק יאָר, איז געווען הירש־בער קאַמינסקי.

דער דאָזיקער קאַמינסקי האָט געוואוינט אויף דער אייזן־גאַס, לעבן דער זלאָטע־גאַס, אַ גאַנץ אַנדער קוואַרטאַל פון שטאָט.

ביי קאַמינסקין אין הויז, אייגנטלעך אין דער וואוינונג פון זיין מוטער, איז אָנגעפירט געוואָרן די זעלביקע השכלה־פּראָפּאַגאַנדע, ווי ביי קאַרנאָווסקין אין הויז. דאָרט איז עס ניט געווען אַזוי פריי און אָפן ווי ביי קאַרנאָווסקין. ביי קאַרנאָווסקין אין הויז האָט מען זיך זייער ווייניק צערעמאָניעט מיט רעליגיע. קאַרנאָווסקי איז געווען אַ פרעמדער אין וואַרשע, אַ ליטוואַק, אַ „צלם־קאָפּ״, האָט פאַר קיינעם זיך ניט געשראָקן. ער איז געווען אַן אמתער „אַנאַרכיסט״ אין זאַכן פון רעליגיע, הגם שמואל גרויקאָפּ איז געווען פון אַן אַנדער טעמפּעראַמענט, שטיל, געלאַסן, באַזאַכט און ערנסט ביז גאָר.

ביי קאַמינסקין אין הויז האָט מען זיך געמוזט פירן מער צירלעך־מאַנירלעך מיט דער רעליגיע. רויכערן אום שבת האָט מען דאָרט ניט געקענט. קאַמינסקיס מאַמע איז געווען אין וועג.

די הויפּט־פיגור אין יענעם צירקל איז געווען ב. פייגענבוים. וואָס שמואל גרויקאָפּ איז געווען אין קאַרנאָווסקיס הויז, דאָס איז ב. פייגענבוים געווען אין קאַמינסקיס הויז.

— איר וועט מוזן באַקאַנט ווערן מיט שמחה־בונעמען — האָט מיר הירש־בער געזאָגט. — ער וועט זיך פרייען צו זען אַ באַלמעלאָכע צווישן אונדז, און איר וועט זען וואָס עס הייסט זיין אַ משכיל. אַ שאָד וואָס ער איז איצט ניטאָ אין וואַרשע, ער איז געפאָרן אין דייטשלאַנד שטודירן אויף פריידיקער, אָבער ער וועט דאָס לאַנג ניט אויסהאַלטן, ער וועט לאַנג ניט קענען שטודירן אויף היפּאָקריטסטווע.

— ווער איז שמחה־בונעם ? — האָב איך געפרעגט.

— שמחה־בונעם איז אַ גרויסער למדן, אַ גאון, אַ גוטער העברעער,

אַ גרויסער רעדנער, אַ שרייבער און אַן אמתער מאַרטירער פאַר דעם פרייען געדאַנק. חתונה געמאַכט האָט מען אים, ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג. אַצינד, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, וואָס פאַר אַן אַפּיקורס ער איז, האָט מען אים געצוואונגען צו גטן דאָס ווייב. איינמאָל, ווען ער איז אַריינגעקומען אין דעם בית־המדרש פאַר דעם אייזערנעם טויער עפּעס נאָכ־צוקוקן, האָבן אים חסידים דערקענט און זיי האָבן אים אַזוי צעשלאָגן, אַז ער איז קוים מיט דעם לעבן אַרויס פון זייערע הענט.

איבער אַ שעה צייט האָט מיר הירש־בער געהאַלטן אין דערציילן די שבחים פון שמחה־בונעמען, מיט ליבע און התלהבות, ווי מען קען דאָס נאָר זען ביי חסידים, ווען זיי ריידן פון זייער רבין.

אַזוי איז פאַר מיר פאַרגעשטעלט געוואָרן, צום ערשטן, שמחה־בונעם, ריכטיקער, ב. פייגענבוים, אין זיין אַפּוועזנהייט. עס איז געווען אונטער דעם נאָמען שמחה־בונעם, וואָס אַלע האָבן אים געקענט. זיין פּסעוודאָנים אין דעם „המגיד” און „המליץ” פון יענער צייט איז געווען שב”ת, די ראשי־תיבות פון שמחה בונעם תאנה (פייגענבוים).

היינט געהערט עס צו דער מאָדע גרינגצושעצן די פריידענקער־באַוועגונג און אָפּצולאַכן פון יענער אַרבעט פייגענבוימס. דאָס טוען צום מייסטן גראָד יענע כניאָקעס, וואָס זיינען געוואָרן שטיקלעך מענטשן אַ דאַנק יענער השכלה־באַוועגונג, וואָס איז געווען אין דער ערשטער ליניע אַ באַוועגונג צו באַפרייען דעם מענטשלעכן געדאַנק פון די קייטן, אין וועלכע די רעליגיע, הויפּטזעכלעך די פאַנאַטישע רעליגיע, האָט אים געהאַלטן. עס איז געווען קאַרל מאַרקס, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין ערשטע וויכטיקע פילאָזאָפישע אַר־בעט מיט דעם געדאַנק, אַז „די קריטיק פון דער רעליגיע איז דער ערשטער באַדינג פון יעדער קריטיק”. און מאַרקס איז ניט געווען דער ערשטער און ניט דער איינציקער, וואָס האָט דאָס געזאָגט. ער האָט עס נאָר געזאָגט שאַרפער פון די אַנדערע. די גאַנצע קולטור, וואָס די מענטשהייט האָט אָנגעזאַמלט, אָנהייבנדיק פון אונדזערע אייגענע נביאים, איז געקומען אין דעם קאַמף קעגן דער אָנגענומענער רעליגיע. היינט ווערט דאָס אַלץ פאַר־לאַכט. און עס איז ניט מער ווי נאַטירלעך. אין אַ צייט ווי די היינטיקע, ווען אַלץ באַוועגט זיך הינטערוויילעכטס; ווען רעאַקציע באַהערשט אַלע געמיטער; ווען סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געוואָרן דעמאָקראַטיע פון היג־דענבורגס חסד; ווען די אַרבעטער־באַוועגונג איז, טיילווייז, אַ קוואַל פון פרנסה פאַר גנבים און רוצחים, וואָס מיר רופן מיט דעם שם הכולל „געגנגסטערס” — היינטיקע צייטן איז דאָס אַלץ נאַטירלעך. ווי אַזוי קען אין אַזאַ אַטמאָספערע זיין פּלאַץ פאַר אַ פאַרשטענדעניש פון יענע פריידענ־

קערישע אידעאַלן ? און ביי אונדז, ווייל מיר זיינען אין אַלגעמיין ווייניקער קולטורעל, זיינען די אַלע זאַכן בולטער און רויער. אונדזערע פריידענקער פון אַמאָל האָבן זיך גוט איינגעלעבט אונטער דעם שלאָגוואָרט : „אַפּיקור־סות איז אַ פּריוואַט־זאַך", דאָס הייסט אין דעם היים, פּריוואַט, איז אַפּי־קורסות אַ גאַנץ באַקוועמע זאַך, אַ זאַך, וואָס אָן דעם וואָלט דאָס לעבן ניט געווען כדאי צו לעבן. צו הויז מעג מען טאָן אַלדאָס בייז אין גוט־יידישקייט, ווי דאָס ווערטל גייט. אויפן גאַס אָבער טאָר מען די אַפּיקורסות ניט אַרויסטראָגן. אויפן גאַס מוז מען זיך האַלטן אין דער מדרגה, מען דאַרף ניט פּורץ גדר זיין, מען דאַרף, פאַרקערט, פּריידיקן, אַז אַנדערע זאָלן טאָן, וואָס אַליין טוט מען ניט. דער „קיום־האומה" פאַדערט דאָס — „גאָט און פאָטערלאַנד" אויף אונדזער אייגענעם נוסח. אגב באַצאָלט זיך דאָס טאַקע בעסער. „יאָשע — דאָס קאַלב" איז געוואָרן אַן עגל־הזהב — אַ גאָלדן־קאַלב ניט פאַר דער אַזוי גערופענער קונסט, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע טעטיקייטן, אויף אַלע אַנדערע געביטן פון לעבן. דאָס איז די סיבה, פאַר וואָס דער אַלטער שימל שפּאַרט זיך ווידער פון אַלע שפּאַלטן און שפּאַרעס און פאַרפעסטעט דאָס גאַנצע לעבן, פּונקט ווי אַמאָל אויף דער וואָלינסקע־גאַס *).

פאַר דעם היינטיקן דור, איבערהויפּט אין אַמעריקע, איז גאָר אומ־מעגלעך אָפּצושאַצן די מסירת־נפש פון אַ פייגענבוים און פון אַלע חלוצים פון קולטור און בילדונג פון די יידישע מאַסן און די יידישע אַרבעטער, און די אומוויסנקייט פון היינט איז גאָר ניט ווייניקער, אפשר נאָך מער, הגם די מייסטע קאָנען שוין היינט לייענען אַ צייטונג, און אפשר גראָד צוליב דעם, וואָס זיי קאָנען לייענען אַ צייטונג. אַ סך פון די היינטיקע צייטונגען זיינען מייסטנס פאַרשפּרייטער פון אומוויסנקייט, ניט טרעגער פון קולטור, ווי עס זיינען געווען די צייטונגען אַמאָל.

גלויבט מיר, אַז מיר דאַרפן נייטיק אַ נייעם פייגענבוים, מיט דעם ענטוזיאַזם און דער ערלעכקייט פון דעם אַלטן פייגענבוים, וואָס זאָל קומען מיט אַ שטאַרקן „בעזים און אַ קער", און זאָל אויסראַמען דעם גאַנצן שימל און דעם שפּינוועבס פון די ווינקלען און פון די שטאַלן . . .

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל וויל איך צוגעבן נאָך עטלעכע כאַראַקטעריס־טישע שטריכן פון ב. פייגענבוימען. איז ער דאָך אַריינגעקומען אין דעם

*) איך האָב דאָס אַלץ געזאָגט אין דער „פרייע אַרבעטער-שטימע" פון דעם 9טן דעצעמבער, 1932. איך לאָז דעם פּאַראַגראַף אומגעפּער איבער ווי געווען, הגם איך וואָלט עס היינט געקענט מאַכן פיל שטאַרקער.

סאָמע אָנפאַנג פון מיין אינטעלעקטועלן לעבן און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון מיין לעבן.

אָבער דאָ וויל איך ניט ריידן פון ב. פייגענבוימען, ווי ער איז באַקאַנט אין דער יידיש־סאָציאַליסטישער וועלט, אָדער אין דער יידיש־זשורנאַליסטישער וועלט. וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען צו ריידן, ווען איך וועל צוקומען צו זיינעם, ווי מיינעם, אַמעריקאַנער פּעריאָד אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דאָ וויל איך ריידן פון פייגענבוימען, ווען ער איז נאָך געווען שמחה־בונעם (אַ נאָמען נאָך דעם פּשיסכער רבין), דעם שמחה־בונעם פון די יאָרן 1882—1884, ווען ניט ער און ניט איך האָב געוואוסט, וואָס עס איז פון סאָציאַליזם; ווען אונדזערע ביידנס העכסטער אידעאַל איז געווען די השכלה.

ער איז דעמאָלט געווען עלטער און רייפער ווי איך. מיר איז דעמאָלט געגאַנגען אויף דעם 17טן יאָר, און ער איז שוין געווען אַריבער דעם 23טן יאָר — אַט די יאָרן, ווען אַן אונטערשייד פון זיבן יאָר אין עלטער איז דער אונטערשייד פון אַ ייִנגל ביז אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

מיט גרויס אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען שמחה־בונעם וועט קומען פון דייטשלאַנד. איך בין ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געוואַרט. ער איז געווען די נשמה פון צענדליקער יונגע בחורים, בית־המדרשניקעס, וואָס האָבן געוואַרט אויף אים, וואָס האָבן געגאַרט נאָך זיין וואָרט, וואָס אָן אים האָבן זיי זיך געפילט ווי פאַרלאָרן.

מיר איז ניט אויסגעקומען צו וואַרטן צו לאַנג. הירש־בער איז געווען געדעכט. שמחה־בונעם האָט די צבועצטווע לאַנג ניט געקענט אַריבערטראָגן. אין עטלעכע חדשים אַרום האָב איך געהערט ביי קאַרנאָווסקין אין הויז, אַז שמחה־בונעם איז געקומען אַהיים. בין איך שבת נאָך מיטאָג אַוועק צו הירש־בער קאָמינסקיס הויז, אויף זשעליאַזנע לעבן זלאָטע, זיך צו באַקענען מיט אים.

דאָרט האָב איך ערשט דערזען, ווי ווייט פאַרשפּרייט עס איז געווען די השכלה־באַוועגונג צווישן די וואַרשעווער בית־המדרש־בחורים.

עס איז געווען אַן אמת־פּראָגרעסיווע יוגנט־באַוועגונג פון קלויזניקעס, וואָס האָבן געשטרעבט צו בילדונג און אויפקלערונג, און זיי זיינען אַלע געווען גרייט צו ליידן, — און אַ סך האָבן געליטן, — פאַר זייערע איבערצייגונגען.

עס איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, פאַר וואָס די חסידים האָבן אַזוי שטאַרק פאַרפאָלגט פייגענבוימען מיט אַזוי פיל אַכזריות. עס האָט ניט געקענט זיין

קיין שום ספק, אַז שמחה־בונעם איז געווען די נשמה פון דער גאַנצער באַ־וועגונג.

און די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט און פאַרטיפט, וואָס ווייטער און ווייטער אין דער אָרטאָדאָקסיש־חסידישער געזעלשאַפט. עס האָט פאַרכאַפּט די גבירישע ווי די אָרעמע יונגעלייט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אַז עס האָט דערגרייכט די משפחה פון ר׳ זאַנוועלע קלעפּפיש, דעם וואַרשעווער במקום־רב.

אין די הונדערטער זיינען זיי געווען, אין די צענדליקער זיינען זיי גע־קומען יעדן שבת און יום־טוב, די זיידענע יונגעלייטלעך אין די לאַנגע טוכענע קאַפּאָטעס און די טוכענע היטלעך מיט די ברייטע דענקעס, אין די באַשע־קעס (די קליינע היטעלעך, וואָס די פּוילישע יידן טראָגן היינט, זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען אין דער מאָדע. דאָס האָבן גראָד די ליטוואַקעס שפּעטער אַריינגעבראַכט די „נייע מאָדע״ פון די קליינע היטעלעך).

שבת און יום־טוב האָט הירש־בערס הויז געזשומעט — אַריין און אַרויס, אַריין און אַרויס. און אַלע האָבן זיך געלערנט, געשטודירט און געזוכט בילדונג. קיין הפקרות, קיין צעלאָזנקייט, קיין סימן פון „אויסגעלאַסנקייט״, ווי די חסידים האָבן דעמאָלט באַשולדיקט קאַמינסקיס הויז. אדרבה, עס איז געווען אַ הויז פאַר און פון קולטור. קריטיק פון רעליגיע און פאַנאַטישן אַבערגלויבן — דאָס יאָ! אין אַ פולער מאָס, אָבער קיין שום אַנדער זאַך, וואָס אַ קולטורעלער און מאָראַלישער מענטש האָט ניט געקאָנט מיטמאַכן. און דאָס אַלץ איז געווען אונטער דעם דירעקטן איינפלוס פון שמחה־בונעם פייגענבוים.

הירש־בער האָט צושטייער געגעבן דאָס הויז און דעם כיבוד. זיין יינגערער ברודער, יאַנקל קאַמינסקי, אַ געזונטער יונג, מיט אַ געזונטן הומאָר, און זייער יינגערע שוועסטער, שרה־מאַטל קאַמינסקי, וואָס איז שפּעטער געוואָרן פייגענבוימס צווייטע פרוי, האָבן זיך געפּאָרעט אַרום די געסט. שמחה־בונעם אָבער איז געווען די נשמה, דער גייסטיקער פירער פון דער באַוועגונג.

דעם איינציקן האַלב־צינישן וויץ, וואָס איך האָב דעמאָלט געהערט, איז געווען, אַז די ראשי־תיבות (איניציאַלן) פון שרה־מאַטל קאַמינסקי זיינען די זעלביקע ווי פון שבת מלכתא קדישא.

פון מיר האָט שמחה־בונעם שוין געהאַט געהערט נאָך איידער איך בין געקומען אים זען. דאָס איז אַוודאי געווען די אַרבעט פון הירש־בערן. און פייגענבוים האָט מיך אויפגענומען בכבוד־גדול, ער האָט זיך באמת גע־

פרייט מיט מיר. אין דעם האָט ער געזען ווי טיף די השכלה דרינגט אַריין אין דעם פאָלק.

דאָס איז געווען זיין טעות, וואָרעם די אמתע השכלה איז נאָך ביז היינט ניט אַריינגעדרונגען אין פאָלק. אַפילו דאָס ביסל, וואָס איז אַריינגעדרונגען, דרינגט מען איצט אַרויס מיט גוואַלד. דאָס איז אויך געווען אַ טעות פון זיין אייגענעם בליק פון יענער צייט, וואָרעם איך בין דאָך אין אמתן אויך געווען אַ בית־המדרשניק, וואָס איז דורך אַן אומגליקלעכן צופאַל פון זיין אָרעמן פאָטערס פריצייטיקן טויט אַריינגעפאַלן צווישן די בעלי־מלאכות. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, פאַר מיר פערזענלעך איז דאָס געווען אַ גרויסע דערגרייכונג.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן דעם אונטערשייד אין אונדזערע יאָרן און די פאַרשיידענע שטעלונגען אין דער געזעלשאַפט, וואָס יעדער פון אונדז האָט אָנגענומען. איך — אַן אומוויסנדיקער, אומבאַקאַנטער יינגל, אַ לערן־יינגל ביי שמאי שניצער, און ער — אַ פירער פון דער באַוועגונג, אַ העב־רעער, אַ שרייבער אין דעם „המגיד" און אין „המליץ", אַ מענטש, וואָס אַלע הערן זיך צו צו זיין וואָרט.

פון יענעם שבת אָן האָב איך זיך אָפט באַגעגנט מיט פייגענבוימען. ער איז געווען מער צוגעלאָזן ווי שמואל גרויקאָפּ, און גרויקאָפּ, אַ חוץ דעם, איז געווען אַ קראַנקער מענטש, און ער האָט לאַנג ניט געלעבט. ער איז גע־שטאָרבן אַרום יענער צייט, נאָך גאָר אַ יונגער מענטש.

עס איז געווען פייגענבוים, וואָס האָט מיך דעמאָלט ווייטער געפירט אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אונטער זיין איינפלוס האָב איך דעמאָלט געמאַכט מיין ערשטן, און מיין לעצטן, פאַרזוך צו שרייבן העברעאיש. איך האָב דעמאָלט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אונטער דעם נאָמען „היאוש והתקוה".

וואָס פון דעם אַרטיקל איז געוואָרן, געדענק איך ניט מער. איך געדענק אויך ניט דעם גאַנצן אינהאַלט. איך שטעל זיך פאָר, עס איז געווען אַ קינדערשע זאַך. איך געדענק אָבער דעם ערשטן פאַראַגראַף פון יענעם אַרטיקל, אויף וויפל איך קאָן דאָס געדענקען. דער אָנהייב האָט זיך גע־לייענט ווי פאָלגט:

„היאוש והתקוה. — בין המון המחלות והפגעים הרעים אשר יקרו ויאתיו לרגלי בני האדם לדכאהו מן האדמה ולשחת לעפר חייתו, הכי נכבדה מחלת־היאוש ? ואם לא נשלה בשקר נפשנו, אז נודה כי עולה היא על כולן".

וואָס אויף היינטיקן מער אָדער ווייניקער אָנשטענדיקן יידיש וועט זיך דאָס לייענען אומגעפער אַזוי :

„צווישן דער גרויסער מאַסע קראַנקהייטן און געפערלעכע שלעק, וואָס טרעפן דעם מענטשן און קומען אים אַנטקעגן אויף זיין לעבנזוועג, כדי אים צו פאַרשטויסן פון דער ערד און אַראָפּצודריקן זיין לעבן ביז אין דר׳ערד אַריין, פאַרנעמט דען די פאַרצווייפלונג־חולאת אומזיסט אַזאַ בכבודיקן אָרט ? און אויב מיר זאָלן זיך אַליין ניט פאַרפירן מיט אַפּנאַרעריי, וועלן מיר מוזן מודה זיין, אַז זי (די פאַרצווייפלונג־חולאת) שטייגט זיי אַלע אַריבער.

דאָס איז געווען אין דעם סטיל פון דער באָמבאַסטישער פובליציסטיק פון יענער צייט, ווען דער „לשון״ איז געווען די הויפּטזאַך, און ניט די גע־דאַנקען.

איך זוך דאָ ניט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז איך בין היינט, אָדער אַז איך בין געווען דעמאָלט, אַ גרויסער העברעער. לחלוטין ניט. איך בין דאָס ניט. און איך בין דאָס דעמאָלט ניט געווען. דעמאָלט בין איך געווען מער געלויפיק אין דער שפּראַך ווי היינט. אין דעם יאָר 1891 האָב איך איבערזעצט פאַר דער היגער „אַרבעטער־צייטונג״ פּרץ סמאָלענסקינס „קבורת־חמור״ און עטלעכע קלענערע זאַכן פון יהודה־לייב גאָרדאָן. נאָך דעם האָב איך פאַרפאַקט דאָס העברעאישע אויף לאַנגע יאָרן, מחמת איך האָב געהאַט אַ סך נויטיקערע זאַכן צו טאָן. ווען איך האָב זיך געכאַפּט מיט קנאַפּע פערציק יאָר שפּעטער, אַז איך האָב פאַרנאַכלעסיקט פאַר מיר אַ וויכטיקן ענין, האָב איך אַנטדעקט, אַז אין דער צייט, ווען מיר, די „יידי־שיסטן״, האָבן פון „זשאַרגאָן״ געמאַכט אַ שפּראַך, האָבן זיי, די העברעער, געמאַכט פון אַ שפּראַך אַ זשאַרגאָן. און פאַר דעם זשאַרגאָן מוז איך שוין האָבן אַ ווערטערבוך.

איך זאָג דאָס ניט לגנאי. מיט דער שפּראַך פון דעם תנ״ך אַליין, קאָן מען ניט אָנפירן דאָס מאָדערנע לעבן. אָבער איך קאָן בשום אופן ניט איינ־זען, פאַר וואָס מען האָט ניט געקאָנט אָנגיין מיט אונדזער יידיש און לאָזן די שפּראַך פון תנ״ך פאַר סטודענטן און געלערנטע, ווי עס טוען די איטאַ־ליענער מיט דער לאַטיינישער שפּראַך, אָדער ווי מיר אַליין האָבן געטאָן מיט העברעאיש אַלע די הונדערטער יאָרן.

נאָר לאָמיר ניט פאַרקריכן אין דעם אלף השישי.

אין דעם יאָר 1884 איז די לופט געוואָרן צו הייס פאַר פייגענבוימען. עס האָט געשמעקט מיט סכנת־נפשות, ניט נאָר פאַר אים, נאָר אויך פאַר אַלע די, וואָס פלעגן באַזוכן דאָס הויז.

ווי אין די אַלטע צייטן סאָקראַטעס, איז פייגענבוים באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער פאַרדאַרבט די יוגנט און פאַרלייקנט גאָט. מען האָט געלויערט אויף

זיין לעבן. די חסידים וואָלטן אים זיכער געוועז דערהרגעט, ווען ער ראַ־טעוועט זיך ניט אַרויס בסוד־סודות.

בסוד האָט ער דעמאָלט חתונה געהאַט מיט הירש־בערס שוועסטער, שרה־מאַטל, און זיי זיינען צוזאַמען אַנטלאָפן קיין אַנטווערפּן. איך האָב געזאָלט מיט זיי מיטפאָרן, האָב איך אָבער בשום אופן ניט געקענט צוזאַ־מענברענגען די נייטיקע הוצאות. איז מיט זיי מיטגעפאָרן אַ חסידיש־נגידיש בחורל, יואל האַנטווערקער. אָבער יואל איז געווען געמאַכט פון ווייכער טייג, האָט ער לאַנג ניט געקענט אויסהאַלטן צו זיין אַוועק פון דער היים, איז ער צוריקגעקומען. דער דאָזיקער יואל האַנטווערקער איז יאָרן לאַנג געווען די צווייטע האַנט פון י. ל. פּרץ אין דער וואַרשעווער גמינע, און האָט נאָך פּרצעס טויט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ.

נאָך זיין אַוועקפאָרן קיין בעלגיע, האָבן מיר אָנגעהאַלטן אַ קאָרעס־פּאָנדענץ אין העברעאיש.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין אַמעריקע בין איך דערווייטערט געוואָרן פון פייגענבוימען, און איך האָב דאָס אָפט באַדויערט. פאַר דער דאָזיקער דערווייטערונג זיינען געווען פאַרשיידענע סיבות, פון וועלכע איך וועל ריידן ווען די צייט וועט קומען. איין סיבה איז פונדעסטוועגן כדאי צו דערציילן שוין איצט.

די דאָזיקע סיבה איז געווען, וואָס פייגענבוים איז געווען אַ ווייכער מענטש. פון אַלע מאָל איז ער געווען אַ מענטש פון שלום און פשרה־מאַכעריי. צו זיין אַ רודף־שלום איז זייער אַ גרויסע און גוטע מידה, אָבער נאָר דעמאָלט ווען דאָס פירט טאַקע צו שלום. אָבער ווען פשרה־מאַכעריי פירט צו דעם, וואָס דער שולדיקער צד ווערט שטאַרקער און מער אַגרעסיוו, איז דאָס זוכן צו מאַכן שלום אָפט אַ פאַרברעכן, און אויפן בעסטן פאַל אַ נאַרישקייט און טאַקטלאָזיקייט. איבערהויפּט ווען אַזאַ איינער פאַלט אַרונטער דעם איינפלוס פון אַ האַרטן מענטשן, וואָס האָט ניט קיין שום איינזען און וואָס איז פאַראינטערעסירט נאָר אין זיין אייגענעם דערפאָלג, מעג עס קאָסטן וואָס עס וויל. דאָס לעצטע איז געווען דער פאַל מיט פייגענבוימען. פון דעם האָט געליטן ניט נאָר ער אַליין אין זיין פּערזענ־לעכן לעבן. פון דעם האָט געליטן זיין אייגענע שיינע רעפּוטאַציע, אַפילו די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע ער האָט געטריי געדינט זיין גאַנץ לעבן, האָט געליטן פון זיין גרויסער מעלה, וואָס איז געוואָרן אַ גרויסער חסרון אונטער די הענט פון זיין שעף־רעדאַקטאָר, אב. קאַהאַן.

אָבער פון דעם אַלעם וועל איך ריידן, ווען די ריכטיקע צייט וועט קומען. איך וויל נאָר צוגעבן: מיר שיינט היינט, אַז דעמאָלט, אין וואַר־

שע, איז פייגענבוים געווען אַ מער אַנטשלאָסענער מענטש, ווי אין די שפּע־טערדיקע יאָרן. די דאָזיקע מיינונג, קען זיין, קומט פון דעם, וואָס איך האָב צו יענער צייט, אַלס יונגער ייִנגל, אַנדערש געאָרטיילט מענטשן איידער היינט. עס קען אָבער אויך זיין, אַז דעמאָלט האָב איך אים ניט געזען אין אַזעלכע סיטואַציעס, ווי איך האָב געזען דאָ אין אונדזערע קאַמפן, וואו אַ חוץ פּרינציפּן, איז אויך געווען אַריינגעמישט די פראַגע פון פּרנסה פאַר ווייב און קינד, וואָס דאָס איז אַ זייער קאָמפּליצירטער ענין, און גאָר ניט אַזוי לייכט אָפּצושאַצן. איך מיין ניט, חלילה, אַז פייגענבוים איז ניט געווען אַבסאָלוט ערלעך. איך קען ניט קיינעם, וואָס איז געווען ערלעכער פון אים זיין גאַנץ לעבן לאַנג, און איך האָב אים געקענט פּופציק יאָר לאַנג און האָב געזען זיין האַנדלען. איך מיין אָבער צו זאָגן, אַז ווען אַ ווייכער מענטש און פּשרה־מאַכער פאַלט אַרונטער אונטער דעם איינפלוס פון אַ שטאַלענעם מענטשן, און דערצו איז נאָך אַריינגעמישט די פראַגע פון פּרנסה, וועלכע דער שטאַלענער מענטש האַלט אין זיין האַנט, וועט דער ווייכער מענטש געפינען וועגן צו מאַכן פּשרות, וועלכע ער וואָלט אַנדערש ניט געווען געמאַכט.

אָבער איך בין ווידער פאַרלאָפן צו ווייט אין פאָראויס.
מיר וועלן זיך מוזן אומקערן אַ ביסל צוריקוועגס.

עס האָט ניט געדויערט לאַנג און איך בין אַליין געוואָרן אַ „מיסיאָנער" פון דער השכלה. אָט די זעלביקע השכלה, וואָס איז מיר אָנגעקומען אַזוי שווער אָנצונעמען. מיין ערשטער „קרבן" איז געווען אַברהם־פּינחס (פּ. ניקלסבערג). דאָס איז דער זעלביקער אַברהם־פּינחס, וואָס האָט געמאַכט אויף מיר, מיט עטלעכע יאָר פריער, די אַטאַקע מיט דעם „געפונענעם" גאַרטל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז רייזעלעס אַ פּלימעניק, און ער האָט זיך געלערנט אויף אַ היטלמאַכער ביי איר מאַן, בנימין־יחזקאל גוטשעכטער. האָבן מיר באַנייט אונדזער אַלטע באַקאַנטשאַפט, און מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינד, ביז אויף דעם היינטיקן טאָג. אַברהם־פּינחס האָט געקענט שיין זינגען, און איך האָב שטאַרק ליב געהאַט צו הערן, ווען ער האָט געזונגען גאָלדפאַדענס לידער. איבערהויפּט דאָס ליד:

שבת, יום־טוב און ראש־חודש
דאַוון איך איינער אַליין פאַר זיך אַאַז"וו.

אַברהם־פּינחס איז מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר. ער איז שוין דעמאָלט געווען אָנגעשטאָפּט מיט שמ"רס ראָמאַנען, און ער האָט געהאַט אַמביציעס אַליין צו שרייבן אַ ראָמאַן. פון דער נייער תורה, וואָס איך האָב

געלערנט פון שמואל גרויקאָפּ, האָט ער ניט געוואוסט. האָב איך אים באַלד גענומען אין דער אַרבעט אַריין, און שפּעטער האָב איך אים געפירט צו קאַרנאָוסקין און צו פייגענבוימען — פּונקט ווי מען האָט געטאָן צו מיר.

אַברהם־פּינחס איז געווען דער ערשטער „קרבן" פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט דער השכלה. מיין באַלעבאָס איז געווען דער צווייטער „קרבן". אפשר איז ער גאָר געווען דער ערשטער „קרבן", ווארעם ער האָט געליטן אַ גרויסן היזק.

איך בין אַנטלאָפן פון דער לער!

פיר יאָר פון מיין לערנצייט האָט זיך געהאַט געענדיקט. איך בין דערווייל געוואָרן ניט קיין שלעכטער שניצער. ר' שמאי האָט שוין געהאַט אָפּגעשאַפט דעם געזעלן. איך האָב שוין געטאָן די אַרבעט פּונקט אַזוי גוט. האָט גראָד דעמאָלט זיך אַריינגעמישט דער שטן, און האָט גענומען מיר איינרוימען זינדיקע מחשבות: פיר יאָר אַרבעטן אומזיסט איז גענוג, האָט דער שטן געזאָגט, מער ווי גענוג.

אמת, איך וועל פאַרלירן די 15 רובל, וואָס ר' שמאי האָט מיר באַדאַרפט געבן צום סוף פון די פינף יאָר, אָבער דער שטן האָט מיך אויסגעלערנט חשבונען אַ ביסל אַנדערש. איך האָב אָנגעהויבן צו באַרעכענען די אַלע עוולות, וואָס זיינען קעגן מיר באַגאַנגען געוואָרן, די אַלע פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס איך האָב פאַרריכט אין די יאָרן פון מיין לערנצייט, די אַלע באַליידיקונגען, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטיין און געדולדיק אַריבער־צוטראָגן פון מיין באַלעבאָס טעכטער, איידעמס און אייניקלעך, פון זיין זון איסר, און טאַקע אויך פון אים אַליין, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ר' שמאי איז אייגנטלעך געווען אַ וואוילער ייד; איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן פון 16 שעה אַ טאָג אַרבעט, זומער אין די גרעסטע היצן, ווען אַנדערע ייִנגלעך ווי איך, זיינען זיך געגאַנגען באָדן, און דאָס אַלץ פאַר דעם בידנעם שטיקל עסן, וואָס אויף דעם בעסטן אופן, איז דאָס באַשטאַנען פון „באָבעלעך מיט קליסקעלעך". זייער אָפט פון טרוקן ברויט, געטונקען אין זאַלץ — און טייל מאָל אפילו דאָס אויך ניט. ווען איך האָב דאָס אַלץ געטראַכט, בין איך געוואָרן בייז ווי אַ גזלן. ניט וויסנדיק פון קיין שום סאָציאַליסטישע טעאָריעס, פון קיין קלאַסנקאַמף, פון קיין שום יוניאָן־באַוועגונג, האָט די נשמה אין מיר גענומען רעוואָלטירן. אַוודאי האָט ר' שמאי מיך געלערנט אַ מלאכה, אָבער וויפל קום איך אים פאַר דעם? האָב איך דען די גאַנצע צייט ניט פאַרדינט דאָס אָרעמע שטיקל ברויט? האָב איך ניט געטאָן אַלע עבודת־פרך פאַר דעם?

איך ווייס ניט, צי איך האָב דאָס דעמאָלט אַזוי גענוי אויסגערעכנט

ווי איך באַשרייב עס אָט דאָ היינט צו טאָג. זיכער ניט. אָבער דאָס, אומגעפער, זיינען געווען מיינע סענטימענטן און מיינע געדאַנקען. איך קען גאַנץ דרייסט זאָגן, אַז עס איז געווען דעמאָלט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן מיין סאָציאַליסטיש אויפוואַכן. קיינער האָט מיר ניט געזאָגט פון קיין סאָציאַליסטישע טעאָריעס, און אַליין, פון מיין אייגענעם קאָפּ, האָב איך דאָס ניט געקענט אויסקלערן, אָבער איך האָב לאַנג געטראַכט וועגן די עוולות, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטיין, און יעדעס מאָל, ווען איך האָב געטראַכט וועגן דעם, בין איך געקומען אין גרימצאָרן. דערפאַר זאָג איך: מיין סאָציאַליסטיש אויפוואַכן, ניט מיין באַוואוסטזיין. דאָס באַוואוסטזיין איז געקומען ערשט דעמאָלט, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז איך בין ניט דער איינציקער, וואָס ליידט דאָס אַזוי, און געהאָלפן ווערן קען מען נאָר, ווען אַלע וועלן ווערן געהאָלפן. דעמאָלט האָב איך געטראַכט נאָר וועגן זיך אַליין, און פיר יאָר אַרבעטן פאַרן בידנעם שטיקל ברויט, האָב איך געטראַכט, איז די והותר אויף אַלע אופנים.

אַ חוץ דעם האָב איך טאַקע זייער באַדאַרפט די פּאָר גילדן.

ווי אַ בלינדער אַן אויג האָב איך דאָס באַדאַרפט.

די מאַמע מיינע האָט מיך קיינמאָל ניט געלאָזט גיין צו שאַנד. זי האָט אַלע מאָל אויפגעפּאַסט איך זאָל האָבן אַ גאַנצן בגד און גאַנצע שיך — איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, און איך בין נאָך אַלץ געווען איר שטאָלץ — אָבער דאָס איז איר אַנגעקומען ווי קריעת־ים־סוף, און איך האָב זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. ווי לאַנג דאַרף דאָס אַזאַ בחור ליגן אויף דער אָרעמער אַלמנהס קאַרק? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט. עס איז שוין צייט אַראָפּצוקריכן פון דער מאַמעס אויסגעהאָרעוועטע פּלייצעס, האָב איך געטראַכט, און זיך קויפן שיך פאַר אייגן געלט — אייגן פאַרדינט געלט.

האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט צו אַנטלויפן.

דאָס איז געווען מיין אייגענער באַשלוס. איך האָב קיין שום מיטשולדיקע אין דעם „פאַרברעכן" ניט געהאַט. אַליין האָב איך דאָס דורכגעפירט און אַליין האָב איך דאָס געפּלאַנעוועט. איך האָב ניט געהאַט קיינעם, ביי וועמען צו פרעגן. דער מאַמען האָב איך דאָס ניט געקענט דערציילן. זי וואָלט געזאָגט: מיין קינד, דאָס איז אַ זינד פאַר גאָט, און עס וועט זיין אַ חרפּה פאַר לייט. מיר האָבן דאָך געמאַכט אַ קאָנטראַקט, און מען קען דיך נאָך אַרעסטירן. אַ שיין פּנים וועלן מיר האָבן, אַז עס וועט קומען אַ פּאָליציאַנט און דיך אָפּפירן אין צירקל אַריין.

אַזוי, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, וועט די מאַמע צו מיר ריידן.

האָב איך דאָס אין גאַנצן גענומען אויף מיין אייגענער אחריות. דאָך האָב איך ניט געהאַט דעם קוראַזש דאָס דורכצופירן אין גאַנצן איינער אַליין, האָב איך איבערגערעדט דעם ענין מיט גרויקאָפּן.

ביים דאָזיקן אַפּיקורס האָב איך געפונען פולע צושטימונג און מאָראַלישע אונטערשטיצונג. איך האָב שוין דאָס פון לאַנג באַדאַרפט טאָן, האָט גרויקאָפּ מיר געזאָגט.

האָבנדיק די הסכמה פון אַזא אויטאָריטעט, ווי גרויקאָפּ איז געווען ביי מיר, האָב איך ביי זיך אָפּגעמאַכט צו אַנטלויפן אַזוי שנעל ווי מעגלעך. אַוודאי איז מעגלעך מען זאָל מיך אַרעסטירן און צוריקשיקן אויף דער לער — טאָ איז וואָס ? וועל איך ווידער אַנטלויפן. קיין סיביר וועט מען דאָך מיך ניט פאַרשיקן.

אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס ? ווי אַזוי וועל איך אַרויסטראָגן מיינע זאַכן דער סטרוזש זאָל ניט זען, אַז דער טויער איז פאַרשלאָסן אַ גאַנצע נאַכט ? און ווען מען שליסט דאָס אויף איז שוין גרויסער טאָג און אַלע וועלן מיך קענען זען מיט דעם שעניק אויף די פּלייצעס.

האָב איך דאָס געטאָן אויף אַזאַ אופן :

ר׳ שמאי האָט געוואוינט אויף וואָלינסקע נומער 16. מיין מאַמע האָט געוואוינט אין דעם שכנותדיקן הויז, נומער 14. די גאַנצע ריי הילצערנע הייזער אויף דער גאַס זיינען געשטאַנען אָנגעשפּאַרט איינס צו ס׳אַנדערע — וואַנט צו וואַנט — נאָר אין די הויפן זיינען זיי געווען אפּגעצאַמט מיט אַ ווענטל. אַזאַ ווענטל, אומגעפער איין שטאָק הויך, האָט אָפּגעטיילט די צוויי הייזער, פערצן און זעכצן וואָלינסקע־גאַס.

נח דער פורמאַן, וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט געוואוינט אין נומער 16. האָט ער יעדע נאַכט, ווען ער איז אַהיימגעקומען, אָוועקגע־שטעלט זיין דראָנגעוואַטן וואָגן פּאַזע אָט דער וואַנט. און האָט מיר געהאָלפן אויסאַרבעטן מיין פּלאַן.

דעם פרימאָרגן, וואָס איך האָב געזאָלט דורכפירן מיין פּלאַן, בין איך אויפגעשטאַנען אַ ביסל פריער ווי געוויינלעך, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפן. דאָס ערשטע האָב איך גענומען די תפילין און אַריינגעלייגט אין קעשענע. איך אַליין האָב דעמאָלט זיך שוין געקענט באַגיין אָן די תפילין, צו זאָגן דעם אמת. איך האָב דאָך אָבער אין דער היים ניט געקענט זיין אָן די תפילין, האָב איך זיי דאָס ערשטע אַריינגעלייגט אין מיינע צוויי קעשע־נעס, נאָך דעם האָב איך שטילערהייט גענומען מיין שעניק, מיט דער קישן, מיט דער צודעק און זיי אַרויסגעטראָגן איינציקווייז אויפן הויף און אַרויפגעלייגט אויף נחס וואָגן. דאָס פאַרטיק, בין איך אַרויפגעשפּרונגען

אויף דעם וואָגן און האָב אַלע מײַנע חפצים, אײנס בײַ אײנס, אַריבערגע־וואָרפן אַריבער דעם פּאַרקאַן אין דער מאַמעס הויף אַרײַן. באַלד נאָך דעם האָב איך זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דעם פּאַרקאַן און אַריבערגעשפּרונגען גלײַך אויף מײַן שעניק אַרויף.

אָבער איך האָב מורא געהאַט אַרײַנצוגײן אין הויז. האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן ביז די מאַמע איז אַוועק אין איר געשעפט, וואָס דאָס איז גע־ווײנלעך געשען פרי. אַזוי שנעל ווי די מאַמע איז אַוועק בין איך אַרײַן אין הויז.

מײַן עלטערע שוועסטער איז שוין דעמאָלט געווען אויסגעגעבן און האָט געוואוינט באַזונדער.

ווען מײַן ייִנגערע שוועסטער האָט מיך דערזען אַזוי פרי מיט מײַן „בעטגעוואַנט”, האָט זי מיך געפרעגט: וואָס עפּעס אַזוי פרי, יאַנקל, דו ציסט זיך אַרויס פון דײַן באַלעבאָס?

ווען איך האָב איר דערציילט, ווי אַזוי איך האָב זיך „אַרויסגעצויגן”, איז זי געוואָרן נערוועז און האָט געזאָגט: יאַנקל, גײ און באַהאַלט דיך, מען וועט קומען נאָך דיר.

— זאָל קומען ווער עס וויל, — האָב איך געזאָגט אַנטשלאָסן. איך וועל זיך ניט באַהאַלטן. ניין! איך וועל מער בחינם ניט אַרבעטן.

קײן פּאָליציי איז פונדעסטוועגן ניט געקומען. ר׳ שמאי וועט אַזאַ זאַך ניט טאָן. ער וועט ניט איבערגעבן אַ ייִדיש ייִנגל, אַ יתום, אין גויאישע הענט.

אָבער ער אַליין איז יאָ אַרײַנגעקומען, ווײַס ווי קאַלך, אַרום צען אַ זייגער אין דער פרי, צו אונדז אין הויז אַרײַן. און ער האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס איז געשען.

איך בין געווען אין אײן שרעק. איך האָב געציטערט, ווי אַ בלאַט. די מאַמע איז אין דער היים ניט געווען, נאָר מײַן שוועסטער און איך.

נאָך אַ ביסל שטילשווײַגן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און האָב געענטפערט: איך וויל מער ניט זײַן קײן לערניינגל. איך בין שוין גרויס גענוג צו זײַן אַ געזעלן. האָט ר׳ שמאי מיר דערלאַנגט צוויי פײַערדיקע פּעטש, זאָגנדיק: „דו רוצח! פיר יאָר לאַנג האָסטו געפרעסן מײַן ברויט בחינם, איצט אַנטלויפסטו. זאָל דיך גאָט שטראָפן”. און ער איז אַרויס.

איך האָב געגעסן זײַן ברויט בחינם?

דאָס איז געווען די מאָראַל פון דעמאָלט.

אין גרונט גענומען איז עס אויך די היינטיקע „מאָראַל”. די אַרבעטער פון אַלע מינים, וואָס באַשאַפן אַלץ, זײַנען די וואָס עסן דאָס ברויט פון די

„אינדוסטריאַליסטן", די וואָס טוען אייגנטלעך גאָרניט. זיי זיינען דאָס די מענטשן, וואָס פאַרשאַפן אַרבעט און פּרנסה פאַר די אַרבעטער.

נאָר זאָל זיין ווי עס איז, דערווייל האָב איך זיך באַפרייט. איך בין געוואָרן אויס לערנייינגל. די צוויי פּעטש, וואָס איך האָב אַריינגעכאַפּט פון מיין באַלעבאָס, האָב איך באַטראַכט עפּעס ווי אַ מין לעצטע אָפּרעכענונג. וואָלט איך געאַרבעט פאַר אים נאָך אַ יאָר, וואָלט איך געווען באַקומען 15 רובל, אַצינד האָב איך באַקומען צוויי פּעטש און די 15 רובל בלייבן ביי אים, זיינען מיר קוויט.

איצט האָב איך נאָך באַדאַרפט איבערקומען די מאַמע. ווען זי וועט אַהיים קומען, האָב איך געוואוסט, וועל איך דאַרפן מאַכן דערקלערונגען, און איך האָב ניט געוואוסט ווי אָנצוהייבן. די מאַמע האָט ניט געפּאַטשט, אָבער איר מוסר איז געווען שווערער אַריבערצוטראָגן. אָבער, אַ דאַנק גאָט, איך בין מיט דער מאַמען דורכגעקומען. איך האָב איר געזאָגט בפירוש: איך וועל ניט צוריקגיין. עס מעג זיין וואָס עס וויל. און אַז די מאַמע האָט נאָך געהערט ווי ער האָט מיך געפּאַטשט, האָט זי געזאָגט:

— מילא, זאָל זיין אַזוי!

און אַזוי איז עס געבליבן. איך בין מער ניט צוריקגעגאַנגען. אָבער צו זאָגן דעם אמת, בין איך נאָך לאַנג ניט געווען פאַרטיק מיט מיין באַלעבאָס. די וואונדן פון די לערניאָרן האָבן זיך ניט פאַרהיילט אַזוי לייכט.

דריי־פיר יאָר נאָך דעם דאָזיקן „גוואַלד־אַקט", בין איך פּסיכאָלאָגיש נאָך ניט געווען באַפרייט פון דעם געפיל פון אַ לערנייינגל. פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט איז ר' שמאי ביי מיר נאָך אַלץ פאַרבליבן דער „באַלעבאָס". אפילו ווען איך בין שוין געווען באַקאַנט, און פּאָפּולער, אין דער באַוועגונג פון די יונגע משכילים, בין איך נאָך אַלץ געווען אונטער דעם כישוף פון דעם שקלאַפן־געפיל, און האָב אויסגעמיטן צו באַגעגענען דעם „באַלעבאָס".

אַזוי איז דער כוח פון שקלאַפעריי. עס עסט זיך איין אין דער נשמה. עס פאַרצערט ניט נאָר דעם מענטשנס פיזישע קראַפט, עס פרעסט אויך אויף זיין גייסטיקן אינהאַלט. עס איז שווער אויסצוגלייכן דעם רוקן פון אַ געוועזענעם שקלאַף, אָבער נאָך שווערער איז צו דערהייבן זיין געמיט און זיין גייסט. פאַר וואָס האָט גאָט ניט געגעבן די תורה צו די יידן, באַלד ווי זיי זיינען אַרויס פון מצרים? זיינען זיי דאָך ראוי געווען צו פאַרנעמען די תורה? אויף דעם ענטפערט דער מדרש: „גאָט האָט געזאָגט: מיינע קינדער זעען נאָך ניט שיין אויס. זיי זיינען נאָר וואָס אַוועק פון דער אַרבעט פון מאַכן ליים און ציגל, און זיי קענען ניט גלייך מקבל זיין די תורה".

אין דעם שטעקט אַ גרויסער אמת. עס מוז נעמען צייט ביז אַ געוועזענער שקלאַף באַפרייט זיך פסיכאָלאָגיש פון זיין פריערדיקן צושטאַנד, איידער ער קען געניסן די לופט און דאָס קולטורעלע לעבן פון אַ פרייען מענטשן.

און ווען די שקלאַפעריי הייבט זיך אָן אין דער צאַרטער יוגנט, ווען מען איז קוים צוועלף יאָר אַלט, ווי עס איז געווען אין מיין פאַל, איז דאָס באַפרייען זיך טאָפּלט שווער, און די אָנשטרענגונג זיך צו באַפרייען פון דעם מוז, ווערט נאָך לענגער.

אין מיין פאַל איז דאָס נאָך געווען אַ סך שווערער. זיינען מיר דאָך פאַרבליבן שכנים, וואָס האָבן געוואוינט אין צוויי נאָענטע הויפן, און מיר האָבן ביי אַ סך געלעגנהייטן זיך געמוזט טרעפן אין שלמה גבאיס שול. און די מאַמע האָט זיך געמוזט טרעפן מיט מיין „באַלעבאָסטע״ צו ראש־חודש בענטשן, אָדער צו יזכור. בערל־לייב גוטשעכט, וואָס איז געווען מיין פריינד, און ר׳ שמאיס פריינד, האָט געוואוינט אין דעם אייגענעם הויז מיט מיין געוועזענעם באַלעבאָס. רייזעלע, וואָס איז געווען באַפריינדט מיט ר׳ שמאיס טאָכטער, האָט געוואוינט איין הויז אַוועק פון דער אַנדערער זייט, אין וואָלינסקע 18, און דאָרט פלעג איך דאָך אָפט אַריינגיין אין מיין פרייער צייט. אַזוי אַז איך האָב זיך גאָרניט געקענט אויסבאַהאַלטן פון דעם באַלעבאָס.

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן זיך איינצולעבן מיט דעם געדאַנק, אַז איך בין שוין אַ דערוואָקסענער מענטש, אַז איך בין ניט מער קיין לערנ־יינגל. איך האָב אָנגעהויבן צו פילן די ווירדע און די וויכטיקייט פון אַ געזעלן. דאָ איז עס ווידער געווען רייזעלע, וואָס האָט מער פון אַלע אַנדערע מיר געגעבן דעם ערשטן שטופּ אויף דעם וועג פון דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין. זי איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די „הייבאַם״ אין מיין נייעם געבורט, אין דעם איבערגאַנג פון אַ לערניינגל צו אַ געזעלן. רייזעלע האָט די ערשטע מיך אויפגעהערט צו „דוצן״.

עטלעכע טעג נאָך מיין אַנטלויפן, האָב איך זיך ניט געוויזן אויף דער גאַס. דער ערשטער גאַסט, וואָס איז געקומען מיך באַזוכן איז געווען מיין חבר אברהם־פינחס. מיט אים האָב איך קיין שום שוועריקייט ניט געהאַט, ער האָט מיך איבערגערעדט איך זאָל אַריינגיין צו רייזעלען, זיין מומען.

איך האָב זיך געשעמט צו ווייזן מיין פּנים פאַר איר, אָבער איך האָב זיך געלאָזט איבעררעדן. איך בין אַריבערגעגאַנגען צו רייזעלען אין הויז אַריין.

אויפן וועג האָב איך אַלץ געוואָלט אויסטראַכטן אַ תירוץ פאַר רייזעלען, פאַר וואָס איך בין אַנטלאָפן. אָבער עס איז גאָר צו דעם ניט געקומען.

„וואָס מאַכן ז י, יאַנקל, ווי גייטס אינען ?", — דאָס זיינען געווען אירע ערשטע ווערטער צו מיר, אַזוי שנעל ווי איך בין אַריינגעקומען אין איר הויז אַריין.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם ציטער פון מיין האַרץ, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערהערט די דאָזיקע איינפאַכע וואָר־שעווער ווערטער אַדרעסירט צו מיר. איך האָב דערפילט, וואָס דאָס בלוט קומט מיר אין פנים אַריין. איך האָב זיך אין גאַנצן פאַרלאָרן און האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. מיט איין מאָל בין איך געוואָרן אַ ניי־געבאָרענער מענטש. איך בין ניט מער קיין „דו", איך בין אַ „זי". „ווי גייטס אינען ?". אָט די אומשולדיקע ווערטער האָבן אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה אין מיר. זיי האָבן געגעבן נאָכדרוק צו מיין נייער געזעלשאַפטלעכער עקזיסטענץ.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן דעם פאַרצוג פון דעם פוילישער־יידישן דיאַלעקט קעגן דעם ליטוויש־יידישן.

דאָס ליטווישע יידיש, למשל, האָט אַרויסגעוואָרפן דעם אַרטיקל „דאָס" פון דער שפּראַך. די ליטווישע יידן געברויכן נאָר דעם לשון זכר, אָדער לשון נקבה, פון קיין „ניוטער" (דאָס אומבאַשטימטע אַרטיקל) ווילן זיי ניט וויסן. זיי זאָגן דערפאַר, למשל, „די" קינד אָדער „דער קינד", און מען ווייס ניט צי זייריידן פון אַ ייִנגעלע צי פון אַ מיידעלע. אַזוי זאָגן אַ טייל : די וואַסער, און אַנדערע : דער וואַסער און נאָך אַ סך אַזעלכע אויסדרוקן. דאָס זעלביקע איז מיט דעם פּראָנאָמען „דו" אָדער „איר". דאָס ליטווישע יידיש קאָן נאָר איינס פון די צוויי. מיט „דו" רעדט מען צו גאָר אַ נאָענטן מענטשן, אָדער אַ יונגער פּערזאָן, אויף וועלכער מען לייגט ווייניק אַכט. „איר", דער פּלוראַל פון „דו", ווערט געברויכט אין סינגולער צו אַן עלטערער פּערזאָן אַלס אויסדרוק פון דרך־ארץ. דאָס פּוילישע יידיש געברויכט נאָך אַ דריטן פּראָנאָמען — דאָס וואָרט „זי" און „אינען" אַלס פּלוראַלן פון „דו" און „אייך", ווען מען רעדט צו יונגע מענטשן, וואָס זיינען אַרויס פון די קינדערשע יאָרן, און האָבן נאָך ניט דערגרייכט דעם פולן עלטער צו ווערן גערופן מיט דעם פּראָנאָמען „איר". אין וואַרשע וואָלט עס געווען לעכערלעך, ווען רייזעלע וואָלט מיך געווען געפרעגט : וואָס מאַכט איר ? דאָס וואָלט אויסגעקומען ווי חוזק. גאָר אַן אַנדער איינדרוק האָט געמאַכט די פראַגע : וואָס מאַכן זי ? דאָס האָט מיך מיט איין מאָל אַוועקגעשטעלט אין דער קאַ־

טעגאָריע פון יונגע מענטשן, וואָס זיינען ניט מער קיין קינדער, און מיט וועלכע מען דאַרף זיך שוין רעכענען.

איז דער „זי״ און דער „אינען״ מיר זייער געווען געפעלן, אָבער מער ווי דאָס האָב איך דערווייל ניט געהאַט וואָס אויפצואווייזן פאַר מיין בריהשקייט. אין אַ געוויסן זין איז מיר געוואָרן ערגער, איך האָב געפילט ענלעך צו דעם, ווי די שקלאַפן, וואָס ווערן באַפרייט פון זייער שקלאַפעריי און מוזן אָנ־הייבן זאָרגן אַליין פאַר זיך, נאָר זיי האָבן ניט די מיטלען מיט וואָס אָנצו־הייבן דאָס נייע לעבן. מיט דעם אַנטלויפן פון מיין באַלעבאָס, האָב איך זיך באַפרייט פון דעם עול פון אַ לערניינגל, איך האָב אָבער גענומען אויף זיך אַ נייעם עול, וואָס איך האָב פריער ניט געקענט — די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו פאַרדינען אויף פרנסה — פאַר וועלכן איך בין אייגנטלעך נאָך גאָר ניט געווען צוגעגרייט.

פאַר אַלעם איז געקומען די פראַגע: וואו נעמט מען געצייג צו דער אַרבעט. יעדער שניצער־געזעלן האָט דעמאָלט געמוזט האָבן אייגענע „כלים״, ווי מען האָט אין וואַרשע גערופן די שניצערישע אינסטרומענטן. אויף דעם האָב איך באַדאַרפט אפשר צוואַנציק רובל, און וואו נעמט מען דאָס געלט? האָב איך געמוזט וואַרטן אַ שיין שטיקל צייט ביז די מאַמע האָט געקענט צוזאַמענשטעלן די עטלעכע רובל צו קויפן „כלים״. און ווען דאָס איז ענדלעך געשען, האָב איך אויסגעפונען אַ נייע צרה. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אָן אַ „דיפלאָם״ פון ר׳ שמאין האָב איך קיין אַרבעט אין ערגעץ ניט געקענט קריגן. וואו איך בין געקומען פרעגן אויף אַרבעט, איז געהערט געוועןן: וואו האָסטו געאַרבעט ביז איצט? האָב איך געענטפערט: כ׳בין נאָר וואָס אַרונטער פון דער לער ביי ר׳ שמאין. ביסט דו אויסגעוועזן די לער? אויף דער פראַגע האָב איך זיך גאָרניט געריכט. בין איך געוואָרן רויט און האָב אָנגעהויבן שטאַמלען. איך האָב קיין אַרבעט ניט געקראָגן. ברענג אַ צייגעניש פון ר׳ שמאין, האָט מיר דער ערשטער מייסטער געענטפערט. ביי דעם צווייטן מייסטער בין איך שוין געווען קליגער. אויף דער פראַגע, וואו האָסטו געאַרבעט, האָב איך שנעל געענטפערט ביי ר׳ שמאין. „ביי וועמען האָסטו געלערנט שניצעריי?״ איז געווען די צווייטע פראַגע, און איך האָב ווידער שנעל געענטפערט: ביי ר׳ שמאין, און דאָ איז ווידער געקומען גאַנץ אומגעריכט די פראַגע: ביסטו אויסגעוועזן די לער? יאָ, איך בין געווען פיר יאָר אויף דער לער. ברענג אַ צייגעניש פון דיין באַלעבאָס, וועל איך דיך צונעמען. און אַזוי פון איינעם צום אַנדערן. אַלע ווילן זיי ר׳ שמאי זאָל עדות זאָגן, אַז איך בין אַ פיינער בחור און אַז איך בין אויסגעוועזן די לער.

עס איז ניט געווען קיין יידישער צעך, עס איז ניט געווען קיין פאַראיין

פון יידישע מייסטער־שניצער, אָבער אַלע ווי איינער האָבן זיי גוואָלט וויסן צי בין איך אויסגעוואַקסן די לער.

איך האָב זיך אָפּגעהאַקט די פּיס אַ גאַנצן טאָג, לויפנדיק פון איין שניצער צום אַנדערן. אומעטום דאָס זעלביקע. איז די מאַמע ווידער געקומען צו הילף. איך האָב שוין דערציילט, אַז די מאַמע האָט געהאַט אַ שוועסטער־קינד, נחום טוכמאַן, אַ שניצער, וואָס האָט געאַרבעט פאַר זיך. אויף דער לער צו אים, מיט פיר יאָר פריער, האָט זי מיך ניט געוואָלט געבן. איצט איז אָבער אַנדערש. אַלס געזעלן — דאָס איז דאָך גאָר אַן אַנדער זאַך. איך דאַרף דאָך ניט וואוינען ביי אים. מאַכט די מאַמע צו מיר: ווייסטו וואָס? איך וועל מיט דיר אַריבערגיין צו נחומען, מיר וועט ער ניט אָפּזאָגן. בין איך געוואָרן בייז, און האָב זיך צעלאַכט: „וואָס מיינסטו, מאַמע? האָב איך געזאָגט — „דאָס איז אַמאָל, ווען דו האָסט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און מיך געפירט אין תלמוד־תורה אַריין? איך וועל מיט דיר ניט גיין!".

„אַ נאַרישע מאַמע, האַ?" — האָט די מאַמע געזאָגט. — „גלויב מיר, מיין קינד, עס איז ניטאָ דער מענטש אויף דער וועלט, ווי קלוג און ווי אַלט ער זאָל ניט זיין, וועמען זיין מאַמע זאָל ניט קענען פירן אָדער העלפן מיט אַן עצה. עס איז דער מאַמעס האַרץ, וואָס זאָגט איר שוין אונטער, וואָס מען דאַרף טאָן און וואָס ווייזט איר דעם ריכטיקן וועג. הלוואי וואָלט מיין מאַמע געווען געלעבט, זי זאָל מיך פירן און געבן עצות אין מיינע שווערע יאָרן".

עס האָט מיר גענומען אַ סך יאָרן איידער איך האָב באַגריפן די חכמה, און דעם אמת פון די דאָזיקע איינפאַכע ווערטער. מיין מאַמע האָט דאָס וואָרט אינטואיציע אין איר לעבן ניט געהערט. זי וואָלט אייך אָנגעקוקט, ווען איר וואָלט דאָס וואָרט דערמאָנט. אָבער זי האָט געקענט „דער מאַמעס האַרץ" גאַנץ גענוי.

איך האָב דאָס אַלץ ניט געוואוסט. איך האָב דאָס וואָרט אינטואיציע אויך ניט געקענט, און איך האָב ניט געוואוסט די מיסטעריע פון דער „מאַמעס האַרץ", האָב איך געזאָגט מיט באַשטימטקייט: איך וועל מיט דיר ניט גיין, ווען איך זאָל אפילו קיינמאָל ניט געפינען קיין אַרבעט.

„וועל איך דיר זאָגן עפּעס אַנדערש", — האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן. „איך וועל גיין אַליין אָן דיין וויסן. איך וועל אים דערציילן דעם גאַנצן אמת. איך וועל אים באַר זאָגן אַ שטיקל ליגן. איך וועל אים זאָגן: אַז איך בין געקומען אָן דיין וויסן. שאַדט ניט, פון שלום וועגן, שטייט געשריבן אין דער הייליקער גמרא, מעג מען זאָגן אַ ליגן".

די מאַמע האָט ניט געוואוסט פיל פון דעם, וואָס שטייט געשריבן אין דער „היילקער גמרא“, אָבער דאָס האָט זי געוואוסט.

די מאַמע האָט גובר געווען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און איך האָב געפילט, אַז ערגעץ וואו מוז איך אַרבעטן כאָטש איין טאָג איך זאָל קענען קריגן אַרבעט אין שטאָט. אַז איך וועל קענען זאָגן: איך האָב געאַרבעט ביי טוכמאַנען, און איך בין געווען אויף דער לער ביי ר׳ שמאין, וועלן אַלע טויערן פון אַרבעט זיין אָפן פאַר מיר.

בין איך איינגעגאַנגען. אָבער איך האָב דער מאַמען געזאָגט אויס־דריקלעך, אַז טאָמער וועל איך אויסגעפינען, אַז זי האָט צו טוכמאַנען גע־רעדט אַנדערש, וועל איך איר קיינמאָל ניט מוחל זיין.

„פאַרלאָז זיך אויף דיין מאַמען“ — איז געווען דער ענטפער.

דאָס גיין צו טוכמאַנען איז פאַר דער מאַמען ניט געווען אַזוי לייכט. טוכמאַן האָט געוואוינט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, אַ גרויסער מהלך פון דער וואָלינסקע־גאַס. קיין טראַמוואַיען זיינען נאָך דעמאָלט אין וואַרשע ניט געווען. עס איז נאָר געווען אַן אָמניבוס, וואָס זיין סטאַנציע איז געווען אויף קראַשינסקיס פּלאַץ, און אַז מען איז שוין געווען דאָרט, איז שוין ניט געווען ווייט פון מאַרשאַלקאָווסקע. פון אַ דראָזשקע נעמען האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. מיין מאַמע וואָלט זיך אַוודאי געווען געשעמט אַריינצוזעצן זיך, אָדער אַרויסצוגיין פון אַ דראָזשקע. זי איז אויך געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. זי האָט נאָר געהאַט אַ צוויי־דריי שטונדן צייט אין מיטן טאָג. דאָך האָט זי געפונען צייט און איז געגאַנגען צו טוכמאַנען. עטלעכע טעג נאָך אונדזער געשפּרעך, האָט מיר די מאַמע געזאָגט, אויב איך וועל גיין צו טוכמאַנען, וועל איך קריגן אַ שטעלע צו דער אַרבעט. און אַזוי איז געשען. איך בין געגאַנגען צו טוכמאַנען און געפרעגט אויף אַרבעט. ער האָט דורכגעמאַכט אַלע „תנועות“, האָט מיך געפרעגט אַלע פראַגן אויסער איינע. די איינע פראַגע, צי איך בין אויסגעווען די לער, האָט ער ניט געפרעגט.

איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. כדי ער זאָל מיך ניט חושד זיין, אַז איך ווייס, אַז די מאַמע איז געווען ביי אים, האָב איך אים אַפילו ניט געזאָגט, אַז איך בין זיינער אַ קרוב.

די ערשטע וואָך איז געווען זייער אַ שווערע וואָך. יעדן טאָג, בין איך געווען זיכער, אַז טוכמאַן וועט מיך אַוועקשיקן. נאָך יעדן שטיקל אַרבעט בין איך געשטאַנען אין איין ציטערניש, ער זאָל מיך ניט הייסן גיין אַהיים. דאָס האַרץ איז מיר שיר ניט אויסגעגאַנגען. אַ גאַנצע וואָך, יעדן טאָג, יעדע שעה אין טאָג, בין איך געווען אין אַ נערוועזן צושטאַנד. דער אמת איז,

איך בין גאָר ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט, וואָס מען האָט געמאַכט ביי טוכמאַנען. ביי ר׳ שמאין האָב איך זיך צוגעוואוינט צו אַרבעטן אויף ווייכע האָלץ (ליפּאָווע האָלץ), די שפּיגל־ראַמען, וואָס מען האָט נאָכדעם באַלייגט מיט גאָלד־בלעטער. ביי טוכמאַנען האָט מען געאַרבעט מעבל־אַרבעט, האַרטע האָלץ, מייסטנס סטיל, די „ליוסעס״, ווי מען רופט די סטילן פון לודוויג דעם 15טן און לודוויג דעם 16טן. די דאָזיקע סטילן טראָגן אין זיך אַ שמץ פון דעם גאָטישן סטיל, וואָס ביי ר׳ שמאין איז דאָס געווען טריפה, און איך האָב דאָס קיינמאָל פריער ניט געזען.

אָט די דאָזיקע אומזיכערקייט איז געווען דאָס ערשטע, וואָס איך האָב דערפילט אין דער ערשטער וואָך פון מיין אַרבעט אַלס געזעלן. די אַלע ליידן און דערנידערונגען פון דעם לערביינגל זיינען געוואָרן צו גאָרנישט אין אָנזיכט פון דער אומזיכערקייט מיט דער שטעלע. איך האָב דאָס שפּע־טער איבערגעלעבט מער ווי איין מאָל, איבערהויפּט אין אַמעריקאַנער פאַ־בריקן, און איך בין איבערצייגט, אַז דאָס איז אַבסאָלוט דאָס ערגסטע וואָס דער מאָדערנער פּראָלעטאַריער האָט אַריבערצוטראָגן. ווער עס האָט ניט איבערגעלעבט די דאָזיקע פאַזע פון דעם אַרבעטער־לעבן, דער קאָן ניט דאָס האַרץ פון דעם פּראָלעטאַריער. ס׳איז ניטאָ קיין פּיין, קיין שמערץ, וואָס איז שווערער אַריבערצוטראָגן פון דער אומזיכערקייט פון באַשעפטי־קונג.

היינט, אונטער דעם שוץ פון די יוניאָנס, איז דאָס דאָזיקע ליידן פון דעם אַרבעטער אַ ביסל אָפּגעשוואַכט, אָבער אין יענע יאָרן, איבערהויפּט אין וואַרשע, איז אָט דער פּונקט געווען דאָס ערגסטע אין דעם לעבן פון דעם אַרבעטער.

די ערשטע וואָך איז ווי עס איז אַריבער. מיט צרות, מיט שוועריקייט, מיט אָן אַ שיעור האַרץ־קלאַפּעניש, אָבער די וואָך איז אַריבער. און דער מאָמעס זכות איז מיר בייגעשטאַנען. נחום טוכמאַן האָט מיר באַשטימט דרייסיק גילדן שכירות אַ וואָך. די אַרבעט־צייט איז געווען 70 שעה אַ וואָך. דרייסיק גילדן פאַר זיבעציק שעה, דאָס מאַכט אויס אויף אונדזער געלט, ווי דער קורס איז דעמאָלט געשטאַנען, אַרום דריי און אַ האַלב סענט אַ שעה.

אָט פאַר דעם האָב איך דאָס געפּרעסן ר׳ שמאי שניצערס פּראַצע פיר יאָר לאַנג „אומזיסט״.

מיינע ערשטע פאַרדינסטן, ווי שוין געזאָגט, זיינען געווען דרייסיק גילדן אַ וואָך. די אַרבעט־צייט — זיבעציק שעה אַ וואָך, פון אַכט אין דער פרי ביז ניין אין אָוונט יעדן טאָג; פרייטיק ביז אַרום דריי נאָכמיטאָג. מיטאָגצייט, ווי גאָט האָט געגעבן, צווישן 15 מינוט און אַ האַלבער שעה.

איז דרייסיק גילדן אַ וואָך געווּנג שכירות פאַר זיבעציק שעה אַרבעט, צי ניט ?

די דאָזיקע פראַגע איז קיינעם קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו פרעגן. די באַדערפעניש פון דעם אַרבעטער איז קיין מאָל ניט געווען די מאָס, לויט וועלכער מען האָט געמאָסטן די הויך פון דעם אַרבעטערס שכירות. ס׳איז קיינמאָל ניט געווען קיינעמס דאגה, צי דער אַרבעטער קען לעבן פון די שכירות, וואָס ער קריגט, צי ניט. דאָס טוט מען ניט אפילו היינט, אפילו ניט אין אַמעריקע, אַ פשיטא שוין אין וואַרשע מיט קנאַפּע 60 יאָר צוריק. געמאָסטן די שכירות האָט מען לויט דעם אַרבעטערס ווערט. און זיין ווערט האָט מען געמאָסטן לויט דעם, וויפל ער קריגט. און וויפל ער זאָל קריגן באַשטימט דער באַלעבאָס, און ער האָט ניט געדאַרפט קיין שום טעאָריעס פון ווערט אָדער מערוווערט. אין מיין פאַל איז דער אויטאָריטעט פון מיין ווערט געווען מיין מאַמעס שוועסטערקינד, נחום טוכמאַן. און ווען ער האָט מיר באַשטימט דרייסיק גילדן אַ וואָך, איז דאָס אַליין געווען אַ סימן, אַז מער פון דעם בין איך ניט ווערט. עס איז געווען אַ פאַרכישופטער רינג, פון וועלכן מען האָט זיך ניט געקענט אַרויסדרייען : דער אַרבעטער פאַרדינט וויפל ער איז ווערט, און ער איז ווערט וויפל ער פאַרדינט. ניט אַ גראָשן מער.

דער שטאַנדפּונקט איז, אייגנטלעך, גילטיק אויף אַלע אַנדערע מענטשן אונטערן קאַפּיטאַליזם. מען זאָגט : דער און דער איז ווערט אַ מיליאָן דאָלער. דאָס הייסט, ער פאַרמאָגט אַ מיליאָן דאָלער. וויפל איז דער און דער ווערט אָן דעם מיליאָן דאָלער ? אויף דעם האָבן מיר ניט קיין מאָס היינט צו טאָג. דער מענטש ווערט געשאַצט ניט לויט דעם, וואָס ער איז, נאָר לויט דעם וויפל ער פאַרמאָגט. די מאָס איז געלט.

די פראַגע וויפל אַן אַרבעטערס אַרבעט איז באמת ווערט, איז ביי אונדז אויפגעקומען אַ סך שפּעטער, און דאָס איז געשען ערשט דעמאָלט, ווען די אַרבעטער אַליין האָבן אַוועקגעשטעלט די פראַגע. זיי האָבן דאָס געטאָן, אמת, פּאַמעלעך, לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק, אָבער די פראַגע איז געשטעלט געוואָרן.

אין אונדזערע מקומות איז דאָס אָנגעקומען אַ סך שפּעטער. אין מיינע צייטן האָט מען פון דעם אַלעם קיין שום אַנונג ניט געהאַט. דאָ און דאָרט האָבן זיך אפשר געפונען געציילטע מענטשן, וואָס האָבן עפּעס געהערט פון די זאַכן, אָבער איך בין ניט געווען פון די געציילטע מענטשן. צו מיר איז דאָס ניט דערגאַנגען.

צו זאָגן דעם אמת : איך אַליין האָב קיין שום טענה ניט געהאַט. איך בין געווען צופרידן מיט מיינע פאַרדינסטן. קיין געלט האָט מיר ניט

געפעלט. די דרייסיק גילדן אַ וואָך זיינען פאַר מיר געווען אַן אוצר מיט געלט. אַז באַדאַרפט האָב איך גאָרניט: עסן און אַן אָרט צום שלאָפן האָב איך געהאַט אומזיסט אין דער היים, ד״ה, די מאַמע האָט געגעבן. צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט איז מען געגאַנגען צופוס. די איינציקע די־רעקטע הוצאה, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען פּאַפּיראָסן. רויכערן האָב איך אָנגעהויבן גאַנץ פרי. אָבער דאָס האָט געקאָסט ניט מער ווי פינף גראָשן אַ טאָג. דעמאָלט האָבן די פּאַפּיראָסן זיך ניט אויסגעברענט אַזוי געשווינט ווי היינט, און אַז מען האָט אַוועקגעלייגט אַן אָנגעצונדענעם פּאַ־פּיראָס, האָט ער זיך ניט אויסגערויכערט אַליין, ווי די היינטיקע פּאַפּיראָסן טוען דאָס. אַז מען דאַרף אַריינטראָגן אַ פּאָר גילדן אַ וואָך צו דער מאַמען צושטייער אויף פּרנסה — דאָס איז מיר אַפילו אויף דעם געדאַנק ניט גע־קומען, און די מאַמע האָט אפילו אויך קיין מאָל וועגן דעם ניט געטראַכט.

האָב איך פאַרנוצט מיין געלט נאָר אויף ביכער און קליידונג, ווייטער האָט מיר קיין זאַך ניט געפעלט. מיינע חברים, די משכילים, האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ גביר.

דאָס אַרבעטן ביי טוכמאַנען אַליין האָט מיר שוין פאַרשאַפט אַנזען און צופרידנקייט. צו יענער צייט איז געווען אַ יחוס צו אַרבעטן ביי טוכ־מאַנען. איך האָב פון אָנהייב גאָר ניט געוואוסט, וואָס די מאַמע האָט פאַר מיר געטאָן מיט איר גיין צו טוכמאַנען. איינער אַליין וואָלט איך דאָס גאָר ניט געקענט דערגרייכן, איבערהויפּט מיט מיין לאַנגער קאַפּאָטע, וואָס איך האָב געטראָגן.

ביי טוכמאַנען האָט מען געמאַכט גאָר אַנדערע אַרבעט, צו וועלכער איך בין גאָר ניט געוואוינט געווען. עטלעכע חדשים אַרבעט ביי טוכמאַנען האָט מיר געגעבן גאָר אַ נייעם צוגאַנג צו דער מלאכה.

נאָך עפּעס האָב איך געפונען ביי טוכמאַנען, וואָס מיר האָט שטאַרק געפעלט. ביי אים אין וואַרשטאַט האָט מען גערעדט פּויליש, גוטן פּויליש, ניט קיין יידישן פּויליש, ווי מען פלעגט ריידן אויף וואָלינסקע־גאַס, נאָר פּוילישן פּויליש, ווי די מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס האָט גערעדט. האָט דאָס מיר געגעבן אַ געלויפיקייט אין דער שפּראַך. איך האָב זיך אויפגעהערט צו רויטלען, ווען איך האָב באַדאַרפט ריידן פּויליש.

דאָס וויכטיקסטע פון אַלץ איז געווען, וואָס טוכמאַן האָט געצאָלט שכירות אין צייט — יעדע וואָך. עס איז געווען שווער אָנצוקומען צו אים, אָדער זיך צו האַלטן ביי אים, אַז מען איז אָנגעקומען. קוים אָבער האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט, און מען האָט געקענט אָנהאַלטן די שטעלע, איז מען

געווען זיכער, אַז פּרייטיק נאָך מיטאָג וועט מען קריגן אויסגעצאָלט ביז אַ גראָשן.

עס זיינען נאָר געווען עטלעכע געציילטע שניצער־מייסטערס, וואָס האָבן געצאָלט רעגלמעסיק די שכירות. טוכמאַן איז געווען איינער פון די געציילטע. די אַנדערע, די מערסטע פון זיי, זיינען אַליין געווען ביטערע אביונים. זיי האָבן אייך געלאָזט אַרבעטן און אַרבעטן, און ווען די וואָך האָט זיך געענדיקט, האָבן זיי אייך אָהיימגעשיקט מיט 50 קאָפּיקעס, אַ רובל איז שוין געווען אַ סך. עס איז אָנגעקומען מיט קריעת־ים־סוף אַרויסצורייסן פון זיי אַ פּאָר גילדן. זיי זיינען אַלע געווען שטאַרקע אָרעמעלייט. יעדער שניצער, דאָס דאַרף מען וויסן, האַלט זיך פאַר אַ קינסטלער, פאַר אַ שאַפער, ניט ווייניקער ווי אונדזערע פּאָעטן, להבדיל. אָבער מער ווי דעם שטאָלץ האָבן די מערסטע פון די וואַרשעווער שניצער ניט געהאַט.

שפּעטער האָב איך געאַרבעט ביי איינעם מאַנעס ליבעלפעלד, איז ער געווען דער בעסטער יידישער שניצער אין וואַרשע. זיין רעפּוטאַציע איז געווען אַזאַ, אַז איר האָט נאָר באַדאַרפט דערמאָנען, אַז איר אַרבעט ביי מאַנעסן, און איינער בכבודיקער אָרט אין דער געזעלשאַפט פון שניצער איז געווען אַ פאַרטיקער. איז אָבער דער דאָזיקער מאַנעס געווען אַ גרעסערער אָרעמאַן, ווי ער איז געווען אַ שניצער. ביי מיין אַלטן באַלעבאָס, ר׳ שמאי, איז דאָס געווען די קירך־אַרבעט, ד״ה, די אַרבעט, וואָס ער האָט ניט געוואָלט אָננעמען, וואָס האָט אים געהאַלטן אין נויט און הונגער. ביי מאַנעסן זיינען עס געווען די פראַנצויזישע סטילן, לואי דער פופצנטער און לואי דער זעכצנטער, וואָס ער האָט געקענט מאַכן בעסער פון אַלעמען, וואָס האָבן אים קיין פּרנסה ניט געגעבן. ביי מאַנעסן האָט דער פּרייז פון דער אַרבעט, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע קונדן, אָדער וואָס ער האָט געצאָלט זיינע געזעלן, ניט געהאַט קיין שום שייכות צו דער צייט, וואָס עס האָט גענומען צו מאַכן די אַרבעט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער איז גאָר ניט געווען פאַראינטערעסירט אין די פאַרדינסטן, אַז אים האָט מער אינטערעסירט ווי די אַרבעט וועט אַרויסקומען, איידער דאָס געצאָלט, וואָס ער וועט באַקומען. אַוודאי וואָלט געווען בעסער, ווען מען באַצאָלט אים מער, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דעם סטיל פון לואי דעם 15טן? מען קען דאָך דעם סטיל ניט קאַליע מאַכן. און ער האָט זיינע געזעלן באַהאַנדלט לויט דעם זעלביקן פּרינציפּ. ער איז געווען קורצזיכטיק, פלעגט ער יעדעס שטיקל אַרבעט אַרויפשלעפּן צו דער נאָז, און מיט איין אויג אַריינגעקוקט אין יעדן ווינקל, און אויב עס איז אים ניט געווען געפעלן, פלעגט ער דאָס אַוועקלייגן צוריק אויף דעם וואַרשטאַט און אַרונטערשניצן מיט אַ דאָלאָט די גאַנצע אַרבעט.

נאָכדעם האָט ער גענומען איבעראַרבעטן די גאַנצע זאַך, און אַזוי אַרום ווייזן, וואָס ער וויל האָבן. טייל מאָל האָט מען געמוזט צוקלעיען בייע שטיקער האָלץ. אַזוי האָט ער געקענט אָפּשטיין אַ שעה אָדער צוויי און אַרבעטן אומזיסט, און דער געזעלן איז געשטאַנען און געקוקט — אויך אומזיסט, וואָרעם מאַנעס האָט געצאָלט פון שטיק, ניט פון דער וואָך, און דאָס וואָס ער האָט געצאָלט — האָט ער ניט באַצאָלט.

איך האָב ביי אים פונדעסטוועגן געאַרבעט עטלעכע יאָר. איך האָב ליב געהאַט די קינסטלערישע אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אַרום אים. פונדעסטוועגן, ווען איך האָב דאָס געלט, וואָס ער איז מיר שולדיק געבליבן, צוזאַמען מיט דעם פּראָצענט פאַר דער גאַנצער צייט, — וואָלט איך געקענט אָפּקויפן די עמפּייר־סטעיט־בילדינג. ביי אים האָט געאַרבעט אַן אַנדער געזעלן, אַ ווילנער, מיט דעם נאָמען לייבקע וואָזאַק, וואָס איז געווען נאָך ערגער — דאָס הייסט נאָך בעסער — פון אים, סיי אין דער אַרבעט, סיי אין זיין אָרעמקייט.

אַרום און אַרום — וואָלט יענע צייט געווען מיין בעסטע צייט, ווען ניט דער איינער פונקט, וואָס איך בין ניט געווען פאַר שניצערייִ און שני־צעריי איז ניט געווען פאַר מיר. מיין קאָפּ איז געלעגן אין די ביכער. איך בין געווען אַ נישקשהדיקער בעל־מלאכה, אָבער מיר האָט אין גאַנצן געפעלט דאָס קינסטלערישע באַוואוסטזיין, וואָס האָט געפירט מאַנעסן און לייבקע וואָזאַקן אויף זייער וועג פון אָרעמקייט. שניצעריי איז פאַר מיר געווען אַן אָפּקומעניש. די מאַמע האָט מיך אַוועקגעגעבן אויף דער לער צו אַ שני־צער, ניט מחמת דעם, וואָס איך האָב געהאַט פעאיקייט אָדער אַ ספּעציעלע נייגונג צו דער מלאכה. דאָס האָט מיר אין גאַנצן געפעלט. איך בין געוואָרן אַ שניצער, ווייל די מאַמע האָט געדענקט, אַז דאָס איז אַ שיינע מלאכה, וואָס וועט זיך פּאַסן פאַר מיר. אָבער מיין האַרץ האָט געצויגן צו לערנען און צו שטודירן, פריער צו דער גמרא און איצט צו די טריף־פּסולען. מיר איז שוין געגאַנגען אויף דעם אַכצנטן יאָר, און איך האָב געפילט, אַז די צייט, וואָס איך האָב פאַרלאָרן פון צוועלף יאָר אָן, איז שוין ניט געווען צוריקצו־כאַפּן. האָב איך ניט געקענט רוען. דאָס האַרץ האָט געבענקט און גע־שטרעבט צו לערנען און צו שטודירן. האָב איך דערפאַר געוואַכט נעכט און האָב זיך געוואָרפן אויף די ביכער, ווי אַ הונגעריקער וואָלף. יעדע נאַכט בין איך געזעסן ביז צוועלף, ביז איינס און ביז צוויי אַזייגער פאַרטאָג, און איך האָב געלייענט אַלע ביכער, וואָס זיינען מיר געקומען צו דער האַנט, אויף פּויליש, אויף יידיש און אויף העברעאיש. איך האָב געשלונגען די ביכער.

האָט זיך געמאַכט אַ חגא, אָדער ווען עס איז ניט געווען קיין אַרבעט, און דאָס האָט געטראָפן אָפט, איז פאַר מיר געווען אַ יום־טוב. יענע טעג בין איך געזעסן אין ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע און געלייענט דעם „השחר", אָדער אַזעלכע ביכער, וואָס מיינע מיטלען האָבן מיר נישט דערלויבט צו קויפן, אָדער וואָס איך האָב ניט געקענט קריגן צום „אויסלייענען". די גאַנצע נייע העברעאישע ליטעראַטור, וואָס איך האָב נאָר געקאָנט קריגן, האָב איך פאַרשלונגען. אברהם מאַפּוס „אַשמת שומרון" און דעם „עיט צבוע", מרדכי אהרון גינצבורג, יצחק ערטער, משה לייב ליליענבלום, פּרץ סמאָלענסקין, יהודה לייב גאָרדאָן, קלמן שולמאַן, אָדם הכהן לעווינזאָן, יהל"ל און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דעם „השחר", דעם „המליץ" און „הצפירה".

מיר געדענקט זיך אַ קוריאָזיטעט פון יענער צייט. איך האָב געלייענט אין „השחר" אַ קריטיק אויף מאַפּוס „עיט צבוע", געשריבן פון משה־לייב ליליענבלום. איז מיר די קריטיק ניט געווען געפעלן. איך האָב דאָס געהאַלטן פאַר אַן עוולה צו קריטיקירן אַ מחבר, וואָס לעבט ניט מער. האָב איך אויפגעשריבן ביים סוף פון דער קריטיק: „אין משיבין את הארי לאחר מותו" (נאָך דעם טויט פון אַ לייב, מאַכט מען אויף אים ניט קיין איינוווענדונגען). אַזוי פיל האָב איך דעמאָלט פאַרשטאַנען די פונקציע פון ליטעראַטור־קריטיק.

אַנדערש איז עס געווען מיט דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, ווי מען האָט דאָס דעמאָלט גערופן. עס איז איבעריק צו דערציילן, אַז איך בין געווען באַקאַנט מיט דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. אָבער איך מוז מודה זיין, אַז בעת איך האָב געהאַט אַ גרויסע הנאה פון דעם לייענען, האָט דאָס אויף מיר קיין שטאַרקן איינדרוק ניט געמאַכט. די גאַנצע זאַך איז מיר געווען פרעמד. די „קליאַטשע" איז פאַר מיר געווען אַ פּירוש אויף דעם פּסוק: „לסוסתי ברכבי פרעה דמיתיך רעיתי" (צו אַ פערד אין פּרעהס רייטוואָגן האָב איך דיך פאַרגליכן, מיין געליבטע), ווי עס שטייט טאַקע געשריבן אויף דער פאָדערבלאַט, עלעהיי ווי שיר־השירים איז געגליכן צו דער כנסת־ישראל. מענדעלעס „בעל־טאַקסע", אָדער זיין „פישקע דער קרומער", אָדער לינעצקיס „פּוילישע יינגל", אָדער שאַצקיס „יידישער פאַר־פּסח", זיינען פאַר מיר געווען אויסגעטראַכטע מעשות און אויסגעטראַכטע אָרעמע מענטשן. אין וואַרשע זיינען ניט געווען אַזעלכע אָרעמעלייט און ניט אַזעלכע גבירים, מיט אַזעלכע בעטלער און אפילו ניט אַזעלכע פּוילישע יינגלעך, ווי די ליטוואַקעס האָבן אויסגעטראַכט. אויף דער פּראָווינץ, האָב איך געטראַכט, אין די קליינע שטעטלעך אפשר יאָ, אָבער ניט אין וואַרשע.

צו זאָגן דעם אמת, איז עטוואָס פון דעם געדאַנק פאַרבליבן ביי מיר

ביז אויף היינטיקן טאָג. די גאַנצע יידישע ליטעראַטור זעט ביי מיר אויס צו זיין אַ שטעטל־ליטעראַטור: טונעיאַדעווקע, קאַסרילעווקע, און ווי די שטעטלעך הייסן דאָרט; אונדזערע קלאַסיקער פון דעם ערשטן דור און פון דעם צווייטן דור, קומען אַלע פון דעם שטעטל, גאָר אַ סך פון זיי זיינען קליינשטעטלדיק. מענדעלע, לינעצקי, שאַצקעס, שלום־עליכם, דינעזאָן, פּרץ, ספּעקטאָר, שלום אַש, אַברהם רייזען, פּרץ הירשביין, נאָמבערג, אָפּאַטאָשו, אַלע שטאַמען זיי פון דעם קליינעם שטעטל.

די אורזאַך פון דעם איז שווער צו דערקלערן. עס קען זיין, אַז די גרויסע שטאָט איז ניט מסוגל צו אַנטוויקלען קיין ליטעראַרישע טאַלאַנטן. עס קען אויך זיין, אַז אין די גרויסע שטעט זעען זיך די ליטעראַרישע טיפּן ניט אַרויס אַזוי בולט. אין דער גרויסער שטאָט פאַרלירן זיך אָט די כאַראַקטערן, אַז מען זעט זיי קוים אַרויס. אין וואַרשע, למשל, וואָלט שלמה־נגיד ניט געקענט שפּילן די ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין קליינעם שטעטל. אַפילו אַזאַ גביר ווי ישעיה פּריוועס, אַ מיליאָנער, אַ גערער חסיד און אַ בעל־צדקה, האָט אין וואַרשע געשפּילט נאָר אַ לאָקאַלע ראָלע — צווישן די גערער חסידים. נאָר זאָל זיין געווען וועגן דעם.

אין דער מיט פון דעם אַלעם, און אפשר טאַקע מחמת דעם אַלעם, האָב איך פּלוצלונג געמאַכט אַן אַנטדעקונג. עפּעס ווי דורך אינטואיציע איז צו מיר געקומען דער געדאַנק, אַז איך גיי ניט אויף דעם גלייכן וועג. פּלוצלונג האָב איך אָנגעהויבן איינצוזען, אַז פון די אַלע ביכלעך, וואָס איך פאַרשלינג מיט אַזאַ שטאַרקן חשק, וועל איך זיך גאָרניט אויסלערנען. נאָך אַ מעשה־ביכל, נאָך אַ דערציילונג, נאָך אַ ראָמאַן — אָבער וואָס קומט פון דעם אַרויס?

אמת, דאָס לייענען פון די אַלע ביכער און אַרטיקלען איז ניט געווען אין גאַנצן אַרויסגעוואָרפן. אַ חוץ דעם פאַרגעניגן און אַ געפיל פון דערהייבנקייט בעת דעם לייענען, האָט זיך אויך פאַרברייטערט מיין בליק אויף זאַכן און מענטשן אין מיין סביבה. דאָס האָט אין מיר אויך אַריינגעגעבן אַ געפיל פון סופּעריאָריטעט, ווי מען וואָלט היינט געזאָגט. צו דער זעלביקער צייט האָב איך אָנגעהויבן איינצוזען, אַז אַ חוץ אַ צעשוואומענעם געפיל פון דערהייבנקייט, האָב איך זיך גאָרניט אויסגעלערנט; אַז איך קאָן אַפילו ניט פאַרטיידיקן אָדער דערקלערן מיינע פאַרגעשריטענע אידעען צו אַנדערע, ווי, למשל, גרויקאָפּ האָט עס מיר דערקלערט. מיט איין וואָרט איך האָב מיטאַמאָל אַנטדעקט מיין פולשטענדיקע אומוויסנקייט, און אַז אויף דעם וועג וועל איך זיך גאָרניט אויסלערנען. אַ טויזנט ראָמאַנען וועלן מיך ניט קליגער מאַכן אין די זאַכן, וואָס אַ מענטש דאַרף קענען און וויסן.

דאָס איז אַ „געפּערלעכע“ אַנטדעקונג. זי פאַרשאַפט אַ באַשטענדיקע אומרואיקייט. קוים האָט איינער געמאַכט די דאָזיקע אַנטדעקונג, קאָן ער זיך מער ניט באַפרייען פון דעם. זי פאַרפאָלגט אייך ביז אין קבר אַריין, און איר קענט זיך ניט באַפרייען פון דעם. דאָס ערגסטע פון אַלעם איז: וואָס מער איר זוכט זיך צו באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַלץ שטאַרקער וואַקסט ער אויס. וואָס מער איר לערנט זיך צו באַפרייען פון דער אומ־וויסנקייט, אַלץ גרעסער ווערט דאָס באַוואוסטזיין פון דער אייגענער אומ־וויסנקייט. דאָס איז דער טייטש פון דעם פסוק: יוסיף דעת, יוסיף מכאוב.

איך ווינטש דאָס ניט קיין שונא, הגם איך ווינטש אַלע מיינע פריינד, זיי זאָלן געפּרואווט ווערן מיט אַט דעם טעם . . .

איידער איך גיי ווייטער מיט דער באַשרייבונג פון די סקיצן פון מיין לעבן, פיל איך אַ נויטווענדיקייט אָפּצעווייכן אַ ביסל אָן אַ זייט, צו מאַכן עטלעכע זייטיקע באַמערקונגען. עס קען אויסזען, אַז דאָס זיינען זייטיקע זאַכן, אָבער זיי זיינען דאָס ניט. די דאָזיקע באַמערקונגען שטייען אין גרויסער שייכות מיט מיין גאַנצער אַרבעט, ווייל זיי זיינען אין אמתן כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דעם גרעסטן טייל פון דעם השכלה־דור. איך האָב אין זינען דעם אומבאַשטרייטבאַרן פאַקט, וואָס די מייסטע באַשאַפער פון אונדזער העברעאישער און יידישער קולטור זיינען געווען מענטשן פון זעלבסטבילדונג.

היינט איז דאָס שוין אַ ביסל בעסער. דעריבער איז היינט געוואָרן מעגלעך אַ מער וויסנשאַפטלעכע פּובליציסטיק, אָבער אין אַלגעמיין איז עס נאָך היינט אויך אמת.

ווען מען בלעטערט דורך זלמן רייזענס „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור“, דאָס בוך פון קורצע ביאָגראַפיעס פון יידישע שריפטשטעלער, וואַרפט זיך אין די אויגן, מער ווי אַלץ אַנדערש, איין אויסדרוק אָדער איין באַגריף. דאָס איז דער באַגריף „זעלבסטבילדונג“. די מערסטע פון אונ־דזערע געלערנטע, אונדזערע פילאָזאָפן, פּאָעטן, שריפטשטעלער און קינסט־לער טראָגן אַ טיטול, וואָס קיין אוניווערזיטעט קען ניט געבן. דער טיטול איז „זעלבסטבילדונג“. אַפילו די מייסטע פון אונדזערע שריפטשטעלער, וואָס טראָגן שטאָלץ דעם טיטול „דאָקטער פילאָזאָפיע“, האָבן דאָס דער־וואָרבן אויפן וועג פון זעלבסטבילדונג. מיט אַנדערע ווערטער: אַ גרויסע צאָל פון אונדזערע שריפטשטעלער, פילאָזאָפן און וויסנשאַפטלער האָבן ניט געהאַט די געלעגנהייט צו דערווערבן די נייטיקע קענטעניש און בילדונג אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן אין זייער יוגנט, אין די שולן און אוניווערזיטעטן,

ווי עס דאַרף צו זיין. זיי זיינען דערפאַר געווען געצוואונגען, שוין אַלס דער־וואַקסענע, זיך אַליין צו בילדן, אויף וויפל עס איז זיי געווען מעגלעך, אָן דער הילף פון שולן.

דאָס איז געווען אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך מיט גאָר אַ גרויסער צאָל פון די יידישע געלערנטע, פילאָזאָפן און שריפטשטעלער פון די פריערדיקע דורות. ביז אַ געוויסן גראַד איז דאָס אויך אמת וועגן דעם ייִנגערן דור, הגם זייער פיל האָט זיך געענדערט אין דעם פרט. שולדיק אין דעם איז די יידישע רעליגיעזע דערציאונג אין אַלע צייטן — דער חדר, דאָס בית־המדרש און די ישיבה האָבן גורם געווען, וואָס פון איין זייט זיינען זייער פיל פון אונדזערע גאונים אין גאַנצן פרעמד פון און צו דער אינטעלעקטועלער וועלט, און פון דער צווייטער זייט, וואָס אַ סך פון אונדזערע שריפטשטעלער זיינען געווען געצוואונגען צו זוכן זייער וועלטלעכע קענטעניש אויף דעם וועג פון זעלבסטבילדונג.

קיינער שטעלט זיך אויף דעם ניט אָפּ. זעלבסטבילדונג איז זעלבסט־בילדונג. וואָס איז דאָ פון וואָס צו ריידן ? אויב מען רעדט שוין וועגן דעם, איז דאָס, פאַרקערט, לגנאי. די האַלב־אינטעליגענטן האָבן אַ ספּעציעלן וואָרט פאַר דעם מענטשן מיט זעלבסטבילדונג. „אויטאָדידאַקט" רופן זיי דאָס. און דאָס איז אַ סימן, אַז עס טויג ניט.

פאַר אַ זעלבסטגעמאַכטן מאַן, דאָס הייסט פאַר איינעם, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אין געלט־זאַכן, האָבן די דאָזיקע האַלב־אינטעליגענטן אַ סך מער דרך־ארץ, איידער פאַר דעם זעלבסטגעמאַכטן מענטשן אין בילדונג און געלערנטקייט.

די עמי־הארצים, ווי מיר קענען זיי היינט אין די טויזנטער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען הויכשולן אָן שום קאָפּוויייטיק און ווייסן ניט פון זייערע „הענט און פיס", — אָט די האַלב־אינטעליגענטן ווייסן ניט און פאַרשטייען ניט, און קאָנען ניט באַגרייפן, מיט וויפל מסירת־נפש, מיט וויפל קרבנות און מיט וויפל האַרצווייטיק עס איז פאַרבונדן דאָס זעלבסטבילדונג. זיי קאָנען דערפאַר ניט אָפּשאַצן, ווי גרויס עס האָט געמוזט זיין די פאַרשוועג־דונג פון ענערגיע און ווי שטאַרק עס האָט געמוזט זיין דער דראַנג נאָך וויסן ביים מענטשן, וואָס האָט זיך אַנטשלאָסן צו באַטרעטן דעם דאָרנדיקן וועג פון זעלבסטבילדונג — דעם וועג, וואָס אויף אים האָט געלויערט מיט סכנת־נפשות פון אַלע עקן.

עס זיינען פאַראַן קענטענישן, וואָס יעדער נאָרמאַלער מענטש מוז באַזיצן, וואָס דאָס קומט יעדן מענטשן אַלס זיין געבורטס־רעכט, וואָס זיי דאַרפן וואַקסן מיט דעם מענטשן פון געבורט אָן, אויף אַ נאַטירלעכן אופן,

ווי עס וואַקסן ביי אים די ציינער, למשל. יעדער מענטש, וואָס ווערט גע־באָרן און דערצויגן אין אַ מער אָדער ווייניקער מענטשלעכער אומגעבונג, דערווערבט די דאָזיקע זאַכן אָן שום שוועריקייטן און אים קומט ניט קיין יישר־כוח דערפאַר, און ער האָט ניט מיט וואָס זיך איבערצונעמען, און ער איז קיינעם נישט שולדיק, וואָרעם די אַלע זאַכן דאַרף מען לערנען דעם מענטשן איידער ער וואַקסט אויף. דאָס דאַרף זיין דער נאַטירלעכער וועג פון עלעמענטאַרער בילדונג.

עס איז ניט קיין גרויסע זאַך און עס פאָדערט זיך ניט מי יודע וואָסערע ספּעציעלע פעאיקייט זיך אויסצולערנען די גראַמאַטישע כללים פון דער אייגענער שפּראַך, אָדער אפילו די כללים פון איינער אָדער צוויי פרעמדע שפּראַכן אַלס צולאָג, אָדער די כללים פון פּונקטואַציע; מען דאַרף ניט זיין קיין געניאַלער מענטש זיך אויסצולערנען אַ ביסל מאַטעמאַטיק, אָדער די מאַטעמאַטישע „היעראָגליפן" — די צייכנס, וואָס ווערן געברויכט אויף דעם מאַטעמאַטישן לשון — אַ ביסל געשיכטע, אָדער אַ ביסל געאָגראַפיע. יונגע קינדער, וואָס גייען אין שול, לערנען זיך דאָס אויס לייכט און שנעל. און דאָס איז דאָך אין די מעסטע פאַלן דער אונטערשייד פון די האַלב־געבילדעטע ביז די גאַנץ אומוויסנדיקע.

זאָגן אָן איינפאַכן מענטשן, וואָס האָט קיינמאָל קיין מאַטעמאַטיק ניט געלערנט, דעם כלל אין דער מאַטעמאַטיק, אַז יעדער צירקל ווערט צע־טיילט אויף 360 חלקים, אַז עס מאַכט ניט אויס ווי גרויס אָדער ווי קליין דער צירקל זאָל ניט זיין, ווערט ער אַלץ צעטיילט אין די געדאַנקען אויף 360 חלקים, און דער איינפאַכער מענטש וועט דאָס וויסן אויף אַלע מאָל, אַליין אָבער וועט ער דאָס בשום אופן ניט אויסקלערן. אַז עס האָט דער מענטשהייט גענומען טויזנטער און טויזנטער יאָרן איידער זי איז געקומען צו אָט דער מסקנה, ווי אַזוי קען מען דערוואַרטן, אַז איין מענטש זאָל דאָס אַליין אויסקלערן? דעם ענין איז לייכט צו באַגרייפן, ווען מען זאָגט עס דעם מענטשן, אָבער עס איז גאָר ניט צו באַשרייבן, וואָס דער איינפאַכער כלל וועגן די דריי הונדערט און זעכציק חלקים פון דעם צירקל מיינט פאַר דער וויסנשאַפט, פאַר דעם מענטשלעכן וויסן בכלל און פאַר דעם יחיד, ווען מען זאָגט דאָס.

לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז מיר זיצן זאַלבע אַכט ביי אַ מאָלצייט. מען ברענגט אויף דעם טיש אַ קיילעכדיקן קוכן, וואָס דאַרף צעטיילט ווערן אויף אַכט גלייכע חלקים.

דער דאָזיקער קוכן איז קודם כל אַ צירקל, וואָס מען קאָן צעטיילן אויף 360 חלקים, אָבער מיר ווילן גרעסערע שטיקער, מיר ווילן דאָס צעטיילן

אויף אַכט. נעמט דער באַלעבאָס דאָס מעסער און צעשניידט דעם קוכן אויף צוויי, פונקט אין דער מיט. נאָך דעם נעמט ער יעדע העלפט און צע־טיילט ווידער אויף צוויי, פונקט אין דער מיט. האָבן מיר שוין פיר חלקים. נאָך דעם נעמט ער יעדן טייל און צעטיילט ווידער אויף צוויי, פונקט אין דער מיט. האָבן מיר אַכט גלייכע חלקים. אָבער דאָ דערזעען מיר, אַז יעדעס שטיק קוכן איז אַ דרייעק. יעדער צירקל, האָבן מיר געזאָגט, צע־טיילט זיך אויף 360 חלקים, אָבער מיר ווילן דעם דאָזיקן צירקל פון אַ קוכן מער ניט צעטיילן. איז דערפאַר יעדער חלק, וואָס יעדער פון אונדז וועט קריגן, אַ דרייעק פון 45 גראַדוסן — אַכט מאָל 45 איז 360.

דער מענטש, וואָס ווייסט דאָס, וועט לייכט באַגרייפן, פון וואַנען עס איז געקומען, וואָס מען האָט צעטיילט דאָס יאָר אויף צוועלף חדשים, און דעם חודש אויף דרייסיק טעג. צוועלף מאָל דרייסיק איז 360. אַזאַ מענטש וועט דעמאָלט אויך לייכט פאַרשטיין, פאַר וואָס אַ מעת־לעת איז 24 שעה, פאַר וואָס מען האָט צעטיילט דעם זייגער אויף צוויי מאָל 12; ווי אַזוי מענטשן זייַנען איבערהויפּט געקומען צו דעם זייגער; וואָס עס מיינט אַ דרייעק פון 90 גראַדוסן, פון 45 גראַדוסן און אַזוי ווייטער. מיט איין וואָרט: דער איינער כלל, אַז אַ צירקל ווערט פאַרטיילט אין 360 גראַדוסן, פירט דעם מענטשן אַריין אין אַן אַטמאָספערע פון וויסן און פאַרשטיין פון פיל זאַכן, וואָס אָן דעם קאָן מען קיין באַגריף נישט האָבן, און דאָס איז נישט אַ זאַך, וואָס אַ מענטש מיט שכל קאָן דאָס ניט באַגרייפן. מען דאַרף נאָר איינעם, וואָס זאָל דאָס אייך זאָגן.

לאָמיר נעמען נאָך אַ משל.

וויפל מענטשן קוקן אויף אַ מאַפּע און קאָנען בשום אופן נישט פאַרשטיין, וואָס דאָרט איז געשריבן? צו לייענען אַ מאַפּע שיינט צו זיין אַבסאָלוט אוממעגלעך פאַר אַן אומגעבילדעטן מענטשן, ער מעג זיין גאַנץ אינטעליגענט. פונדעסטוועגן איז דאָס זייער אַ לייכטער ענין. זאָגט נאָר דעם דאָזיקן מענטשן איין איינציק מאָל דעם כלל, אַז יעדע מאַפּע מוז מען לייענען פון רעכטס צו לינקס; אַז די רעכטע זייט פון יעדער מאַפּע איז אַלע מאָל מזרח, ד״ה די זייט צו אייער רעכטער האַנט; אַז די לינקע זייט איז מערב, אויבן איז צפון און אונטן איז דרום — זאָגט דאָס אים איין מאָל, און ער וועט דאָס וויסן פאַר אַלע צייטן פון זיין לעבן, און וועט קענען לייענען אַ מאַפּע גלייך מיט דעם געבילדעטן מענטשן. פון זיך אַליין וועט דאָס אָבער קיין מענטש בשום אופן נישט אויסקלערן, לייכט ווי דאָס איז צו פאַרשטיין.

און אַזוי איז דאָס מיט דער גאַנצער אַזוי גערופענער סיסטעמאַטישער אויסבילדונג: עס איז לייכט זיך אויסצולערנען און צו באַגרייפן, ווען מען

זאָגט דאָס איינעם אויף אַ נאַטירלעכן וועג, בעת דער איינער איז יונג, אָבער עס איז זייער שווער אָנצויאָגן, ווען מען האָט אין דער יוגנט ניט געהאַט די געלעגנהייט דאָס צו הערן.

אמת, מען האָט ניט פיל ווען מען שטעלט זיך אָפּ ביי דעם, אָבער אין דעם גייט עס ניט. דאָס איז דער אלף־בית, מען מוז זיך פריער אויסלערנען דעם אלף־בית איידער מען קען לייענען אַ בוך. נאַטירלעך קען מען דאָס בוך נאָך ניט לייענען, ווען מען שטעלט זיך אָפּ ביי דעם אלף־בית, אָבער אָנהייבן מוז מען מיט דעם, הגם אָפּשטעלן זיך ביי דעם טאָר מען נישט. אין מיין לעבן האָב איך באַגעגנט נאָך אַ סך מענטשן, פּראָפעסיאָנאַליסטן פון אַלע מינים, וואָס האָבן געענדיקט אוניווערזיטעטן און וואָס זיינען געווען אמתע עמי־הארצים. בילדונג, אמתע בילדונג, איז אַ לעבנס־פּראָצעס פון זעלבסטבילדונג. דאָס וואָס מען לערנט אין די שולן יונגערהייט איז ניט מער ווי אַ פונדאַמענט, אויף וועלכן מען מוז בויען דאָס גאַנצע לעבן. גליקלעך איז דער מענטש, וואָס האָט געקראָגן דעם דאָזיקן פונדאַמענט אין זיינע יונגע יאָרן און האָט ניט אויפגעהערט צו בויען ביז אין זיין עלטער.

דער מענטש, וואָס האָט אַזאַ געלעגנהייט ניט געהאַט, און ער כאַפּט זיך אַרויס און נעמט זיך בילדן אין די שפּעטערע יאָרן, נאָך דעם ווי זיינע קינדעריאָרן זיינען אַוועק אין ניוועץ, — דער מענטש איז אַן אמתער מאַר־טירער. ער מוז זיין אַ מענטש מיט אַ שטאַרקערן דראַנג, און נאָך אַ שטאַרקערן ווילן, צו בילדונג.

זעלבסטבילדונג איז אַ שווערע אונטערנעמונג. דער נאַטירלעכער וועג איז אַן אַנדערער. די נאָרמאַלע דערציאונג פון אַ נאָרמאַלן מענטשן דאַרף גיין אויף דער ליניע: בילדונג, אויסבילדונג און קולטור. דאָס זיינען ניט דריי זאַכן. דאָס איז איין ליניע, וואָס לאָזט זיך ניט איבעררהאַקן. ניט מער וואָס ווי יעדע אַנדערע ליניע האָט זי צוויי עקן. דער ערשטער פון די צוויי עקן איז עלעמענטאַרע בילדונג. דער צווייטער איז די קולטור. און קולטור מיינט ניט נאָר ליטעראַטור, עס מיינט ניט נאָר פּאָעזיע, אָדער דראַמע, מוזיק און קונסט; עס מיינט ניט נאָר וויסנשאַפט אָדער פילאָזאָפיע; קולטור איז דער סך־הכל פון דער מענטשלעכער דערגרייכונג אויף אַלע גע־ביטן פון מענטשלעכן וויסן און קענען, און פון מענטשלעכן קאַמפּאַרט און פון בעסערן לעבן.

די עלעמענטאַרע בילדונג אַליין, אָן אַלגעמיינער קולטור, אָן פאַרשטענ־דעניש פון וואָס אַלגעמיינע קולטור באַשטייט, איז ווי אַ פונדאַמענט, אויף וועלכן מען האָט פאַרפעלט אויפצושטעלן אַ געהעריקע געביידע. דאָס איז וואָס די היינטיקע שול־סיסטעם, מיט איר „מאַס־פּראָדוקציע" טוט, ווען זי

לערנט די קינדער „שרייבן, לייענען און רעכענען" — אַ נוצלעכע זאַך אין מסחר, אָדער צו קריגן אַ שטעלע אַלס משרת, אָדער אַ שאַפער, וואָס איז אָבער זייער ווייט פֿון בילדונג אין אמתן זין פֿון דעם וואָרט.

קולטור אַליין, פֿון דער צווייטער זייט, אָן דער נויטיקער עלעמענטאַרער בילדונג, איז ווי אַ שווערער געזימס אויף אַ געביידע, וואָס איז געבויט אויף אַ ליימיקן גרונט. דער געזימס איז צו שווער פֿאַר דער געביידע. עס מוז פֿריער געלייגט ווערן אַ סאָלידער גרונט פֿון עלעמענטאַרער בילדונג, אויב מען וויל געניסן די פֿרוכט פֿון דער אמתער קולטור.

אונדזער השכלה־באַוועגונג איז געווען ביז גאָר אַ הויכן גראַד אַזאַ מין קולטור־באַוועגונג, וואָס איז ניט געשטאַנען אויף קיין פֿעסטן באָדן פֿון סאָלידן עלעמענטאַרן וויסן. מען האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט די העכסטע פֿילאָזאָפֿישע באַגריפֿן, ניט קענענדיק אַפֿילו דעם אלף־בית פֿון די זאַכן.

די קולטור־טרעגעריי אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז, ליידער, פֿון דעם זעלביקן מין: קולטור־טרעגעריי אָן אַ געזונטן באָדן. הייבט מען ביי אונדז אָן די לערע פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע מיט קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל" און די פֿילאָזאָפֿיע מיט דעם „דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם", אַ פּראָצעס, וואָס איז דער היפוך פֿון אמתער בילדונג.

עס זיינען אַלע מאָל געווען ביי אונדז גרויסע גייסטער, וואָס האָבן אין זייער אייגן לעבן געפֿילט דעם גרויסן חסרון. מיר האָבן דערפֿאַר צו יעדער צייט געהאַט גרויסע יידישע געלערנטע, טיפֿע דענקער, גרויסע דיכטער און גייסטרייכע שריפֿטשטעלער, ווי למשל, משה לייב ליליענבלום, פּרץ סמאָלענסקין, אחד־העם און חיים נחמן ביאַליק, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן זיך געראַנגלט מיט די עלעמענטאַרע קענטענישן, וואָס אַ זעכצן יאָריקער ייִנגל האָט דערוואָרבן אָן שום שוועריקייטן.

און דאָס איז אמת ניט נאָר וועגן די הייַנטיקע. דאָס איז אויך אמת, ווען מיר קוקן צוריקוועגס, ווער ווייסט וויפֿל דורות. דאָס איז אמת אַפֿילו וועגן אַזעלכע געניאַלע מענטשן ווי עס איז געווען דער רמב"ם. דאָס איז אויך אמת וועגן משה מענדעלזאָן, דעם פֿאָטער פֿון דער יידישער השכלה, און וועגן יצחק־בער לעווינזאָן (ריב"ל), דעם רוסישן מענדעלזאָן, און אַ נחמן הכהן קראָכמאַל. זיי אַלע זיינען די פֿרוכט פֿון זעלבסטבילדונג.

וואָס דאַרף מען מער? ברוך שפּינאָזאַ, דער אַמסטערדאַמער ישיבה־בחור, וואָס איז איינער פֿון די דריי אָריגינעלסטע פֿילאָזאָפֿן, וואָס די וועלט קען, וואָס די גאַנצע מאָדערנע וויסנשאַפֿט, ביז איינשטיינען, פֿאָלגט אין זיינע טריט, — באַלאַנגט אויסדריקלעך אין דער קאַטעגאָריע פֿון זעלבסט־בילדונג.

עס איז בכן ניטאָ וואָס זיך צו שעמען. זעלבסטבילדונג איז די העכסטע מדרגה פון בילדונג. נאָר די מענטשן, וואָס זיינען פעאיק צו זיין מאַרטירער, קענען דערגרייכן צו אַזאַ שטופע.

„אין דברי־תורה מתקיימים אלא במי שממית עצמו עליה" — דאָס מיינט מען זעלבסטבילדונג.

זאָל מיך קיינער ניט חושד זיין, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן, כדי ווער עס איז זאָל מיך אַריינשטעלן אין דער ליסטע פון די באַרימטע מענטשן, וואָס זיינען פריער אויסגערעכנט געוואָרן. דאָס איז ווייט פון מיר. אַ מענטש, וואָס האָט שוין אָפּגעציילט 75 ווינטערן פון זיין לעבן, און וואָס איז דערצו אַ שריפטשטעלער שוין אַ האַלבן יאָרהונדערט — אַזאַ מענטש טוט ניט אַזעלכע זאַכן. אַ שריפטשטעלער איבערהויפּט איז דער לעצטער צווישן אַלע מענטשן, וואָס קען זיך באַרימען. איינס פון די צוויי: אָדער ער איז עפּעס, אָדער ער איז ניט. אויב ער איז עפּעס, וועלן דאָס אַלע און ער דאַרף זיך ניט באַרימען; אויב ער איז ניט, וועלן דאָס אויך אַלע און זיין באַרי־מעריי וועט אים ניט העלפן, מען קאָן אים צו פיל. און ווער האָט אים געבעטן אַרויפצולייגן אויפן טעלער אַלץ, וואָס איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין?

ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער דערשיינונג פון זעלבסט־בילדונג אין אונדזער קולטור, איז דאָס מחמת דער וויכטיקער ראָלע, וואָס די זעלבסטבילדונג שפּילט ביי אונדז.

אונדזער קולטור איז באמת אַרויסגעוואַקסן פון די טיפענישן פון דעם פאָלקסגייסט.

אויף זיך קען איך זאָגן: אַלץ, וואָס איך קען ניט, האָב איך אַליין געלערנט. מיין אומוויסנקייט איז דער רעזולטאַט פון זעלבסטבילדונג.

דאָס איז געשען אין אַ זומערדיקן שבת נאָך מיטאָג, אין דעם יאָר 1883 אָדער 1884, אין הירש־בער קאַמינסקיס הויז, אויף זלאַטע־גאַס.

מיר זיינען געווען פאַרזאַמלט, ווי געוויינלעך, אַ צאָל יונגע בחורים, בית־המדרשניקעס, אַלע נאָר וואָס באַקערטע אַפּיקורסים, וואָס די מייסטע פון זיי האָבן זיך געגרייט צו עקזאַמענעס. אַלע האָבן זיי געהאַט אומזיסטע לערער, יידישע סטודענטן, וואָס האָבן זיי געהאָלפן זיך צוצוגרייטן אויף אַריינצוטרעטן אין גימנאַזיע — דאָס הייסט אַלע, אַ חוץ מיר. איך בין געווען דער איינציקער בעל־מלאכה צווישן זיי, וואָס האָט ביי טאָג ניט געהאַט קיין צייט צו גיין צו קיין לערער, און וואָס פלעגט דערפאַר זיצן איינער אַליין ביי זיך אין הויז שפּעט ביי נאַכט, אָפט אַ גאַנצע נאַכט, ביי אַ חלבדיקן ליכטל, און זיך געראַנגלט מיט דער אומוויסנקייט, ניט וויסנדיק פון וועלכער זייט זי צום בעסטן אָנצוגרייפן און גובר צו זיין.

האָבן יענעם אָוונט עטלעכע פון אונדז, קאַמינסקיס געסט, זיך אָפּגע־טיילט אין אַ ווינקל פון הויז און גענומען שפּילן „אָב־בן".

דאָס איז אַ געוועט־שפּיל אין העברעאישע ווערטער. איינער פון דער חברה זאָגט אַרויס אַ העברעאיש וואָרט. דאָס וואָרט מוז זיין אַ וואָרט פון צוויי אותיות, ניט מער. נאָכדעם דערמאָנט אַ צווייטער אַן אַנדער וואָרט פון צוויי אותיות, אָבער דאָס ערשטע אות פון דעם צווייטן וואָרט מוז זיך אָנהייבן מיט דעם לעצטן אות פון דעם ערשטן וואָרט. צוויי מאָל דאָס זעלביקע וואָרט קען מען ניט געברויכן.

למשל:

איינער הייבט אָן מיט דעם וואָרט אָב (אַ פאָטער), אַ וואָרט פון די צוויי אותיות אלף און בית. זאָגט דער אַנדערער בן (אַ זון), אַ וואָרט פון צוויי אותיות: בית און נון. זאָגט דער דריטער דאָס וואָר נר (אַ ליכט), זאָגט דער פערטער רץ (ראַץ — געלאָפן); זאָגט אַן אַנדערער צר (ענג), אָדער צח (לויטער), אָדער צו (געבאָט). זאָגט יענער צר, ענטפערט מען רק (נאָר), ענטפערט מען קץ (אַן עק, אַ סוף); זאָגט מען צל (אַ שאָטן), ענט־פערט דער אַנדערער לך (גיי) אָדער לך (לעכאַ — צו דיר), ענטפערט מען כל (אַלץ) אאַז״וו. ביז עס שעפּן זיך אויס די ווערטער מיט צוויי אותיות. דאָס שפּילן באַשטייט אין דעם איבערצוחזרן וואָס מער ווערטער מיט דעם זעלביקן אות, כדי צו מאַכן עס שווער פאַר דעם קעגנער צו געפינען נייע ווערטער מיט דעם זעלביקן אות. איר זאָגט, למשל, דאָס וואָרט „נר" מיט אַ ריש צום סוף, זאָגט אייער קעגנער רץ (געלאָפן), ענטפערט איר צר (ענג), ווידער מיט אַ ריש, ענטפערט ער אייך רק (בייערט), כאַפּט איר ווידער קר (קאַלט), ווידער אַ ריש, זאָגט ער רם (הויך), כאַפּט איר מר (ביטער), זאָגט ער רז אַ סוד), זאָגט איר זר (אַ פרעמדער), און אַזוי ווייטער, אָן אַן עק. דאָס בעסטע איז, ווען איר קאָנט כאַפּן אייער קעגנער מיט וואָוו. אין העברעאיש זיינען דאָ נאָר עטלעכע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן אָדער ענדיקן זיך מיט אַ וואָוו.

ווען אייער קעגנער, למשל, זאָגט אייך דאָס וואָרט רץ (געלאָפן), גיט אים אַ זאָג צו (געבאָט), און ווען איר קאָנט דאָס טאָן עטלעכע מאָל, ווי לו מיט אַ וואָוו, אָדער קו (קאַוו) און אייער קעגנער ליגט אויסגעצויגן אַ באַ־זיגטער.

ביי דער שפּיל קומען אָפּט אַרויס שטרייטיקייטן וועגן דעם טייטש אָדער דאָס רעכט איבערצוזאָגן פאַרשיידענע ווערטער ווי דאָס וואָרט נא, למשל, וואָס דער טייטש פון דעם איז האַלב געבראָטן, וואָס עס מיינט אָבער אויך „איך בעט אייך". דאָס וואָרט „חם" איז פאַר אַלעם אַ נאָמען, פון שם, חם ויפת. דאָס וואָרט „חם" מיינט אויך וואַרעם און עס מיינט אַ שווער. שטרייטיקייטן

קומען אויך פאַר וועגן דעם, צי מען האָט דאָס רעכט צו געברויכן אַראַמייאישע ווערטער. דאָס וואָרט „אחד" (איינס) קען מען ניט געברויכן, ווייל עס באַשטייט פון דריי אותיות. איז אָבער פאַראַן אַ גמרא־וואָרט חד, וואָס מיינט דאָס זעלביקע און באַשטייט נאָר פון צוויי אותיות.

מיט איין וואָרט: „אָב־בן" איז אַ שפּיל, וואָס וואָלט ניט שטאַרק צונגעצויגן אַמעריקאַנער הײַ־סקול־ייִנגלעך.

זייַנען מיר אַזוי אַנגעגאַנגען מיט דער שפּיל אַ לאַנגע צייט, ביז איינער פון אונדז האָט אַ זאָג געטאָן: „זאָל זיין גענוג אָב־בן. איך וועל אייך געבן אַ זאַדאַטשע (אַן אויפגאַבע)". די זאַדאַטשע איז געווען אַ קינדערשע, אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַ געשעעניש.

וויפל איז איין דריטל, צוויי זעקסטל און דריי ניינטל ?

אין אַ סעקונדע האָב איך געענטפערט: איין דריטל, צוויי זעקסטל און דריי ניינטל, זייַנען צוזאַמען דריי דריטל, אָדער איינס. איך האָב געוואונען, אַלע האָבן מיר געפּאַטשט בראַוואָ, אָבער קיין גרויס נחת האָב איך פון דעם ניט געהאַט. מיין חבר האָט זיך ביי דעם ניט אָפּגעשטעלט. גוט, האָט ער געזאָגט, קאָנסטו מאַכן די „זאַדאַטשע" אויף פּאַפּיר ? קאָנסטו דאָס אויפשרייבן ?

איך בין געווען געפּלעפט.

איך האָב גענומען פּאַפּיר, אַ בלייפעדער, געדרייט אַהין און געדרייט אַהער — עס גייט ניט. אויף פּאַפּיר האָב איך די „זאַדאַטשע" ניט געקאָנט מאַכן. וואָס איז געווען די צרה ? וואָס האָט מיר געפעלט ?

היינט ווייס איך ווי אַנצורופן דאָס, וואָס מיר האָט דעמאָלט געפעלט, אָבער דעמאָלט האָב איך דאָס ניט געוואוסט. איך האָב געקענט רעכענען, שנעל רעכענען, איך האָב אפילו פאַרשטאַנען צו רעדוצירן מיינע ניינטלעך און זעקסטלעך צו אַ דריטל. דאָס האָב איך געטאָן אין גערדאַנק. אָבער דעם כלל פון אַ „קאָמאָן דענאָמינאַטאָר" האָב איך ניט געוואוסט. איך בין געווען ווי יענער כאַראַקטער אין מאָליערס קאָמעדיע, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן גערעדט פּראָזע און ער האָט דאָס ניט געוואוסט. איבערהויפּט האָב איך ניט געקענט די צייכנס, די פיגורן — אָדער זאָל איך זאָגן דעם אלף־בית — וואָס די מאַטעמאַטיק באַנוצט.

פון וואַנען האָב איך דאָס געזאָלט וויסן, אַז קיינער האָט דאָס מיר ניט געזאָגט ? האָב איך דערפאַר ניט געוואוסט ווי אַזוי מען שרייבט „פּראַקציעס" אויפן פּאַפּיר. דאָס איז פּונקט ווי איינער וואָס קען שיין זינגען, אָבער ער קען ניט שרייבן אָדער לייענען קיין נאָטן — די קלאַנגען וואָס ער קאָן אַזוי שיין אַרויסברענגען פון זיין מויל, קאָן ער ניט איבערגעבן מיט

צייכנס אויף פּאַפּיר. דאָס זעלביקע איז אמת מיט אַ מענטשן, וואָס קען ניט שרייבן. ער מעג קענען גאַנץ גוט רעדן, אָבער קיינער האָט אים ניט געוויזן ווי אַזוי איבערצוגעבן ווערטער אויף פּאַפּיר דורך אויפגעשריבענע צייכנס, וואָס מען רופט אותיות. מיט אַנדערע ווערטער, צו זאָגן: „צוויי מאָל צוויי איז פיר", איז איין זאַך, און אויפצושרייבן 4=2×2 איז גאַנץ אַן אַנדער ענין, הגם עס מיינט דאָס זעלביקע. דאָס איז די טעכניק פון דער אַריפמעטיק, וואָס איז געוואָרן אַנטוויקלט אין פאַרלויף פון אומצייליקע דורות, פּונקט ווי די שפּראַך־אותיות, און דאָס קאָן קיין שום מענטש אַליין ניט אויסקלערן. ער מעג זיין נאָך אַזוי קלוג.

דאָס האָט מיר מיט אַ מאָל געעפנט די אויגן איינצוזען, אַז עס זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס אַ מענטש מוז קענען און וויסן, וואָס ער קען זיך אָבער אַליין ניט אויסלערנען.

בין איך נאָך דער מעשה געגאַנגען שטילערהייט, וואָרעם איך האָב דערזען, אַז איך בין נאַקעט און איך האָב מיך געשעמט — און האָב מיר געקויפט אַ העברעאישן ביכל, וואָס האָט געהייסן: „חכמת התשבורת", צי אַן ענלעכן נאָמען, ד״ה די לערע פון פּראַקציעס, אָדער דראָב, ווי מען רופט פּראַקציעס אין רוסיש.

איך האָב זיך געבראַכן די ציינער אויף די „תשבורת", אָבער, צו זאָגן דעם אמת, איך האָב פון דעם גאָרניט אַרויסגעפונען. דער סוף איז געווען, אַז מיין חבר יוסף־בער קלעפּפיש, דער וואָס האָט געשטעלט די פראַגע, איז געוואָרן מיין לערער פון תשבורת פאַר 50 קאָפּיקעס אַ שעה. דאָס איז געשען פּונקט אַרום דער צייט, ווען מען האָט יוסף־בערן געהאַט אַרויסגעטריבן פון דער היים.

אַן אַנדער דערפאַרונג פון זעלבסטבילדונג האָב איך דורכגעלעבט אויף דעם געביט פון ליטעראַטור.

די ראָמאַנען און די דערציילונגען האָב איך, ווי שוין דערציילט, פאַרשלונגען ווי הייסן באָב, אָבער דאָס אַליין האָט מיך ניט באַפרידיקט. איך האָב געפילט, אַז ראָמאַנען אַליין זיינען ניט גענוג, האָב איך גענומען זוכן אַנדערע ביכער.

אין מיין געציעג נאָך ביכער, ניט וויסנדיק וואָס צו כאַפּן פריער און וואָס שפּעטער, האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן דעם „תעודה בישראל" פון ריב״ל (ר' יצחק־בער לעווינזאָן), דעם „מורה נבוכים" פון דעם רמב״ם און דעם „מורה נבוכי הזמן" פון רנ״ק (ר' נחמן קראָכמאַל). עס זיינען געווען אָט די דריי, וואָס צוזאַמען האָבן זיי מיך געפירט אויף דעם וועג, וואָס האָט מיר געעפנט די אויגן צו מיין אומוויסנקייט.

פֿאַר אַלעם איז דאָס געווען דער „תעודה בישראל״. מיט דעם בוך האָט עס מיר פּשוט אָפּגעגליקט, וואָס דאָס איז געווען דאָס ערשטע בוך. פֿאַר אַלעם האָב איך דאָס לייכט פֿאַרשטאַנען. די שפּראַך פֿון דעם בוך איז אַ לייכטע און אָנגענעמע און, די הויפּט־זאַך, דער אינהאַלט איז מיר געווען צום האַרצן, פּונקט וואָס איך האָב געזוכט. ריב״ל איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געזוכט אַ היתר אויף וועלטלעכער בילדונג און אויפֿקלערונג. מען האָט אים דערפֿאַר געגרופֿן: דער רוסישער מענדלזאָן. ער האָט געזוכט צו איבערצייגן די יידן, אַז וועלטלעכע בילדונג איז ניט קיין עבירה, אַז אין אַלע צייטן זיינען צווישן די באַרימטע יידן געווען גרויסע געלערנטע אין וועלט־לעכע קענטעניש, און דאָס האָט באין אופן ניט געשטערט זייער יידישקייט.

דריי זאַכן האָט ריב״ל געפּרעדיקט:

1. יידן זאָלן זיך אויסלערנען העברעאיש לויט דעם דיקדוק;
2. יידן זאָלן זיך אויסלערנען די לאַנדס־שפּראַך, און
3. יידן זאָלן זיך נעמען צו מלאכה און ערד־אַרבעט.

דאָס אַלץ האָט זיך אַזוי גוט אַריינגעפּאַסט אין מיין אייגענער פּראָגראַם, אַז בעסער האָב איך גאָר ניט געקענט ווינטשן. עפּעס ווי ריב״ל וואָלט מיר אַרויסגערעדט פֿון האַרץ.

דאָס וואָס ריב״ל האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פֿון „זשאַרגאָן״ איז ביי מיר ניט געווען קיין גרויסער חסרון. האָבן דאָך דעמאָלט אַלע יידן, ניט נאָר די משכּילים, ניט פֿיל געהאַלטן פֿון „זשאַרגאָן״. זיינען דאָך נאָך היינט דאָ יידן, וואָס דענקען אַזוי. וואָס האָב איך עס באַדאַרפֿט זיין קליגער פֿון אַלע יידן? די מאַמע מיינע האָט אַזוי אויך געטענהט, אַז איך וויל רק זיין קליגער פֿון דער גאַנצער וועלט . . .

זאָל דאָ, אַגב, דערמאָנט ווערן, אַז יצחק־בער לעווינזאָן האָט פֿאַרפֿאַסט אַ סאַטיריש ווערק אויף יידיש, „די הפקר־וועלט״, אָבער אַזוי ווי איך האָב פֿון דעם דעמאָלט ניט געוואוסט, האָט עס מיר ניט געשאַדט.

צו יענער צייט, אַרום 1882—1883, האָט זיך שטאַרק געקאָכט מיט דעם עלילת־דם (בלוט־בילבול) אין טיסזא, עסזטאַ, האָב איך זיך געכאַפּט צו דעם אפס־דמים (אַ סוף צו בלוט) פֿון ריב״ל, וואו עס ווערט באַוויזן מיט ראיות ברורות די פֿאַלשקייט פֿון דעם בלוט־בלבול. איך פֿערזענלעך האָב ניט באַדאַרפֿט קיין ראיות קעגן דעם בלוט־בלבול, אָבער די ראיות און באַווייזן אין יענעם בוך האָבן געשטאַרקט מיין פּאָזיציע, וואָס איך האָב פֿריער ניט געקענט פֿאַרטיידיקן.

זינט דער ערשטער לעקציע איבער דאַרוויניזם פֿון שמואל גרויקאָפּ, וואָס האָט מיך שטאַרק צעשרויפֿט, זיינען די צוויי ביכער פֿון ריב״ל געווען

די ערשטע ביכער, פון וועלכע איך האָב עפּעס געלערנט. איך קען ניט זאָגן, אַז די פריערדיקע ביכער — די ריינע ליטעראַטור־ביכער — האָבן מיר גאָר נישט געגעבן. דאָס וואָלט געווען ניט ריכטיק. יענע ביכער האָבן מיר געגעבן אַ ברייטן און ליבעראַלן בליק אויף דעם לעבן, זיי האָבן מיין גייסט אַרויסגעפירט פון דער געטאָ, וואו ער איז געווען איינגעשלאָסן, אָבער פּאָזיטיוו וויסן האָב איך צום ערשטן מאָל געקראָגן פון יצחק־בער לעווינזאָנס דערמאָנטע צוויי ביכער.

האָב איך זיך נאָכדעם געכאַפּט צו אַנדערע צוויי ביכער: דעם רנ״קס „מורה נבוכי הזמן״, און דעם רמב״מס „מורה נבוכים״.

דאָ האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אָן גרויסע שוועריקייטן. שוין מיין צוגאַנג איז געווען שלעכט אויסגערעכנט. איך האָב געוואוסט, אַז דער „מורה נבוכים״ פון רמב״ם איז אַ שווער בוך. האָב איך געקלערט — צוליב דער ענלעכקייט פון דעם נאָמען — אַז דער „מורה נבוכי הזמן״, וואָס איז דאָך געשריבן געוואָרן אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט, ד״ה כמעט אין אונדזער צייט, מוז עס זיין אַ מין פּירוש אויף דעם רמב״מס „מורה נבוכים״. האָב איך גענומען דאָס ביכל — וואָרעם עס איז ניט מער ווי אַ ביכל, וואָס איז קיינמאָל ניט פאַרענדיקט געוואָרן — און האָב געלייענט און געלייענט און געלייענט און האָב ניט פאַרשטאַנען איין וואָרט. עפּעס איז מיר די גאַנצע זאַך אויסגעקומען ווי טערקיש. אַפילו די ווערטער זיינען מיר געווען פרעמד.

אין אַ געוויסן זין איז מיין אָפּשאַצונג געווען אַ ריכטיקע. דער רנ״ק איז באמת געגאַנגען אויף דעם וועג פון דעם רמב״ם, אָבער דער „מורה נבוכי הזמן״ איז ניט געווען קיין שליסל פאַר דעם „מורה נבוכים״, און אויך ניט פאַרקערט. איך בין פון ביידע ניט קליגער געוואָרן. אין אָנהייב איז מיר דעם רמב״מס „מורה־נבוכים״ גראָד געווען געפעלן. איבערהויפּט, ווען דער רמב״ם טייטשט אויס געוויסע ווערטער אין דער תורה, וואָס מען רופט „האָמאָנימען״, ווי פסל, דמות, צלם, א״אַ. אָבער וואָס ווייטער איך האָב געלייענט, אַלץ ווייניקער האָב איך פאַרשטאַנען; וואָס טיפער איך האָב אַריינגעדרונגען אין דעם בוך, אַלץ מער האָב איך זיך פאַרפּלאָנטערט און אַלץ שווערער איז מיר געווען זיך אַרויסצופּלאָנטערן.

בין איך געגאַנגען צו פייגענבוימען אין דער האָפענונג, אַז איך וועל פון אים עפּעס דערגיין. פייגענבוים איז געווען מיט זעקס־זיבן יאָר עלטער פון מיר — ווען איך בין אַלט געווען 17 יאָר, איז ער שוין געווען אַרום 24 — ער האָט געקענט העברעאיש ניט אַן ערך בעסער פון מיר, האָב איך דערוואַרט צו קריגן הילף פון אים. די הילף איז ניט געקומען, וואָרעם וויפל האָט

פייגענבוים דעמאָלט געוואוסט פון אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע און דער פּטאָלאָמעאישער אַסטראָנאָמיע, מיט וועלכער דער רמב״ם האָט זיך באַשעפּטיקט, אָדער די העגעלשע פילאָזאָפיע, פון וועלכער דער רנ״ק האָט געזוכט אַרויסצופּרעסן באַווייזן פאַר דער יידישער רעליגיע?

סוף כל סוף בין איך אַליין דערגאַנגען די סיבות, פאַר וואָס איך האָב די צוויי ביכער ניט געקענט פאַרשטיין, אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן שפּעטער, נאָך שווערע מאַטערנישן און בלאָנדזשענישן אויף אומוועגן און בייוועגן.

דאָס זיינען די קרבנות, וואָס די זעלבסטבילדונג־געטין פאָדערט פון די, וואָס דינען צו איר.

# אַ נייע באַקאַנטשאַפט

דערווייל בין איך אַלט געוואָרן צווישן 17־18 יאָר. אין מיין געגנט האָב איך געהאַט אַ גרויסן שם, איך אַליין האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן משכיל. איך בין געווען דער איינציקער בעל־מלאכה צווישן די משכּילים, האָב איך פון זיך אַ סך געהאַלטן, הגם אין אמתן, האָב איך זייער ווייניק געוואוסט. פּונקט צו יענער צייט בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אַ גאַנץ נייעם סאָרט יידן. איך האָב שוין דעמאָלט געקענט פאַרשיידענע מענטשן, איבערהויפּט צווישן יידן, אָבער אַזאַ מין ייד ווי דער האָב איך ביז דעמאָלט ניט געהאַט באַגעגנט. ער איז געווען דער ערשטער פון אַ מין, און איך מוז זאָגן, אַז ער האָט מיך געמאַכט צו דענקען. ער האָט געמאַכט דעם ערשטן איבערברוך אין מיין געדאַנקען־גאַנג, וואָס איך האָב פאַרפאָלגט זינט איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט שמואל גרויקאָפּ. דער נאָמען פון דעם יידן איז געווען ר׳ שלמה הירשקאָפּ. צו יענער צייט איז דער ר׳ שלמה הירשקאָפּ אַלט געווען אַ יאָר 50. ביי מיר האָט עס דעמאָלט געהייסן, אַז ער איז אַן אַלטער מאַן. דאָס איז דער וועג, ווי אַזוי יונגעלייט קוקן אויף מיטל־יעריקע מענטשן.

באַקאַנט געוואָרן בין איך מיט דעם אַלטן הירשקאָפּ דורך זיין זון חיים. חיים פלעגט אַריינקומען צו ר׳ הירש־בער קאַמינסקי, דעם פּלאַץ, וואו די יונגע משכּילים פלעגן זיך צוזאַמענקומען און וואו ב. פייגענבוים איז געווען דער פירער. חיים איז געווען אַ משרת ביי ר׳ אליעזר פּריוועס, דער זון פון ישעיה פּריוועס, דער באַוואוסטער מיליאָנער און גערער חסיד. חיימס צוויי עלטערע ברידער האָבן שטודירט מעדיצין אין דעם וואַרשעווער אוניווערזיטעט, און זיין ייִנגערער ברודער איז געגאַנגען אין גימנאַזיע. פאַר וואָס חיים איז געוואָרן אַ משרת, ווייס איך ביז היינט ניט. געוואוינט האָבן די הירשקאָפּס אויף מוראַנאָוו, ניט ווייט פון אונדזער געגנט, בעת קאַמינסקי האָט געוואוינט אויף זלאָטע־גאַס, אַ גרויסער מהלך פון אונדז. האָט חיים צוגערעדט עטלעכע בחורים מיר זאָלן קומען צו אים אַהיים. מיר האָבן געוואוסט, אַז זיין פאָטער איז אַ גרויסער משכיל, האָבן מיר זיך אָנגעכאַפּט אָן דער איינלאַדונג. אַזוי אַרום בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דעם אַלטן

הירשקאָפּ, און איך האָב ניט קיין חרטה אויף דעם, הגם די ערשטע צייט איז דער „אַלטער" געווען אַ רעטעניש פאַר מיר.

ביז אים האָב איך נאָר געקענט דריי מינים יידן, ד"ה די וואָס איך האָב געקענט האָבן זיך פאַרטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס. דריי מענטשן האָבן פאַר מיר רעפּרעזענטירט אָט די דריי קאַטעגאָריעס. זיי זיינען געווען: ר' שמאי שניצער, מיין באַלעבאָס, נח דער פורמאַן און שמואל גרויקאָפּ. ר' שמאי שניצער איז געווען אַ ייד אַ חסיד, וואָס האָט געלייגט צוויי פּאָר תפילין יעדן טאָג און האָט זיך איבערהויפּט געפירט על־פּי כתבי האר"י (לויט די פאָרשריפטן פונם באַוואוסטן מקובל דער אר"י). נח דער פורמאַן איז געווען אַ פרומער ייד אַ מתנגד, וואָס האָט קוים־קוים געקענט אַ פּרשה חומש, אָבער ער האָט ליב געהאַט צו דאַוונען פאַר דעם עמוד און צו לייענען אין דער תורה. ער האָט געהאַט אַ שיינע שטימע און אין שלמה דעם גבאיס מתנגדישער שול איז ער דער הויפּט־בעל־תפילה און בעל־קורא. דער דריטער מין ייד, וואָס כ'האָב געקענט, איז געווען רעפּרעזענטירט פון מיין ערשטן לערער שמואל גרויקאָפּ. ער איז געווען אַ גרויסער העברעער, אַ געלערנטער און אַ גרויסער אַפּיקורס. מיט אַנדערע ווערטער איך האָב געקענט דריי מינים יידן: חסידים, מתנגדים און אפּיקורסים.

עס זיינען נאָך געווען אַנדערע מינים, וואָס האָבן ניט באַלאַנגט צו קיין איינער פון די דריי קאַטעגאָריעס. אַזוי האָבן זיי געמיינט. אָבער אין אמתן זיינען זיי געווען איינע פון די אויבנאויסגערעכנטע. עס זיינען, למשל, געווען די שניצער־געזעלן פון איין זייט און די לערנקינדער פון דער צווייטער זייט. די ערשטע, ד"ה די שניצער־געזעלן, האָבן זיך אַלע באַטראַכט פאַר קינסטלער, הגם זיי האָבן קיין שום באַגריף פון קונסט ניט געהאַט. זיי זיינען נאָר געווען גוטע בעלי־מלאכות אין זייער פאַך. און דערפאַר, אַלס קינסטלער, האָבן זיי געערדט פּויליש און האָבן זיך גענומען רעליגיעזע פרייהייטן, און צוליב דעם אַליין האָבן זיי זיך גערעכנט פאַר אַ העכערן מין מענטש. פון דער צווייטער זייט זיינען געווען די פרומע לערנקינדער, די בית־המדרשניקעס, וואָס האָבן באַלאַנגט אי צו די חסידים, אי צו די מתנגדים. אָט די צוויי סאָרטן האָבן אַלזאָ ניט פאָרגעשטעלט קיין באַזונדערע קאַטעגאָריעס. די שניצער־געזעלן איבערהויפּט זיינען ניט געווען עכט.

איך האָב בכן נאָר געקענט די דריי אויבן אויסגערעכנטע קאַטעגאָריעס. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דאָס יידישע לעבן צו יענער צייט איז ניט געווען אַזוי קאָמפּליצירט, ווי עס איז היינט. עס איז געווען פיל איינפאַכער. מיר האָבן נאָך ניט געהאַט די אַלע פּאַרטייען און פאַרטייעלעך, אידעען און

אידעעלעך. עס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, נאָך פאַר „מתן־תורה", און עס איז נאָך געווען פינצטער אין דעם יידישן לאַגער. דאָס ביסל השכלה אויף העברעאיש האָט דערגרייכט אַ באַשרענקטע צאָל מענטשן. דאָס העברעאיש פון יענער צייט איז באַשטאַנען מערסטנס פון מליצה. עס איז נאָך ניט געווען קיין ציוניסטישע באַוועגונג, און אויך ניט קיין שום נאַציאָנאַלע באַוועגונג. דוד פרישמאַן, אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אין דעם יאָר 1883, דערציילט, אַז אַ גרויסער רב האָט אים געפרעגט, וואָס מיינט דאָס וואָרט „לאומיות" (נאַציאָנאַליזם). ד"ר פינסקערס „אויטאָעמאַנציפּאַציע" (זעלבסטבאַפרייאונג) איז נאָר וואָס געהאַט דערשינען און דער עולם האָט נאָך זייער ווייניק דערפון געוואוסט. דער גרויסער יידישער עולם האָט איבערהויפּט פון קיין זאַך ניט געוואוסט. קיין יידישע ליטעראַטור איז אייגנטלעך נאָך אויף דער וועלט ניט געווען. שלום־עליכם און פּרץ זיינען נאָך ניט געווען אויפגעקומען, און די, וואָס זיינען שוין געווען, ווי, למשל, מענדעלע, האָט דער עולם זייער ווייניק געקענט.

עס איז ניט געווען קיין סימן פון קיין אַרבעטער־באַוועגונג, און אַוודאי האָט מען ניט געהערט פון קיין סאָציאַליזם, אפילו ניט פון דעם וואָסערדיקן „עטישן" סאָציאַליזם. מען האָט איבערהויפּט ניט געהערט פון קיין שום סאָציאַלע פראַגן. אויגנשיינלעכע סאָציאַלע אומגערעכטיקייטן האָט מען פאַרענטפערט מיט דעם פּסוק: „רשע וטוב לו, צדיק ורע לו" (דעם רשע גייט עס גוט און דעם צדיק גייט עס שלעכט), און מען איז געווען צופרידן. מיט איין וואָרט, עס איז נאָך ניט געווען קיין סימן פון די אַלע באַוועגונגען, פון וועלכע מען הערט היינט. אמת, מען האָט עפּעס יאָ געהערט פון ניהיליסטן, אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען רשעים, אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן זיך פאַרלייגט דווקא אויף דעם קייזער, דעם מלך חסד, ווי עס איז געווען דער קייסער אַלעקסאַנדער דער צווייטער, און עס האָט זיך זיי טאַקע איינגעגעבן אים צו דערהרגענען.

וואָס איז מיט דער יידישער קולטור? אַזאַ וואָרט האָט מען גאָר ניט געהערט. מיר שיינט, אַז אַזאַ וואָרט איז נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, זיכער ניט אין מיין געגנט. די איינציקע פאָרגעשריטענע, ליבעראַלע און פּראָגרעסיווע מענטשן, אַזוי האָב איך געמיינט, זיינען געווען די אפּיקורסים. ציוויליזאַציע און פּראָגרעס איז באַשטאַנען אין דעם, אַזוי האָב איך געמיינט, ווען מען באַפרייט זיך פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, און טאַקע צוליב דעם בין איך דאָס געווען אַזוי געהויבן ביי זיך. איך האָב געמיינט, אַז איך באַזיץ דעם אמתן פּראָגרעס. עס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס זיין אַן אַפּיקורס וועט נאָך ניט זיין קיין סימן פון פּראָ־

גרעס. איך האָב גאָר ניט געטראַכט, אַז מען קען זיין אַ גרויסער אַפּיקורס און אַ גרויסער סאָציאַלער רעאַקציאָנער. איך האָב זיכער ניט געטראַכט פון אַ צייט, ווען גרויסע אַפּיקורסים וועלן פרעדיקן רעליגיע צוליב קיום־האומה אָדער צוליב עפּעס אַנדערש . . . ווי מיר זעען דאָס היינט.

ר׳ שלמה הירשקאָפּ איז דערפאַר געוועזן ביי מיר אַ נייער מין ייד מיט דעם, וואָס ער האָט ניט באַלאַנגט צו קיין איינער פון די קאַטעגאָריעס, וואָס איך האָב פריער אויסגערעכנט. ער איז געוועזן ניט קיין חסיד, ניט קיין מתנגד און ניט קיין אַפּיקורס. איבערהויפּט איז ער ניט געווען קיין אַפּיקורס. אָבער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנץ אַנדערן מענטשן. הערנדיק, אַז צוויי פון זיינע זין גייען אין אוניווערזיטעט, אַ דריטער גייט אין גימנאַזיע און אַז ער אַליין איז אַ גרויסער העברעער און שרייבט זיך איבער מיט דעם באַרימטן יעקב רייפמאַן, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָ וועל איך באַ־קאַנט ווערן מיט אַן אמתן משכיל און אַן אמתן אַפּיקורס. אָבער ווי דער־שטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דערזען פאַר זיך אַן איינפאַכן און שטילן יידן, אָן שום פּרעטענזיעס. דאָך האָט די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף מיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג — איך קען זאָגן ביז אויף דעם היינטיקן טאָג . . .

ר׳ שלמה הירשקאָפּ איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געקענט גוט לערנען און איז געווען אַ גרויסער העברעער. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ זעלטנקייט. די גרויסע למדנים, לכל הפּחות אין וואַרשע, האָבן זייער זעלטן געקענט העברעאיש. עס מעג אויסקוקן ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער די יידן פון מיין צייט, און אפשר אויך פון היינטיקער צייט, האָבן מורא געהאַט צו לאָזן זייערע קינדער לערנען תנ״ך. ר׳ שלמה הירשקאָפּ איז געווען אַן אויסנאַם, און פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גרויסע רעטעניש. ער איז, דאַכט זיך, אַ גרוי־סער משכיל, אָט שיקט ער דאָך זיינע זין שטודירן, און ער אַליין איז אַ העב־רעער, אָבער ווי קומט ער צו זיין אַ פרומער ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע? איך האָב עס גאָר ניט געקענט פאַרשטיין, ווי קומט אַ פרומער ייד צו שיקן זיינע קינדער אין אוניווערזיטעט, אָדער ווי קומט איינער, וואָס שיקט זיינע זין אין אוניווערזיטעט, צו זיין אַ פרומער ייד?

דאָס רעטעניש איז מיר אויפגעקלערט געוואָרן אומגעריכטערהייט. און געטאָן האָט דאָס טאַקע ר׳ שלמה הירשקאָפּ אַליין.

איין מאָל, דאָס איז געווען אַ שבת נאָך מיטאָג, ווען איך בין געקומען צו מיין חבר אַהיים, האָב איך געפונען דעם אַלטן שפּילן אין שאָך. וואָס איז דאָס? ווי קומט אַ פרומער ייד צו שפּילן אין שאָך אום שבת? איך האָב זיך שטאַרק געוואונדערט, אָבער איך האָב גאָר ניט געזאָגט. איך האָב ניט

געוואַגט צו פרעגן. עס איז נאָך געווען די צייט, ווען די יונגע האָבן געהאַט דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן מענטשן. דער אַלטער אָבער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך וואונדער זיך, האָט ער מיך ניט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף קיין ענטפער. ער האָט זיך אויפגעהויבן גאַנץ געלאַסן, איז זיך פאַמעלעך צוגע־גאַנגען צו זיין ספרים־שאַפע און פון דאָרט אַרויסגענומען עפּעס אַ ספר. איך געדענק ניט מער וואָס פאַר אַ ספר דאָס איז געווען. מיר שיינט, אַז דאָס איז געווען די תשובות פון דעם רמ״א (ר׳ מאיר איסערלעס). ער האָט אַ ביסל געבלעטערט אין דעם ספר, ביז ער האָט געפונען די שטעלע. דאַן האָט ער מיך געלאָזט לייענען, און דאָרט איז געשטאַנען בפירוש געשריבן, אַז אין שאַך מעג מען שפּילן אום שבת, ווייל עס איז אַ שפּיל און ניט קיין מלאכה. ביי דער געלעגנהייט האָט ער מיר שוין דערקלערט, אַז ער האַלט ניט פון קיין שום נאַרישקייטן, אָבער ער היט אָפּ אַלע מצוות, וואָס שטייען בפירוש געשריבן אין אַ וועלכן עס איז ספר. „אַ מענטש", האָט ער מיר דער־קלערט, „דאַרף ניט איבעררייסן מיט זיין עבר, אָבער ער דאַרף זיין גרייט פאַר נייע זאַכן, אַז ניט וועלן מיר קיינמאָל ניט גיין פאַראויס. מען מוז האַלטן די פענצטער אָפן, עס זאָל אַריין פרישע לופט".

איך בין ניט אין גאַנצן געווען איינשטימיק מיט אים. איך האָב גע־האַלטן, און איך האַלט נאָך היינט, אַז דער פּראָגרעס גייט צו אויף אַן אַנדער אופן. עוואָלוציע — אַוודאי, אָבער די עוואָלוציע קומט צו אַ פּונקט, ווען זי מוז מיטאַמאָל איבעררייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, און דאָס טוט זי דאַן מיט אַנטשלאָסנקייט. איך מיין ניט קיין רעוואָלוציע מיט בלוט־פאַר־גיסונג און אַזוי ווייטער. דעם סאָרט רעוואָלוציעס מאַכן די, וואָס ווילן אויפהאַלטן דאָס אַלטע, ווי, למשל, עס איז געווען די אינקוויזיציע. עס זיינען געווען די, וואָס האָבן געוואָלט אָנהאַלטן דאָס אַלטע, וואָס זיינען באַגאַנגען מאָרדן. איך מיין, אַז דער פאָרשריט מוז אויסרייניקן דאָס שפּיגוועב מיט אַנטשלאָסנקייט, און ערשט נאָכדעם ווי דאָס מיסט איז געוואָרן אויסגערייניקט מוז מען זיך ווידער נעמען צו דעם, וואָס איז שיין אין דער טראַדיציע . . . אָבער דער געדאַנק, אַז מען דאַרף ניט איבעררייסן מיט דעם עבר, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָס האָט צום ערשטן מאָל אַ ביסל פאַרגלעט אין מיר די הויכע שפּיצן פון גרויקאָפּס אַפּיקורסות.

דער דאָזיקער געשפּרעך, מיט מיינע אייגענע אויסטייטשונגען, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן נאָר וואָס, האָט מיר געדינט ווי אַ וועגווייזער אויף מיין גאַנצן לעבן.

דעם געדאַנק האָב איך צו פאַרדאַנקען ר׳ שלמה הירשקאָפּן. מען דאַרף ניט איבעררייסן מיט דעם עבר.

די באַקאַנטשאַפט מיט דעם הויז פון הירשקאָפּ איז פאַר מיר געווען וויכטיק צו יענער צייט נאָך צוליב אַן אַנדער זאַך. דאָרט בין איך צום ערשטן מאָל באַקאַנט געוואָרן מיט דעם געפיל פון ליבע. ניט וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין באַקאַנטשאַפט מיט מיידלעך. אַזאַ צדיק בין איך ניט געווען. אָבער דאָס געפיל פון ליבע איז אַן אַנדער זאַך. מיין ערשטע פּראָבע אויף דעם געביט איז געווען ביי דעם אַלטן הירשקאָפּ אין הויז. דאָרט בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט גוטשען. איר יידישער נאָמען איז געווען גאָלדע. זי איז געווען שיין, שלאַנק און חנעוודיק. אַז זי איז געגאַנגען אויף דער גאַס, האָט מען איר נאָכגעקוקט, אַזאַ שיק האָט זי געהאַט. עס איז געווען אַ פאַר־געניגן מיט איר צו פאַרברענגען. זי איז אויך געווען אינטעליגענט, האָט גערעדט אַ ריינעם פּויליש און איז געווען באַהאַוונט אין דער פּוילישער ליטעראַטור. זיי איז געווען אַ בייטאָרין פון ווייסע וועש. זי איז געווען אַ חברטע פון הירשקאָפּס אַ טאָכטער. צוויי יאָר לאַנג האָבן מיר געבויט לופט־שלעסער. עס איז אויך געווען פיל עגמת־נפש. זי האָט געהייסן גאָלדע און מיין מאַמעס נאָמען איז געווען חיה־גאָלדע. און ביי יידן, ווייסט איר דאָך, טאָר אַ שנור און אַ שוויגער ניט הייסן דעם זעלביקן נאָמען. דאָס איז אָבער אַן אָבערגלויבן, און מיר אַליין האָבן זיך וועגן דעם ניט געקימערט, אָבער וואָס וועט די מאַמע זאָגן? וואָס וועלן מענטשן זאָגן?

דאַן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיין חבר אברהם־פּינחס האָט זיך געפּוצט צו איר שוין פון פריער. זי האָט געאַרבעט ביים אַברהם־פּינחסעס מוטער און איך האָב פון דעם ניט געוואוסט. אָבער מיר האָבן געמיינט, אַז מען וועט דאָס אַלץ אַריבערקומען. מיר האָבן זיך געשוואָרן אייביקע ליבע. אָבער פון דעם אַלץ איז גאָרניט אַרויסגעקומען. צוויי יאָר שפּעטער, ווען איך בין אַוועק אין מיליטער, האָט זי גאָר ניט לאַנג געוואַרט אויף מיר און האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן, אפילו ניט מיט אברהם־פּינחסן. די אורזאַך פון דעם ווייס איך ניט. איך האָב מיט מיין חבר קיין מאָל דערפון ניט גערעדט, אפילו ניט שפּעטער, ווען ער האָט מיר געשיקט אַ שיפסקאַרטע צו קומען קיין אַמעריקע.

גוטשע האָט לאַנג ניט געלעבט. ווען איך בין געקומען אַהיים פון מיליטער, איז זי שוין געווען געשטאָרבן. תנצב״ה.

# אַ באַזוך ביי די מיסיאָנערן

לאָמיר אייך אויסזאָגן אַ סוד. אַצינד מעג מען שוין דערציילן. דער סוד באַשטייט אין דעם, וואָס איך פלעג זייער אָפט אָפּנאַרן דער מאַמען.

דאָס איז מיר געלונגען אַ לאַנגע צייט, ביז — ביז ס׳האָט געפּלאַצט. ווי זאָגט דאָרט דאָס שפּריכוואָרט ? אַזוי לאַנג גייט מען מיט דעם קריגל צום וואַסער, ביז דאָס אויערל ברעכט זיך אָפּ. די נאַרעריי איז באַשטאַנען אין דעם : שבת און יום־טוב פלעג איך אַוועקגיין אין דער פרי, און בין געקומען אַהיים פונקט ווען דער עולם איז געגאַנגען פון שול פון צווייטן מנין. געהייסן האָט עס, אַז איך גיי אין שול אַריין, אָבער איך בין אין שול ניט געגאַנגען. וואו בין איך געווען ? מייסטנס פלעג איך גיין אין קראַשינסקיס גאָרטן אַריין. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט עטלעכע אויסגעלאַסענע יונגען ווי איך בין געווען, מיר האָבן געשמועסט פון ליטע־ראַטור, פון העברעאיש, פון יידישער געשיכטע און נאָך אַזעלכע זאַכן. טייל מאָל פלעג איך גיין אויף דער קראָקאָווער פּאָרשטאָט, לעבן מאָסטאָווער גאַס. דאָרט איז געווען אַ קריסטלעכע קאַוויאַרניע, וואו מענטשן פון מיין שטייגער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען שפּילן שאָך און רויכערן פּאַפּיראָסן אום שבת.

איך האָב אין שאָך ניט געשפּילט. איך האָב ניט געקענט. אָבער רויכערן פּאַפּיראָסן אום שבת האָב איך יאָ געקאָנט. בין איך געזעסן און גערויכערט און צוגעקוקט ווי אַנדערע שפּילן. אַהיים געקומען בין איך פונקט אין צייט צום טשאָלנט, ד״ה, ווען מען גייט פון צווייטן מנין. איין מאָל אָבער בין איך אַריינגעפאַלן : עס איז געווען אַ שבת, ווען מען בענטשט ראש־חודש. די מאַמע איז געווען פאַרקעלטערט און האָט ניט געקאָנט גיין אין שול אַריין צו ראש־חודש בענטשן. איז זי געזעסן און געוואַרט אויף מיר אויסצוגעפינען, ווען עס איז ראש־חודש. איך האָב פון קיין זאַך ניט געוואוסט. די גאַנצע זאַך איז מיר אפילו אין זינען ניט געלעגן. אַזוי שנעל ווי איך בין אַריינגעקומען, האָט די מאַמע געפרעגט : יאַנקל, ווען איז ראש־חודש ? אָבער איך האָב זיך ניט פאַרלאָרן. שנעל ווי אַ בליץ האָב איך געענטפערט : מאָנטיק און דינסטיק. די מאַמע האָט געבענטשט

ראש־חודש, ווי עס דאַרף צו זיין, און אַלץ איז געווען גוט. אַזוי האָט עס אויסגעזען. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט איין טאָג. אויף צו מאָרגנס, ווען די מאַמע איז געקומען אין גאַס אַריין, האָט זי אויסגעפונען, אַז ראש־חודש איז נאָר איין טאָג, און דער טאָג איז ניט מאָנטיק און ניט דינסטיק. נו, נו, וואָס פרעגט איר? עס האָט זיך געטאָן חושך. די מאַמע האָט געהאָט אַ גרויסן וואָפּן קעגן מיר, וואָס האָט מיך געמאַכט הילפלאָז: זי האָט געוויינט. וואָס האָב איך געקענט טאָן קעגן דעם? איך האָב דאָך ניט געקאָנט צוריק וויינען, און דאָס האַרץ איז מיר אויסגעגאַנגען פאַר דער מאַמען. איבערהויפּט בין איך געווען שולדיק, וואָס איך בין אַמאָל געווען אַ גוט קינד, „אַז גאָט און לייט האָבן זי מקנא געווען". אָט פון דעם האָב איך זיך גאָר ניט געקענט אויסצאָלן: איך בין אַמאָל געווען אַ גוט קינד. פון דעם האָב איך געליטן מיין גאַנץ לעבן. פון דעם לייד איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג. וואָס איך זאָל ניט טאָן, געפינט זיך אַלע מאָל ווער עס איז, וואָס קען ניט פאַרשטיין, ווי קום איך צו טאָן אַזאַ זאַך. אפילו היינט פרעגט מען מיך: ווי קומט דאָס, וואָס איך באַלאַנג צו די לינקע? זיי פרעגן ניט ווי קומען זיי צו באַלאַנגען צו דער פאַרקערטער זייט. שולדיק בין איך. מיט דער צייט וועלן די מענטשן, אַזוי האָף איך, אויסגעפינען, ווי אַזוי איך קום אויף דער זייט, וואו איך בין איצט.

אָבער ניט דאָס בין איך איצט אויסן. איך האָב נאָר דערציילט די גאַנצע מעשה צוליב גאָר אַן אַנדער זאַך, וואָס שיינט מיר צו זיין וויכטיקער.

די זאַך איז די:

געשען איז דאָס אַרום די יאָרן 1884—1885. איך געדענק ניט גענוי. עס איז געווען אין אַ זונטיק, און עס איז געווען עפּעס אַ יידישער יום־טוב, ד"ה איך האָב באַדאַרפט גיין אין שול אַריין. האָב איך זיך אויסגעפּוצט אַזוי גוט, ווי איך האָב נאָר געקענט, און בין אַוועק אין „שול" אַריין, ווי עס דאַרף צו זיין.

אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס, האָב איך באַגעגנט מיין חבר אברהם־פינחסן. „וואו גייסטו?", האָט ער מיך געפרעגט. „וואו זאָל איך גיין? אין שול אַריין", האָב איך געענטפערט מיט אַ שמייכל. „און וואו גייסטו?", האָב איך געפרעגט. „אויך אין שול אַריין", האָט ער געזאָגט, און מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט. „טאָ לאָמיר גיין צוזאַמען", האָב איך געענטפערט. נאָכדעם האָט אברהם־פינחס מיר דערציילט, אַז ער גייט אויף כלאָדנע־גאַס, צו די מיסיאָנערן.

„וואָס עפּעס צו די מיסיאָנערן? ביסט משוגע, צי וואָס?", האָב איך געפרעגט.

האָט ער מיר דערציילט, אַז ער גייט צו די מיסיאָנערן, ווייל ער וויל זען, צי עס איז אמת, וואָס מען האָט אים דערציילט, אַז דער פעלדשער סעגאַל פון סמאָטשע־גאַס גייט צו די מיסיאָנערן. דער דאָזיקער פעלדשער סעגאַל האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ פרומען יידן. ער איז טאַקע געגאַנגען „דאַטש" געקליידט, אָבער ער איז אַלע טאָג געגאַנגען אין שול אַריין. זיין ווייב האָט געטראָגן אַ שייטל און האָט געבענטשט ליכט. האָט אברהם־פינחס געהערט, אַז דער דאָזיקער פעלדשער סעגאַל גייט אַלע זונטיק צו די מיסיאָנערן און פרעדיקט דאָרט. וויל ער הערן, וואָס דער פעלדשער האָט צו זאָגן.

איז מיר געוואָרן די זאַך אינטערעסאַנט. איך האָב געקענט דעם דאָזיקן פעלדשער. די מאַמע האָט אים אויך געקענט, און זי פלעגט מיר כסדר שטעכן די אויגן מיט דעם פעלדשער סעגאַל. „נאַ זע", פלעגט זי זאָגן, „אַ ייד אַ ‚דאַטש', אַ פעלדשער, און איז אַ פרומער ייד. וואָס דען, ווערן אַ גוי, ווי דו ?"

„אַז דו ווילסט", האָב איך געזאָגט אברהם־פינחסן, „וועל איך מיטגיין".

„אַדרבה", האָט ער געענטפערט, „איך האָב טאַקע געזוכט איינעם, וואָס זאָל מיטגיין, אָבער איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו וועסט וועלן מיטגיין".

האָבן מיר ביידע זיך אַוועקגעלאָזט אויף כלאָדנע־גאַס, צו דעם הויז פון די מיסיאָנערן.

דער גאַנג האָט זיך אָנגעהויבן פון וואָלינסקע־גאַס צו כלאָדנע, אָבער ער האָט זיך דאָרט ניט געענדיקט. ער האָט געפירט אַ סך ווייטער. ער האָט געפירט צו דעם הויפּט־מיסיאָנער מר. ליפלאַנד; ער האָט געפירט צו אַ דיסקוסיע מיט דעם הויפּט־מיסיאָנער; ער האָט געפירט צו אַ לעבנסלענגלעכער פריינדשאַפט מיט זייער אַן אָנגעזעענעם מאַן, וואָס איז מיט אַ סך יאָרן שפּעטער געוואָרן דער טרעזשורער פון די ציוניסטן אין לאָנדאָן; ער האָט געפירט צו אַ באַקאַנטשאַפט מיט נאָך איינעם, וואָס איז נאָכדעם געוואָרן אַן אַרבעטער־פירער אין ניו־יאָרק.

נאָר לאָמיר ניט כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ. לאָמיר דערציילן די מעשה מיט אַ סדר. געגאַנגען זיינען מיר צו הערן, וואָס דער פעלדשער סעגאַל האָט צו זאָגן, אָבער געפונען האָבן מיר דאָרט מער. ווי מיר האָבן דערוואַרט.

די מיסיאָן, ווי שוין געזאָגט, איז געווען אויף כלאָדנע־גאַס, ניט ווייט פון טוואַרדע־גאַס. דאָס גאַנצע הויז איז באַשטאַנען פון איין לאַנגן צימער אויף דעם ערשטן שטאָק, מיט בענקלעך אויסגעשטעלט פאַר דעם עולם צו זיצן, מיט אַ קליינעם עמוד. דאָרט האָבן די מיסיאָנערן אָנגעפירט זייער „גאָטעס־דינסט". ווען מיר זיינען אַריינגעקומען, האָט מען אונדז אויפגע־

נומען בכבוד־גדול. מען האָט אונדז באַלד דערלאַנגט יעדן אַ געבעט־ביכל און מען האָט אונדז אָנגעוויזן, וואו זיך צו זעצן. מיין חבר איז דערהויפּט געווען פאַראינטערעסירט אין דעם פעלדשער סעגאַל, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף די קני און געפּרעדיקט. ער האָט דערציילט, אַז ישוע הנוצרי, דאָס הייסט יעזוס קריסטוס, איז דער אמתער זון פון גאָט און אַז זיין פאָטער אין הימל האָט אים אַראָפּגעשיקט אויף דער זינדיקער וועלט, ער זאָל אויסלייזן די מענטשהייט פון זייערע זינד דורך זיינע אייגענע ליידן. דערפאַר איז ער געוואָרן געקרייציקט. ער האָט אויך געזאָגט, אַז די יידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד און זיינען געוואָרן צעזייט און צעשפּרייט פאַר זייערע זינד, און אַז זיי וועלן ווערן אויסגעלייזט פון גלות, און גאָט וועט זיי מוחל זיין אַלע זייערע זינד, ווען זיי וועלן איינזען, אַז יעזוס קריסטוס איז דער אמתער משיח. ניט פריער.

דאָס זיינען געווען פאַר מיר גאַנץ נייע רייד, וואָס האָבן בשום אופן מיר ניט געוואָלט אַריין אין קאָפּ. אַוודאי האָב איך געוואוסט פון קריסטנטום. דאָס איז דאָך אוממעגלעך ניט צו וויסן. אָבער די גאַנצע אזוי גערופענע „פילאָזאָפיע", אַז יידן וועלן דערלייזט ווערן פון גלות, אַזוי שנעל ווי זיי וועלן נעמען גלויבן אין יעזוס קריסטוסן, איז מיר ניט געקראָכן אין קאָפּ. אַדרבה, איך בין געוואָרן בייז, שרעקלעך בייז, הערנדיק אַזעלכע ווערטער. איך האָב געקענט פאַרשטיין, אַז מען וועט אויפהערן צו פאַרפאָלגן יידן, אויב זיי וועלן אַלע ווערן אויס יידן. אַזאַ זאַך וואָלט געווען מעגלעך, ווען עס וואָלט געווען מעגלעך, אַז אַלע יידן זאָלן אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. עס וואָלט איינפאַך ניט געווען וועמען צו פאַרפאָלגן. אָבער איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי יידן וועלן אויפהערן צו ליידן אַלס יידן, בלייבנדיק יידן, און ווי אַזוי קענען זיי אויפהערן צו זיין יידן.

און נאָך אַ זאַך האָב איך ניט געקענט פאַרשטיין. אויב עס איז אמת, האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז יעזוס האָט אויסגעלייזט די מענטשן פון זייערע זינד, פאַר וואָס האָט ער שוין פאַר איין וועגס ניט אויסגעלייזט די יידן פון זייערע זינד? פאַר וואָס זיינען די יידישע זינד געבליבן? פאַר וואָס מוזן די יידן נאָך אַלץ ליידן?

איבערהויפּט בין איך געווען בייז אויף דער היפּאָקריטסטווע פון דעם גאַנצן אַרגומענט: געהערט אַ מעשה: די קריסטן פאַרפאָלגן אונדז; זיי מאַכן פּאָגראָמען; זיי נעמען אָן ספּעציעלע געזעצן קעגן אונדז; זיי יאָגן אונדז; זיי פּלאָגן און שלאָגן אונדז; און שולדיק זיינען מיר, ניט זיי. מיר ליידן פון זיי, און זיי זיינען ריין פון זינד. יעזוס איז געשטאָרבן זיי אויסצולייזן, אונדז ניט. זיי טוען נאָר גאָטס רצון.

דער גאַנצער אַרגומענט האָט מיך געמאַכט בייז. איך האָב געברענט פון כעס. דאָס הייסט: ניט דער גנב איז שולדיק, נאָר דער, וועמען מען האָט באַגנבעט. ווי קאָנען מענטשן אָנגעבן אַזאַ נאַרישן אַרגומענט?

איבערהויפּט האָט מיך פאַרדראָסן צו הערן אַזעלכע רייד פון אַ ייד, איך וואָלט אים צעריסן אויף שטיקלעך, דעם פעלדשער, ווען איך וואָלט געקענט. ווי קומט אַ ייד נאָכצוזאָגן אַזעלכע נאַרישקייטן?

נאָך מער פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער זאַך בין איך געוואָרן, ווען איך האָב דאָרט באַמערקט דריי יידישע יונגעלייט, אין לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די קני און האָבן מתפּלל געווען. איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן אָן דעם פעלדשער. דער אינטערעס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף די דריי.

ווער זיינען די דריי יונגעלייט? איינעם, האָט זיך מיר געדוכט, האָב איך ערגעץ־וואו געזען. וואו האָב איך אים באַגעגנט? שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך האָב אים ווירקלעך געזען אין דער טלאָמאַצקער־ביבליאָטעק. ער האָט מיך אויך געקענט פון דאָרט. האָט מיך נאָך מער פאַרדראָסן *).

באַלד נאָך דער צערעמאָניע זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען מיט די דריי בחורים. זיי האָבן אונדז געזוכט ניט ווייניקער ווי מיר האָבן זיי געזוכט. אָבער מיר האָבן געהאַט באַזונדערע צוועקן. די בחורים זיינען געווען גאַנץ ערנסט אין זייער גלויבן. זיי האָבן געגלויבט באמונה שלימה, אַז יעזוס קריסטוס איז דער אמתער משיח און אַז דאָס יידישע פאָלק וועט טאַקע ווערן אויסגעלייזט פון גלות, ווען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, אַלס אַ פאָלק, וועט אָננעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. דאָס איז ביי זיי געווען אַ מיטל צו לייזן די יידישע פראַגע.

זיי זיינען אייגנטלעך ניט געווען די איינציקע, וואָס האָבן דעמאָלט אַזוי געגלויבט, אונטער דעם איינפלוס פון די פּאָגראָמען. ווייט פון וואַרשע, אין אָדעס און יעליסאַוועטגראַד, האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די „יעוורעיקאָיע בראַטסטוואָ", מיט אונדזער יעקב גאָרדין בראש.

אַזוי ווי מיר זיינען נאָר אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָט זיך אָנגעג־

---

*) עס וואָלט אפשר געפּאַסט זיי אָנצורופן ביים נאָמען, אָבער אַזוי ווי איינער איז אַ סך יאָרן שפּעטער געוואָרן אַ טרעזשורער פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי אין לאָנדאָן, אַ צווייטער איז געוואָרן אַן אַרבעטער-פירער אין ניו-יאָרק, וועל איך בעסער אויסלאָזן די נעמען. די צוויי, יעדנפאַלס, זיינען שוין געשטאָרבן. וואָס איז געוואָרן פון דעם דריטן, ווייס איך ניט.

הויבן אַ שאַרפע דעבאַטע צווישן אונדז. אין אָנהייב האָבן זיי געמיינט, אַז מיר זיינען אייגענע מענטשן, און זיי האָבן שוין דערזען אַ סימן, אַז זייער באַוועגונג פאַרשפּרייט זיך און וואַקסט. זיי האָבן אָבער באַלד אויסגעפונען זייער טעות. איך בין אַלע מאָל געווען אַ שאַרפער דעבאַטאַנט. מען פלעגט מיך רופן יאַנקל דער מגיד. אָבער איצט בין איך נאָך אויך געווען שטאַרק אין כעס.

איינער פון די בחורים האָט מיר געוואָלט באַווייזן, אַז יעזוס איז דער אמתער משיח, אָבער איך האָב פון זיי קיין זאַך ניט געוואָלט הערן, אַזוי בייז בין איך געווען. אַ חוץ דעם זיינען די אַרגומענטן טאַקע געווען קינדעריש. די גאַנצע צייט האָב איך געשפּילט די ראָלע פון אַ גלויביקן, און איך האָב זיך געהאַלטן ביי איינס. איך האָב נאָר געוואָלט, ער זאָל מיר באַווייזן, ניט גלאַט פאָדערן איך זאָל גלויבן, אַז יעזוס איז טאַקע דער אמתער משיח, און אַז ער איז גאָטס זון. נאַטירלעך האָט ער מיר דאָס ניט געקענט באַווייזן. איז ער געפאַלן אויף אַן עצה: ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן גיין צום פאַסטאָר ליפּלאַנד. ער וועט מיר שוין באַווייזן אַלץ, וואָס איך וויל נאָר.

ווער איז פאַסטאָר ליפּלאַנד?

האָט דער בחור מיר דערציילט, אַז ליפּלאַנד איז דער הויפּט פון דער מיסיאָן; ער איז אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַן אמתער ייד, וואָס האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן.

דאָס הייסט, האָב איך אַריינגעוואָרפן: אַן אמתער משומד.

פונדעסטוועגן האָב איך מסכים געווען אַריינצוגיין צו ליפּלאַנדן. איך האָב ניט קיין מורא געהאַט פאַר אים. אַזוי ווי אָבער עס איז שוין געווען שפּעט, און איך האָב זיך געאײַלט צו קומען אַהיים אין צייט, האָט מען אָפּגעלייגט די גאַנצע זאַך אויף דעם קומענדיקן שבת.



יעקב מילך, זיין פרוי פעני, און זיינע זין (פון רעכטס):
הענרי און וויקטאָר. פאָטאָגראַפירט אין 1912.

# איך ווער אַ סאָלדאַט

די וואָלינסקע־גאַס האָט האָט זיך באַלד דערוואוסט פון מיין דיסקוסיע מיט דעם מיסיאָנער ליפּלאַנד, און פון מיין נצחון איבער אים. ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, ווייס איך ניט ביז היינט. איך האָב קיינעם ניט דערציילט. דאָס האָט אַברהם־פּנחס געמוזט דערציילן זיין מומע רייזעלע, און פון דעם האָט זיך די גאַנצע גאַס דערוואוסט. מיין מאַמע אויך, און רייזעלעס מוטער, אַן אַלטע פרומע יידענע, האָבן אַ גאַנץ יאָר לאַנג געבעטן גאָט, איך זאָל אין דעם זכות באַפרייט ווערן פון מיליטער־דינסט.

איך האָב פון דעם אַלעם ניט געמאַכט קיין צימעס. ניט וואָס איך האָב ניט געוואוסט מיין ווערט. אָ, ניין, אַזאַ עניו בין איך קיינמאָל ניט געווען. נאָך מער: איך האַלט עניוות ניט פאַר קיין מעלה. עס איז גיכער אַ חסרון, אַ מינדערווערט־באַוואוסטזיין, ווי די היינטיקע פּסיכאָלאָגן רופן דאָס. דאָס מיינט ניט, אַז מען דאַרף זיין אַ גדלן, דאָס איז פּונקט אַזאַ חסרון, אָבער אַ מענטש דאַרף וויסן, אַז ער קומט ניט פון קליאַטשע. מיין דיסקוסיע מיט דעם מיסיאָנער האָב איך ניט געהאַלטן פאַר קיין גרויסן אויפ־טו. יעדער איינער מיט אַ ביסל שכל, האָב איך געהאַלטן, וואָלט געקענט טאָן דאָס זעלביקע. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט ביי מאַנעסן, דער בעסטער שניצער אין וואַרשע. בין איך אַנגעגאַנגען מיט מיין אַרבעט ביי טאָג (מיר האָבן דאַן געאַרבעט 14 שטונדן אַ טאָג), און מיט מיין שטודיום ביי נאַכט. איבערהויפּט בין איך דאַן געווען באַשעפטיקט מיט לייענען די העברעאישע ליטעראַטור. וויפל איך האָב דעמאָלט פאַרשטאַנען פון ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק, וועט באַווייזן אַ קליינער פאַקט. צו יענער צייט האָב איך געלייענט אין „השחר" אַ קריטיק פון דעם באַרימטן משה־לייב ליליענ־בלום אויף אברהם מאַפּוס „עיט צבוע". די קריטיק איז געווען ניט גינסטיק. בין איך געוואָרן אין כעס אויף ליליענבלומען און האָב אויפגעשריבן ביים ראַנד „אין משיבין את הארי לאחר מותו" — מען ענטפערט ניט אַ לייב נאָכן טויט. איך האָב געמיינט, אַז ליטעראַטור־קריטיק איז עפּעס אַ פערזענלעכע זאַך, אַז עס איז ניט עטיש צו קריטיקירן אַ מחבר נאָכן טויט, ווען ער קען זיך מער ניט פאַרענטפערן.

עס זיינען נאָך היינט דאָ אַ סך דערוואַקסענע מענטשן, מחברים ווי קריטיקער, וואָס האָבן אָט דעם צוגאַנג צו ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק. לויבט איר די מחברים, זייט איר אַ גוטער קריטיקער. לויבט איר זיי ניט, זייט איר פּערזענלעך. און געוויסע קריטיקער זיינען ניט בעסער. איז מען אַ פריינד פון דעם מחבר, שרייבט מען גוטס; איז מען ניט קיין פריינד, איז אָדער מען שרייבט שלעכטס, אָדער מען איגנאָרירט אין גאַנצן, וואָס עס איז נאָך ערגער.

די דיסקוסיע מיט דעם מיסיאָנער האָט מיר געבראַכט אַן אמתן פריינד. איינער פון די דריי יונגעלייט. דאָס איז דער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ טרעזשורער פון די ציוניסטן. ער איז מיר געוואָרן אַן אמתער פריינד און ער איז דאָס געבליבן זיין גאַנץ לעבן. הגם ער האָט געוואוינט אין לאָנדאָן און איך אין ניו־יאָרק. איך האָב אים אַריינגעפירט אין מיין חברותא און האָב אים באַקאַנט געמאַכט מיט ב. פייגענבוימען און מיט אַלע איבעריקע פון מיינע פריינד. ער איז געוואָרן אַן אמתער משכיל, און ער האָט זיך געשעמט מיט דעם פּעריאָד, ווען ער איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם מיסיאָנער.

דערווייל האָט זיך אָנגערוקט די צייט פון מיליטער־דינסט. איך האָב ניט געהאַט קיין ריכטיקע מעטריקע (אַ געבורט־סערטיפיקאַט), ווי דער שטייגער איז געווען ביי יידן פון יענער צייט, האָט מען מיך גענומען צום שאַצן. היינט זע איך אויס יינגער ווי איך בין. אָבער דעמאָלט האָב איך אויסגעקוקט עלטער ווי איך בין געווען. האָט די פּאָליציי מיך געשאַצט 21 יאָר נאָך איידער מיר איז געוואָרן 20 יאָר. לויט דער שאַצונג האָב איך זיך געמוזט שטעלן צום מיליטער אין אָקטאָבער, 1886, מיט אַ יאָר פריער, ווי איך וואָלט באַדאַרפט גיין, און מען האָט מיך באַלד צוגענומען. קיין זאַך האָט דאָך מיר ניט געפעלט, אַ חוץ אפשר אַ ביסל שכל און אַ פּאָר גילדן. דאָס האָט די קאָמיסיע ניט געהאַלטן פאַר קיין חסרונות. אַפילו די תפילות פון רייזעלעס מאַמען האָבן ניט געהאָלפן. מען האָט מיך שנעל צוגענומען צום מיליטער.

מיינע חברים און פריינד האָבן מיך אַלע געראַטן, צו פאָרן קיין אויס־לאַנד. אַלע צוגרייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר מיר צו פאָרן קיין אַנטווערפּן, בעלגיע, צו מיין פריינד ב. פייגענבוימען. אָבער איך האָב ניט געוואָלט פאָרן.

עס זיינען געווען פאַרשיידענע אורזאַכן, וואָס האָבן מיך צוריקגעהאַלטן פון דעם שריט. ערשטנס, האָב איך ניט געוואָלט זיין קיין דעזערטיר. איך האָב אַלע מאָל פיינט געהאַט די מענטשן, וואָס אַנטלויפן פון זייערע פליכטן.

אָבער דאָס איז ניט געווען אַלץ. דעם פּונקט וואָלט איך אפשר גובר געווען. איך וואָלט זיך מן הסתם געווען געלאָזט איינריידן, עובר צו זיין אויף דעם פּסוק. עס זיינען אָבער געווען נאָך צוויי אַנדערע אורזאַכן. פּונקט דעמאָלט איז אַרויס אַ געזעץ, לויט וועלכן די עלטערן פון אַ בייעם רעקרוט האָבן באַדאַרפט באַצאָלן דריי הונדערט רובל שטראָף, ווען ער אַנטלויפט פון מי־ליטער. ווי האָב איך געקענט לאָזן דער מאַמען באַצאָלן אַזאַ אומדערהער־טע סומע ? פריינד האָבן מיר אַפילו געזאָגט, אַז פון אַמעריקע וועל איך לייכט קאָנען שיקן דאָס געלט. דאָס איז דאָך יעדענפאַלס ניט מער ווי 150 דאָלער. וואָרעם יעדער דאָלער איז דאָך ווערט צוויי רובל. אָבער איך האָב זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף קיין נסים, און איך האָב באַשלאָסן בעסער צו גיין דינען. האָבן מיינע פריינד מיך געראָטן, איך זאָל מיר מאַכן אַ פעלער. דעמאָלט איז געווען אין דער מאָדע זיך קאַליע צו מאַכן אַן אויער, און מיין פריינד בערל־לייב האָט געוואוסט ווי דאָס צו מאַכן, און ער האָט דאָס געוואָלט טאָן אָן געלט. די מאַמע האָט מיך אויך צוגערעדט צו דעם, אַבי ניט צו פאָרן קיין אויסלאַנד און ניט צו גיין דינען. פון דעם האָב איך גאָרניט געוואָלט הערן. צו מייסטן איז מיר גוטשע, מיין שיינע גוטשע, געשטאַנען אין וועג. וואָס טוט מען מיט גוטשען ? ווי לאָזט מען זי איבער און מען גייט דינען ? אָבער זי האָט מיר פייערלעך פאַרזיכערט, אַז זי וועט וואַרטן ביז איך וועל אַהיים קומען, עס מעג אַפילו דויערן צען יאָר. איז מיר שוין גוט געווען פון אַלע זייטן, און איך האָב פעסט באַשלאָסן צו גיין דינען.

(ווי דער לעזער ווייסט שוין, האָט זי ניט געוואַרט אַפילו קיין צען חדשים. אָבער דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. איך קאָן זיך אייגנטלעך ניט באַקלאָגן און קען ניט האָבן קיין שום טענות).

לויט די געזעצן פון רוסלאַנד פון יענער צייט האָט יעדער איינער געהאַט אַ רעכט צו אַפּעלירן קעגן דעם אורטייל פון דער קאָמיסיע, און מיין מאַמע האָט זיך באַנוצט מיט דעם רעכט. זי איז באַלד געלאָפן צו אַ נאָטאַריוס און האָט געלאָזן אויפשרייבן אַ פּראָשעניע (אַ ביטע), אין וועלכער זי האָט פּראָטעסטירט פאַר מיר, וואָס מען האָט מיך גענומען צום מיליטער־דינסט. אין גאַנצן אומגערעכט איז זי ניט געווען. די זאַך איז געווען אַזוי : איך האָב געהאַט פלאַכע פיס. אַזוי האָט מיר גאָרניט געפעלט, אָבער איך האָב זיך כסדר באַקלאָגט אויף שמערצן אין די פיס. די מעדיצין האָט נאָך דעמאָלט פון פלאַכע פיס ניט געוואוסט. מען האָט ניט געוואוסט דעם פע־לער, און מען האָט אַוודאי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן דערצו. ערשט שפּעטער האָט מען אויסגעפונען דעם פעלער, און עס איז געבליבן פאַר מיין זון, דעם

כירורג, צו דערפינדען און אַנטוויקלען אַ כירורגיש מיטל צו פלאַכע פיס. אָבער מיין זון איז נאָך דעמאָלט געווען אין הימל, צווישן די מלאכים. ער איז אַרונטערגעקומען ערשט ניין יאָר שפּעטער אין ניו־יאָרק. קען מען ניט פאַרדענקען מיין מאַמען פאַר ניט וויסן, וואָס דאָס איז. זי האָט גע־מיינט, אַז איך ליַיד פון רעוומאַטיזם און זי האָט זיך אַלע מאָל געשראָקן פאַר דעם.

אָט אויף דעם סמך האָט זי אַפּעלירט. דאָס האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. אָבער די אַפּעלאַציע האָט מען אָנגענומען און די פּאַפּירן האָט מען אַוועקגעשיקט אין דער גובערניע אַריין, צוזאַמען מיט מיר, קיין כערסאָן.

ווען איך בין אַוועקגעשיקט געוואָרן צו די סאָלדאַטן, בין איך ערשט געוואָר געוואָרן פון מיין פּאָפּולאַריטעט. צו דער באַן זיינען געקומען מענטשן, וועמענס נעמען איך האָב קיינמאָל ניט געהערט, און זיי האָבן אַלע געוואוסט פון מיין נצחון איבער דעם מיסיאָנער ליפּלאַנד.

מיין ערשטער לערער שמואל גרויקאָפּ איז שוין געווען טויט, און ער האָט מער ניט געקענט האָבן קיין פאַרגעניגן פון מיר. אָבער מיין מאַמע האָט געהאַט אַן אמתן נחת אין מיטן פון דעם צער און פאַר דעם גאַנצן צער, וואָס זי האָט געהאַט די אַלע יאָרן פון מיר. „זע", האָט זי געזאָגט, „איך האָב דאָך גאָר ניט געוואוסט ווער מיין יאַנקל איז. מען גייט דאָך צו אים עפּעס ווי צו אַ גוטן ייִדן!"

אָרעמע מאַמע! כאָטש איין מאָל אין לעבן האָט זי געהאַט נחת פון איר יאַנקלען. דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דאָס איינציקע מאָל. מער ווי צרות איז איר ניט געווען באַשערט.

איך בין באַשטימט געוואָרן צו דינען אין דער 15טער אַרטילעריסטישער בריגאַדע, וואָס איז געווען סטאַנציאָנירט אין וואָזנעסענסק, כערסאָנער גו־בערניע, און דאָרט האָט מען מיך אַריבערגעשיקט צוזאַמען מיט אַ פּאַרטיע „נאָוואָבראַנצעס" (רעקרוטן).

איך בין איצט אַריינגעפאַלן אין אַ גאַנץ אַנדער סביבה. מען קען אייגנטלעך זאָגן: צוויי בייע סביבות, איינע אַ רוסישע און איינע אַ ייִדישע. אויך די ייִדישע איז געווען ניי פאַר מיר. איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דעם לעבן פון דעם רוסישן סאָלדאַט; איך בין אַריינגעקומען אין אַ סביבה, וואו דער באַגריף פון מענטשלעכער ווירדע איז אַ גאַנץ אַנדערער, וואו דיסציפּלין, בלינדע געהאָרכזאַמקייט און אונטערטעניקייט זיינען די הויפּט־מעלות, וואו אַן אייגענער ווילן און אַן אייגענע מיינונג זיינען די הויפּט־חסרונות.

איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דעם רוסישן פויער אין זיין היים, און

מיט זיין זון דעם סאָלדאַט, און דער קאַזאַרמע. איך האָב געזען זיינע גע־וואוינהייטן, זיין הכנעה, זיין ברייטהאַרציקייט און זיין גאַסט־פריינדלעכקייט, זיין נאַאיווקייט, זיין קאַרגשאַפט און זיין רעליגיעזקייט.

עס איז געווען אינטערעסאַנט און האַרצרייסנדיק צו זען, ווי די אָרעמע רוסישע סאָלדאַטן האָבן געקעמפט מיט די הויכע רוסישע ווערטער פון דער „סלאַוועסטנאַסט" (די מיליטערישע דינים), נאָך ערגער פון די פוילישע יידן. זיי האָבן בשום אופן ניט געקענט נאָכזאָגן: „טשאַסאָוואָי יעסט ניעפּרי־קאָסנאָוועננאָיע ליצאָ" (אַ קאַראַולנער איז אַן אומבאַרירלעכע פּערזענלעכ־קייט). איבערהויפּט דאָס וואָרט „ניעפּריקאָסנאָוועננאָיע" האָט פאַראורזאַכט די גרעסטע שוועריקייט. די סצענעס זיינען געווען האַרצרייסנדיק, ווייל דער „דיאַדקע" (דער עלטסטער) האָט געפּאַטשט פאַר דעם, מען זאָל אַרויס־זאָגן שאַרף ניע־פּרי־קאָס־נאָווען־נאָיע.

וואָזנעסענסק איז געווען אַ קליין רוסיש שטעטל. אַ פּראָ־גימנאַזיע, אַ קלויסטער, אַ בולוואַר אין מיטן שטאָט, אַן אָפיצערסקער קלוב, אַ מאַרק־פּלאַץ און — בלאָטעס. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס מען האָט געקענט זען אין שטעטל. אָ, יאָ, עס איז נאָך געווען אַ „סאַד" (אַ גאָרטן), אָבער דאָרט האָט מען זעלטן געקאָנט אַריינגיין.

אָבער וואָזנעסענסק איז אויך געווען אַ יידיש שטעטל. די הויפּט־שול איז געווען ניט קלענער פון דער רוסישער צערקווע. דער אונטערשייד פון וואָזנעסענסק ביז די ליטווישע יידישע שטעטלעך, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די בלאָטעס זיינען דאָרט ניט געווען אַזוי גרויס.

קיין אָרעמעלייט האָבן דאָרט ניט געפעלט, דאָך האָבן די מערסטע יידן געלעבט בכבוד.

פּרנסה האָט דאָס יידישע שטעטל געצויגן הויפּטזעכלעך פון דעם האַנדל מיט תבואה, וואָס זיי האָבן געקויפט ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, און אַוועקגעשיקט הויפּטזעכלעך קיין אָדעס אין באַרזשעס. מיר דאַכט, אַז אַלע וואָזנעסענסקער יידן האָבן געהאַנדלט מיט „ברויט", ווי זיי האָבן גערופן דעם תבואה־האַנדל. צי זיי האָבן געקויפט, צי פאַרקויפט, צי זיי זיינען נאָר געווען מעקלערס, אָדער טרעגער, אָדער גאָר באַלעגאָלעס — עס איז געווען אַלץ אַרום דעם ברויט, וואָס זיי האָבן זיך געדרייט. אַפילו די סאָלדאַטן, ווען זיי האָבן זיך באַפרייט אויף אַ טאָג, זיינען זיי געלאָפן צו די באַרזשעס צו פאַרדינען אַ ביסל געלט, ביים העלפן לאָדן די תבואה אויף די שיפן. אויסלענדישע נייעס, וואָס האָט צום מייסטן אינטערעסירט דעם עולם, איז געווען די נייעס וועגן דעם „ברויט"־קורס אויף דער בירזשע אין אָדעס. ברויט און אָדעס איז געווען דאָס איינציקע, מיט וואָס און פון וואָס

וואָזנעסענסק האָט געלעבט. וואָרעם אויך די גייסטיקע יניקה, איר קולטור, איר ליטעראַטור, אירע צייטונגען, אירע מאָדעס — איז אַלץ געקומען פון אָדעס. אפילו די לעבערלעכע זייט פון אָדעס איז אויך געווען אויסגעגאָסן איבער גאַנץ וואָזנעסענסק. אויך די אָדעסער רחבות, זאַרגלאָזיקייט און גאַסטפריינדלעכקייט האָבן באַהערשט די געמיטער פון די וואָזנעסענסקער יידן.

אויך די פרומקייט פון די וואָזנעסענסקער יידן איז געווען אַן אָדעסער פרומקייט.

צום ערשטן מאָל בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אַזעלכע יידן. זיי זיינען געווען גאַנץ אַנדערש ווי די וואַרשעווער יידן. זיי זיינען געווען פרום, ניט ווייניקער ווי די וואַרשעווער יידן, אָבער אויף אַן אַנדער אופן. זיי זיינען ניט געווען אַזוי פאַנאַטיש. ביי זיי איז געווען רעכט, ווען יענער איז ניט גווען אַזוי פרום, איבערהויפּט איז דאָס געווען דער פאַל מיט ר׳ יאָשע גלעזער, אַ גביר פונעם שטעטל, וועלכער איז גאָר ניט געווען ווי די גבירים, וואָס ווערן געמאָלן אין אונזער ליטעראַטור. אָבער פון אים וועל איך נאָך האָבן צו דערציילן.

די פרומקייט פון וואָזנעסענסק איז געווען איינגעוויקלט אין אַ מין ליבעראַליטעט, וואָס האָט זיך ניט געמישט אין יענעמס פרומקייט. אַלע, ווי מיר שיינט, האָבן דאָס געהאַלטן פאַר זייער פליכט אויפצופּאַסן אויף די יידישע סאָלדאַטן, זיי זאָל גאָרניט פעלן, איבערהויפּט זיי זאָלן ניט דאַרפן עסן פון דער „קעך“, ווי זיי האָבן דאָס גערופן, און עס ניט געווען קיין איין יידישער סאָלדאַט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין הויז, וואו ער איז געווען אַ באַשטענדיקער אייגגייער. מען האָט זייער אָפט געקענט אורטיילן דאָס הויז, לויט דעם סאָלדאַט, וואָס איז דאָרט אַריינגעגאַנגען, און דעם סאָלדאַט לויט דעם הויז — עס איז געווען אַ נאַטירלעכע אָפּקלייבונג. גאָר אַ פרומער סאָלדאַט האָט זיך געפונען אין גאָר אַ פרום הויז, און אַ מער ליבעראַלער סאָלדאַט איז אַריינגעקומען אין אַ מער ליבעראַל הויז.

עס געדענקט זיך אַ זייער כאַראַקטעריסטישע מעשה: ביי אונדז אין קאַזאַרמע האָט געדינט אַ פּוילישער שייגעץ, וואָס האָט געקענט גוט ריידן יידיש, ניט ערגער פון אַ וועלכן עס איז יידן. ייִנגלווייז האָט ער זיך געהאָדעוועט צווישן יידן, און ווען ער איז אויפגעוואַקסן, האָט ער געדינט ביי אַ יידישן דראָזשקאַרזש אין וואַרשע. מיר וועלן אים רופן מאַטשעק. מאַטשעק האָט זיך מתקנא געווען אין די יידן, וואָס זיי איז אַזוי גוט, וואָס זיי קומען אַריין אין די רייכסטע הייזער און עסן פון שענסטן און פון בעסטן. האָט מאַטשעק זיך איינמאָל מיישב געווען: ער קען אַזוי גוט יידיש, פאַר

וואָס זאָל ער זיך ניט אויסגעבן פּאָר אַ יידן? ער דאַרף נאָר גיין פּרייטיק צו נאַכט אין שול אַריין, און אַלץ וועט זיין פּאַרטיק. וואָלט ער זיך מיישב געווען מיט אַ יידישן סאָלדאַט, וואָלט ער אפשר בעסער אויסגעפירט. אָבער ער האָט די גאַנצע זאַך געהאַלטן בסוד. איז ער איין מאָל פרייטיק צו נאַכט געקומען אין שול אַריין און — פּונקט ווי ער האָט אויסגערעכנט — דער שמש פון שול האָט אים באַלד געפרעגט, צי ער האָט וואו צו עסן. נאָטירלעך האָט ער געזאָגט: ניין. האָט אים דער שמש באַלד פאַרזאָרגט מיט אַ רייכן יידן, וואָס האָט אים אַהיים גענומען אויף שבת. אַלץ איז געווען ווי עס דאַרף צו זיין. נאָר איין זאַך איז געווען שלעכט: ווען דער ייד איז געקומען אַהיים מיטן „אורח", און האָט גענומען פּאַטשן מיט די הענט: „אַתקינו סעודתא דמהימנותא שלימתא חדותא, דמלכא קדישא", און נאָכהער, ווען ער האָט געמאַכט קידוש, האָט מאַטשעק ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט אפילו ניט געוואוסט, ווי אַזוי מען האַלט דעם כוס ביים מאַכן קידוש. עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און דער ייד האָט אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען אַן אימפּאָסטאָר.

וואָס מיינט איר, האָט דער ייד געטאָן? ער האָט אוודאי אַרויסגעטריבן דעם שייגעץ? איר האָט ניט געטראָפן. ער האָט דעם סאָלדאַט געגעבן אָפּצועסן אַ גוטע וועטשערע און האָט אים געהייסן מער ניט קומען. מאַטשעק האָט זיך נאַכהער גערימט, וואָס פּאַר אַ גוטע וועטשערע ער האָט אויסגענאַרט, און מיר, די יידישע סאָלדאַטן, האָבן געלאַכט.

# פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו

מיין אויטאָביאָגראַפיע וועט ניט זיין פולשטענדיק אָן די פּען־בילדער פון אַמווייניקסטן צוויי רוסישע אָפיצערן, וואָס זיינען דורכגעלאָפן מיין לעבן.

פאַר אַלעם דער פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו, דער קאָמאַנדיר פון דער פערטער באַטאַרעיע, פון דער פופצנטער אַרטילעריסטישער בריגאַדע (אַ בריגאַדע באַשטייט פון זעקס באַטאַרעיעס, יעדע אומגעפער צוויי הונדערט פאַרשוין). מיך האָט מען באַשטימט אין דער פערטער באַטאַרעיע. אַלע וואָס האָבן דאָס געהערט, האָבן מיך באַדויערט. קאַזאַנצעוו איז געווען אַן אייגנאַרטיקער און געפערלעכער מענטש. עס איז געווען גענוג צו דערמאָנען זיין נאָמען, מען זאָל זיך דערשרקן.

צו יענער צייט איז ער אַלט געווען אַ יאָר 55. ער איז געווען אַ גרויסער יחסן אין פּעטערבורג (איצט לענינגראַד), באַהאָנגען מיט מעדאַלן, און ער האָט דערוואַרט איעדן טאָג צו ווערן דערהויבן צום ראַנג פון גענעראַל. ער האָט פאַרנומען דעם גענעראַלס פּלאַץ יעדעס מאָל, ווען יענער האָט באַדאַרפט אַוועקפאָרן, אָדער איז געוואָרן קראַנק.

ער איז געווען אַן אייזערנער מענטש, דער קאַזאַנצעוו. גאָט האָט זיך געמעגט דערבאַרעמען אויף דעם סאָלדאַט, וואָס האָט זיך מיט עטוואָס פאַר־שולדיקט. אַלע סאָלדאַטן, און אַפילו אָפיצערן פון אַ נידעריקערן ראַנג, האָבן געציטערט פאַר אים. די סאָלדאַטן פלעגט ער שלאָגן מיט די פויסטן אין די ציינער, און די יונגע אָפיצערן פלעגט ער אויסזידלען פאַר די אויגן פון די סאָלדאַטן. אַפילו דער גענעראַל פון דער בריגאַדע האָט זיך צוגעהערט צו אים מיט אָפּשיי. ער איז אגב געווען אַ גרויסער אויטאָריטעט אין הלכות מיליטער־דינסט.

פון דער צווייטער זייט אָבער איז ער געווען אַבסאָלוט ערלעך און אויפריכטיק. ווען ער האָט געמאַכט אַ טעות, האָט ער זיך אַנטשולדיקט אָן שום צערעמאָניעס פאַר דעם איינפאַכסטן סאָלדאַט, הגם אין די ציינער האָט ער זיך אַליין קיינמאָל ניט געשלאָגן. איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געזען.

אין אונדזער באַטאַרעיע איז דאָס עסן געווען בעסער און געשמאַקער, איידער אין די אַנדערע באַטאַרעיעס. קאַזאַנצעוו פלעגט זיך אַריינכאַפּן אין

דער קיך, אָפּט אומגעריכט, און פאַרזוכן דאָס עסן. „זיינע" סאָלדאַטן זיינען געווען ציכטיקער און בעסער אָנגעטאָן ווי די סאָלדאַטן אין די אַנדערע באַטאַרעיעס.

פון די סאָלדאַטן האָט ער פאַרלאַנגט נאָר איין זאַך: צו דינען דעם צאַר געטריי און ערלעך, ניט אָפּגענאַרט. דער, וואָס האָט דאָס געטאָן, האָט ניט געהאַט וואָס זיך צו שרעקן פאַר אים. ער איז געווען ערלעך, און ער האָט זיך ניט געטשעפּעט.

ביי אים איז עס ניט געווען אַזוי שטאַרק דער צאַר, ווי דער „רוסישער מונדיר". דער כבוד פון דעם מונדיר איז ביי אים געווען טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט. אַרויסגיין אויף דער גאַס שיכורערהייט, פאַר אַ סאָלדאַט, דאָס איז ביי אים געווען דער גרעסטער פאַרברעכן. „אַ סאָלדאַט שיכורט זיך אָן", פלעגט ער זאָגן, „איז ניט קיין עוולה, אָבער ווען דאָס טרעפט, זאָל ער זיך שטילערהייט אַוועקלייגן אויף זיין בעט, ביז ער וועט זיך אויסשלאָפן, ניט אַרויסלויפן אויף דער גאַס ווי אַ שווין און אויסנישטערן דעם רוסישן מונדיר אין בלאָטע". אָט צוליב זיין דרך־ארץ פאַר דעם רוסישן מונדיר, האָט ער קיין מאָל ניט איבערגעגעבן אַ סאָלדאַט צו אַ מיליטערישן געריכט. עס איז ניט שיין פאַר דעם מונדיר. האָט אַ סאָלדאַט זיך פאַרזינדיקט, איז ער מיט אים פאַרטיק געוואָרן באַלד אויפן אָרט. איינעם האָט ער אויסגעזידלט אויף דעם גוטן, אַלטמאָדישן סאָלדאַטסקן אופן; אַן אַנדערן האָט ער אַוועקגעשיקט אין קאַרצער אויף עטלעכע טעג, אָדער אויף ספּעציעלער אַרבעט, אָדער ער האָט גאָר געהאַקט מיטן פויסט אין די ציינער, און מיט דעם האָט עס זיך געענדיקט. גרעגאָרי קוזמיטש איז געווען אַ געפערלעכער מענטש, פאַר וועמען אַלע האָבן זיך געשראָקן. אַן אמתער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט! אָבער צום סוף זיינען אַלע געווען צופרידן. זיי האָבן געהאַט אַ שטרענגן אויבערהאַר, פאַר דעם זיינען זיי געשיצט פאַר אַלע קליינע ווערעם, וואָס זיינען געווען אונטער אים. אַלע האָבן געציטערט פאַר דעם פּאָלקאָווניק און האָבן ניט געוואַגט צו טאָן קיין עוולה קיין סאָלדאַט, און ביי קאַזאַנצעוון זיינען אַלע סאָלדאַטן — רוסן, יידן, פּאָליאַקן, כאָכלעס — געווען גלייך באַשיצט. ער האָט קיין חילוק ניט געמאַכט. ער איז געווען שטרענג, אָבער גערעכט.

זיין צווייטער פּרינציפּ איז געווען ווי ביי אַלע אַזעלכע מענטשן: דינען געטריי דעם רבונו־של־עולם. די צוויי זאַכן — דינען דעם צאַר און דינען גאָט — זיינען ביי אים געווען אַזוי פאַרקניפּט און פאַרבונדן, אַז מען האָט ניט געוואוסט, וואָס איז ביי אים געווען בילכער. פון דעם האָט זיך ביי אים געשאַפן אַ בליק, אַז ער דאַרף אויפּפּאַסן אויף דער פרומקייט

פון „זײַנע״ ייִדישע סאָלדאַטן. בײַ אונדז איז געװען אַ ייִדישער סאָלדאַט פון װאַרשע מיטן נאָמען מרדכי שײנמאַן. איז דער מרדכי געװען משוגע פרום. דאָס דאַװנען יעדן טאָג האָט בײַ אים פאַרנומען אפשר צװײ שעה. מיט כשרות איז געװען גאָר אַן אומגליק. ער האָט אפילו ניט געװאָלט פאַרזוכן דאָס סאָלדאַטסקע ברױט מטעם פּת עכו״ם, האָט דער מרדכי געהאַט אַלע פּריװילעגיעס בײַ קאַזאַנצעװן. שבת האָט מען אים אפילו אין קאַראַ־אול ניט געשיקט. שבת בײַ טאָג האָבן אַלע סאָלדאַטן געשײַערט און גע־װאַשן די פּאָדלאָגעס. מרדכי איז געזעסן און געלערנט משניות, צי װאָס, און זײַן שכן דער סאָלדאַט האָט נאָך באַדאַרפט אױפראַמען זײַן בעט. „אָט דאָס הײסט בײַ מיר אַ ייִד, שײנמאַן — מיט דעם אַקצענט אױף „מאַן״ — איז אַ ריכטיקער ייִד. אַזױ דאַרפן זײ אַלע זײַן״.

אַלע אַנדערע ייִדישע סאָלדאַטן, װאָס זײַנען ניט געװען אַזױ פרום, זײַנען געװען פרײַ צו גײן שבת אין שול אַרײַן. אָבער פאַרן גײן אין שול אַרײַן האָבן זײ געמוזט זאָגן דעם פעלדפעבל, אַז זײ גײען אין שול אַרײַן. האָט ער אָבער געזאָגט, אַז ער גײט אין שול אַרײַן, האָט ער געמוזט גײן. קײן אָפּנאַרן איז ניט געגאַנגען. אױף דעם האָט שױן דער פּאָלקאָװניק אױפגעפּאַסט. פון צײַט צו צײַט — מען האָט קײנמאָל ניט געװאוסט װען — פלעגט ער אַלײן אַרײַנפאַלן אין דער גרױסער שול אַרײַן. מיט זײַן קעפּע אין דער האַנט, אױסגעפּוצט װי צו אַ פּאַראַד, מיט הױכע, לאַקירטע שטיװל, און מיט זײַן שװערד אַרום גאַרטל, איז ער אַרײַנגעקומען אין שול, האָט זיך אַװעקגעשטעלט בײַ דער טיר מיט גרױס יראת־הכבוד, און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן פאַר „זײַנע״ סאָלדאַטן. ער האָט געקענט יעדן אײנעם. טאָמער האָט אײנער געפעלט, איז ער דעם זעלביקן טאָג גערופן געװאָרן צום פּאָלקאָװניק אין קאַנצעלאַריע, און קײן צרות האָט אים שױן ניט געפעלט, אױסער אױב ער האָט געהאַט אַן אמתן תירוץ. זײַן טענה איז געװען: „איך באַפרײַ דיך פון צאַרס דינסט, צו גײן דינען גאָט, צום סוף האָסטו אָפּגענאַרט בײדע. ניט געדינט דעם צאַר, און ניט געדינט גאָט״.

אײנמאָל האָט מיך אַ פּאַטרול אַרעסטירט אױף דער גאַס און אַרײַנ־געפירט אין קאַראַאולנעם הױז. מײַן פאַרברעכן איז געװען זײער גרױס; איך בין אַרױס אױף דער גאַס מיט דעם שינעל (דעם אױבערמאַנטל) אָנגע־האַנגען אױף די אַקסלען (נאַקידקו, רופט מען דאָס). אַזאַ פאַרברעכן איז געװען ספּעציעל גרױס בײַ קאַזאַנצעװן. אַ סאָלדאַט, װען ער איז אַרױס אױף דער גאַס, האָט ער געמוזט בלאַנקען. דאָס איז געװען אין אײנקלאַנג מיט דער טעאָריע פון דעם „רוסישן מונדיר״.

מען האָט קאַזאַנצעװן באַלד רעפּאָרטירט פון מײַן אַרעסט. איך בין

שוין דעמאָלט געווען אַ פוראַזשיר. האָט ער באַפוילן, מען זאָל מיך באַלד צושיקן צו אים. מען האָט מיך געשיקט מיט אַ קאָנוואָי פון צוויי סאָלדאַטן מיט בלאַנקע שווערדן. (איך בין דאָך געווען אַן אַרעסטאַנט). ער האָט געוואָלט הערן פון מיר אַליין, פאַר וואָס איך האָב געטאָן אַזאַ זאַך. איך דאַרף דאָך וויסן בעסער. איך האָב דאָך געקענט מיין פאָלקאָווניק, האָב איך אים דערציילט, אַז איך האָב געהאַט יאָרצייט, האָב איך זיך געאיילט צו גיין אין שול אַריין זאָגן קדיש — פאַניכידע — הייסט דאָס אויף רוסיש. גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר דעם ליגן, אָבער עס האָט מיר געגאָלטן. ער האָט מיך געהייסן באַלד באַפרייען. ער האָט מיך נאָר געוואָרנט, איך זאָל נאָך אַ מאָל אַזוינס ניט טאָן.

איך בין פון אָנפאַנג אָן אויסגעקומען מיט אים זייער גוט. דאָס איז געשען צוליב עטוואָס, וואָס איך וועל דערציילן אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל. אויף דעם צווייטן יאָר האָט ער מיך באַשטימט צו זיין אַ „פוראַזשיר“, איינער וואָס קויפט איין די פאַשע (דעם פוראַזש) פאַר די פערד.

ביי אונדז זיינען געווען אַרום זעכציק־זיבעציק פערד. די פאַשע האָט מען איינגעקויפט אויף דעם אָפענעם מאַרק ביי די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. דער איינקויפער איז געווען דער „פוראַזשיר“. און איך האָב אָנגעהאַלטן דעם „דזשאַב“ צוויי און אַ האַלב יאָר, ביז צום אַהיים גיין. נאָר איין מאָל אין דער גאַנצער צייט האָט ער מיך גערופן „פראָקלאַטי זשיד“ (פאַרשאָלטענער ייד). אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך קיין מאָל ניט פאַרשוויגן אַזאַ באַליידיקונג, האָב איך אויף שנעל אַ זאָג געטאָן: „דיעלאָ סאָלדאַטאַ מאָלטשאַט, וואַשע וויסאָקאָ בלאַגאָראָדיע“ (עס איז די זאַך פון אַ סאָלדאַט צו האַלטן ס'מויל, אייער געבענטשטע הויך־געבאָרנשאַפט). קאַזאַנצעוו איז געווען ווייס ווי קאַלך. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס איך האָב געמיינט צו זאָגן, און איך בין געווען גרייט צו נעמען אויף זיך, וואָס עס וועט קומען. אָבער עס איז גאָרניט געקומען, וואָס איך האָב דערוואַרט. קאַזאַנצעוו איז געוואָרן בלייך און האָט זיך אָפגעקערט פון מיר. ער איז באַלד צוגעקומען און געזאָגט: „אַדרבה, זאָגט אַליין, באַטיושקא“, (ער האָט יעדן „געדוצט“, נאָר אַז ער איז געווען אין כעס, האָט ער יעדן געאירצט), „האָט איר געטאָן, וואָס מען דאַרף, צי ניט ?“.

איצט האָב איך געשוויגן, וואָרעם אין דער עצם־זאַך האָט ער געהאַט רעכט. עס איז געווען אַ גרויסע נאַרישקייט, דער רעזולטאַט פון אומדערפאַרונג, וואָס איך בין באַגאַנגען מיט איינשרייבן אין די ביכער אַן איינקויף, איידער איך האָב געקריגן געלט דערויף, וואָס דאָס האָט צעשטערט די גאַנצע בוכהאַלטעריע. די זאַך איז געווען די: פון פעטערבורג איז געקומען אַ

גרויסער גענעראַל צו מאַכן אַן אינספּעקציע, האָט מיר דער פּאָלקאָווניק געזאָגט: זע, דיינע ביכער זאָלן זיין אין אָרדענונג. ידעם זעלביקן טאָג האָב איך געקויפט צען וועגעלעך האָבער, אָבער איך האָב ניט געקענט קריגן דאָס געלט דערויף, ווייל אַרויסנעמען געלט פון דעם „דענעזשני יאַשטשיק" (דאָס געלט־קעסטל), איז געווען זייער אומשטענדלעך, און דער פּאָלקאָווניק האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן, אָבער דער פּויער האָט געריסן די הויט פון מיר פאַר זיין געלט, בין איך אַריינגעגאַנגען צו דעם גביר יאָשע גלאַזער, און ער האָט מיר אויסגעליען דאָס געלט, עפּעס אַן אַכט הונדערט רובל. האָב איך דעם איינקויף פאַרשריבן. ווען דער פּאָלקאָווניק האָט אַריינגעקוקט אין דעם בוך, האָט ער מיך געפרעגט, וואו האָב איך גענומען געלט פאַר דעם האָבער. האָב איך אים דערציילט די מעשה, איז ער געוואָרן מלא־רציחה. וואָס האָט דער זשיד צו טאָן מיט די רעגירונגס־געשעפטן, און ווי אַזוי קענסטו מאַכן אַ הוצאה, ווען דו האָסט ניט געהאַט קיין הכנסה. איך האָב געזעען, אַז ער האָט רעכט, האָב איך געשוויגן.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל.

ס'איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער אייזערנער מענטש זוכט צו געפעלן ווערן און וויל אויסנעמען ביי „זיינע" סאָלדאַטן. פאַר מיין אַהיימגיין האָב איך דאָס אויסגעפונען.

די לעצטע וואָך פאַר מיין אַהיימגיין האָט קאַזאַנצעוו מיך געלאָזט קומען צו זיך. ער איז געווען אַ ביסל בגילופין. דעמאָלט פלעגט ער אויך אַלעמען אירצן.

„זעצט אייך", — האָט ער געזאָגט.

דאָס איז געווען אַזוי אומגעווייַנלעך, אַז איך האָב ניט געוואַגט דאָס צו טאָן.

„סאַדיטעס", — האָט ער געזאָגט נאָך אַ מאָל. האָב איך געפאָלגט.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — האָט ער אָנגעהויבן — וויפל געלט פירט איר אַהיים פון סלוזשבע?

מיר איז געוואָרן קאַלט אין אַלע אברים, ווען איך האָב דערהערט דעם פּזמון. אויף דעם האָב איך זיך גאָר ניט געריכט. דער אמת איז, איך האָב געהאַט אָפּגעשפּאָרט עטלעכע הונדערט רובל פון מיין פוראַזשירעריי, האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקן. ווער ווייסט, וואָס ער גרייט דאָ צו פאַר מיר.

האָב איך שנעל געזאָגט: — ניט קיין איין און איינציקע קאָפּיקע, אייער הויכגעבאָרן.

„ווריאָש" (דו ליגסט) — האָט ער געזאָגט.

איך האָב געשוויגן און אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין.

אַ קורצע פויזע. קאַזאַנצעוו גייט עטלעכע מאָל הין און צוריק איבער דעם צימער בעת איך זיץ ווי אויף שפּילקעס. נאָכדעם קומט ער צו נאָענט צו מיר, נעמט שאָקלען מיטן צייגפינגער פון דער רעכטער האַנט, און זאָגט:

— עך, באַטיושקאַ, איר זייט געווען אַ שלעכטער פוראַזשיר, אויב איר האָט ניט פאַרשטאַנען צו מאַכן אַ קאָפּיקע.

איך האָב קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אָבער איך האָב געשוויגן.

ווידער אַ פויזע.

מיטאַמאָל הייבט ער ווידער אָן:

— זאָגט מיר, וועט איר אַמאָל געדענקען דעם פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו.

— איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן — האָב איך געענטפערט האַסטיק — אין מיין גאַנצן לעבן ניט.

— דאָס גלויב איך ניט — האָט ער געזאָגט, — דו ביסט יונג, שיין און קלוג. אַז דו וועסט קומען אַהיים, אַ פרייער מענטש, וועסטו חתונה האָבן מיט אַ שיינער זשידאָווקע און דו וועסט גאָרניט געדענקען, אַז עס איז דאָ אַ פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו, וואָס זאָרגט פאַר זיינע סאָלדאַטן, ווי אַ פאָטער פאַר זיינע קינדער.

— איך וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו — בין איך מיט אַ מאָל געוואָרן פאַמיליער — קיינמאָל ניט.

— וואָס איז די זאַך, וואָס איר וועט צום מיינסטן געדענקען פון מיר?

איך בין געקומען אין אַ פאַרלעגנהייט. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר מיין דרייסטקייט. האָב איך געשוויגן.

— איר דאַרפט זיך גאָר ניט שרעקן — האָט ער געזאָגט — זאָגט פריי, וואָס איר ווילט, עס וועט אייך גאָרניט געשען.

איך האָב אַלץ געצעגערט, איך האָב ניט געוואַגט. דער פּאָלקאָווניק האָט ניט אָפּגעלאָזט. דווקא איך זאָל אים זאָגן פאַר וואָס איך וועל אים געדענקען. האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעזאָגט: „איר זענט שטרענג, זייער שטרענג, אָבער רעכטפערטיק" (ווי סטראָגי, אָטשען סטראָגי, טאָלקאָ ספּראַוועדליווי), און דאָס וועל איך אַלעמאָל געדענקען".

דאָס איז געווען דער סוף פון דעם געשפּרעך. קאַזאַנצעוו איז באַשייַנפּערלעך געווען גערירט. ער האָט גענומען מיין האַנט און געזאָגט: „איז דאָס אַ צוזאָג?"

— דאָס איז אַ צוזאָג, — האָב איך געזאָגט.

— פּראָשטשײַ (פאָר געזונט), — האָט ער געזאָגט.

# פּאָרוטשיק נעטשאַיעוו

אין דעם לעצטן קאַפּיטל בין איך פאַרלאָפן אַ ביסל צו ווייט און פאָראויס. איך האָב דאָס געטאָן, ווייל איך האָב געוואָלט אויפצייכענען אַ פול בילד פון דעם פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוו. מיין צוזאָג איז דאָך געווען, אַז איך וועל אים ניט פאַרגעסן.

לאָמיר איצט צוריקגיין צום אָנהייב.

דער צווייטער אָפיצער, וואָס האָט פאַרדינט איך זאָל אים דאָ פאַר־צייכענען, איז געווען דער פּאָרוטשיק נעטשאַיעוו. ער איז געווען גאָר אַן אַנדער סאָרט מענטש. פאַר אַלעם איז ער געווען אַ בילד־שיינער מאַנספּאַר־שוין: הויך, שלאַנק, יונג און העלדיש. ער איז געווען ניט מער ווי צווישן דרייסיק און פינף און דרייסיק יאָר אַלט, דערצו האָט ער געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער און מיוחסדיקער רוסישער פאַמיליע, רייך פון דער היים. ער איז געווען אַ העלדישער יונג ניט נאָר אין אויסזען. ווען מען האָט אונדז געלערנט שיסן פון רעוואָלווערן, מיט אמתע קוילן, האָט ער זיך געזעצט צווישן די צילברעטער, כדי צו ווייזן די יונגע סאָלדאַטן, אַז אַ סאָלדאַט דאַרף ניט זיין קיין פּחדן. דער מינדסטער פעל־שאָס האָט אים געקענט טרעפן.

פאַרשטייט זיך, אַז ער נעטשאַיעוו איז געווען אַ גרויסער בעל־גאווה. צו דער זעלביקער צייט האָט ער ליב געהאַט צו מאַכן שפּאַס מיט די סאָלדאַטן. ער האָט געוואָלט מען זאָל האָבן אַ גוטע מיינונג פון אים, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט פון צו זיין זייער שטרענג, ווי אַ רוסישער אָפיצער פון יענער צייט. אַ שפּאַס, יאָ, אָבער נאָר פון דער ווייטן, און מיט דרך־ארץ.

ווען ער איז אַריינגעקומען צום ערשטן מאָל צו אונדז, רעקרוטן, האָט ער אונדז אויסגעשטעלט אין אַ ריי — מיר זיינען געווען אַ פּופציק אונדזע־ריקע — נאָך דעם האָט ער אונדז אויסגעמישט, און ער האָט פּרובירט טרעפן יעדנס נאָמען. ער האָט אַ סך ניט געטראָפן.

מיט דעם נעטשאַיעוון איז מיר אויסגעקומען, ניט ווילנדיק, זיך צו פאַרמעסטן . . . „טו מעטש וויטס", ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, און דאָס אַלץ איז געשען צוליב אַן אומשולדיקן וויץ, וואָס מיר איז איינגעפאַלן.

ניט איין מאָל האָב איך געהאַט צרות צוליב אַ וויץ.

די זאַך איז געווען אַזוי: דער דאָזיקער נעטשאַיעוו האָט באַדאַרפט לערנען מיט די רעקרוטן „סלאָוועסנאָסט״ (אָט די דינים ווי אַזוי אַ סאָלדאַט דאַרף זיך אויפפירן).

ווען ער איז אַריינגעקומען צום צווייטן מאָל, און נאָך דעם ווי מען האָט אים אָפּגעגעבן דעם כבוד, ווי עס קומט אַן אָפיצער, האָבן מיר זיך אַלע צעזעצט אויף די בעטלעך, און דער אָפיצער ביי אַ לאַנגן טיש.

מיט אַ מאָל גיט ער אַ זאָג: „קטאָ דוראַק ווסטאַן!״ — ווער עס איז אַ נאַר זאָל זיך אויפשטעלן. די סאָלדאַטן האָבן דערהערט דאָס וואָרט: ווסטאַן, האָבן זיי שוין מער ניט באַדאַרפט. אַלע האָבן זיך געגעבן אַ שטעל אויף, ד״ה אַלע, אויסער מיר. איך בין געבליבן זיצן.

נאַטירלעך, האָט ער מיך באַלד דערשנאַפּט.

„און דו? און דו?״ — האָט ער געזאָגט צו מיר.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: דער באַפעל איז דאָך נאָר געווען צו די נאַראָנים. דאָס האָט ניט געמיינט מיך.

הם . . . הם . . . — האָט ער געהומט, — אַזוי, דו ביסט ניט קיין נאַר. דאָס וועסטו מוזן באַווייזן מיט מעשים.

איך האָב געשוויגן.

— אויב דו ביסט ניט קיין נאַר — האָט ער געזאָגט אַ ביסל שפּעטער — וועל איך דיך פרעגן אַ פראַגע, און מיר וועלן זען ווי קלוג דו ביסט.

איך האָב געשוויגן. איך האָב שוין חרטה געהאַט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן צו מאַכן וויצן מיט אַן אָפיצער, אָבער פאַרפאַלן. וואָס וועט זיין, וועט זיין.

— אַצינד וועל איך דיר פרעגן אַ פראַגע — האָט ער אָנגעהויבן. — הער מיט קאָפּ: אַ מאַן האָט געהאַט אַ פעסל בראָנפן פון אַכט גאַלאָן. דעם בראָנפן האָט ער באַדאַרפט צעטיילן אויף צוויי חלקים — 4 גאַלאָן און 4 גאַלאָן, אָבער ער האָט געהאַט נאָר צוויי מאָסן, איין מאָס איז געווען פונקט 5 גאַלאָן, און די צווייטע — פונקט 3 גאַלאָן. ווי אַזוי האָט ער צעטיילט דעם בראָנפן גלייך אויף גלייך?

— איצט וועלן מיר זען ווי קלוג דו ביסט — האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון גרויס צופרידנקייט.

עס האָט ניט געדויערט קיין 10 מינוט און איך האָב אים געגעבן די תשובה.

איך האָב געוואונען. אַצינד בין איך געשטאַנען ווי אַ העלד און דער אָפיצער האָט געביטן זיין מינע.

— ביסטו טאַקע ניט קיין נאַר, — האָט ער ענדלעך געזאָגט. אויב אַזוי, וועל איך דיר געבן אַ קליין ביכעלע, „די געזעצן פון אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך", און איך וועל דיר געבן צייט ביז קריסטמעס, דאָס אויסצולערנען אויף אויסנווייניק. עס איז נאָך געווען קנאַפּע צוויי חדשים צו קריסטמעס.

אויסלערנען זאַכן אויף אויסנווייניק, איז ביי מיר געווען אַ קינדער־שפּיל. איך בין געווען געוואוינט צו דעם. איך האָב געהאַט אַ גוטן זכרון, און אַ חוץ דעם האָב איך געהאַט אַן אייגענע מעטאָדע צו לערנען אויף אויסנ־ווייניק. איך האָב געלערנט נאָר איין פּסוק. ווען איך האָב געקענט דעם פּסוק, האָב איך געלערנט אַ צווייטן פּסוק צוזאַמען מיט דעם ערשטן. נאָכ־דעם אַ דריטן צוזאַמען מיט די ערשטע צוויי און אַזוי ווייטער ביז צום סוף. איך האָב באַטראַכט דאָס ביכעלע, אומגעפער אַ צוועלף געדרוקטע זייטן.

— וואָס וועט זיין, אויב איך וועל דאָס אויסלערנען אין אַ וואָך? — האָב איך געפרעגט.

— איך וועל באַריכטן וועגן דעם צום פּאָלקאָווניק, אויב דו וועסט דאָס קענען אין אַ וואָך.

— און אַז איך וועל דאָס קענען אין דריי טעג?

נעטשאַיעוו איז געוואָרן בייז:

— פאַרגעס ניט, אַז דו רעדסט מיט אַ רוסישן אָפיצער, מאַך ניט קיין שפּאַס, — האָט ער געזאָגט.

— איך מאַך ניט קיין שפּאַס, — איז געווען מיין ענטפער, — אָבער וואָס וועט זיין, אויב איך וועל דאָס קענען מאָרגן?

— הער אויס — האָט ער געזאָגט מיט כעס — אַז דו וועסט דאָס ניט קענען מאָרגן, וועל איך דיך איבערגעבן צו אַ מיליטער־געריכט פאַר מאַכן שפּאַס פון אַ רוסישן אָפיצער.

— איך מאַך ניט קיין שפּאַס, ווי קום איך צו שפּאַסן מיט אַן אָפיצער? איך מיין דאָס ערנסט, אייער הויכגעבוירנשאַפט, — האָב איך געענטפערט.

— גוט.

ער האָט באַפוילן מיך צו באַפרייען פון יעדער אַרבעט ביז מאָרגן, און צו מיר האָט ער געזאָגט:

— פּאָמני! (געדענק!).

איך בין אויפגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט, אָבער צו מאָרגנס נאָך מיטאָג, ווען דער אָפיציר איז געקומען עקסטרע מיך צו פאַרהערן, האָב איך געזאָגט דאָס גאַנצע ביכל אויף אויסנווייניק, ווי אַ מזמור.

מיין קאַריערע איז געווען אַ געמאַכטע. נעטשאַיעוו האָט דאָס באַלד רעפּאָרטירט צום קאָמאַנדע־פּאָלקאָווניק קאָזאַנצעוו און ער האָט דאָס דער־

ציילט צו אַלע אַנדערע אָפיצערן. דער פּאָלקאָווניק איז ספּעציעל געקומען מיך זען.

מיין דערפאָלג איז געווען גרויס.

באַלד צום ערשטן, האָט דער פּאָלקאָווניק מיך אַריינגעגעבן אין דער שקאָלע פאַר אונטעראָפיצערן.

איך האָב קיין אונטעראָפיצער ניט'געקענט ווערן. צו אַזאַ ראַנג האָט קיין ייד זיך ניט געקענט דערדינען. דאָס העכסטע, וואָס אַ ייד האָט געקענט דערגרייכן, איז געווען איין נאַשיווקע (איין בענדל) אויף די עפּאָלעטן. צו ווערן אַן אונטעראָפיצער האָט ער זיך געמוזט שמדן. אַזאַ אָנצוהערעניש איז מיר געגעבן געוואָרן עטלעכע מאָל ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, וואָס דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען אויסער פראַגע. האָב איך קיין אונטער־אָפיצער ניט געקענט ווערן, אָבער דאָס איז געווען דער איינציקער וועג, מיט וואָס דער פּאָלקאָווניק האָט געקענט אויסדריקן זיין אָנערקענונג און זיין צופרידנקייט מיט מיר.

האָט מען מיך אַריינגעגעבן אין שקאָלע פאַר אונטעראָפיצערן, אָבער דאָס האָט מיין גורל ניט פאַרלייכטערט, נאָר געמאַכט שווערער. מען האָט פון מיר פאַרלאַנגט צו פיל. איבערהויפּט איז געווען שלעכט, ווען עס איז געקומען צו גימנאַסטישע איבונגען. מיינע פלאַכפיס האָבן דאָס גאָרניט געקענט פאַרטראָגן. צו דעם איז צוגעקומען דער גוטמוטיקער שפּאָס פון די סאָלדאַטן: „קאָבי או מעניאַ נאָזשקי קאָק גאָלאָווקאַ, יאַ ביל בי גענע־ראַלאָם“ (ווען ביי מיר וואָלטן געווען די פיסלעך ווי דאָס קעפּעלע, וואָלט איך געווען אַ גענעראַל), און מיך האָט דאָס געערגערט. די איינציקע זאַך, וואָס איך האָב געקראָגן אַ גרויסן שם אין גאַנצן שטעטל. אַלע האָבן גע־רעדט פון מיר, חוץ נעטשאַיעוון, וואָס האָט דאָס דערציילט אַלע אָפיצערן אין אַנדערע באַטאַרייעס, האָבן די יידישע סאָלדאַטן דאָס צעטראָגן איבער דעם גאַנצן שטעטל. אין שטעטל איז געווען אַ באַקאַליי־געוועלבל, וואָס האָט געהערט צו אַן אלמנה מיט דעם נאָמען לאַנדסמאַן. דאָס דאָזיקע געוועלבל איז געווען אַ מין קלוב און פּאָסט־אָפיס פון די יידישע סאָלדאַטן. אַלע סאָל־דאַטן זיינען דאָרט אַהין געקומען. אַלע געלטער, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון דער היים, איז געווען אויף דעם נאָמען פון דער מאַדאַם לאַנדסמאַן. זי איז געווען אַ סאָרט צווייטע מוטער פון די סאָלדאַטן. אַלע האָבן זיך איר אָנפאַרטרויט און דערציילט זייערע סודות, און אויך זייערע צרות, און אַלץ וואָס איז געשען צו אַ יידישן סאָלדאַט, אין אַ וועלכער עס איז קאַזאַרמע, גוט צי שלעכט, האָט דאָס געוועלבל באַלד געוואוסט, פון דאָרט איז שוין ניט געווען שווער דאָס שטעטל זאָל זיך דערוויסן. אויב מאַדאַם לאַנדסמאַן האָט

דאָס געוואָוסט, האָט דאָס אויך דאָס גאַנצע שטעטל געוואוסט. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז די מעשה מיט מיר און דעם אָפּיצער ניעטשאַיעוו איז באַלד אָפּגעטראָגן געוואָרן צו מאַדאַם לאַנדסמאַן און — צום שטעטל, אפילו דער רב פון שטאָט האָט די מעשה געהערט. דער רב האָט געהייסן יודל דער רב, אָדער יודל „שאַפּקאַ סאַכאַר", ווע מען האָט אים גערופן. דעם נאָמען האָט ער זיך כשר פאַרדינט אויף אַזאַ אופן: איין איינציק מאָל אין זיין לעבן האָט דאָס ווייב אים געשיקט קויפן אַ היטל צוקער, איז ער אַריין אין אַ קריסטלעכן האַנדל און האָט געבעטן אַ שאַפּקאַ סאַכאַר. דער חשבון איז געווען אַ פשוטער: „שאַפּקאַ" איז אַ היטל אויף רוסיש, אַ היטל וואָס מען טראָגט אויפן קאָפּ, און „סאַכאַר" איז צוקער, איז דערפאַר „שאַפּקאַ סאַכאַר" — אַ היטל צוקער. צוליב דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס איך האָב געהאַט איבער דעם אָפּיצער, בין איך געוואָרן דער בריוו־שרייבער פאַר די יידישע סאָלדאַטן, אפילו פאַר דעם פריערדיקן בריוו־שרייבער. ווען איינער האָט געוואָלט קריגן אַן עקסטראַ פאַר דאָלער פון דער היים און האָט באַדאַרפט אַ פעפערדיקן בריוו, וואָס זאָל אָננעמען ביים האַרץ, איז ער געקומען צו מיר איך זאָל שרייבן דעם בריוו, ער איז געווען זיכער צו קריגן געלט, און איך האָב פאַרדינט אויף אַ פעקל טאַבאַק, וואָרעם איך בין געווען זייער אָרעם. די ערשטע פאַר רובל, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון דער היים, זיינען שנעל צעקראָכן געוואָרן, און נאָך מער געלט איז ניט געווען צו ווענען צו שרייבן. די מאַמע האָט קיין געלט ניט געהאַט. צו איר האָט ניט געהאָלפן קיין שרייבן, און איך האָב דאָס ניט געוואָלט טאָן, איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל איר נאָך מאַכן וויינען, ניט מער. אָבער רויכערן האָב איך שטאַרק געוואָלט, איז דאָס געווען מיין מיטל צו פאַרדינען אויף טאַבאַק.

דאָס איז, אגב, געווען כמעט דאָס איינציקע געלט, וואָס איך האָב פאַרדינט פון שרייבן אין מיין גאַנצער שרייבער־קאַריערע פון איבער פופציק יאָר. איך זאָג כמעט, ווייל אַ גאַנץ קליינע סומע האָב איך אַמאָל געקראָגן פונעם „פאָרווערטס", פאַר אַ קורצער צייט, ווי איך וועל דאָס דערציילן מיט דער צייט.

נאָך אַ זאַך האָב איך שיר ניט געהאַט פון דעם: די יידן אין וואָזנע־סענסק האָבן אָנגעהויבן זיך נאָכצופרעגן אויף מיר. אַ סך האָבן מיך געוואָלט אַהיים נעמען צו זיך אויף שבת, אָדער אויף אַ גאַנצער וואָך, אָבער זיי האָבן מיך ניט געקריגן צו זען, וואָרעם איך בין פרייטיק צו נאַכט אין שול ניט געגאַנגען. איך האָב געוואוסט, אַז ווער עס איז פון די יידן וועט מיך אַהיים נעמען אויף שבת, אָבער איך האָב ביי זיך דאָס ניט געקענט פועלן . . . ניט וואָס איך האָב ניט געוואָלט עסן קיין גוטן יידישן מאַלצייט אין אַ

יידישער הויז (דאָס מויל האָט מיר געוואַסערט), אָבער איך האָב ביי זיך ניט געקענט פועלן צו זיצן ביי אַ פרעמדן טיש. איר ווייסט דאָך ווי דער פּאָליאַק זאָגט: „פּעניענדזי ניעם מאַם, אַליע האָנאָר מאַם" (איך האָב טאַקע ניט קיין געלט, אָבער האָנאָר האָב איך). דאָס איז געווען מיין צושטאַנד צו יענער צייט.

ר׳ יאָשע גלעזער, אַ גביר פון שטאָט, איינער פון די שענסטע באַלע־באַטים, האָט געשיקט צו מיר דעם מלמד קאָרעצקי, דער וואָס האָט געלערנט גמרא מיט זיינע צוויי יינגלעך, און האָט מיך איינגעלאַדן אויף שבת צו אים. איך האָב גאַנץ שיין באַדאַנקט און בין — ניט געגאַנגען. זאָל דער לייענער ניט מיינען, אַז דאָס איז מיר אָנגעקומען אַזוי לייכט, ווי עס דערציילט זיך דאָ. איך האָב געהאַט דורכצומאַכן אַ שווערן קאַמף. ערשטנס, מיין אייגענער גוטער אַפּעטיט. דאָס מויל האָט מיר געוואַסערט, ווי איך האָב שוין דער־ציילט. איך האָב געחלשט נאָך אַ גוטן שבתדיקן מאָלצייט ביי אַ יידישן גביר. אָבער דאָס איז ניט געווען דאָס ערגסטע, וואָס איך האָב געהאַט גובר צו זיין. אַ סך ערגער און שווערער איז געווען צו דערקלערן מיין שטאַנדפּונקט צו די איבעריקע יידישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען אָריינגעקומען אין דעם געוועלבל פון דער אלמנה לאַנדסמאַן. זיי האָבן גאָר ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס איך בין אַזוי גרויס ביי זיך, איבערהויפּט ווען זיי זיינען גע־וואָר געוואָרן, אַז ר׳ יאָשע גלאַזער האָט געשיקט נאָך מיר דעם מלמד פון זיינע קינדער, האָבן זיי דאָס גאָר ניט געקענט אַריבערטראָגן. אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט, ר׳ יאָשע אַליין! ווי אַזוי זאָגט מען דאָס אָפּ? צו זאָגן דעם אמת, איך אַליין ווייס ניט פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו מיר דער כוח, אָבער איך האָב גובר געווען. איך בין ביי געקומען דעם נסיון. איך בין אין שול אַריין ניט געגאַנגען, און איך האָב ביי אַ פרעמדן טיש ניט געגעסן.

# פורים ביינאַכט אויפן מאַרק צווישן די קראָמען

דאָס, וואָס איך וויל דאָ דערציילן, איז ניט קיין אויסגעטראַכטע מיס־טישע מעשה פון שדים און רוחות. דאָס איז אַ דערציילונג ווי אַזוי איך האָב זיך אַרומגעדרייט שעהן לאַנג איינער אַליין, פורים ביי נאַכט, הונגעריק און געפּײַניקט, צווישן די פאַרמאַכטע קראָמען, אין דער שטאָט כערסאָן.

דער לייענער געדענקט אפשר, אַז מיין מאַמע האָט דערלאַנגט אַן אַפּע־לאַציע צו אַ העכערער קאָמיסיע. די אַפּעלאַציע האָט זיך געשטיצט אויף דעם, אַז איך לייד אויף די פיס, און בין ניט אימשטאַנד צו אָפּריכטן קיין מיליטער־דינסט. די דאָזיקע אַפּעלאַציע, ווי שוין געזאָגט, האָט מען אָנגענומען, אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעהאַלטן פון אָוועקשיקן מיך אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ, ניט מער, מען האָט די פּאַפּירן מיטגעשיקט. אין בין געגאַנגען קיין וואָזנע־סענסק, און די פּאַפּירן — קיין כערסאָן, די הויפּטשטאָט פון דער גובערניע.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט מען זאָל מיך אַרויספאָדערן אין דער גובערניע אַריין. ערשטנס, האָב איך טאַקע געהאָפט באַפרייט צו ווערן; צווייטנס, האָב איך זיך געוואָלט באַפרייען, כאָטש אויף אַ שטיקל צייט, פון דעם שווערן לעבן פון אַ נאָוואָבראַזנעץ (אַ רעקרוט).

ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט. „כערסאָן" האָט מיך אַרויסגעפאָ־דערט! אַרום די ערשטע טעג פון חודש מערץ, פון דעם יאָר 1887, איז גע־קומען די פאָדערונג, אין דעם נאָמען פון דעם צאַר, מען זאָל מיך צושטעלן אין אַ געוויסן טאָג אין מערץ צו אַ מעדיצינישער העכערער קאָמיסיע אין כערסאָן, פאַר ווייטערער אונטערזוכונג. דער הויפּט־דאָקטער פון דער דאָזי־קער קאָמיסיע איז געווען גענעראַל ד"ר הירשמאַן. פון דעם נאָמען אַליין קען מען שוין זען, אַז דער דאָזיקער ד"ר גענעראַל איז געווען אַ ייד. ווי אַ יידישער דאָקטער, וואָס האָט געהאַט דעם טיטל גענעראַל, איז ער געווען שטרענגער צו יידן, ווי צו אַנדערע. איך קענט דאָך די פּסיכאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן מין יידן: אַ ייד, האַלטן זיי, דאַרף זיין בעסער, קליגער און שענער און אָרנטלעכער פון אַלע אַנדערע מענטשן. דער דאָזיקער מין האָט אויך ניט געפעלט אין כערסאָן מיט 55 יאָר צוריק. די יידישע סאָלדאַטן אין כער־סאָן, האָבן מיר שוין פאָראויסגעזאָגט, אַז איך בין אַן אָפּגעקאָכטער, ווען איך וועל נאָר אַריינפאַלן אין די הענט פון ד"ר הירשמאַן. דאָס האָב איך אויס־

געפונען אין כערסאָן, אָבער ווען די אַרויספאָדערונג איז געקומען, האָב איך דאָס ניט געוואוסט, בין איך געווען פול מיט האָפענונג.

אויף מיין רייזע פון וואָזנעסענסק קיין כערסאָן, האָט מען מיך ניט באַגלייט מיט פויקן און טאַצן. מען האָט מיך איינפאַך אַריינגערופן אין קאַנצעלאַריע, און מען האָט מיר געגעבן צווייערליי פּאַפּירן, איינס איז געווען אין דער „גובערניע" אַריין, און דאָס צווייטע איז געווען צו דעם סטאַראָסטע (עלטסטער) פון דעם נאָענטסטן דאָרף, אַרום פופצן וויאָרסט פונעם שטעטל, און מען האָט מיך געהייסן גיין צופוס. אַן אַלטער יידישער סאָלדאַט האָט מיך געראָטן מיטצונעמען אַ פּאָר ריינע העמדער. ווייל איך ווייס גאָר ניט, ווי לאַנג איך וועל דאַרפן שטיין אין כערסאָן. דאָס איז געווען אַ וואוילע עצה. מיר אַליין איז עס גאָר ניט איינגעפאַלן.

אין דעם ערשטן דאָרף בין איך אַריינגעקומען פאַרנאַכט־צו. איך בין גלייך אַריין צו דעם סטאַראָסטע, און ער האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ קוואַרטיר און עסן ביי אַ פּויער, ביז אויף מאָרגן, און גלויבט מיר, איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי דאָס מאָל, ביי דעם פּויער אין הויז, הגם קיין אַפּעטיט האָט מיר קיינמאָל ניט געפעלט, ביז היינט ניט.

אויף צו מאָרגנס, האָט מיר דער סטאַראָסטע פון דעם דאָרף געגעבן פּאַפּירן צו דעם סטאַראָסטע פון דעם צווייטן דאָרף, און אַזוי ווייטער פון דאָרף צו דאָרף, ביז איך בין אָנגעקומען קיין כערסאָן, אַ מהלך פון אַרום 200 וויאָרסט (עפּעס אַרום 125 מייל).

די גאַנצע נסיעה האָט פאַרנומען איבער אַ וואָך, שוין אַריינגערעכנט די צוויי טעג, וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן צו רוען אויף דעם וועג.

אָנגעקומען קיין כערסאָן, האָב איך באַדאַרפט רעפּאָרטירן צו דער קאָמיסיע. דאָרט האָט מען מיר אָנגעוויזן אַ קאַזאַרמע, וואו איך האָב זיך באַדאַרפט אויפהאַלטן און קריגן „כאַרטש" (עסנוואַרג). יעדן פרימאָרגן האָב איך זיך באַדאַרפט שטעלן אין דער קאַנצעלאַריע (אָפיס) פון דער קאָמיסיע, אויסצוגעפינען, ווען מיין צייט פאַר דער אונטערזוכונג וועט קומען. דאָס איז געווען מיין איינציקע פליכט. אַ חוץ דעם, בין איך געווען אין גאַנצן פריי דעם גאַנצן טאָג. עס איז ניט געווען קיינעמס דאגה וועגן מיר, און עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל זיך אינטערעסירן מיט מיר, וואָס איך טו, און וואָס איך טו ניט, איך בין געווען פריי ווי אַ פויגל — קיין היים, קיין באַקאַנטן, קיין פאַרוואַנדטן, און קיין גראָשן געלט. און דאָס עסן, וואָס מען האָט דאָרט געגעבן — זאָל גאָט שומר ומציל זיין, ניט צו נעמען אין מויל אַריין. דאָס ברויט איז געווען אַזאַ, אַז מען האָט גענומען אַ שטיק און געוואָרפן צו דער וואַנט, האָט זיך עס צוגעקלעפּט. אין וואָז־

נעסענסק איז כאָטש געווען דער פּאָלקאָווניק קאָזאַנצעוו, וואָס האָט אַכטונג געגעבן מען זאָל דאָס עסנוואַרג כאָטש קענען נעמען אין מויל אַריין.

אַ חוץ דעם איז דאָך געווען דאָס געוועלבל פון די לאַנדסמאַנס, וואו מען האָט געקענט באַרגן ווייס ברויט, כאַלוואַ, מאַמעליגע און אַ פּעקל טאַבאַק, אַז מען האָט ניט געהאַט קיין געלט. דאַן זיינען געווען די אייגענע חברים, יידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געקענט און אַרויסגעהאָלפן איינע די אַנדערע. די קאַזאַרמע גופא האָט מען געמוזט האַלטן ריין און ציכטיק. פון דעם אַלעם איז אין כערסאָן פאַר מיר קיין זכר ניט געווען. די קאַזאַרמע איז געווען אַ פּלאַץ, וואו מען האָט אַריינגעשטעלט אויף דערווייל די דורכגייענדיקע סאָלדאַטן, איז דאָס אין גאַנצן געווען אָפּגעלאָזן: קיין בעטלעך, קיין טישן, קיין גאָר ניט, אויסער סיענניקעס, אָנגעלייגט איינער אויף דעם אַנדערן, און אַ לעמפּל, וואָס האָט זיך געררויכערט ביי נאַכט אין דער מיט פון דער קאַזאַרמע.

דער סאָלדאַט, וואָס האָט דאָרט פאַרבראַכט, ווען ער איז געקומען שלאָפן, האָט זיך גענומען דעם סיעננין, וואָס איז גראָד געווען דער אויבערשטער, האָט אים אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע און זיך אָוועקגעלייגט. דאָס איז געווען ביינאַכט. בייטאָג איז ניט געווען וואָס צו טאָן און וואו צו גיין. און צו פיל עסן האָט מען אויך ניט געגעבן. שלעכט ווי דאָס עסן איז געווען, איז עס נאָך געווען בצימצום — קוים די נשמה צו דערהאַלטן, און קיין גראָשן געלט איז ניטאָ, כאָטש צערייס זיך. דערפאַר האָט מען געהאַט גענוג צייט, כאָטש שלאָג זיך קאָפּ אָן דער וואַנט. איך האָב דאַן אויסגעפונען, אַז פרייהייט אָן פליכטן, איז גאָר ניט אַזאַ טייערע מציאה. די סאָלדאַטשינע אין וואָזנעסענסק איז געווען ניט אַן ערך בעסער, איידער די אַזוי געלויבטע פרייהייט אין כערסאָן.

וואָס טוט מען? ווי געפינט מען אַן אָרט, וואו די יידישע סאָלדאַטן קומען זיך צוזאַמען, איך זאָל כאָטש האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריידן, און — אפשר וועט ווער עס איז טראַקטירן אַ מאָלצייט, צי וואָס, מען זאָל עס קאָנען נעמען אין מויל אַריין?

געזוכט און געפונען!

עס האָט מיר גענומען עטלעכע טעג, און איך האָב געפונען פונקט אַזאַ פּלאַץ ווי אין וואָזנעסענסק. נאַטירלעך בין איך דאָרט געווען אַ פרעמדער, אָבער איך בין געווען צווישן אייגענע מענטשן. איך האָב נאָך דאָרט געטראָפן אַ וואַרשעווער סאָלדאַט, וואָס האָט פון מיר געוואוסט פון דער היים, און ער האָט מיך טראַקטירט.

אָבער דאָס האָט נאַטירלעך ניט געדויערט לאַנג. דערווייל איז אָנגעע־

קומען פּורים. געפּראָרן, הונגעריק און איינזאַם, בין איך אַוועק אין דעם געוועלבל, מיט דער האָפענונג צו געפינען דאָרט אַ סך מענטשן, און אפשר האָבן אַ געלעגנהייט אַפּצועסן. אָבער אַן אומגליק! קיינער איז ניטאָ. די סאָלדאַטן האָבן, יעדער, געהאַט עפּעס אַ באַקאַנטן, צו וועמען זיי זיינען אַוועק אויף פּורים, און דער באַלעבאָס פון דעם געוועלבל האָט זיך געאיילט צו פאַרמאַכן. ס'איז דאָך פּורים. שלעכט! מען מוז אַוועקגיין, אָבער וואו גייט מען? ווער קען מיך? וועמען קען איך? אַ געפיל פון איינזאַמקייט, פון עלנט איז מיך באַפאַלן ווי נאָך קיין מאָל ניט אין לעבן. אַזאַ פולשטענדיק באַוואוסטזיין פון הילפלאָזיקייט האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געפילט. מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן אַן אידעע, אַ בריליאַנטענע אידעע, ווי איך האָב געמיינט בעת מעשה! היינט איז פּורים, האָב איך געקלערט, איך דאַרף נאָר עפענען די טיר פון דעם ערשטן־בעסטן יידן, און מיר וועט גאָר ניט מער פעלן. וועלכער ייד וועט דאָס אַרויסשיקן אַ יידישן סאָלדאַט פון זיין הויז פּורים ביי נאַכט, און קלערנדיק דאָס, האָב איך זיך דערמאָנט דאָס באַקאַנטע יידישע לידל:

היינט איז פּורים,
מאָרגן איז אויס,
גיטס מיר אַ קרעפּל
און וואַרפטס מיך אַרויס.

ניט ווילנדיק האָב איך געשמייכלט, אָבער איך האָב ניט לאַנג געטראַכט, און בין אַרויס אויף דעם מאַרק.

דער גאַנצער מאַרק איז געווען שטיל און פינצטער, חושך. אַלע קראָמען פאַרמאַכט. אָבער אַרום און אַרום דעם מאַרק זיינען געווען יידישע וואוינונגען. אַלע פענצטער באַלויכטן. די אַרומיקע פינצטערניש האָט די ליכטיקייט פון די פענצטער פאַרגרעסערט. פון אַלע הייזער האָט זיך געטראָגן געזאַנג און פריילעכקייט, נאָר איך אַליין, אַזוי האָט עס אויסגעזען, בין הונגעריק און דורכגעפּראָרן. פאַר וואָס קומט דאָס מיר? איך מאַך זיך האַרץ, און גיי אַרויף אויף דעם ערשטן שטאָק פון אַ הויז. איך דאַרף נאָר עפענען די טיר און מיין הילף וועט קומען. אָבער ווי איך האָב גענומען דאָס הענטל פון דער טיר אין דער האַנט אַריין, האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרץ. „וואָס טוסטו, יאַנקל?", האָט אַן אינערלעכע שטימע צו מיר געזאָגט: „בעטלען! אַזוי נידעריק געפאַלן, ווען דו ביסט נאָר איין מאָל געקומען פּנים אל פּנים מיטן הונגער?" איך האָב מער ניט באַדאַרפט, איך בין אַרונטערגעלאָפן פון די טרעפּ, עפּעס ווי מען וואָלט מיך געוועזן געכאַפּט ביי אַ גנבה. אויף דער גאַס איז געווען אַ פראָסט, און אַ שטאַרקער ווינט

האָט געבלאָזן. צו באַשיצן זיך פון דעם ווינט, האָב איך זיך געטוליעט צו די פאַרמאַכטע ביידלעך. אַ פּאָליציאַנט איז פאַרבייגעגאַנגען, אָבער זעענדיק אַ סאָלדאַט, האָט ער זיך נאָר אומגעקוקט און איז אַוועק ווייטער. ווער ווייסט, וואָס דער פּאָליציאַנט האָט זיך געטראַכט בעת מעשה.

איך בין אַרונטערגעלאָפן פון דעם הויז, אָבער אַוועקגעגאַנגען פון דעם געגנט בין איך ניט. דער הונגער, דאָס בילד פון דער קאַלטער און האַלב־פינצטערער קאַזאַרמע, מיט די סיענניקעס אויף דער פּאָדלאָגע, די ליכטיקע פענצטער אין די יידישע הייזער, האָבן מיך געהאַלטן ווי צוגעשמידט צו דעם פּלאַץ, און האָבן מיך ניט געלאָזט אַוועקגיין. אָבער און ווידער האָב איך זיך געלאָזט גיין צו אַ יידישער הויז, און יעדעס מאָל, ווען איך בין צוגעקומען צו אַ טיר, האָט מיר פאַרפעלט קוראַזש אַריינצוגיין אין דעם הויז אַריין. אַזוי אַרום האָב איך זיך אַרומגעדרייט צווישן די קראָמען ביז צען ביי נאַכט און בין אין ערגעץ ניט אַריין. צום סוף האָב איך זיך אַוועקגעשלעפּט אין דער קאַזאַרמע, אַ הונגעריקער, אַ מידער און אַ דורכגעפראָרענער, און האָב זיך געלייגט שלאָפן, ווייל דאָס ביסל עסן, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאַר מיר, האָט דער קוכער שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפן, זעענדיק אַז איך קום ניט אַהיים.

אַזוי האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט אין כערסאָן נאָך אַ צען טעג. איך האָב געהאָפט אויף דעם טאָג צו גיין „אַהיים", ד"ה קיין וואָזנעסענסק. גאַנץ גענוי די מעשה מיט יענעם יידן און די ציג, וואָס דער רבי האָט געהייסן ער זאָל אַריינגעמען אין שטוב אַריין. ווען מען האָט אים געהייסן צוריק אַרויסנעמען די ציג, האָט ער ערשט דערפילט ווי גוט אים איז.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג, אויף וועלכן איך האָב איצט געהאָפט. אין אַ שיינעם טאָג האָב איך זיך באַדאַרפט שטעלן צו דער קאָמיסיע. דער הויפּט־דאָקטער, דער גענעראַל הירשמאַן, האָט מיך אונטערזוכט. ער האָט געוואוסט פּונקט אַזוי פיל ווי איך. „גאָדיען" (ער טויג), האָט ער ענדלעך גע־זאָגט, און מיט דעם האָט זיך די גאַנצע זאַך געענדיקט. צוליב דעם איינעם וואָרט האָב איך זיך באַדאַפט אַזוי פיל אָנליידן.

באַלד, דעם זעלביקן טאָג, האָט זיך אָנגעהויבן מיין נסיעה אויף צוריק. די זעלביקע פּראָצעדור, נאָר אויף דעם פאַרקערטן וועג. די קאַנצעלאַריע אין כערסאָן האָט מיר געגעבן אַ פּאַפּיר צו דעם סטאַראָסטע פון דעם ערשטן דאָרף, און אַזוי פון דאָרף צו דאָרף, ביז איך בין געקומען קיין וואָזנעסענסק. זעלטן ווען איך בין אַריינגעפאַלן צו אַ רייכן פּויער אין הויז אַריין, אָבער רייך צי אָרעם, ביי דעם פּויער אין הויז האָט גאָרניט געפעלט. פון דעם שענסטן און פון דעם בעסטן. אַלץ וואָס דער פּויער האָט געהאַט, האָט ער

געגעבן מיט אַ פולער האַנט. אין די טעג האָב איך אויף אַן אמת זיך אָנגע־געסן.

קומענדיק קיין וואָזנעסענסק, האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ נייע פּראָבלעם. עס גייט צו פּסח. וואָס טוט מען מיט פּסח? ווי אַזוי וועל איך עסן חמץ? וואָס וועט דאָס שטעטל זאָגן? ווי אַזוי וועל איך זיך פון זיי אויסבאַהאַלטן? וואָס וועלן די גויישע סאָלדאַטן זאָגן? איבערהויפּט, וואָס וועל איך ענטפערן דעם פּאָלקאָווניק קאַזאַנצעוון? ער ווייסט גאַנץ גענוי וועגן דער „זשידאָווסקע פּאַסכאַ" און מאַטסאָס. ביז אַהער האָב איך עס געמאַכט לייכט. איך בין ניט געגאַנגען אין שול אַריין און פּטור. ווען מען האָט נאָך מיר געשיקט, האָב איך זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ תּירוץ. אָבער איצט וועל איך זיך ניט אַרויסדרייען — די גוים וועלן מיך היטן.

פון דער פאַרלעגנהייט האָט מיך אַרויסגענומען דער יידישער גביר ר' יאָשע גלאַזער. גלאַזערס הויז איז געווען אַרום דעם עק פון אונדזער קאַזאַרמע. דער פּאַרקאַן פון זיין הויז איז געווען דער פּאַרקאַן פון אונדזער קאַזאַרמע.

דער דאָזיקער יאָשע גלאַזער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף מיר די גאַנצע צייט. דורך דעם ווינטער האָט ער עטלעכע מאָל געשיקט צו מיר דעם מלמד קאַרעצקי און מיך געלאַדן אויף שבת, אָבער איך האָב זיך אָפּגע־זאָגט. אַצינדער, פאַר פּסח, איז ווידער געקומען דער מלמד מיט אַ שליחות. וואָס וועל איך טאָן פּסח? — האָט ער געפרעגט. איך וועל דאָך ניט עסן קיין חמץ? איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל קומען אין שול אַריין ערב יום־טוב ביי נאַכט, אַזוי האָב איך גע־טאָן. אין שול איז צו מיר צוגעקומען דער שמש און מיר געזאָגט, איך זאָל צוואוואַרטן אַ ביסל נאָכן דאַוונען, יאָשע גלאַזער וויל מיך זען. און באַלד נאָך דעם דאַוונען, נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, איז יאָשע גלאַזער געשטאַנען לעבן מיר.

— יונגערמאַן, — האָט ער געזאָגט אַן שום צערעמאָניעס, — קומט אַהיים מיט מיר אויף יום־טוב, — און איך האָב געפאָלגט מעכאַניש.

# די פאַמיליע גלאַזער

ר׳ יאָשע גלאַזער און זיין גאַנצע פאַמיליע האָבן באַלאַנגט צו די סאַמע פּני פון שטאָט, טאַקע די סאַמע ערשטע צווישן זיי. די גאַנצע משפּחה איז באַשטאַנען פון גבירים, משכּילים און יחסנים. דער הויפּט פון דער פאַמיליע, הער זעלצער, איז געווען גלאַזערס שווער. ער האָט באַלאַנגט צו די סאַמע ערשטע יידישע משכּילים אין רוסלאַנד, אַ למדן, אַ העברעער, וואָס האָט אַוודאי אַמאָל געחלומט צו ווערן אַ דאָקטער, אָדער עטוואָס ענלעכעס און האָט געענדיקט מיט דעם, וואָס ער איז געוואָרן אַ גרויסער גביר אַלס פּאָדריאַטשיק אין דער רוסיש־טערקישער מלחמה, ווי מיר דאַכט. אַ צווייטער איידעם פון דעם הער זעלצער, גלאַזערס שוואָגער, איז געווען ד״ר בראָדסקי, דער קאַזיאָנער שטאָט־דאָקטער, און אַזוי די גאַנצע משפּחה. אַלע רייך, אַלע משכּילים און אַלע אַריסטאָקראַטן. אין מיין צייט איז זעלצער שוין געווען אַריבער זיבעציק און צוריקגעצויגן פון געשעפט.

אין איין פּרט איז ר׳ יאָשע גלאַזער געווען אַנדערש ווי זיין גאַנצע משפּחה. ער איז געווען אַ פרומער ייד, טאַקע פּשוט אַ פרומער ייד, אָן שום היפּאָקריטסטווע; ניט מער, זיין פרומקייט איז געווען באַשפּרינקלט מיט אַ מין ליבעראַליזם, וואָס האָט געשמעקט מיט אָדעס. ער איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, אָבער אים האָט ניט געאַרט, אויב איר זייט דאָס ניט געווען. דורך דעם האָט ער געקענט מיט מיר אויסקומען, וואָרעם פון דער ערשטער מינוט אָן האָט ער געוואוסט, אַז איך בין אַן אַפּיקורס. איך האָב דאָס פון אים ניט באַהאַלטן. זיין הויז איז צו יענער צייט געווען, וואָס מען רופט אַ מאָדערנע יידישע הויז, וואו די מיידלעך האָבן גערעדט רוסיש, געשפּילט פּיאַנאָ און זיך געקליידט נאָך דער לעצטער אָדעסער מאָדע, און די ייִנגלעך האָבן געלערנט ביי אַ גמרא־מלמד, און ביי אַ רוסישן לערער אין דער היים.

גלאַזער האָט געהאַנדלט מיט תבואה. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. תבואה, ווי איך האָב געזאָגט, איז געווען דער הויפּט־האַנדל פון דעם גאַנצן שטעטל.

אָט צו דעם יאָשע גלאַזער בין איך אָנגעקומען אויף פּסח.

דאָס הויזגעזינד פון דעם הער גלאַזער איז באַשטאַנען פון 11 נפשות — ער אַליין מיט זיין פרוי קלאַרע, אָדער חיה, פינף טעכטער, 2 יינגלעך, אַן איידעם און אַן אייניקל, אַ יידיש־נגידיש הויז. די עלטסטע טאָכטער שרה איז געווען פאַרהייראַט. צוויי פון די טעכטער, פאַניע און ראָזע, זיינען געווען — די ערשטע אַ יאָר 21 און די צווייטע אַ יאָר 18. די צוויי יינגלעך זיינען געווען 12 און 14 יאָר אַלט. דאָס יינגסטע קינד איז געווען אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר. דעם איידעם יהונתן ראַבינאָוויטש איז געקומען פון אַ רייכער פאַמיליע. ער איז געווען אַ משכיל און אַ גרויסער פראַזן־דרעשער.

איך שטעל זיך פאָר, אַז איך האָב געמוזט מאַכן אַ קאָמישן איינדרוק אויף אַלעמען ביים טיש. די גאַנצע צייט בין איך געזעסן ווי אויף שפּיל־קעס, עפּעס ווי מען וואָלט מיך געכאַפּט ביי אַ גנבה. איך האָב זיך געשעמט דעם קאָפּ אויפצוהייבן. צים שלימזל איז מיר אַלץ געפאַלן פון דער האַנט. ווי איך האָב זיך אַ ריר געטאָן, איז עפּעס געשען. אָט איז ביי מיר אַרונ־טערגעפאַלן אַ גאָפּל פון טיש. איך בין געוואָרן רויט ווי אַ צוויק און האָב זיך שנעל איינגעבויגן אויפצוהייבן דעם גאָפּל, האָב איך אויף דער שנעל אַ שלעפּ געטאָן דאָס טישטוך און — אָ, שלימזל ווי גייסטו? — דער כוס וויין, וואָס איז געשטאַנען ביי מיין זייט, האָט זיך איבערגעקערט און דער וויין האָט זיך אויסגעגאָסן. ווען עס עפנט זיך אַ גרוב, וואָלט איך אַריינגעשפּרונגען. איך האָב זיך שיר צעוויינט פון פאַרצווייפלונג און שאַנד. ר׳ יאָשע האָט הפּנים מיט מיר מיטגעפילט. ער האָט געהאַלטן אין איין זאָגן: שעמט זיך ניט, יונגערמאַן, איר זייט צווישן אייגענע יידן. אָבער דאָס האָט מיר נאָך ערגער געמאַכט. הלוואי וואָלט ער גאָרניט גע־זאָגט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט דאָס געזאָגט, איז מיר געקומען דאָס בלוט אין פּנים אַריין. דאָס ערגסטע פון אַלעם איז געווען, וואָס די מיידלעך האָבן געלאַכט, און די יינגערע, רחל — דעמאָלט האָט זי געהייסן ראָזע — האָט געלאַכט צום מייסטן. איך האָב קוים דערלעבט אַוועקצוגיין פון דעם טיש. צום אומגליק האָט זיך דאָס געצויגן אַזוי לאַנג, אַז איך האָב געמיינט עס וועט קיין מאָל ניט נעמען קיין סוף. די באַלעבאָסטע, מאַדאַם גלאַזער, האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו בלייבן שלאָפן אין הויז, אָבער איך האָב זי באַ־דאַנקט און בין אַנטלאָפן ווי פון אַ שרפה, צוריק אין קאַזאַרמע שלאָפן, הגם מיין אורלויב איז געווען אויף צוויי טעג און צוויי נעכט.

איך ווייס ניט, צי איך וואָלט ווען עס איז געווען צוריקגעגאַנגען צו גלאַזערן אין הויז אַריין, ווען ניט . . . אָט דאָ הייבט זיך אָן די אַלטע מעשה, „וואָס איז אימער ניי״ — אַ מיידל! און דאָס מאָל איז עס געווען דאָס לאַכנדיקע מיידל ראָזע.

עס איז אַזוי אויסגעקומען, אַז ביים טיש בין איך געזעסן לעבן ראָזען, און זי האָט מיר אייגנטלעך געהאָלפן אויסזיצן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איר לאַכן האָט מיך געשניטן ווי מיט מעסערס, און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ביז אַ געווּיסן גראַד איז זי געווען די אורזאַך פון מיין פאַרלעגנהייט און אומבאַהאָלפנקייט. פון דער ערשטער מינוט בין איך צוגעצויגן געוואָרן צו איר. פון דער ערשטער מינוט האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט זי געקענט מיין גאַנץ לעבן. אַז ראָזע האָט געהאַט די זעלביקע געפילן, דאָס ווייס איך היינט גאַנץ באַשטימט. זי האָט דאָס מיר אַליין געזאָגט — מיט 41 יאָר שפּעטער, אין דעם יאָר 1928, ווען איך בין געווען אין וואַרשע אויף אַ באַזוך צוזאַמען מיט מיין פרוי. דעמאָלט אָבער, אין דעם יאָר 1887, אין וואָזנע־סענסק, האָב איך דאָס געפילט אינטואיטיוו, אַזוי שנעל ווי מיר האָבן זיך בעסער באַקענט. לאָזט די זאַכן איבער צו די הערצער פון די יונגעלייט. זיי דערשנאַפּן זיך איינס ס׳אַנדערע, און זיי פאַרשטייען זיך אויפן וואונק, ווען די געפילן זיינען עכט.

איז ראָזע געווען שיין? איך ווייס דאָס ניט מער. אָבער זי איז געווען באַחנט, לעבעדיק און סימפּאַטיש ביז גאָר, מיט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר און פּאָעזיע. ביז איר האָב איך אַזאַ מיידל געקענט נאָר אין דער פאַנטאַזיע...

אַריינקומענדיק צוריק אין קאַזאַרמע נאָך דעם ערשטן סדר, בין איך געווען ווי פאַרשיכורט. די געדאַנקען און די געפילן האָבן זיך געביטן מיט אומגעהויערער שנעלקייט. אַ סך האָט מיט דעם צושטאַנד געמוזט האָבן צו טאָן, ווי מיר שיינט היינט, די גוטע פּסחדיקע וועטשערע אין אַ גבירישער הויז. איך מוז זאָגן דעם אמת, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, אַז הגם איך האָב אויסגעהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער און האָב בשום אופן ניט געוואָלט גיין עסן אַלס אַן אורח, איז דאָס מיר אָנגעקומען, ווי מען זאָגט, מיט גרינע ווערעם. איך בין געווען אַ געזונטער בחור מיט אַן אויסערגע־וויינלעך גוטן אַפּעטיט. דאָס עסן „אויף דער קיך" איז גאָר ניט געווען לויט מיין געשמאַק. דאָס שוואַרצע ראָזעווע ברויט איז מיר געווען אַזוי דערווידער, אַז איך וואָלט אַוועקגעגעבן איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ שטיקל ברויט — איינפאַך ווייס ברויט. גאַנץ אָפט האָט אויסגעפעלט אַ שטיקל צוקער צו טיי. מיינע אַפּעטיטן און פאַרלאַנגען זיינען קיינמאָל ניט געוואָרן באַפרידיקט. פון דער היים איז געקומען ווייניקער געלט, ניט געווען ווער עס זאָל שיקן. דאָס סאָלדאַטסקע געהאַלט איז געווען אַרום 75 קאָפּיקעס (38 סענט) אַלע דריי מאָנאַט אויף צו קויפן פאָדעם. אַז עס איז אַ מאָל אין שמיטה געקומען אַ פּאָר רובל פון דער היים, האָב איך דאָס געלט מייסטנס פאַרנוצט אויף ווייס ברויט, כאַלעוואַ און טאַבאַק. קאָן מען שוין פאַרשטיין

אין וואָסער געררייצטן צושטאַנד איך בין געווען. האָט דער רייכער מאַלצייט צום ערשטן סדר ביים טיש פון אַ יידישן גביר, נאָך אַזאַ לאַנגן „תענית", געמוזט האָבן אַ שטאַרקע ווירקונג אויף מיר.

אָט דאָס איז דאָס, האָב איך ביי זיך געטראַכט. דער גוטער מאַלצייט. איך האָב אַלע מאָל געציטערט פאַר דעם. איך האָב זיך געשראָקן, אַז איך וועל דעם נסיון ניט קענעןביישטיין. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מער אויס־האַלטן וועל איך ניט קענען, אַז די „פרעסאַרניע" וועט גובר זיין, און איך וועל פאַלן אַ קרבן צו דעם חומר און ווערן אַן אורח ביי אַ פרעמדן טיש. מיין ערשטער אַנטשלוס איז דערפאַר געווען אַ באַשטימטער: ניין, איך גיי ניט מער צו גלאַזערן אין הויז אַריין. עס מעג קאָסטן וואָס עס וויל. איך וועל זיך ניט אונטערגעבן.

אָבער דער באַשלוס האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן.

באַלד זיינען געקומען אַנדערע געדאַנקען: ווי אַזוי וועל איך עסן חמץ? אין וואָסער פנים וועל איך האָבן אין שטעטל? ווי אַזוי וועל איך זיך ווייזן ביי די לאַנדסמאַנס? און וואָס וועל איך ענטפערן דעם פאַלקאָווניק? וואָס וועט ער זאָגן צו חמץ אין פסח?

מען האָט געדאַרפט קענען גרעגאָרי קוזמיטש קאָזאַנצעוו, דעם קאָמאַנדיר פון דער פערטער באַטאַרייע, מען זאָל באַגרייפן וואָסער פראָבלעם קאָזאַנצעוו איז געווען פאַר מיר.

ווען איך קוק היינט צוריק צו יענער צייט — 55 יאָר נאָך דעם — און איך זוך אין מיין זכרון, אויף וויפל מעגלעך, אויסצוגעפינען, צוריקוועגס, די אמתע סענטימענטן פון דעמאָלט, און די אורזאַכן, וואָס האָבן מיך אַריינגע־בראַכט אין מיין פאַרלעגנהייט, שיינט מיר היינט, אַז קאָזאַנצעוו איז נאָר געווען אַ תירוץ, אַז די אמתע אורזאַך איז געווען ראָזע. עס איז געווען ראָזע, וואָס האָט מיך געצויגן, — עסן וואָלט איך דאָך געקענט קריגן ביי אַן אַנדער יידן, — אָבער איך האָב באַדאַרפט אַ תירוץ, וואָס זאָל גובר זיין מיין שטאָלץ צו גיין עסן ביי אַ פרעמדן טיש. דער פאַלקאָווניק איז געווען מיין מלאך־הגואל. ער האָט צוגעשטעלט דעם תירוץ פאַר מיין געוויסן. איך האָב זיך געוואָלט איינריידן, אַז איך מוז גיין צוליב קאָזאַנצעוון, אָבער די גאַנצע צייט האָב איך געהאַט אין זינען: ראָזע האָט געלאַכט ביים טיש. האָט זי געלאַכט פון מיר? בין איך דאָס טאַקע אַזוי אומגעלומפערט, אַז מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אַ מיידל פון אַ העכערער סביבה רופט אַרויס אַ געלעכטער, אָדער גאָר חוזק?

ווי דער געדאַנק איז צו מיר געקומען, האָב איך מער ניט געקענט רוען. דאָס האָט מיך געמאַכט נערוועז און האָט מיך געטריבן אין גלאַזערס הויז

אריין. איך מוז גיין אהין, — האב איך פעסט באשלאסן. — איך וועל איר וויזן, אז זי איז געווען אומגערעכט, אז זי האט ניט קיין אורזאך צו לאכן פון מיר. דאס מאל וועל איך זיך אזוי אויפפירן, אז זי וועט מוזן איינזען, און . . . אפשר ! — איך האב זיך דערשראקן פאר דעם געדאנק — אפשר וועט זי זיך אנטשולדיקן פאר מיר. איי, ווי גוט דאס וואלט געווען . . . דער דאזיקער געדאנק האט מיך גענומען שמייכלען און גלעטן. מיין פאנטאזיע האט זיך צעשפילט, איין פאנטאזיע אומזיניקער פון דער צווייטער, איין פאנטאזיע דערהויבענער פון דער צווייטער . . . ווי לאנג דאס האט אזוי געדויערט, ווייס איך ניט. איך געדענק נאר, אז ווען איך האב געעפנט די אויגן, האב איך זיך אנגעטאן אין גרויס איילעניש, ווי עטוואס וואלט מיך געווען געטריבן. איך בין שנעל געלאפן אין שול אריין, כדי איך זאל קענען גיין צוזאמען מיט גלאזערן צו אים אהיים.

ווען איך בין אריינגעקומען אין הויז, האב איך גלייך באמערקט, אז אויך ראזע איז יענע נאכט ניט געשלאפן אזוי רואיק ווי געוויינלעך — אדער האט זיך דאס מיר נאר אזוי געדאכט ? — איר שמייכל ביי דער ערשטער באגעגעניש, די לייכטע רויטקייט, וואס האט זיך אריינגעכאפט אין איר פנים, איר גאנצע באנעמונג, האבן מיר געגעבן צו דענקען, אז אויך ראזע האט געווארט אויף א געלעגנהייט זיך בעסער צו פארשטענדיקן מיט מיר.

די געלעגנהייט האט ניט געלאזט לאנג ווארטן אויף זיך.

דאס איז געשען אויף דעם נאטירלעכסטן וועג. דעם פריערדיקן אוונט, צום סדר, איז ניט געווען פיל צייט צום ריידן ביים טיש. די צערעמאניעס, די הגדה, די פיר כוסות, דער גרויסער מאלצייט — דאס אלץ צוזאמען האט פארנומען פיל צייט, און נאך דעם עסן האט זיך יעדערער געפונען צו שווער, צו שלעפעריק זיך אריינצולאזן אין שמועסן. צו מארגנס בייטאג האט ר' יאשע זיך גענומען מער צייט מיך אויסצופרעגן ווער און וואס איך בין, פון וואנען איך קום און וואס איז מיין באשעפטיקונג.

קיין סך פון זיך האב איך ניט געהאט צו דערציילן. פונדעסטוועגן האב איך בקיצור געגעבן מיין גאנצע ביאגראפיע און אויך וואס מיין באשעפטיקונג איז. איך האב אים אלץ דערציילט, אפילו אז איך בין אן אפיקורס.

צו יענער צייט בין איך געווען שטארק באהאוונט אין דער השכלה־ליטעראטור. איך האב געקענט שרייבן העברעאיש, הגם ניט לויפיק. איך האב דעמאלט נאך געדענקט א סך תלמוד, האב איך ניט געהאט קיין שום שוועריקייט מיט ר' יאשע גלאזער, אדער זיין איידעם ראבינאוויטש. אדרבה, איך האב שטארק אויסגענומען ביי דער גאנצער משפחה.

ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער דערציילונג פון מיין היים און מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך, האָט ר׳ יאָשע זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווייל. מיטאַמאָל האָט ער אַ פרעג געטאָן: וואו האָט איר געגעסן אַ גאַנצן ווינטער?

— וואָס הייסט וואו? — האָב איך צוריק געענטפערט, — אויף דער קיך, וואו זאָל אַ סאָלדאַט עסן?

— אַ שאָד, אַ שאָד, — האָט ער געענטפערט, — פאַר וואָס זאָלט איר עסן טריפה? איר קענט קומען צו אונדז יעדן טאָג עסן מיט אונדז. עס וועט אייך שמעקן ניט ערגער ווי אויף דער קיך — האָט ער צוגעלייגט מיט אַ שמייכל.

איך בין געווען געפּלעפט. וואָס ענטפערט מען אויף דעם? צום סוף האָב איך אַרויסגעפּלאָפּלט:

— אַ סאָלדאַט דאַרף לעבן צוזאַמען מיט די אַנדערע סאָלדאַטן, אויב ער וויל קענען דאָס לעבן אין דער רוסישער קאַזאַרמע.

— נו, נו, — האָט ר׳ יאָשע געענטפערט, — איר האָט זיך שוין אַזוי פיל „אָנגעלערנט״ מיט טריפות, אַז איר וועט דאָס שוין געדענקען אייער גאַנץ לעבן. פון הייַנט אָן וועט איר עסן אויף אונדזער קיך, ווי לאַנג איר וועט בלייבן אין וואָזנעסענסק. אַיאָ, קלאַרע? — האָט ער זיך געווענדט צו דער מאַדאַם גלאַזער.

— וואָס דאַרפסטו פרעגן? — האָט די פרוי געזאָגט. און ראָזע האָט פון דער ווייטנס געשאָקלט צו מיר מיט דעם קאָפּ אויף יאָ.

דאָס האָט אַנטשיידן די פראַגע. אָן אייַנלאַדונג צו זיין מיט ראָזען אין איין הויז דריי לאַנגע יאָר, מיט איר בפירושער צושטימונג, איז געווען מער ווי איך האָב דערוואַרט, מער ווי איך האָב געקענט ווידערשטיין. איך האָב ניט געהאַט די קראַפט צו זאָגן: ניין. און אַזוי איז דאָס געבליבן. איך בין געוואָרן אַ שטענדיקער בן־בית ביי גלאַזערן אין הויז.

# אַ שטומע ליבע

זינט איך האָב גענומען אַריינגיין אין גלאָזערס הויז, האָט מיין לאַגע זיך אין גאַנצן געענדערט. קודם כל, ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָב איך זיך טאַקע זאַט אָנגעגעסן, ווי נאָך קיין מאָל ניט פריער. זאָל קיינער פון דעם ניט לאַכן. עס איז ניט ווי אַזוי ווי מאַנכע האָבן ליב איינצורעדן אַנדערע. עס איז דאָ אַ באַרימט שפּריכוואָרט פון דעם גרויסן פראַנצויזישן פילאָזאָף דעקאַרט. ער האָט געזוכט אויסצודריקן דעם מהות פון דעם מענטשן אין איין און אײנציקער פראַזע, האָט ער געזאָגט:

Cogito ergo sum (איך דענק, איז אַ סימן, אַז איך לעב).

ער האָט געזאָגט אַזוי: „אין אַלץ אין דער וועלט קען איך צווייפלען, איך קען אָבער ניט צווייפלען, אַז איך צווייפל".

ווי מען קען זען, איז דאָס שיין און קלוג געזאָגט. ער האָט פּונקט אַזוי געקענט זאָגן: איך בין הונגעריק, איז אַ סימן, אַז איך לעב. דער הונגער איז פּונקט אַזוי אַ סימן פון לעבן, ווי דאָס דענקען, אפשר נאָך מער. וואָרעם דער מענטש, וואָס איז הונגעריק, דענקט זייער שלעכט. דער הונגער באַווירקט דאָס דענקען, איז דאָך אַ סימן, אַז דער הונגער שטייט איבער דעם דענקען. נאָר לאָמיר זיך ניט אַריינלאָזן אין פילאָזאָפישע חקירות. ווײַכטיק ווי דאָס שטילן דעם הונגער איז, איז דאָס אַליין אָבער ניט אין גאַנצן. די הויפּטזאַך איז געווען די וואַרעמע און פריינדלעכע אַטמאָספערע, וואָס איך האָב געפונען אין דעם הויז. עפּעס ווי זיי וואָלטן געמאַכט אַ געוועט צווישן זיך, ווער עס וועט מיך בעסער באַהאַנדלען. פון דער מאַדאַם גלאָזער איז אָפּגערעדט. זי האָט אויפגעפּאַסט ווי אַן אייגענע מאַמע אויף איר קינד. זי האָט נאָר מורא געהאַט, טאָמער עס איך ניט גענוג, אָדער איך זאָל זיך ניט פאַרקילן, אָדער אַז עמעצער אין הויז זאָל מיך ניט באַליידיקן. ר׳ יאָשע גלאָזער האָט אויפגעפּאַסט, מיר זאָל ניט אויספעלן קיין טאַבאַק צו רויכערן. און יעדעס מאָל האָט ער אויסגעפונען אַן אַנדער תירוץ, איך זאָל ניט פילן, אַז ער שענקט מיר עפּעס. אַ מאָל האָט ער געוואָלט, אַז איך זאָל פאַרזוכן דעם סאָרט טאַבאַק, וואָס ער רויכערט, אַן אַנדערש מאָל האָט ער געקויפט אַ מציאה עטלעכע הונדערט פונט טאַבאַק, האָט ער מיר געוואָלט געבן אַ טייל פון

דער מציאה. געלט ? נו, מיר וועלן זיך שוין אויסרעכענען, ווען איך וועל קריגן געלט פון דער היים.

אין אַ געוויסן זין האָב איך טאַקע „באַצאָלט". ווען מיר איז אַ מאָל אין אַ שמיטה געקומען אַ פּאָסילקע (אַ פּעקל) פון דער היים, מיט וואַרשעווער וואורשט, פינטשעווער קעז און פּאָליאַקעוויטשעס פּאַפּיראָסן, האָב איך דאָס גאַנצע פּעקל אַרייַנגעבראַכט אין הויז צו דער משפחה. וואַרשעווער וואורשט איז דאָרט געווען אַ נאָווינע. אין וואָזנעסענסק האָט מען דאָס ניט געקענט קריגן פאַר קיין געלט, פון פינטשעווער קעז האָט מען גאָר ניט געוואוסט, אויך ניט פון פּאַרטיקע פּאַפּיראָסן. דאָרט האָט יעדער איינער געוויקלט זיין אייגענעם טאַבאַק.

דער איידעם, יונתן ראַבינאָוויטש, איז אויך ניט אָפּגעשטאַנען פון דער חברותא. ער איז געוואָרן מיינער אַ חבר, הגם ער איז געווען דער זיידענער יונגערמאַנטשיק און איך אַ פּראָסטער סאָלדאַט. צו יענער צייט איז גע־שטאָרבן פּרץ סמאָלענסקין, און אַ קאָמיטעט אין פּעטערבורג (לענינגראַד) האָט געזאַמלט געלט אַרויסצוגעבן זיינע ווערק. האָב איך אים צוגערעדט ער זאָל זיך אַבאָנירן אויף סמאָלענסקיס שריפטן, און ער האָט מיך געפּאָלגט און האָט איינגעצאָלט אַ סומע געלט (די שריפטן זיינען, אגב, קיינמאָל ניט דערשינען, אויף וויפל איך ווייס, אפשר שפּעטער).

אַפילו רחל די קעכין איז געוואָרן מיין בעסטער פריינד. איך געדענק, ווי זי איז אַ מאָל אַרייַנגעקומען אין עסצימער ערב יום־כיפור און האָט מיך געבעטן איך זאָל שלאָגן מיט איר כפּרות. געמיינט האָט זי, איך זאָל מיט איר זאָגן די ווערטער פון כפרות־שלאָגן. האָבן זיך אַלע צעלאַכט, און איך האָב געשלאָגן מיט איר כפּרות . . .

אָבער דער בעסטער פון אַלע מיינע פריינד איז געווען ראָזע. זי האָט געהאַט איר עלטערע שוועסטער פאַניע, וואָס האָט קאָנקורירט מיט איר, אָבער צו ראָזען איז זי ניט דערגאַנגען. אַ חוץ דעם האָט ניט לאַנג געדויערט, און פאַניע האָט חתונה געהאַט פאַר איינעם סאַנדאָמירסקי, אַ זיידענער יונגערמאַן פון יעקאַטערינאָסלאַוו. איז רחל (ראָזע) געבליבן אַליין אין פעלד. אין דעם פּרט איז מיר געווען בעסער פון יעקב אָבינו. ער האָט די גאַנצע צייט פון זיין ליבע צו רחלען נאָך געמוזט טראָגן לאהן אויף זיין קאַרק. איך בין גע־בליבן מיט רחלען אַליין, און פון דעם ערשטן טאָג אָן בין איך געוואָרן שטאַרק באַפריינדט מיט ראָזען גאָר ניט אָפּצורייסן, און דאָס זעלביקע פון איר זייט. קודם כל איז דאָס געווען ראָזע, וואָס האָט מיר געגעבן צו לייענען די רוסישע קלאַסיקער. עס איז געווען הויפּטזעכלעך אין וואָזנעסענסק און דורך ראָזען, וואָס איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דער רוסישער ליטעראַטור. די ליטע־

ראַטור איז מיר אויך פריער ניט געווען פרעמד, אָבער דאָס איז נאָר געווען איבערפלעכלעך, פון יוצא זוועגן, ווי עס האָט געפּאַסט אין וואַרשע. עס איז געווען ערשט אין וואָזנעסענסק, ווען מיר האָט זיך אַנטפּלעקט די שיינקייט און די טיפקייט פון דער רוסישער ליטעראַטור. אָפּט האָב איך און ראָזע געלייענט די זעלביקע ביכער אין איין צייט, און האָבן נאָכדעם זיך געטיילט מיט די מיינונגען. דאָרט האָב איך אויך געלייענט אין רוסישער איבערזעצונג וויקטאָר הוגאָס „דאָס יאָר 93“ און „לע מיזעראַבל“ צום ערשטן מאָל.

די ערשטע צייט איז דאָס ניט געווען אַזוי שטאַרק. איך בין איבערהויפּט געווען פאַרנומען מיט דער „סלאָוועסנאָסט“ און די אַנדערע דינסטאַרבעטן, און האָב ניט געקענט אַזוי אָפּט אַוועקגיין. איך האָב נאָר געקענט קומען עסן מיטאָג, ווייל דער סטאַרשע (עלטסטער) האָט צוגענומען פאַר זיך מיין פּאַרציע פלייש, ווען איך בין נישט געווען. ער האָט מיך שוין דערמאָנט ווען אַוועקצוגיין.

אויף דעם צווייטן יאָר האָט זיך דאָס אין גאַנצן געענדערט. איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס פאַראַזשיר (איינקויפער פון היי און האָבער פאַר די פערד), בין איך באַלד באַפרייט געוואָרן פון אַלע אַנדערע אַרבעטן און דינסט־זאַכן. איך האָב נאָר באַדאַרפט אויפפּאַסן אויף איין זאַך: צו באַזאָרגן די פערד. געקויפט האָב איך ניט אין אַ קראָם, נאָר ביי די פּויערים אויפן מאַרק. האָט מיר קודם כל ניט געפעלט מער קיין געלט. מיין אָמט האָט מיר שוין אַריינגעבראַכט געגנוג געלט. און דאָס האָט מיך אויסגעלערנט דער פעלד־פעבל (סאַרזשענט) אַליין. אין אָנהייב האָב איך פון דעם גאָר ניט געוואוסט. ווען איך האָב צום ערשטן מאָל איינגעקויפט האָבער, האָב איך אַריינגעגעבן געגנוי, וואָס איך האָב באַצאָלט, אָבער צו מאָרגנס איז געקומען דער פעלד־פעבל און האָט געוואָלט זיין חלק. ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב ניט קיין געלט, האָט ער געזאָגט, אַז איך בין אַ כיטרער זשיד, און אַזוי וועט עס ניט גיין. קיין פינגער אין מויל האָט מען מיר ניט באַדאַרפט אַריינלייגן, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, האָט מיר קיין געלט ניט געפעלט. אַ חוץ געלט האָב איך אויך געהאַט געגנוג צייט. איך בין געוואָרן מיין אייגע־נער באַלעבאָס, האָב איך מיין גאַנצע איבעריקע צייט פאַרבראַכט ביי גלאַ־זערן אין הויז, לייענענדיק רוסישע ליטעראַטור און די רוסישע צייטונג, „די אָדעסקיאַ נאָוואָסטי“, וואָס איז אַריינגעקומען אין הויז צוויי מאָל אַ וואָך. יעקב גאָרדין איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין יענער צייטונג צו יענער צייט. אַלע אין קאַזאַרמע האָבן שוין געוואוסט וואו איך בין. אַז מען האָט מיך באַ־דאַרפט, האָט מען נאָך מיר געשיקט צו גלאַזערן.

ווי געזאָגט, דאָס אַלץ איז געווען שפּעטער. אין אָנהייב איז אָבער גע־

ווען שלעכט, און עס וואָלט געווען אַ סך ערגער, ווען איך האָב ניט די פאַמיליע גלאַזער.

אַלס ביישפּיל פון ראָזעס באַציאונג צו מיר און וואָס פאַר אַ מענטשן די פאַמיליע גלאַזער איבערהויפּט איז געווען, וועל איך דערציילן נאָר איין פאַקט פון דעם ערשטן ווינטער אין זייער הויז:

איין מאָל, אַ זונטיק אין דער פרי, ווען איך בין אַריינגעקומען אין הויז אַריין, האָט ראָזע מיר דערלאַנגט צוויי רובל. וואָס איז דאָס? איך האָב דאָס געלט ניט געוואָלט נעמען, האָט ראָזע מיט מיר איינגעטענהט, אַז דאָס געלט באַלאַנגט צו מיר, ווייל מיר ביידע האָבן די לעצטע נאַכט געוואונען אין שטוקעלקע (אַ שפּיל אַזאַ, ענלעך צו פּאָוקער). „איך האָב דאָך גאָר ניט געשפּילט, אָבער אין געדאַנק האָט זי מיך געמאַכט פאַר אַ שותף, און אַזוי ווי זי האָט געוואונען פיר רובל, קומט מיר צוויי רובל. „און ווי וואָלט געווען, ווען איר וואָלט פאַרלאָרן?" — האָב איך געפרעגט. „וואָלט געווען גאָרניט, איך האָב אייך געמאַכט פאַר אַ שותף נאָר צום געווינס", — האָט זי געענטפערט. און טענה ניט! עס האָט ניט געהאָלפן קיין ריידן. איך האָב געמוזט נעמען דאָס געלט, אַז ניט, האָט זי געסטראַשעט, וועט זי קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט ריידן מיט מיר. ווער קען דאָס גובר זיין אַזאַ סטראַשונעק? האָט זי געוואונען.

איין מאָל איז זי טאַקע געוואָרן ברוגז אויף מיר, ניט אויף אַלע מאָל. זי האָט זיך שנעל איבערגעבעטן. דאָס איז געשען אַ סך שפּעטער. די מעשה איז געווען אַזוי: עס האָט זיך אָנגערוקט קריסטמעס, און דער אָפּיצערישער קלוב ה"ט אָרגאַניזירט אַ באַל, מיט אַ קריסטמעס־בוים (אַ יאָלקע, ווי מען רופט דאָס אויף רוסיש). האָט ראָזע זיך געגרייט צום באַל. אָבער איר פאָטער ר' יאָשע האָט געזאָגט: ניין! אַ יידישע טאָכטער טאָר אויף אַזאַ באַל ניט גיין. דער מלמד קאָרעצקי, אַ גרויסער היפּאָקריט, וואָס האָט געוואָלט ביי אַלעמען אויסנעמען, האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער, דאָס האָט ער געזאָגט, אַז מ'מעג, און דאָ — אַז מ'טאָר ניט. איך בין אָנגעקומען אין סאַמע מיטן פון דעם וויכוח, האָט ר' יאָשע געזאָגט: מיר וועלן פרעגן מילכן. ער איז טאַקע אַן אַפּיקורס, אָבער ווי ער וועט זאָגן, אַזוי וועט בלייבן. מיר איז געוואָרן קאַלט, איך האָב שוין געוואוסט, אַז איך וועל מוזן זיין קעגן ראָזען, אָבער פאַרפאַלן. איך האָב אויסגעהערט די מעשה, נאָכדעם האָב איך געזאָגט: אויב איר פרעגט מיך, צי ראָזע זאָל גיין אויף דעם באַל, זאָג איך יאָ! אויב אָבער איר פרעגט מיך, ווי עס איז דער יידישער דין, מוז איך אייך זאָגן, אַז זי טאָר ניט גיין. דער סוף איז געווען, אַז ראָזע איז אויף דעם באַל ניט געגאַנגען, און זי איז געוואָרן ברוגז אויף מיר. אַ גאַנצע וואָך האָט

זי מיט מיר ניט גערעדט. לענגער האָב איך עס ניט געקענט אויסהאַלטן, בין איך גלייך צוגעגאַנגען צו איר און האָב געפרעגט, פאַר וואָס זי איז ברוגז. איך האָב דאָס ניט באַדאַרפט. איך האָב אַליין גאַנץ גוט געוואוסט, אָבער איך האָב דאָך געמוזט פון עפּעס אָנהייבן, האָב איך געפרעגט. וואָס זי האָט מיר געענטפערט, פאַרשטייט איר דאָך אַוודאי: סטייטש, איך האָב איר קאַליע געמאַכט דאָס גיין אויף דעם באַל, און זי האָט זיך געמאַכט אַ ספּעציעל קלייד אויף דעם באַל אַאַז״וו — אַ גאַנצע טיראַדע. איך האָב געענטפערט קורץ מיט אַ פראַגע. מיין פראַגע איז געווען: וואָלט איר בעסער וועלן, איך זאָל זאָגן אַ ליגן? מען האָט דאָך מיך נאָר געפרעגט ווי דער דין איז, האָב איך דאָך געמוזט זאָגן דעם אמת. איך וואָלט זיך דאָך געשעמט אייך צו קוקן אין די אויגן, ווען איך זאָג אַ ליגן. ווילט איר, איך זאָל זיין קאָרעצקי? מיט דעם האָט זיך דאָס געענדיקט. מיר זיינען צוריק געוואָרן גוטע פריינד ווי געווען.

מיינט איר דאָך, אַז צווישן מיר און ראָזען האָט זיך אַנטוויקלט אַ פייערדיקע ליבע? ניין! און שולדיק איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי איך אַליין. איך האָב ניט גערעדט. איך האָב ניט געוואַגט. ראָזע איז אַ „באַרישניע״ (אַ לעידי), דאָס רייכסטע מיידל אין שטאָט, אַ גרויסע יחסנטע, רעדט רוסיש, שפּילט פּיאַנע, ווי קום איך צו איר? אַן אָרעמער סאָלדאַט, אַ פרעמדער. יונתן ראַבינאָוויטש האָט מיר אַפילו אַ מאָל געזאָגט: „איר ווייסט גאָר ניט, וואָס איר האָט פאַרשפּילט ביים שווער, ווייל איר זייט אַן אַפּיקורס״. איך האָב געדענקט, אַז איך פאַרשטיי, וואָס ער מיינט, אָבער גראָד צוליב דעם האָב איך געשוויגן. איך וועל דאָך ניט מאַכן קיין סקאַנדאַל גראָד דעם מענטשן, וואָס האָט מיר געטאָן אַזוי פיל גוטס. חוץ דעם האָב איך דעמאָלט געדענקט אַנדערש פון ליבע, ווי איך דענק היינט. דעמאָלט האָב איך געדענקט, אַז אמתע ליבע איז נאָר פּלאַטאָנישע ליבע (אַ ליבע, וואָס איז ניט אָפּהענגיק פון קיין זאַך).

איין מאָל נאָך אין דער גאַנצער צייט האָב איך איר געגעבן אַ זייטיקע אָנצוהערעניש. אומדירעקט האָט מיר געהאָלפן רחל די קעכין. רחל האָט זיך אַמ[..]ל געקלאָגט פאַר ראָזען אויף מיר, באשר איך האָב מיט איר גאָר ניט צו טאָן. אַז איך זע זי, זאָג איך איר „גוט מאָרגן״ אָדער אַ „גוטן טאָג״, און ווייטער ניט. האָט ראָזע מיר פאַרגעוואָרפן: ווי קום איך צו זיין אַזוי שטאָלץ קעגן אַן אָרעם מיידל? איך האָב איר געענטפערט: עס זיינען דאָ צוויי אורזאַכן. זי האָט פאַרלאַנגט צו וויסן די סיבות. „ערשטנס״, האָב איך געזאָגט, „איר ווייסט דאָך, וואָס מענטשן דענקען וועגן סאָלדאַטן און דינסטמיידלעך, ווילט איר מען זאָל דאָס פון מיר אויך אַזוי דענקען?״

אַוודאי ווילן זי ניט. „און וואָס איז די צווייטע סיבה?‟ — האָט זי געפרעגט. „די צווייטע אורזאַך, האָב איך געזאָגט, צו וואָס זאָל איך גיין אין קיך, אַז איך גיי אין זאַל?‟ ביי דעם האָב איך זיך פאַרהאַקט. אויף מער האָט ניט געסטאַיעט קיין מוט. ראָזע האָט מיך פאַרשטאַנען, און מיר האָבן מער פון דעם ניט גערעדט.

וואָס איז געוואָרן דער סוף פון דער מעשה? איך האָב אַ רעכט אייך צו לאָזן וואַרטן 46 יאָר, אַזוי ווי איך האָב געוואַרט. פונדעסטוועגן וועל איך דאָס מאָל מאַכן אַן אויסנאַם און דערציילן אין פאָראויס, ווייל איך וועל מיך מער צו דעם ניט אומקערן.

איך בין אַזוי אָפּגעווען דריי יאָר, און האָב ניט גערעדט. מיר האָבן זייער שיין און וואויל פאַרבראַכט. עס איז געווען אָנגענעם, אָבער איך האָב ניט געוואַגט צו ריידן. מען האָט אָנגעהויבן צו ריידן ראָזען שידוכים, און יעדעס מאָל האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל קאַליע מאַכן דעם שידוך ביי איר פאָטער. גלאַזער האָט זיך שטאַרק צוגעהערט צו מיר. חתונה געהאַט האָט זי ערשט אַ צייט נאָך דעם, ווי איך בין אַהיים געפאָרן. יצחק־יואל לינעצקי איז געווען דער שדכן.

35 יאָר האָב איך פון איר ניט געהערט. איך האָב אַפילו איר נאָמען ניט געוואוסט. אין 1925 איז יוסף אָפּאַטאָשו געווען אין וואַרשע, איז צו אים געקומען אַ יונגע פרוי און האָט אים געפרעגט, צי ער קען מיך, און צי ער ווייסט מיין אַדרעס. דאָס איז געווען ראָזעס טאָכטער. אָפּאַטאָשו האָט איר געגעבן מיין אַדרעס פון דער „פרייע אַרבעטער־שטימע‟.

אין אַ שיינעם טאָג האָב איך געקראָגן אַ בריוו אין רוסיש, וואו ראָזע פרעגט מיך, צי איך בין דער זעלביקער, וואָס האָט געדינט אין וואָזנעסענסק. אויב יאָ, זאָל איך טעלעגראַפירן, וועט זי מיר שרייבן אַלע איינצלהייטן. האָב איך אַהיים געטראָגן דעם בריוו צו מיין פרוי (מיין פרוי און מיינע קינדער האָבן געוואוסט די גאַנצע מעשה). האָט מיין פרוי מיר געזאָגט: דו שיק איר קודם כל עטלעכע דאָלער, נאָכדעם וועסטו שרייבן. האָב איך אַזוי געטאָן. דעם זעלביקן טאָג האָב איך געשיקט טעלעגראַפיש פופציק דאָלער. האָט זי געוואוסט, אַז איך בין דער איינער. נאָך דעם האָט זי מיר געשריבן אַ בריוו, אַז זי האָט די גאַנצע צייט געוואוינט אין אָדעס, איר מאַן האָט געהאַט צוויי פאַבריקן, אַז די באָלשעוויקעס האָבן ביי זיי צוגענומען אַ פאַרמעגן פון צען מיליאָן רובל, אַז איר עלטסטער זון איז אַן אינזשינער און אַן איידעם פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַט גרוזענבערג, אַז אַן אַנדער זון שטודירט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין אַן אַמעריקאַנער אוניווערזיטעט; אַ טאָכטער, אַ רוסישע פּאָעטעסע, איז אין בערלין, אַ יונגע אַלמנה; אַ צווייטע טאָכטער,

אַ גרושה, איז מיט איר, ועל כולם זיי אַלע הונגערן אין דעם איינפּאַכסטן זין פון דעם וואָרט, און אַז זיי וואָלטן געהאַט אַ ביסל געלט וואָלטן זיי אפשר זיך געקאָנט דורכשלאָגן אין וואַרשע מיט איר מאַן.

דערהאַלטן דעם בריוו, האָבן מיר, ד״ה מיין פרוי און איך, באַשלאָסן צו שיקן זיי 500 דאָלער.

אין 1928 בין איך מיט מיין פרוי געווען אין וואַרשע. דאָרטן האָבן מיר זיך באַגעגנט צום ערשטן מאָל נאָך 38 יאָר. דער מאַן האָט מיר געזאָגט: „מר. מילך, איך קען אייך שוין אַזוי לאַנג, ווי איך קען מיין פרוי״. „און מיין פרוי קען אויך ראָזען״, האָב איך געענטפערט. דעמאָלט האָב איך זיי אויך געזאָגט אויסדריקלעך, אין דער קעגנוואָרט פון מיין פרוי, אַז זיי זיינען מיר גאָרניט שולדיק, אַז ווען איך האָב זיי געשיקט געלט, האָב איך זיי נאָר באַצאָלט אַן אַלטן חוב.

ניט געקוקט אויף דעם אַלץ, האָב איך אַכט יאָר שפּעטער, דעם 26טן פעברואַר, 1936, אייגנטלעך מיט 11 יאָר שפּעטער, דערהאַלטן אַ בריוו פון פּאַריז, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן פאָלגנדיקן לאַקאָנישן פּאַראַגראַף:

„איך שיק אייך ביילייגנדיק אַ טשעק אויף פינף הונדערט און פופציק דאָלער, און אונדזער האַרציקסטן, טיפסטן דאַנק פאַר דער הילף, וואָס איר האָט אונדז זיינער צייטס ערוויזן. מיר וועלן דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ווינשט אייך און אייער פאַמיליע געזונט און אַלעס בעסטע.

„מיין מאַן און קינדער גריסן אייך אַלע גאָר פריינדלעך. פאַרבלייב אייער בעסטע פריינדין, רחל פרעגעל״.

דאָס איז ראָזע גלאַזער. דורך דער צייט איז דער עלטערער זון דערווייל געוואָרן אַ מיליאָנער אין פּאַריז, טאַקע אַ מיליאָנער, האָט ער די עלטערן אַרויסגענומען קיין פּאַריז, זיי געקויפט אַ הויז און מיר צוריקגעשיקט דאָס געלט, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט דערוואַרט.

הייַנט איז די גאַנצע פאַמיליע אין ניו־יאָרק, אויסער דעם אַלטן, וואָס איז דערווייל געשטאָרבן. דאָס איז דער סוף פון דער מעשה.



פעני מילך אין יאָר 1900

# איך קום אַהיים און פֿאָר קיין אַמעריקע

ביז אַהער האָב איך נאָר דערציילט די הויכפּונקטן פֿון מיין לעבן. דאָס אַלטעגלעכע, דאָס געוויינלעכע האָב איך אין גאַנצן אויסגעלאָזט. איך האָב נאָר דערציילט די זאַכן, וואָס האָבן אויף וועלכן עס איז אופֿן באַאיינפֿלוסט מיין כאַראַקטער, אָדער מיין אַנטוויקלונג. צוליב דעם וויל איך דאָ, איידער איך ענדיק דעם ערשטן פּעריאָד פֿון מיין לעבן, דערציילן נאָך איין זאַך פֿון מיין דינסטצייט. ביז אַהער איז מיר ניט אויסגעקומען וועגן דעם צו ריידן.

דאָס איז געווען אין זומער פֿון 1888, נאָך איידער איך בין באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ פֿוראַזשיר. איך בין דאַן געווען אַרום ניקאָלאַיעוו אויף מאַנעוורעס מיט מיין באַטעריע. אין די מאַנעוורעס זיינען געווען באַטייליקט אַרום צען טויזנט סאָלדאַטן און אָפֿיצערן. דער גענעראַל, וואָס האָט געפֿירט די מאַנעוורעס פֿון אונדזער זייט, איז געווען, ווי מיר שיינט, גענעראַל קוראָפּאַטקין, וואָס איז געקומען עקסטרע פֿון פּעטערבורג (איצט לענינגראַד). דאָס איז, שיינט מיר, געווען דער זעלביקער גענעראַל, וואָס האָט שפּעטער פֿאַרלאָרן די מלחמה קעגן די יאַפּאַנעזער. ער איז געווען אַ שיינער מענטש, שוין גאָר ניט קיין יונגערמאַן. מען האָט אים געמוזט העלפֿן באַשטייגן אַ פֿערד. ער איז געווען אויף דעם פֿעלד אַרומגערינגלט מיט אָפֿיצערן פֿון פֿאַרשיידענע ראַנגען. ער איז געקומען צו פֿאָרן אין אַ פֿאַיעטאָן. ער איז באַלד אַרויס פֿון דעם פֿאַיעטאָן און ער האָט באַשטיגן אַ פֿערד, וואָס איז שוין געווען צוגעגרייט. מיטאַמאָל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שלאַקסרעגן. עס האָט געגאָסן ווי פֿון צעבערס. פֿון דער גאַנצער ערד איז באַלד געוואָרן איין גרויסע בלאָטע, אַזוי אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו מאַכן אַ טריט אין וועלכער עס איז ריכטונג. אַפֿילו די פֿערד זיינען געשטאַנען ביז די קני אין בלאָטע. די גאַנצע מאַנעוורע האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט. די טרומפּייטערס האָבן געטרומייטערט דעם באַפֿעל זיך אָפּצושטעלן. דער גענעראַל, און נאָך אים די אָפֿיצערן, זיינען אַראָפּ פֿון די פֿערד. עס איז געוואָרן שטיל. וואָס, מיינט איר, האָט דער גענעראַל געטאָן? אַוודאי אַריין אין זיין פֿאַיעטאָן זיך צו באַשיצן פֿון דעם רעגן? איר האָט ניט געטראָפֿן. דער גענעראַל איז צוגעגאַנגען צו זיין פֿאַיעטאָן, האָט אָנגענומען דאָס הענטל פֿון דער טיר, און אַזוי

איז ער געשטאַנען די גאַנצע צייט פון דעם גוסרעגן אין דרויסן, מיט אַלעמען צו גלייך. ערשט ווען דער רעגן האָט אויפגעהערט, איז דער אַלטער, שווערער מאַן אַריינגעגאַנגען אין דעם פּאַיעטאָן און פון זיך אַראָפּגענומען די נאַסע קליידער, גלייך מיט אַלעמען, און זיי געלייגט צום אויסטריקענען.

דאָס האָט אויף מיר געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק אין מיין גאַנצן לעבן. דעם איינדרוק האָב איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דאָס איז אַ מאַן, האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַט אַזוי דאַרף זיין יעדער מענטש. רייך קאָן מען טאַקע ווערן, ווען מען פאַרשטייט צו פאַרכאַפּן פאַר זיך דעם בעסטן חלק, אָבער קיין גרויסער מענטש קען מען פון דעם ניט ווערן. גרויס ווערן קאָן מען נאָר פון אַרבעטן, פון ליידן און מיטליידן. דער גענעראַל האָט לייכט געקענט אַריינגיין אין זיין פאַיעטאָן און זיך באַשיצן פון דעם גוסרעגן. אָבער וואָס פאַר אַ גענעראַל וואָלט ער געווען, ווען ער אַליין באַהאַלט זיך און לאָזט די איבעריקע טויזנטער שטיין אין דעם רעגן?

אַזוי איז אַוועק קנאַפּע פיר יאָר, וואָס איך האָב געדינט דעם צאַר, די רוסישע ליטעראַטור און — רחלען (ראָזען).

איך וויל זיך איצט ניט צעזינגען וועגן מיין שטומער ליבע פון פאַר 55 יאָר. ליבע־טענער, וואָס קומען אַרויס פון דער קעל פון אַ 75־יעריקן מאַן, קלינגען ניט אַזוי שיין, אָבער איך וויל זאָגן, אַז די דאָזיקע צייט איז געווען די בעסטע צייט פון מיין לעבן. צו זאָגן דעם אמת, האָב איך גאָר ניט געוואָלט אַהיימגיין. ס'איז געווען מיט אַ שווער האַרץ, וואָס איך האָב פאַרלאָזט וואָזנעסענסק — אַ סך שווערער, ווי ווען איך בין אַהין געקומען.

אָבער אויף אַלץ קומט אַ סוף. די צייט פון מיין דינסט האָט זיך גע־ענדיקט און פאַר מיר איז מער ניט געווען קיין פּלאַץ אין וואָזנעסענסק. מיין בעטל אין דער קאַזאַרמע האָט באַלד באַדאַרפט פאַרנעמען אַן אַנדער רעקרוט.

קומענדיק אַהיים האָב איך גאָר ניט דערקענט מיין וואַרשע. די גאַסן און הייזער זיינען טאַקע געווען די זעלביקע. זיי זיינען כמעט געווען די זעלביקע, ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע פון אַמעריקע מיט 38 יאָר שפּע־טער. דאָך איז עס ניט געווען די זעלביקע וואַרשע. עפּעס האָט זיך אַלץ געענדערט. עס זעט אויס, אַז איבער דער צייט, וואָס איך בין געווען אַוועק, איז וואַרשע ניט געשלאָפן. דאָס בין איך געשלאָפן געשמאַק, אָבער ניט וואַרשע. קודם כל אין דעם יאָר 1886 האָט זיך געגרינדעט די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי (פּפּ"ס). אויף אַלע שטעגן און וועגן האָב איך אָנ־געהויבן צו הערן דאָס וואָרט „סאָציאַליזם", אַ זאַך, וואָס איז פריער ניט געהערט געוואָרן. איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט איינעם פּיסאַרעווסקי פון וויטעבסק, וואָס האָט מיר געגעבן צו לייענען עטלעכע ביכלעך. דער שטערן,

וואָס האָט געהייסן י. ל. פּרץ, האָט זיך באַוויזן אויף דעם וואַרשעווער הימל. ער האָט מיט זיך געבראַכט זיין „מאָניש“ און די הויז־ביבליאָטעק. אין יענער צייט האָט זיך אויך באַוויזן מרדכי ספּעקטאָר מיט זיין „הויז־פריינד“. יהואָש איז דורכגעלאָפן און פאַרשוואונדן, ווי אַ קאָמעט, אין יענער צייט. „בן־אביגדור“, אָדער שאַלקעוויטש, איז דעמאָלט געקומען קיין וואַרשע און האָט געהאַלטן רעדעס אויף העברעאיש פאַר די חובבי־ציון. אַרום יענער צייט איז משה מאָנטעפיאָרע אַלט געוואָרן הונדערט יאָר, און נחום סאָקאָלאָוו האָט געהאַלטן אַן עפנטלעכע רעדע וועגן די פיר משהס: משה רבינו, משה בן מיימון (רמב״ם), משה מענדעלזאָן און משה מאָנטעפיאָרע.

אין וואַרשע האָט זיך דאַן געעפנט דער יידישער טעאַטער. עס זיינען באַרימט געוואָרן די נעמען גאָלדפאַדען און שמ״ר. און די טאַנצמאַנס האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס יידישע אַקטיאָרן. דיקשטיינס שקאָלע פאַר דער־וואַקסנע און פאַר מלאכה האָט זיך געעפנט, און מיינע חברים קלעפּפיש (ד״ר פּיש) און מרדכי־נח גאָלדשטיין האָבן דערווייל געענדיקט די שקאָלע. פאַר מיר איז שוין געווען צו שפּעט אַריינצוטרעטן. מיין אייגענע סביבה פון פריער איז זיך שוין געווען צעפאַלן. הירש־בערס הויז האָט ניט מער עקזיס־טירט, מיין פריינד חיים הירשקאָפּ האָט חתונה געהאַט, און נאָר עטלעכע פון די אַלטע פריינד זיינען געבליבן. די עטלעכע „כשר“־פאַרדינטע פאַר רובל, וואָס איך האָב אַהיים געבראַכט פון מיין פוראַזשירסטווע, זיינען שנעל צעד־טרענצלט געוואָרן; בערל־לייב גוטשעכטער און אַברהם־פּינחס ניקעלסבערג זיינען שוין געווען אין אַמעריקע. און דאָס ערגסטע פון אַלץ — עס איז ניט געווען קיין אַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר זיך מיט אַ שותּף, איינער אַברהם יאַנאָווער, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. וואָס טוט מען? האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן פון אַמעריקע. אָבער מיט וואָס פאָרט מען? האָב איך געשריבן צו אַברהם־פּינחסן. ער האָט אַפילו געהאַט אורזאַכן צו זיין בייז אויף מיר, וואָרעם עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז נאָך מיט יאָרן פריער האָט ער זיך געפּוצט צו גוטשען, דאָס מיידל, וואָס איך בין אין איר געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט. אמת, איך האָב פון דעם ניט געוואוסט, אָבער ער האָט מיך געהאַלטן פאַר זיין קאָנקורענט. זי האָט אונדז ביידן אָנגעפייפט, אָבער דאָס איז געשען שפּעטער. איז אַברהם־פּינחס געווען בייז אויף מיר, אָבער ער האָט מיר באַלד אַרויסגעשיקט אַ שיפסקאַרטע. דאָס האָט ער גענומען אויף אויסצאָלן, און איך האָב באַצאָלט.

אַז איך האָב שוין די שיפסקאַרטע, האָט נאָך אַלץ געפעלט אויף צו פאָרן צו דער שיף. אויף דעם האָט מיר געליען מיין חבר קלעפּפיש (ד״ר פּיש). ער האָט אַליין ניט געהאַט קיין געלט, אָבער ער איז דאַן געווען

אַ געהילפס־בוכהאַלטער ביי יעקב ברוידע אין געשעפט. דער הויפּט־בוכהאַלטער איז געווען איינער שאולזאָן, האָט קלעפּפיש ביי אים געליען די פּאָר רובל, וואָס איך האָב באַדאַרפט צו האָבן אויף צו פאָרן ביז ברעמען, דייטשלאַנד.

אַ חוץ די געלט־שוועריקייטן האָב איך געהאַט גאָר אַן אַנדער צרה. די מאַמע האָט מורא געהאַט פאַר דעם גויישן לאַנד אַמעריקע. צום ווייניקסטן האָט זי געוואָלט איך זאָל פריער חתונה האָבן, אָבער איך האָב דאָס בשום אופן ניט געוואָלט. עס איז אפילו געווען אַ מיידל, מיין עלטערן ברודערס אַ שוועגערן, מיט וועמען מיר זיינען צוזאַמען אויפגעוואַקסן, וואָס איז מיר געווען צום האַרצן, אָבער איך בין געווען פול מיט ראָזען, איך זאָל קענען דענקען אַפילו פון אַזאַ מיידל, ווי דינה איז געווען. עס האָבן געמוזט אַוועקגיין אַ שיינע עטלעכע יאָר, איידער איך האָב געקענט חתונה האָבן. מיין לעבנסבאַשערטע איז געקומען אין אַמעריקע ערשט מיט קנאַפּע פינף יאָר שפּעטער, ווען איך האָב ראָזען אין גאַנצן אַרויסגעלאָזט פון האַרצן.

אין דער וואָך פאַר מיין אַוועקפאָרן, דאָס איז געווען אומגעפער אַן אַכט חדשים נאָך מיין אַהיימקומען, האָט מיר רייזעלע געזאָגט: „זי וועלן זיך גאָר ניט גיין געזעגענען מיט ר׳ שמאי שניצער? ער האָט זיך שוין וויפל מאָל געפרעגט אויף אייַך“. דאָס האָט מיך דערמאָנט מיין פליכט. איך האָב דאָס אַליין וויפל מאָל געטראַכט צו טאָן. נאָך אַלעמען בין איך דאָך ניט געווען קיין פרעמדער צו אים. איך האָב וויפל מאָל געוואָלט גיין, אָבער עס האָט ניט געסטייעט קיין מוט. איצט, אַז זי האָט מיך דערמאנט, בין איך אַוועק צו אים אויף דער פראַנציסקאַנער גאַס, אין די טריפהגע יאַטקעס, ווי מען האָט גערופן דאָס הויז, וואו ער האָט דאַן געוואוינט. ער האָט געוואוינט אין איין קליינעם צימער, מיט זיין פרוי. אין צימער איז געווען פינצטער, חושך, און אַלץ איז געווען אָפּגעבלאַקירט און אָפּגעלאָזן. ער איז געזעסן איבער אַ ספר, אַלט, שוואַך און פאַרלאָזן — אָרעמער ווי פריער. ער האָט שוין קיין אַרבעט ניט געקענט טאָן. ער האָט זיך דערנערט פון דעם, וואָס זיין פרוי, אייגעהויקערט, און ניט ייִנגער פון אים, האָט פאַרקויפט ברויט פון אַ טישל, טאַקע דאָרט אין די יאַטקעס, וואו זיי האָבן געוואוינט. זיי האָבן טאַקע געוואוינט דאָרט צוליב דעם, אַז דאָס ווייב זאָל זיין נאָענט פון איר „געשעפט“. גיין קיין סך האָט זי ניט געקענט.

ביים אַריינקומען האָב איך גאָרניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהייבן. איך האָב זיך געפילט עפּעס ווי אַ גנב, וואָס מען האָט געכאַפּט ביי דער האַנט.

דער אַלטער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף ביי מיין אַריינקומען. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט, וואָס איך בין געקומען: יאַנקעלע, האָט ער

געזאָגט, ס׳איז זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען. איך וואַרט שוין לאַנג אויף דיר. אַ סך מאָל בין איך געזעסן און געקוקט אויף דער טיר, און מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז אָט קומסטו אַריין. מיר דריקט עפּעס ביים האַרצן, און איך קען זיך פאַר קיינעם ניט אויסריידן, אַ חוץ פאַר דיר. איך האָב געוואַרט, אָבער דו ביסט ניט געקומען.

איך האָב געזוכט ווערטער עפּעס צו זאָגן, זיך צו פאַרענטפערן, אָבער ער האָט מיר ניט געגעבן די געלעגנהייט. „איצט איז שוין אַלץ איינס, אַבי דו ביסט איצט געקומען . . .״

„דו ווייסט, יאַנקל״, האָט ער ווייטער געזאָגט נאָך אַ קליינער פּויזע, „דו האָסט מיר געטאָן אַ גרויסע עוולה, ווען דו ביסט אַנטלאָפן פון מיר. אָבער איך האָב דיר שוין לאַנג מוחל געווען. יונגע יאָרן געווען. דער יצר־הרע צו פאַרדינען געלט איז גרויס. איך האָב זיך מן הסתם קעגן דיר אויך פאַרזינ־דיקט, בעט איך דיך, דו זאָלסט מיר מוחל זיין, ווי איך בין דיר מוחל, מיט דעם גאַנצן האַרצן. גאָט איז מיין עדות, אַז ווען איך האָב געזינדיקט קעגן דיר, איז עס געווען בשוגג (אומגערן). איך האָב דאָך געוואָלט זיין אַ טאַטע צו דיר און דיך מדריך זיין בדרך־הישר, דו ביסט דאָך געווען אַ יתום״.

איך האָב געזוכט אים איבערצושלאָגן די רייד, אָבער ער האָט ניט געלאָזט. „לאָז מיך אויסריידן״, האָט ער געזאָגט.

„דו געדענקסט״, האָט ער ווייטער גערעדט, „ווען איך האָב דיך אויפגעוועקט אין מיטן פון אַ פראָסטיקער ווינטערנאַכט און האָב דיך אַראָפּגענומען פון אַן אויסגעוואַרעמטן געלעגער, אַרום איינס אַזייגער פאַר טאָג, און האָב דיך אַרויסגעשיקט, אַז דו זאָלסט אַריינברענגען אַ קאַן וואַסער און אַרויסגיסן די פּאָמוייניצע ?״

„אָ, פאַרגעסט דאָס, ר׳ שמאַי״, האָב איך ענדלעך אַריינגעוואָרפן עט־לעכע ווערטער, „איך האָב שוין דאָס לאַנג פאַרגעסן. עס איז שוין מער ווי צען יאָר, ווי דאָס איז געשען״.

„יאָ, עס איז שוין מער ווי צען יאָר״, האָט ער איבערגעחזרט מיינע ווערטער. „אָבער איך האָב דאָס ניט פאַרגעסן. אָבער גאָט ווייסט, אַז איך האָב דאָס דעמאָלט געטאָן, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז דו מאַכסט זיך פאַרגעסן אַריינצוטראָגן וואַסער און אַרויסצוגיסן דאָס אומריינע וואַסער פאַרן שלאָפן גיין. איך האָב דאָך דיך געהיט עטלעכע נעכט דורכאַנאַנד, און איך האָב געפילט, אַז איך מוז דיר געבן אַ לעקציע. איך האָב דאָך דיך באַדאַרפט לערנען ניט נאָר אַ מלאכה, נאָר אויך צו זיין אַ מענטש. דו ביסט דאָך געווען אַ יתום. ווער האָט דיך געזאָלט לערנען ?״

„הער אויס, יאַנקל״, האָט ער מיטאַמאָל אויפגעהויבן זיין שטים,

„דאָס איז אַוודאי דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך זע דיך. איך בין אַן אַלטער און קראַנקער מאַן, דו ביסט יונג, געזונט און פריש. דו פאָרסט אַוועק אין אַ פרעמד לאַנד, אין אַ לאַנד, וואו, מען זאָגט, די מענטשן גלויבן ניט אין גאָט, און יידישקייט איז ניט קיין יידישקייט. ווינטש איך דיר, אַז דו זאָלסט בלייבן אַ ייד. איך האָב ניט געוואָלט אַוועקגיין פון דער וועלט און דיך נישט זען פריער צו בעטן ביי דיר מחילה. געלויבט איז גאָט, וואָס דו ביסט געקומען. דאָס האָט דיך די השגחה אַהערגעשיקט. איך האָף, אַז דו וועסט מיך געדענקען צום גוטן".

עס איז געווען אַ שווערע סצענע. מיר איז דאַן שיר אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ צו הערן די ערנסטע רייד פון דעם אַלטן צעבראָכענעם מאַן און איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן לייכטער צו מאַכן זיין געמיט. אין דעם מאָמענט האָב איך אים אָנגערופן „באַלעבאָס", האָב איך מיט דעם נאָך ערגער געמאַכט. „וואָס פאַר אַ באַלעבאָס בין איך דיר, יאַנקל?", האָט ער אַ זאָג געטאָן. אָבער דאָס איז געווען זיין לעצטער אויסברוך. איך האָב גע־שוויגן און ער האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט.

נאָך דעם האָבן מיר געשמועסט רואיק און געלאַסן, ווי צוויי גלייכע מענטשן, אַ לאַנגע צייט.

מיר האָבן זיך ענדלעך געזעגנט. ער האָט מיר אָנגעוואונטשן אַל־דאָסגוטס, און איך האָב אים פאַרזיכערט,, אַז איך וועל אים געדענקען צום גוטן מיין גאַנץ לעבן לאַנג, און אַז פאַר מיין יידישקייט דאַרף ער זיך גאָרניט זאָרגן.

דאָס איז געווען מיין לעצטע האַנדלונג אין דער אַלטער היים, אין דעם פעדערהויז צו מיין אמתער היים — אַמעריקע.

(סוף פון ערשטן טייל)